

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 97

רעדאַקטאָר:

מארק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

א ל ט ע ר  ק אַ צ י ז נ ע

# שטאַרקע
# און
# שוואַכע

ראָמאַן אין פיר טיילן

בוך איינס

ה ק ד מ ה :
מ ל ך  ר אַ וו י ט ש



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס-איירעס, 1954 — תשי"ד

# אינהאַלט פון בוך איינס

זייט

# אַלטער קאַציזנע

## זיין לעבן און זיין ווערק

### א. אַ וואָרט פֿאָרויס

געבוירן איז אַלטער קאַציזנע געוואָרן אין יאָר 1885 — דעם 31טן מאַי — אין ווילנע, געוווינט אַ שטיקל צייט אין קאַטערינאָסלאַוו — און אַרום דעם יאָר 1910 אַריבער קיין וואַרשע. געקומען קיין וואַרשע איז ער כּדי זיך אַרויסצורייסן מיט די וואָרצלען פֿון אַ רוסיפֿיצירטער סביבה און זיך איינצופֿלאַנצן אין אַן עכט־יידישער סביבה, אין דער סביבה פֿון יצחק לייבוש פּרץ. און יידיש־יידישער ווי וואַרשע איז נישט געווען און וועט שוין וואַרשיינלעך ניט זיין.

אַרום דרייסיק יאָר האָט אַלטער קאַציזנע געלעבט און געווירקט אין וואַרשע, דערפֿון פֿינף יאָר אין שאָטן פֿון פּרצן, וועמען ער האָט גוט געקענט, און אַ פֿערטל יאָרהונדערט אין ליכט־קרייז, וואָס פּרץ האָט נאָך זיך איבערגעלאָזן און וואָס האָט לאַנג, לאַנג נאָכגעשיינט, אַזוי ווי דאָס ליכט פֿון דער פֿאַרגאַנגענער זון אין די לענגסטע טעג פֿון זומער.

אַלטער קאַציזנע איז נישט געווען בלויז אַ שרייבער — ער איז געווען אַן אינסטיטוציע. און נישט קיין גלאַטע אינסטיטוציע, נאָר אַזאַ וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע מיטן וועג. ווי עס מאַכט זיך אַמאָל אַ גרויסער דעמב אויף אַ דאָרפֿס־וועג, וואָס מען סמעיעט נישט אים אויסצוהאַקן און אַלע מוזן אַרומפֿאָרן אַרום אים. צו קאַציזנען זענען אַלע געקומען — איך רעד נאַטירלעך אין דער ערשטער רייע וועגן שרייבער, מאָלער און אַקטיאָרן — און אַלע האָבן

געהאַט טענות צו אים און ער צו אַלעמען, און אַט אַזוי האָט מען זיך געטשובעט און געלובעט מיט אים. ווייל קאַציזנע איז געווען אַלעמען אַ ברודער, אָדער כאָטש אַ גוטער ברודער. אַלע האָבן אים געזאָגט „דו" און ער אַלעמען „דו" — עפּעס אַזוי איז דאָס שוין אויסגעקומען. אַפילו מיט זיין וואונדערלעך ווייב — חנה — האָבן זיך אַ סך געזאָגט „דו". אָבער כאָטש אַלטער קאַציזנע איז געווען אַזוי נאָענט מיט אַלעמען — איז אַלעמאָל געווען אַ דיסטאַנץ פון אים צו אַלע און פון אַלע צו אים. די דיסטאַנץ פון דרך-ארץ, די דיסטאַנץ פון פערזענלעכקייט. כאָטש ער האָט גערן געטיילט זיין קאַשע מיט יעדן איינעם און זיין טיר איז געשטאַנען אָפן ביי טאָג און ביי נאַכט, האָט ער זיך שוין גאָרנישט געלאָזט „שפּייען אין קאַשע"...

ליטעראַטור איז געווען זיין לייב-און-לעבן, אָבער אַ „לעבן האָט ער געמאַכט" (ווי מען זאָגט עס אַמעריקאַניש) פון דעם פאָטאָגראַפישן אַטעליע, וואָס ער האָט אָנגעפירט. און אויך אויף דעם געביט איז ער געווען אַ קינסטלער. ער האָט אַפילו געמאַכט עטלעכע טעכנישע פאָטאָגראַפישע דערפינדונגען. און אַז ער האָט זיך — אַ דאַנק זיין מיטאַרבעט אין „פאָרווערטס" פון ניו-יאָרק מאַקע אַלס פאָטאָגראַף-רעפּאָרטער — אַרויסגעלאָזט אויף דער יידישער גאַס אין פוילן פאָטאָגראַפירן — האָט ער געוווּסט וואָס אויפצונעמען. און אים וועט דאָס טראַגיש-פאַרשניטענע פוילישע יידנטום האָבן אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען, וואָס עס איז געבליבן דער פאָטאָגראַפישער דאָקומענט — אין טויזנטער געשטאַלטן — פון זיין פּנים.

אָבער לאָמיר דערציילן מיט אַ סדר.

## ב. קאַציזנעס אדרעסן

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ פוילער, אָבער עס איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז ער איז אייביק געווען פאַרנומען ווי אַ בין ממש. אַזוי ער און אַזוי זיין ווייב חנה. זיין פּרנסה איז געווען אַ פאָטאָגראַפישער אַטעליע אויף דלוגע גאַס. זיי זענען שוין געווען נאָענט צו די מיטעלע יאָרן און קיין קינדער זענען נישט געווען.

געווינט האָט מען אויף דער שוויענטאָיערסקע אין אַ קליין, ענג דירהלע, אָבער נישט קיין אָרעמס. אַזוי איז געווען וואַרשעווער שטייגער. די דירה איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט ביכער און אַלעמאָל איז דאָרט איינגעשטאַנען עמיץ, אַמאָל אַ קרוב, אַמאָל אַ פּאָטאָגראַף פון דער פּראָווינץ און צום אָפטסטן אַ חבר, אַ שרייבער.

און אַבי נאָר אַ גאַסט אין שטאָט — און געסט האָבן אין וואַרשע קיינמאָל נישט געפעלט אין די ליטעראַרישע קרייזן — דאַרף מען כאָטש איינמאָל הוליען מיט אים אין טאָג אַריין. און דערויף איז געווען ממש אידעאַל קאַציזנעס דירה. זי איז געווען אין פּאַרטער, אין אַ ווינקל הויף און מען האָט געקענט דאָרט טומלען וויפל דאָס האַרץ גלוסט. און דערצו זענען קיין קינדער נישט געווען און חנה קאַציזנע איז געווען די געדולד אַליין. פון צייט צו צייט פלעגט מען די הולאַנקעס מאַכן אין אַטעליע אויף דלוגע. דאָרט איז אָבער נישט געווען אַזוי היימלעך ווי אין שטוב. די כעמישע פלעשעלעך און די פיל איינגערעמטע בילדער און די פּאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן האָבן געפאָדערט פאָרזיכטיקייט און דער וואַרשעווער שאַרפער אָקאָוויט איז געווען צעקריגט מיט דער פאָרזיכטיקייט. דער עיקר — ווען פרץ מאַרקיש האָט זיך צו אים צוגערירט. און מער ווי איין גלעזעלע האָט ער נישט געדאַרפט. מאַרקיש און קאַציזנע האָבן זיך ליב געהאַט ס'לעבן — נאָר ניכטערנערהייט... געפערלעך איז אויך ביי די הולאַנקעס אין אַטעליע געווען י. י. זינגער. ער איז דווקא געווען אַ שווערער, מעטאָדישער און „ניכטערנער" טרינקער, נאָר אַז ער האָט אויסגעטרונקען, האָט עס אים געצויגן אָפּצוטאָן זביטקעס. און פאַר אָט די „ניכטערנע" זביטקעס האָט קאַציזנע זייער מורא געהאַט. זינגער האָט אַמאָל, אַמאָל געאַרבעט ביי קאַציזנען ווי אַ רעטושער און עס איז ביי אים פאַרבליבן אַ שטיקל בייז האַרץ אויף אים — דאָס האַרץ פון אַ פּועל צום באַלעבאָס... זינגער האָט — אגב — זיינע יאָרן ביי קאַציזנען אַלס פּועל בעלעטריסטיש אויסגענוצט אין אַ רייע דערציילונגען. (אין דער פינצטער" און אַנד.)

נאָך שוויענטאָ־יערסקע האָט קאַציזנע געווינט אויף נאָוואָליפּיע, אַנטקעגן דער רעדאַקציע „פאָלקס־צייטונג", אין אַ גרויסער

דירה, אויפֿן ערשטן גאָרן, און דאָרט איז געבוירן געוואָרן זיין איינציק קינד, זיין איינציקע טאָכטער שולמית, וואָס אַלע האָבן גע־קענט ווי „מיטקע" אָדער „מיטע". אַז מיטקע איז געבוירן געוואָרן איז שוין קאַציזנע געווען אַ פֿערציקער און חנה אויך אַרום די יאָרן און זי איז שיִער נישט געגאַנגען פֿון דער וועלט ביי אָט דער גע־בורט. אָבער עס איז געווען זייער ביידנס ווילן אַזוי לאַנג צו וואַרטן און פֿאָרט נישט דורכצולאָזן די לעצטע געלעגנהייט אויפֿ־צושטעלן אַ דור.

און אַז אויפֿשטעלן אַ דור, איז אויפֿשטעלן אויף אַ יידישן און פּראָגרעסיוון שטייגער, ווייל קאַציזנען האָט עס אַלעמאָל געצויגן צו לינקס. אפשר איז דאָס מערער געווען אַ ציען צו רוסיש ווי צו לינקס, אָבער עס האָט זיך אידענטיפֿיצירט. און צו רוסיש האָט עס אים געצויגן, ווייל ער איז געווען אַ בקי אין רוסיש לשון און אין רוסישער ליטעראַטור. אפשר האָט קאַציזנעס טאָכטער אין דער אמתן באַקומען אַ נאָמען פֿון אַ באָבען, אָבער די חברים האָט קאַ־ציזנע דערקלערט, אַז דאָס איז אַ נאָמען נאָך גאָלדפֿאַדענס „שו־למית" און חלילה נישט נאָך דער ביבלישער... אויסגעהאַלטן, ווי קאַציזנע איז געווען, האָט מען מיט דער טאָכטער קיין אַנדער וואָרט ווי יידיש נישט אַרויסגערעדט און געשיקט אין די יידישע שולעס און אין עטלעכע יאָר איז ממש אַ מחיה געווען אַריינצוקו־מען אין קאַציזנעס שטוב און צו הערן דאָס קלינגענדיקע גלעקל־דיקע שיינע יידיש, מיט וועלכן מיטקע האָט אויסגעפֿילט די ביז איצט אַביסל אומעטיקע שטוב, מחמת לאַנגער קינדערלאָזיקייט.

און יידיש איז נישט געווען קאַציזנעס איינציקע אויסגעהאַלטנ־קייט אין לעבן. ער איז אויך געווען אַ וועגעטאַריער. אָבער אַזוי ווי קיין פּרנסה האָט אים קיינמאָל נישט געפֿעלט, און אַ ביס טאָן האָט ער נישט פֿיינט געהאַט, אַ טרונק אויך נישט, האָט ער אַלע־מאָל אויסגעזען גוט. אַ פֿול פּנים, רויטלעך די הויט, דערצו לענג־לעכע האָר, אַלעמאָל אַ גוטמוטיקער שמייכל, נישט צו הויך אין וווקס, גרויסע רעדער פֿון די האָרן־געראַמטע ברילן אויף דער נאָז, וואָס האָט אויך געהאַט אַ טענדענץ אויסצוזען קיילעכדיק — אָט

דאָס איז אין עטלעכע שטריכן — אַלטער, אָדער ווי זיין חנה האָט אים גערופן מיט אייביקער ליבע און אייביקער געדולד: אַלטערל קאַציזנע. נו, אָט די פולבלעכקייט פּאַסט זיך דווקא נישט צו קיין וועגעטאַריער — לויט דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם באַגריף. האָט מען כסדר חושד געווען, אַז שטילערהייט כאַפּט ער אַריין פולקעלעך און פּופּיקלעך און חנה וועט אים דאָך נישט פאַראַטן. און לעגאַל איז עס געווען, ווייל חנה איז נישט געווען קיין וועגעטאַריערין און פליישׁ האָט אין שטוב געמעגט אַריינקומען. אָבער דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז אַליין אויך אַ וועגעטאַריער, איז אַלעמאָל געווען פון גאַנצן האַרצן איבערצייגט — און אַזוי איז עס טאַקע געווען — אַז קאַציזנע איז אַן אויסגעהאַלטענער וועגעטאַריער פון זיין יוגנט אָן. ער איז געווען אַ מענטש מיט כאַראַקטער. און ער האָט געקענט ברענגען גרעסערע קרבנות פאַר זיין כאַראַקטערפולער אויסגעהאַלטנקייט און ערלעכקייט צו זיך אַליין — ווי דעם קרבן פון נישט עסן קיין פולקעלע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געבייזערט, ווען מען האָט אים חושד געווען מיט צווזינדיקן מיט אַ פּופּיקל, אדרבא, עס האָט אים הנאה געטאָן צוצוגעבן מכלומרשטע פאַקטן צו די חשדים — מחמת ער איז געווען אין תוך זייער ערלעך און האָט אין זיך קיין שום מורא געהאַט. אָבער מיר רעדן דאָך וועגן די דירות און אַדרעסן.

איז לאָמיר אייך — כלאחר־יד — זאָגן, אַז אין די לעצטע יאָרן — דאַכט זיך, אַז צען אין צאָל — האָט קאַציזנע אַריבערגעטראָגן זיין אַטעליע אויף פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק פונאַנדערוואַקסן און עס איז דאָרט געווען מער פרנסה־מעגלעכקייט. דאָרט איז שוין אָבער קיינמאָל נישט געוואָרן קיין בית וועד לחכמים, אָדער לסופרים, מחמת עס איז געווען ווייט איבער דער בריק אַריבער, אויף יענער זייט ווייסל און אויך די שטימונג איז שוין געווען ווייט — אויף יענער זייט... ים. דער גלויבן אין דער גרויסער צוקונפט פון וואַרשע, אַלס צענטער פון יידישן לעבן און ממילא יידישער ליטעראַטור, האָט זיך אָנגעהויבן איינצוברעכן. אָבער נישט ביי קאַציזנען. דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן מער אויסגעהאַלטנקייט ווי ווער נישט איז.

און איצט לאָמיר צוריקגיין אַביסל אין דער צייט: לאָמיר דערציילן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער באַרימטער אינסטיטוציע, וואָס האָט געהייסן „קאַציזנעס ווילע אין שווידער".

שווידער איז געווען אַ דערפל, אַ באַן־סטאַציעלע, אויף דער „ליניע" — דער באַרימטער דאַטשע־ליניע וואַרשע־אָטוואָצק — אויף דעם וועג, וואָס פֿירט פֿון וואַרשע קיין לובלין. אין שווידער איז צווישן די זאַמדן דורכגעגאַנגען אַ קליין געדריידלט טייכעלע, וואָס זיין נאָמען איז געווען טאַקע „שווידערעק", וואָס דאָס מיינט: אַ קליין עגבערל. און שווידער מיינט טאַקע — גרויסער עגבער. און אין איין שיינעם טאָג, אין די פֿריע צוואַנציקער יאָרן, איז באַקאַנט געוואָרן די נייעס, אַז קאַציזנע האָט זיך געקויפֿט אַ „ווילע" אין שווידער. דאָס איז געווען אַ זאַמדיקער פּלאַץ מיט אַ פּאָר צענדליקער סאָסנע־ביימער, די גרויס אַ פּאָר אַקער, און אויפֿן פּלאַץ זענען געווען עטלעכע הילצערנע זומער־הייזער. אַזעלכע הייזער פֿלעגט מען פֿאַרדינגען אויף עטלעכע חדשים זומערצייט און דאָס האָט זיך גוט געלוינט. ווינטער פֿלעגט דאָ וווינען נאָר דער היטער. קאַציזנעס ווילע איז באַלד געוואָרן די „ליטעראַרישע ווילע" און — ווער האָט דאָ אַלץ נישט געוווינט אין די הילצערנע הייזקעס איבער זומער? עס האָט געוווינט י. י. זינגער, ב. קאַרליניוס, און שרייבערס נאָך און נאָך אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן, און אויך דער שרייבער פֿון די שורות.

אויב די דירה קאַציזנעס אויף שוויענטאָ־יערסקע האָט נאָך געהאַט אַ פּאָר שכנים, וואָס האָבן אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין דער וואַנט, אַז דער טומל אין דער נאַכט איז געוואָרן צו גרויס, האָט שוין דאָ לחלוטין קיינער נישט געקלאַפּט, און נאָר די ביימער, די סאָסנעס, האָבן אומעטיק באַוועגט מיט די אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, אַז מען האָט זיי נישט געלאָזט שלאָפֿן אין די נעכט און זיי מוזן דאָך אויפֿשטיין מיט גאָט צוגלייך פֿאַרטאָג... דאָ האָט אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע זומערן געקיניגט דער שיינער פּרץ מאַרקיש — כאָטש געוווינט אָפֿיציעל האָט ער דאָ נישט. דאָ פֿלעגט מאַרקיש וואַרפֿן די ליידיקע פֿלעשער אין הימל אַריין אויף אַראָפּצוקלאַפּן אַ פּאָר שטערן, זיי פֿאַרקויפֿן און האָבן ווידער אַ פּאָר גראָשן אויף

אַ טרונק... אָבער מאַרקיש איז אין דער אמתן אַלעמאָל מער פאַר־שיכורט געווען פון זיינע ווערטער ווען זיין שיכרות.

נאָר איך זאָלט חלילה נישט מיינען, אַז קאַציזנעס ווילנע איז געווען עפּעס אַ שיכרות־הויז. די טרינק־אָוונטן זענען געווען אויס־נאַמען. דער כּלל זענען געווען וויכּוחים ביז אין ווייסן טאָג אַריין אין ליכט פון שטערן, אָדער פון דער לבנה, און באַגלייט פון אַ ווייטן געביל פון די דאָרפישע הינט. קאַציזנע האָט דאָס ליב גע־האַט ווי ס'לעבן. וויכּוחים וועגן ליטעראַטור און קונסט זענען גע־ווען זיין עלעמענט. און אַלעמאָל אַן אַנעקדאָט און נישט נאָר דער־ציילט, נאָר אויסגעשפּילט און אַפילו אויסגעזונגען — ווי נייטיק. ער איז געווען אַ גוטער מנגן.

איינמאָל אין אַ פריילעכן זומער, אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, האָט י. י. זינגער אַנטדעקט אַן אוצר אין קאַציזנעס ווילנע, ער האָט אַנטדעקט אויף איינעם פון די הילצערנע הייזקעס אַ בוידעם־שטיבל מיט אַ פענצטער צו די פעלדער און וועלדער און הימלען פון שווידער. דערצו איז דאָרט געשטאַנען אַ טיש און אַ בענקל. דאָס דאָזיקע שטיבל האָט באַלד באַקומען דעם נאָמען „שאַף־שטיבל" — אַ שטיבל, באַשטימט צום שאַפן לידער און דער־ציילונגען און עסייען און אַרטיקלען. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג צווישן די דיכטער און דערציילער, וואָס האָבן באַוווינט קאַציזנעס ווילנע נאָך דעם שאַף־שטיבל. עס איז געווען אַזוי קליין, אַז מער ווי איינער האָט דאָרט נישט געקענט זיצן און עס איז אויך קעגן דער נאַטור פון אַ שאַף־שטיבל, אַז מער ווי איינער זאָל דאָרט קענען זיצן און „שאַפן"... הקיצור — עס איז אַוועק אַ פריי־לעכער זומער מיט דעם שאַף־שטיבל און נישט איין ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור — פון י. י. זינגער, אַלטער קאַציזנע, פרץ מאַרקיש און פיל אַנדערע — איז טאַקע אין אָט דעם שטיבל גע־שאַפן געוואָרן.

און לאָמיר דאָ שטעלן אַ פּינטל און לאָמיר אַריבערגיין צו אַלטער קאַציזנע דעם רעדאַקטאָר, דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן, דעם טעאַטער־ענטוזיאַסט און שאַפער — און אחרון אחרון — אַל־טער קאַציזנע דעם דיכטער, עסייאיסט, דערציילער און ראָמאַניסט.

## ג. קאַציזנע אַלס רעדאַקטאָר

נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט קאַציזנע — וועמעס ערשטע אַרויסטריטן אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס, הגם נישט אַלעמאָל אַזויפיל לויב, ווי — למשל — ביים קריטיקער בעל מחשבות — דערפילט, אַז נישט נאָר האָט ער וואָס צו זינגען אין אונדזער ליטעראַטור, נאָר אויך צו זאָגן. עס האָט אים אַלעמאָל געצויגן צום אויסערגעוויינלעכן און אויך צו אויסערגעוויינלעכע נעמען פאַר די צייטשריפטן, וואָס ער האָט רעדאַגירט און איז געווען זייער איניציאַטאָר. די יידישע ליטעראַטור איז אין יענער צייט געווען היפשלעך קאָנסערוואַטיוו — און אַז קאַציזנע האָט געוואָלט זאָגן עפּעס, וואָס האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דעם אַלגעמיינעם נוסח, האָט ער עס געמוזט זאָגן אויף אייגענער טעריטאָריע. האָט ער בשותּפות מיט דעם באַרימטן דיכטער דוד איינהאָרן אַרויסגעגעבן איין נומער פון אַ צייטשריפט „די תיבה". האָט זיך אָבער דער שידוך מיט דוד איינהאָרן אַרויסגעוויזן ווי אַ מעזאַליאַנס און מער ווי איין נומער פון דער „תיבה" איז נישט אַרויסגעשוואומען אויף די שטורעמדיקע וואַסערן פון יענע צייטן. איז באַלד דערויף געקומען אַן אַנדערע צייטשריפט — דאַסמאָל מיט דעם יונגן טעאַטער־טעאָרעטיקער יעקב וואַסערמאַן. האָט שוין די צייטשריפט געהייסן מיט דעם שטורעמדיקן נאָמען „די גלאָקן". און אויך זי האָט קיין אריכות ימים נישט געהאַט. דאָ איז שוין קאַציזנע געווען דער קאָנסערוואַטיווער. ביים ערשטן צייטשריפט־שידוך איז ער געווען דער רעוואָלוציאָנער. איין נומער האָט אָפּגעקלונגען און אַוועק („די גלאָקן").

אין יענער צייט האָט ד"ר מיכאל וייכערט פּלאַנירט אַ צייטשריפט „רינגען" און קאַציזנע איז צוגעשטאַנען און די צייטשריפט האָט געהאַט אַריכות ימים. זי האָט זיך געהאַלטן אַ רייע יאָרן, הגם רעגולער איז זי נישט דערשינען. „רינגען" האָבן געהאַט האַרץ און מוח, טעמפּעראַמענט און באַדאַכטקייט — רינגען צום מערב און צום מזרח פון דעמאָלטיקן אייראָפּע, רינגען צום נעכטן און צום מאָרגן.

אין יאָר 1924 איז קאַציזנע מיט אַל זיין ענטוזיאַזם צוגעשטאַנען — ווי דער פינפטער — צו דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון די „ליטעראַרישע בלעטער". (י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש, נחמן מייזיל און דער שרייבער פון די שורות זענען געווען די אַנדערע פיר). אַ יאָר האָט ער שטורמיש מיטרעדאַגירט און פאַרעפנטלעכט ערלעכע עסייען, וואָס אַפילו זיינע קעגנער האָבן געמוזט מיט אַ קלאַפּ אין פלייצע צוגעבן: — אַלטערל — ד ע ם אַרטיקל האָסטו אויפגעשריבן טוב מאוד! כאָטש אין דער רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער" איז קאַציזנע נישט געבליבן צו לאַנג — איז ער אָבער ביזן סוף געבליבן אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דער צייטשריפט.

און — אחרון, אחרון — קאַציזנע איז געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער לינקער טאָגצייטונג „דער פריינד", וואָס איז טיילווייז פינאַנסירט געוואָרן דורך ב. א. קלעצקין, דעם באַרימטן פאַרלעגער און מעצענאַט פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז געווען אין די לעצטע יאָרן פאַרן דריטן חורבן. דאָס איז נישט געווען קיין גרינג מיטרעדאַגירן. פון איין זייט האָט מען געדאַרפט היטן „די ליניע" — עס איז דאָך געווען אַ פּאַרטייאישע, אָדער האַלב־פּאַרטייאישע צייטונג — פון דער אַנדערער זייט האָט מען אָבער געדאַרפט נאָך מער היטן די ביינער פאַר דער פּוילישער „דעפענסיווע". און אין יענע צייטן האָט מען יעדן אַרעסטירטן קודם־כל אָנגעבראָכן די ביינער, שפּעטער ערשט אויסגעפאָרשט. און דאָ האָט קאַציזנע אַרויסגעוויזן אַ סך אויסגעהאַלטנקייט — אין ביידע ריכטונגען. וואָרום קיין פּאַרטיי־מענטש אין אייגנטלעכן זינען פון דעם וואָרט איז ער קיינמאָל נישט געווען.

און דער פינאַל פון קאַציזנע, דעם רעדאַקטאָר: אין די יאָרן 1937־1938־1939 האָט ער זיך אַליין געשאַפן די מעגלעכקייט צו זיין — אַלס רעדאַקטאָר — אויסשליסלעך ער אַליין. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ זעכצנזייטיקע צייטשריפט אין בוכפאָרמאַט, וואָס איז דערשינען היפשלעך רעגולער יעדן ערשטן און פופצנטן פון חודש. די שריפט האָט זיך גערופן „מיין רעדנדיקער פילם" (ווידער אַן אָריגינעלער נאָמען) און איר אונטערטיטל „נאָטיצן און

סקיצן פון אַלטער קאַציזנע". אַט די צייטשריפט האָט ער אַליין אויסגעפילט מיט אַרטיקלען, רעצענזיעס, לידער, דערציילונגען און דראַמאַטישע ווערק. אַט די צייטשריפט האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מוט — סיי אויף רעכטס און סיי אויף לינקס. די שריפט האָט געהאַט איר אייגענע ליניע — הגם געניייגט האָט זי זיך מער צו לינקס. ווען דער לעצטער נומער פון דער שריפט איז דערשינען איז אונדז נישט באַקאַנט.

## ד. קאַציזנע — דער געזעלשאַפטלעכער טוער

אַ נאָמען פון דריי אותיות באַשטייענדיק, און דער נאָמען איז געווען „פּרץ", איז געווען די ערשטע און לעצטע אינסטאַנץ פון קאַציזנעס געוויסן. אין פּרצעס ווערק פלעגט ער אַריינקוקן אַז ער האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט זיך אַליין. פון דאָרט האָט ער געשעפּט אינספּיראַציע און פאַרענטפערונג פון פּראָבלעמען. און דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז פול געווען מיט פּראָבלעמען. ער האָט אויך געקענט זייער שאַרף רעדן קעגן פּרצן, אָבער מיט אַזויפיל ליבשאַפט, אַז א י ם האָט מען עס געקענט גרינג מוחל זיין. ער וועט נישט אומטריי ווערן.

אַלטער קאַציזנע איז בעיקר געווען אַקטיוו געזעלשאַפטלעך אין פאַריין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן און אין יידישן פּ. ע. נ.-קלוב. צי יאָ, צי נישט אין דער פאַרוואַלטונג פון איינער פון די צוויי, אָדער אין ביידע, צי יאָ, צי נישט פאָרזיצער פון דער, אָדער יענער קאָמיסיע — זיין הילף איז שטענדיק געווען גרייט. אין אַז ער האָט עפּעס גענומען אויף זיך — האָט ער עס אויסגעפירט מיט זעלנערישער דיסציפּלין.

ער איז געווען אַ גוטער און אַ דינאַמישער רעדנער און נישט פיינט געהאַט „דאָס ברעטל". אָבער ער איז געווען צופיל אינדיווידואַליסטיש און עס איז אַלעמאָל געווען אַביסל געפערלעך צו לאָזן אים זיין אַ פאָרזיצער ביי ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. ער פלעגט זיך פאַרגעסן און ביי אַ יובל, אָדער באַגריסונגס-אָוונט פון אַ שרייבער, האָט ער — אַלס פאָרזיצער — געקענט אָנהייבן אַ פּאָלעמיקע מיט אים.

איינע פון קאַציזנעס גרויסע געזעלשאַפטלעכע פליכטן איז גע־
ווען די פאַרוואַלטונג מיט די ווערק און די ליטעראַרישע רעכט פון
דעם שריפטשטעלער און דראַמאַטורג ש. אַנ־סקי — דעם מחבר
פון „דיבוק", וואָס איז געוואָרן אַ פּלאַנעטאַרער ממש דערפאָלג אין
טעאַטער. אַדאַנק קאַציזנעס גוטער באַלעבאַטישקייט זענען אַלע
ווערק פון ש. אַנ־סקי אַרויסגעגעבן געוואָרן און זיין אַרכיוו איז
געווען אָפּגעהיט. קאַציזנע האָט אויך דערשריבן איינע פון אַנ־סקיס
נישט פאַרענדיקטע דראַמעס, די — ממש שעקספּיריש־טעמאַטישע
— דראַמע „טאָג און נאַכט". אין אָט דער אַנ־סקי־אַרבעט האָט ער
געפונען אַ ביז גאָר אַקטיוון חבר און מיטהעלפער, דעם דערציילער
און שריפטשטעלער בער י. ראָזען, וואָס וווינט איצט אין אויס־
טראַליע.

## ה. טעאַטראַל און דראַמאַטורג

אַלטער קאַציזנען האָט עס געצויגן צו טעאַטער און צו דראַ־
מע. ער האָט געהאַט אין זיינע אָדערן דעם דאָזיקן צויבער־עליק־
סיר, וואָס מען רופט „טעאַטער־בלוט"...

שוין דאָס ערשטע ווערק זיינס, וואָס איז דערשינען אין טע־
וועלעך פון אַ בוך, איז געווען אין דראַמאַטישער פאָרם. די דראַ־
מאַטישע פּאָעמע, אין דריי אַקטן און אַכט פראַגמענטן, מיטן נאָ־
מען „דער גייסט דער מלך". דער נאָמען איז אידענטיש מיט דעם
נאָמען פון אַ ווערק פון דעם פּוילישן קלאַסיקער־וויזיאָנער יוליוש
סלאָוואַצקי „קרול דוך". עס איז אַ סימבאָלישע דראַמאַטישע פּאָע־
מע, וואָס געוויינלעך מיט אַזעלכע פּאָעמעס־דראַמעס שליסן שריי־
בער זייער קאַריערע, זענען מצמצם זייערע געדאַנקען און געפילן.
קאַציזנע האָט אָבער מיט אַזאַ ווערק אָנגעהויבן זיין קאַריערע.
דערצו איז די זאַך אַבסאָלוט נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער
יידישער בינע און אפשר בכלל פאַר קיין בינע נישט. די זאַך איז
קאַציזנען אַליין פרעמד געוואָרן אין פאַרלויף פון יאָרן. געבליבן
הענגען אין חלל. אָבער דאָס טעאַטער־בלוט האָט געזאָטן סיי־ווי.

און אָנהייב 1925 האָט קאַציזנע איבעראַשט די יידישע ליטע־
ראַרישע וועלט מיט זיין דראַמע אין פיר אַקטן „דוכוס" — באַזירט

אויף דער לעגענדע פון דעם ווילנער גר צדק, דעם גראַף פּאָטאָצקי. פּונקט ווי דאָס ווערק איז געוואָרן קאַציזנעס קרוין־ווערק אויפן דראַמאַטישן געביט — איז עס באַלד געוואָרן זיין פריינדס, אברהם מאָרעווסקיס, קרוין־ראָלע. די זאַך האָט געהאַט אַ גאָר אויסנאַמ־לעכן דערפאָלג אין וואַרשע און אַ נאָכפאָלגנדיקן וועלט־דערפאָלג אין יידישן טעאַטער. אויך שוואַרץ האָט די זאַך געשפּילט אין ניו־יאָרק, אין זיין קונסט־טעאַטער. באַזונדערס איבעראַשט האָט די טעאַטראַלישע דינאַמיק פון דעם ערשטן אַקט. דאָס ווערק איז דער־שינען אין בוך־פאָרם, אין פאַרלאַג ב. קלעצקין, אין יאָר 1926.

אין זעלבן יאָר 1926 איז דערשינען „הורדוס" — אַ טראַגעדיע אין פינף אַקטן און ניין בילדער, געשריבן אין פּעריז, אין קלאַסישן סטיל פון טראַגעדיעס. די טראַגעדיע איז געבויט אויף דעם יסוד פון די געשיכטלעכע דראַמאַטישע פאַקטן פון דעם לעבן פון דעם רוימישן וואַסאַל־מלך איבער דער יידישער מלוכה, דעם בלוטיקן הורדוס. די צווייטע הויפּט־געשטאַלט איז הורדוסעס שוועסטער. אויב אין דיבוק איז די טעמפּעראַטור גאַנץ הייס — דערגרייכט זי אין הורדוס דעם זיד־פּונקט. אַזויפיל היץ איז שוין צופיל געווען פאַר דעם יידישן טעאַטער — און, אויב מיר האָבן קיין טעות נישט, איז די זאַך טאַקע נישט אויפגעפירט געוואָרן.

כאָטש קאַציזנע האָט פאַרמאָגט טעאַטער־בלוט, האָט ער אָבער נישט פאַרמאָגט די אַבסאָלוטע אויסגעהאַלטנקייט צו קענען גיין אויף איין און נאָר אויף איין וועג אין זיין ליטעראַרישער אַר־בעט. און טעאַטער־קונסט איז אַן אייפערזיכטיקע קונסט. זי האָט פיינט, ווען איר כוהן מאַכט זייטן־שפּרונגען מיט אַנדערע מוזעס חוץ איר. און קאַציזנען האָט עס געצויגן צו באַלאַדעס, דערציילונ־גען, ראָמאַנען און עסייען און בכלל צו געזעלשאַפטלעכער אַקטיווי־קייט. און דערצו איז ער דאָך געווען פאַרנומען מיט זיין פּרנסה־אַרבעט אין זיין פאָטאָגראַפישן אַטעליע. אָבער דער דערפאָלג פון „דיבוק" האָט פאָרט געכישופט די פאַנטאַזיע. געוויזן מיראַזשן פון אַ מעגלעכן לעגענדאַרן טעאַטער־דערפאָלג, ווי דער דערפאָלג פון „דיבוק", פון זיין פאַרשטאָרבענעם פריינט אַנ־סקי.

קאַציזנע פּרווט זיך אויפן געביט פון דער קאָמעדיע און זי

ווערט אויפגעפירט דורך א. מאָרעווסקי. זי רופט זיך „אין קריזיס". אין קיין בוך איז זי נישט דערשינען און זי איז וואַרשיינלעך פאַרפאַלן געוואָרן.

אָבער קאָמעדיע איז נישט קאַציזנעס זשאַנר, כאָטש הומאָר האָט ער געהאַט אַ סך. מער אין שיחת חולין ווי אין שרייבן. און ווידער ציט אַ סופּער־דראַמאַטישע טעמע — שלום שוואַרצבאַרד, דער נקמה־נעמער, דער וואָס האָט אין פּאַריז אומגעבראַכט דעם אַטאַמאַן פּעטליורע. די דראַמע איז געשפּילט געוואָרן דורך דעם דייטש־יידישן שוישפּילער אַלעקסאַנדער גראַנאַך. אין דרוק איז זי דערשינען ערשט אין די יאָרן 1937־1938 אין קאַציזנעס צווייוואָכנשריפט „מיין רעדנדיקער פילם".

קאַציזנע האָט אויפגעשריבן נאָך אַ דראַמע „דעם יידנס אָפּערע". דער הינטערגרונט — דאָס לעבן פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע מאַראַנען. אויף וויפל אונדז איז באַקאַנט האָט אַ כתב־ידקאָפּיע פון דער זאַך געהאַט דער פריינט פון דעם דיכטער, דער רעזשיסער יעקב ראָטבאַום, וואָס געפינט זיך איצט — 1954 — אין פוילן. ער פלעגט די זאַך עפנטלעך פאָרלייענען און פּלאַנירט זי אויך אויפצופירן.

אַ שייכות צו אַלטער קאַציזנעס טעאַטער־טעמפּעראַמענט און טאַלאַנט האָט נאַטירלעך אויך זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „פּראָמעטעאוס", וואָס איז דערשינען באַלד נאָך „דער גייסט דער מלך", אין יאָר 1920. און גאָר אַ באַזונדערן שייכות האָט די — שוין פריער דערמאָנטע — פאַרענדיקונג פון אַנ־סקים גראַנדיעז־פאַרטראַכטער דראַמע „טאָג און נאַכט" — די דראַמע פון אַ רבין, וואָס אין זיינע אָדערן פליסט דאָס בלוט פון דעם פּאָגראָמשטשיק, וואָס האָט פאַרגוואַלדיקט זיין מאַמען, די רביצן בשעת אַ פּאָגראָם. די הויפּט־ראָלע פון דער זאַך — אין אַ פּוילישער איבערזעצונג — האָט געשפּילט פּוילנס גרעסטער טראַגיקער קאַראָל אַדווענטאָוויטש. אויך אין יידיש איז די זאַך נאַטירלעך אויפגעפירט געוואָרן, אָבער זי איז נישט אַריין אין שטענדיקן יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר.

פאַר אַ שרייבער מיט טעאַטער־בלוט, אָבער נישט מיט אַבסאָ־

לוטער טעאַטער־אויסגעהאַלטנקייט, איז די רשימה פֿון די אויבן־
אויסגערעכנטע דראַמאַטישע־ און טעאַטער־אויפֿטוען פֿון אַלטער
קאַציזנע אַ היפּשלעך אימפּאָזאַנטע. דאָס יידישע טעאַטער, דאָס
טעאַטער ביי יידן וועט זיך נאָך צו קאַציזנע, דעם דראַמאַטורג,
אומקערן און נישט איין טעאַטער־דערפֿאָלג איז נאָך זיינע ווערק
באַשערט.

## ו. פּאָעט, דערציילער, ראָמאַניסט, עסייאיסט

יעדער שרייבער האָט אַביסל פּאָזע אין זיך — און אויך
קאַציזנען האָט עס נישט געפֿעלט. אָבער ווען עס קומט צום עיקר
— איז יעדער עכטער שרייבער אַן אמת־זאָגער. און אויך קאַ־
ציזנע איז געווען אַ מערקווירדיקער אמת־זאָגער אין די הקדמות
צו זיינע ווערק. ער האָט צוגעגעבן השפּעות — בעיקר פֿון פּרצן.
ער האָט אָבער אויך צוגעגעבן — און מיט רעכט — השפּעות
פֿון שרייבער, וואָס זענען נישט געווען פֿון די סאַמע ערשטע
אין דער יידישער ליטעראַטור. למשל: שמעון שמואל פֿרוג. אָבער
אויב פֿרוג איז געווען אַ פּשטותדיקער דיכטער — איז קאַציזנע,
אַלס פּאָעט, געווען היפּשלעך קאָמפּליצירט. ער האָט עקספּערי־
מענטירט אין דער פֿאָרם. ער האָט כסדר עקספּערימענטירט.

לירישע לידער האָט ער כמעט נישט געשריבן. אים האָט
עס געצויגן צו דער באַלאַדע, צו דער דראַמאַטישער פּאָעמע. ער
איז אין תוך אפֿשר געווען — אַלס שרייבער — נאָר אַ דראַמאַ־
טורג. און דעריבער האָבן מיר טאַקע — אין אָט דעם עסיי —
גאַנץ באַזונדערס אויסגעטיילט קאַציזנעס דראַמאַטיש־טעאַטראַלע
דערגרייכונגען. אין יאָר 1936 איז דערשינען קאַציזנעס זאַמלונג
פֿון „באַלאַדן און גראָטעסקן". געשריבן האָט ער זיי לרוב אַ סך
פֿריער. אַמאָל מער ווי אַ צענדליק יאָרן פֿריער. אין אָט די אַלע
זאַכן איז קענטיק אַ גרויסע אָנשטרענגונג אין דער פֿאָרם און אין
ריטם, אָבער ריטם איז אים בדרך כלל זייער גרינג אָנגעקומען,
ווייל ער איז געווען מוזיקאַליש. כאָטש אין די מייסטע פֿון אָט
די דיכטערישע שאַפֿונגען איז דער ריטם, ווי געוויינטלעך, יאַמ־
ביש, אָדער טראָכעיש, איז עס אָבער פֿאָרט אַ קאָכעדיקער ריטם,

אַ דינאַמישער. דינאַמיש דורך דעם אינהאַלט, דינאַמיש דורך דער אַקציע. אונטער דער השפּעה פון די רוסישע דיכטער, וואָס האָבן שטאַרק קולטיווירט דעם אַסאָנאַנץ — שטאָט דעם דירעקטן גראַם — שרייבט אויך קאַציזנע אָפט לאַנגע פּאָעמעס מיט לויטער אַסאָנאַנצן — און דערצו מייסטערישע אַסאָנאַנצן; און פאַכלייט ווייסן, אַז עס איז אַ סך גרינגער צו שרייבן מיט דירעקטע גראַמען, ווי מיט אַסאָנאַנצן.

די וויכטיקסטע דערגרייכונג אין אַלטער קאַציזנעס „באַלאַדן און גראָטעסקן“ איז אָן ספק די באַלאַדע פון 24 זייטן „דאָס ליד פון שבעלע הדסהס“. דאָס איז אַ מעשה פון אַ מוטער און אַ טאָכטער און אַן אַלטן הייליקן רבין. די מוטער, די אלמנה, שדכנט זיך צום רבין דעם אלמן, אָבער די טאָכטער פאַרליבט זיך אין הייליקן רבין און זי ווערט זיין ווייב און די מוטער פון זיין זון — און זי איז אַזוי פאַרליבט, אַז זי וויל נישט אַרויסגעבן פון קימפּעט דאָס קינד צום ברית איידער דער רבי וועט נישט שווערן, אַז ער וועט דערלעבן דאָס קינד צו דער חופּה צו פירן. דער הייליקער רבי וויל אַזאַ צוזאָג נישט געבן, שטאַרבט די יונגע מוטער, אָבער ער אַליין דערלעבט יאָ דאָס קינד צו דער חופּה צו פירן. — ווייל איז קלאָר, אַז אָט די באַלאַדע איז אַ דירעקטער המשך פון פּרוגס „דעם שמשס טאָכטער“ און דאָך איז דאָס אַ ווערק פול מיט גרויסקייט פאַר זיך אַליין. אגב גיט קאַציזנע צו די השפּעה.

קאַציזנעס דערציילערישע עקספּערימענטן — אָבער אויך בלייבנדיקע דערגרייכונגען — זענען צונויפגעזאַמלט אין זיין באַנד „אַראַבעסקן“, וואָס איז דערשינען נאָך אין יאָר 1922. אַראַבעסק — איז אַ סטיל אין דער דעקאָראַטיווער מאָלעריי און דאָס וואָרט קלערט זיך אויף אַליין, מאָלט זיך אויס אַליין אין זיין אָריענטאַלישער פאַרביקייט. אויף די נאָענט צו 200 זייטן פון דעם בוך זענען אויפגעזאַמלט אַכט דערציילונגען. אייניקע זענען עקספּערימענטן בלויז, ווי די מעשה „אָן אויג“, וואָס קאַציזנע רופט עס טאַקע „קאַפּריטשיאָ“ — עס איז אַ פּראָבע צו שרייבן מיט אַלע חושים, חוץ דעם חוש הראיה — וואָס — ווי לאַנג די וועלט שטייט, איז דאָס דווקא דער וויכטיקסטער חוש פאַר יעדן שרייבער. דערגרייכונג —

און נישט עקספּערימענט בלויז — זענען אין די „אַראַבעסקן" די
באַאַרבעטע און סטיליזירטע יידישע לעגענדעס. און גאָר שטאַרק
און פון בלייבנדיקן ווערט — און זי וועט נאָך געפינען איר וועג
צו דער ליטעראַרישער אייביקייט — איז די סאַמע ערשטע פון די
אַכט דערציילונגען אין בוך, דאָס איז די מעשה „קראַנקע פערל".
ערשטנס דאָס באמת אַראַבעסק־גליענדיקע לשון. דער ריטם פון
דער פּראָזע. און צווייטנס דאָס קונציקע צונויפפלעכטן פון דריי
טעמעס: די טעמע, אָדער אַלגעמיין אָנגענומענע לעגענדע, אַז פערל
לעבן און ווערן קראַנק, אויב עס טראָגט זיי נישט אַ שיינער מענטש,
וואַרעם און געזונט, די טעמע פון דער שולמית אין שיר השירים
און די מעשה פון דער מלכה שבא'ס באַזוך ביים מלך שלמה. נישט
שייך איבערצודערציילן ווי קונציק אָט די דריי טעמעס זענען איינ־
טעגרירט קינסטלעריש. מען דאַרף די מעשה לייענען. נישט ווינצי־
קער אַראַבעסק־שיין איז די מעשה אין זעלבן בוך „דעם לוים טאָכ־
טער" — אויך אַ שלמה המלך־מעשה — זי איז אָבער ווינציקער
גאַנץ.

אַלטער קאַציזנעס גרויסע אָנשטרענגונג אויף דעם געביט פון
דער פּראָזע איז געווען און געבליבן זיין ראָמאַן „שטאַרקע און
שוואַכע". דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1927-1929
און דערשינען איז עס אין פאַרלאַג פון ב. קלעצקין ווילנע־וואַרשע,
אין די יאָרן 1929-1930. אין אָט דעם ווערק זענען זיך צונויפגעקו־
מען אַלע קאַציזנעס טאַלענטן — דער פּאָעט און דער נאָוועליסט,
דער דראַמאַטיקער און אפילו דער עסייאיסט. עס פעלט אָבער דער
כאַראַקטעריסטישער ראָמאַניסט, דער נאַראַטאָר מיט אַ סך גע־
דולד. דאָס איז אַ באַזונדערע קונסט. און נישט געקוקט, וואָס קאַ־
ציזנע האָט אָט די קונסט נישט באַהערשט — האָט ער דאָך באַוויזן
אָנצושרייבן אַ ווערטפולן ראָמאַן פון אַ גרויסער איבערבראָך־תקופה
אין יידישן לעבן בכלל און אין יידישן לעבן אין פוילן בפרט. עס
איז אַ ראָמאַן, וואָס נעמט אַרום אַן ערך 12 יאָר פון יידישן לעבן
אין פוילן. אַן ערך 1906 ביז 1920. די פינקטלעכע דאַטעס זענען
דאָ נישט וויכטיק. וואָס פאַר אַ יאָרן זענען דאָס? דאָס זענען די
יאָרן פון רעאַקציע אויף דער יידישער גאַס — נאָך די גרויסע

בוואַליעם פון אידעאַליזם אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ובכן יאָרן פון יידישן „סאַניניזם". שפּעטער קומען די יאָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער יידישער אידעאַליזם אין פּוילן האָט זיך ווידער דערכאַפּט. און ווייטער די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן האָט אָנגעהויבן, דערמוטיקט פון דער כמעט פּלוצלונג דערוואָרבענער זעלבשטענדיקייט אויף אַ גרויסן פאַרנעם, אַרויסצושטויסן דעם יידישן יונגן מענטש פון אַלע זיינע פּאָזיציעס. דער ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע" איז אַ ראָמאַן פון אַ יונגטלעכן דור. און אַזאַ ראָמאַן מוז, נאַטירלעך, זיין שטאַרק סעקסועל — און אַזוי איז טאַקע דער ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע". שטאַרקע און שוואַכע — מיינט דאָ גאַנץ פּשוט: שטאַרקע און שוואַכע כאַראַקטערן. אַמאָל שטאַרק אָדער שוואַך אין ריין פּערזענלעכן לעבן און אַמאָל שטאַרק, אָדער שוואַך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. וואָרום פּונקט ווי אָט דער ראָמאַן איז אויסגעבונדן און אויסגעפלאָכטן און אויסגעוועבט פון פּריוואַטע האַנדלונגען פון זיינע צענדליקער העלדן, אַזוי איז ער אויך אויסגעוועבט פון זייערע געזעלשאַפטלעכע מעשים און אויפטוען. העלדן קומען און העלדן פאַרשווינדן אין אָט דעם ראָמאַן אויף הונדערטער זייטן — כדי פּלוצלונג ווידער אַרויפצושווימען. דער מלאך פון ליבע און דער מלאך פון טויט דאָמינירן די האַנדלונגען. בלאַזירטע אינטעליגענטע באַשעפענישן און אידעאַליסטן־אינטעליגענטן זענען די העלדן פון דעם ראָמאַן, עקזאַלטירטע פרויען, אָבער אויך פּשוטע פאָלקס־מענטשן פעלן נישט. אַלץ אין אַלעם — אַ דור אָן אַ פירער, אַ דור, וואָס פירט זיך אַליין, אַ דור, וואָס עקספּערימענטירט. איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז דער דור, וואָס איז איבערגעלאָזן געוואָרן אין מיטן וועג פון זיין געניאַלן אָנפירער און אינספּיראַטאָר — פּרץ. אגב איז פּרצעס לוויה אַריינגעפלאָכטן אין דער האַנדלונג פון דעם ראָמאַן. און נישט צופעליק. פּרצעס אידעאָלאָגיע האָט זיך גאַנץ קלאָר גענומען פאָרמולירן ערשט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, אָבער זי איז טאָפּלט איבערגעריסן געוואָרן — ערשטנס דורך דעם טויט פון דעם מייסטער און צווייטנס דורך דער ערשטער וועלט-מלחמה און דער נאָכפאָלגנדיקער רע-

וואָלוציע אין מזרח פון אייראָפּע. דער ראָמאַן פאַרענדיקט זיך אָפּטימיסטיש און מיט אַ שטיקל אויסוועג נאָך די אַלע אומוועגן און בלאָנדזשעניש — ער פאַרענדיקט זיך מיט אַ מין אומקערן זיך צוריק צו דער נאַטור און צוטוליען זיך צו דער מאַמע־ערד און צו אַרבעט אויף פּשוטן ברויט.

„שטאַרקע און שוואַכע" פון אַלטער קאַציזנע איז אַ ראָמאַן, וואָס דאַרף בלייבן אין דער ליטעראַטור צוליב כמה וכמה טעמים — נישט צולעצט צוליב דעם טעם, ווייל ער שפּיגלט אָפּ אַ תקופה, אַ ביז גאָר וויכטיקע תקופה אין יידישן לעבן אין פּוילן בכלל און אין מזרח־אייראָפּע בפרט, וואָס איז דערווייל ווייניק באַשריבן געוואָרן דורך יידישע ראָמאַניסטן, אָבער אויך באַזונדערס צוליב דעם, ווייל דער ראָמאַן איז אַן א ו י ט ע נ ט י ש ע ר, געשריבן פון איינעם, וואָס האָט אָט די תקופה שטאַרק מיטגעלעבט אַליין. עס איז נישט קיין אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, אָבער עס איז מער ווי קלאָר, אַז נישט אין איינעם פון די אַלערליי העלדן זיינע — איז דאָ קאַציזנע אַליין. און אויב עס איז נישט קיין פּערפעקטער ראָמאַן, קיין קלאַ־סישער ראָמאַן פון אַ תקופה, ווי למשל י. י. זינגערס „ברידער אשכנזי" — איז עס אָבער אַ קאַליידאָסקאָפּיש, באַוועגלעך, פאַר־ביק אָפּבילד פון אַ שטורעמדיקער צייט פול מיט שפּאַנענדיקע סיטואַציעס און ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּאַרשוינען.

די שפּראַך איז אַ רייכע, אַן אידיאָמאַטישע אפילו. עס איז נישט די רואיקע שפּראַך פון אַ נאַראַטאָר. עס איז די שפּראַך פון אַן עקספּערימענטאַטאָר. קאַציזנע איז עס געווען אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן זיין לעבן לאַנג.

און אחרון, אחרון — דער עסייאיסט. אויף אָט דעם געביט האָט קאַציזנע דערגרייכט אָפּטמאָל ממש שלימות. דער עיקר דע־מאָלט, ווען ער האָט געשריבן וועגן רוסישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַ טיפער פאַרשטייער פון בעלעטריסטישער ליטעראַטור. און — ווי עס טרעפט אַזוי אָפט — כאָטש ער האָט נישט אַלעמאָל גענוי געוווסט, וואָס ער פאָדערט פון זיך אַליין, האָט ער אָבער אַלעמאָל גענוי געוווסט וואָס ער פאָדערט פון אַנדערע. זיינע עסייען זענען צעוואָרפן איבער צייטשריפטן און צייטונגען — אַזוי אויך,

דאָס לעצטע בילד פון אַלטער קאַציזנע מיט אַ גרופּע יידישע שרייבער בעת פּרץ מאַרקישעס באַזוך אין לעמבערג אין יאָר 1940



עס זיצן פון רעכטס: טאַניאַ פוקס, ניושיאַ אימבער, פּרץ מאַרקיש, אַלטער קאַציזנע, יהושע פּערלע און נחום באָמזע. עס שטייען: הערש וועבער, שמואל יעקב אימבער, מ. הערצאָג, סאַניע פרידמאַן בער שנאַפּער און ישראל אַשענדאָרף.

אגב, זיינע איבערזעצונגען — און וואַרטן אויף זייער תיקון אין די טעוועלעך פון אַ בוך. און אויך ד ע ר תיקון וועט קומען.

אין זיינע עסייען איז געקומען צום אויסדרוק אַ הייסער, פאָלקס־פאַרליבטער ייד, וואָס זייענדיק אַ יידישיסט, ווייסט ער צו גוט, וואָס עס מיינט ירושה פון הונדערט דורות און ווי טייער מען דאַרף זי האַלטן; עס איז געקומען צום אויסדרוק אַ פאַרליבטער און פאַרגליווטער אין דער שליחות פון קונסט. און באַזונדערס דער קונסט פון וואָרט. עס איז געקומען צום אויסדרוק אַ זוכער פון נייע וועגן אין פאָרם און אין אינהאַלט, אָבער וועגן אַזעלכע, וואָס קענען אַלעמאָל געפינען דעם אייביקן דרך המלך, אויב זיי הויבן אָן צו בלאָנדזשען...

## ז. דער סוף

די קליינע משפחה פון דריי — אַלטער קאַציזנע — חנה, זיין וואונדערלעך ווייב — און שולמית, די שיינע טאָכטער, זענען צע־טיילט געוואָרן אין דער צייט פון די נאַצים. די טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט סימולירנדיק, אַז זי איז אַן איטאַליענערין. זי וווינט היינט — 1954 — אין רוים. איר נאָמען לויט איר הייראַט איז: רעאַלע. טיף איז געבליבן איר ליבע צו איר פאָטער און זי האַלט אָן כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט איר געליבטן פאָטערס ביים לעבן פאַרבליבענע פריינט, מיט וועלכע זי קאָרעספּאָנדירט אין אַ שיינעם יידיש. אגב, איז איר האַנטשריפט זייער ענלעך צו דער האַנט־שריפט פון איר פאָטער. חנה — די מאַמע, דאָס ווייב, די געטרייע פריינדין פון אַלע יידישע שרייבער אין פוילן, איז אַוועק אויף דעם וועג פון אומשלאַגפּלאַץ און פון גאַז־אויוון. און אַלטער קאַציזנע איז אומגעקומען דעם 7טן יולי 1941 אין אַ דערפל נישט ווייט פון טאַרנאָפּאָל — ביים אַנטלויפן קיין מזרח צו. ער האָט זיך ביים אויסברוך פון דער נאַציש־סאָוויעטישער מלחמה, דעם 22טן יוני 1941, געפונען אין לעמבערג, אויף דער סאָוויעטיש אָקופּירטער זייט פון פוילן, ווו ער איז געווען ליטעראַריש אַקטיוו. מוראדיק איז געווען זיין טויט: ער איז דערשלאָגן געוואָרן דורך אוקראַאינער באַנדיטן, היטלערס אַרויסהעלפערס, ממש דערשלאָגן געוואָרן מיט

שטעקנס און מיט ציגל. צעריסן די הויט, צעפליקט דאָס פלייש, צעבראָכן די ביינער און אַזוי אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. דער יידישער שרייבער נחמן בליך איז געווען אַן עדות פון דער סצענע. ער איז צופעליק געראַטעוועט געוואָרן און האָט דאָס, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, באַשריבן מיט אויספירלעכע ווערטער אין דער צייטשריפט „דאָס נייע לעבן", נומער 10, דערשינען אין לאָדזש, אין יאָר 1945.

מלך ראוויטש

מאָנטרעאל, יאַנואַר 1954.

I

# אַלט־שטאָט

אַמאָל איז דאָ געווען דאָס האַרץ פון וואַרשע — אָט דער לאַבירינט שמאָלינקע געסעלעך צווישן הויכע, גראָע מויערן. איצט איז דאָס אַן אָפּ־געלעגן אָרט, אַ פאַרצייטיקער אַנוווקס אויפן גוף פון דער היינטוועלטי־קער שטאָט, ווו דאָס בלוט פליסט אַנדערש און ווו אַנדערש שלאָגט דער דופק.

דער מקום — ווי יידן רופן די אַלט־שטאָט — האָט זיין אייגענעם אָטעם, זיין אייגענע לופט, וואָס זי גיסט זיך נישט צוזאַמען מיט דער לופט פון גאַנץ וואַרשע. אויך די איינוווינער פון מקום האָבן אַן אַנדער אויסזען, סיי די יידן, סיי די קריסטן. פאַרוועלקטע זענען זיי, די איינ־וווינער פון מקום, ווי דער שטויב פון פאַרגאַנגענע דורות וואָלט צו זיי צוגעשטאַנען, זיך איינגעפרעסן אין די פאַלדן פון זייערע קליידער, אין די קנייטשן פון זייערע פנימער. און גראָע זענען זיי. זיי טראָגן מיט זיך דעם שאָטן פון די ענגע געסעלעך צווישן הויכע מויערן. אָט שאַרן זיי זיך פאַזע וואַנט, איבער די שמאָלע טרעטערס, ווי קינדער וואָס רייבן זיך אָן דער מאַמעס קני און די מאַמעס — די מויערן זענען שמאָל און הויך און, דאַכט זיך, זיי שטייען, די מויערן, אויף געשוואָלענע קני. אונטן זענען זיי ברייטער ווי אויבן, די גראָע וואַנט גליטשט זיך אַראָפּ אויפן שמאָלן טרעטער אין אַ משופּעדיקן אָנשפּאַר, כדי נישט איינצו־פאַלן. קיין טויערן זענען דאָ נישטאָ. שמאָלע געוועלביקע טירן מיט פאַרצייטיקן שמירעכץ פירן פון דער גאַס אין פינצטער געוועלבטע קאָ־רידאָרן אַריין. און בייטאָג דורך זייער פינצטערניש, אין אָוונט — דורך דעם איינציקן לאָמטערן, וואָס הענגט פון געוועלב אַראָפּ, אָטעמען אַרויס די שמאָלע געוועלבן אַ שרעק און אַ וואָרנונג אויף דער ענגער גאַס: היט אייך, מענטשן! פאַראַן מכשפות אויף דער וועלט! און שדים לויערן אין יעדן ווינקל. און מענטשן שלעכטע, נאָך ערגער פאַר שדים, האָבן זיך פאַרטייעט אין זייער פאַרבאָרגעניש.

נישט אומזיסט זענען פאַראַן אין דער הויך פון ערשטן שטאָק ני־

שעס אין די גראָבע ווענט. און דאָרט שטייען צוגעשמידט אין זייער איי־ביקער וואָך מאַדאָנעס און הייליקע. און ווי אַלט און ווי אָפּגעלאָזט די ווענט זאָלן נישט זיין — די מאַדאָנעס מיט די הייליקע גלאַנצן מיט דעם הימל־בלויען אייל־פאַרב פון זייערע פריש אָפּגעמאָלטע קליידער, טראָגן פרישע קרענצלעך אויף די קעפּ — אַ פאַרגיטיקונג פאַר זייער אייביקער וואַכזאַמקייט.

מענטשן גייען — שאָטנס אויף דער שאָטנדיקער גאַס, און רייסט זיך אַריין אַ שטיקל זון צווישן די הויכע מויערן — דאַן ווערט די גאַנצע גאַס צעבראָכן אויף שפּיציקע ווינקלען און קרומע ליניעס. דאַכט זיך — די גאַס צעפאַלט זיך. דאַכט זיך, די שאָטן־מענטשן לויפן זיך ראַטעווען, וואָס גיכער פון לעכערדיקן אַרבל אַרויס אַהין, אויפן אַלטן מאַרק און דאָרט אויף דער פולער זון צו קריגן אַ תיקון.

אויב אַלט־שטאָט איז דאָס אַמאָליקע האַרץ פון וואַרשע, איז דער אַלטער מאַרק — דאָס האַרץ פון דעם האַרץ.

אַ גרויס, פּירעקיק קעסטל איז דער אַלטער מאַרק. זיינע ווענט זע־נען די פיר ציילן הויכע שמאָלע מויערן, הויכע — צו פינף און צו זעקס שטאָק, שמאָלע — צו דריי און צו פיר פענצטער. און אַלע מויערן זע־נען גראָ און אַלע, דאַכט זיך, אַלע אַזוי ענלעך. און דאָך — באַזונדערע זענען זיי. יעדער מויער מיט זיין פּנים, מיט זיין חנדל פון אַן אָפּגעקור־מענעם מיוחס. גרויסע אינדיווידואַליסטן זענען זיי, די מויערן פון אַלטן מאַרק. וואָס האַלט זיי דאָ צוזאמען, אַקסל צו אַקסל צוגעפּרעסט אין ענגשאַפט? דאָס האָבן זיי זיך פאַרקוקט מיט די אָנברעמענדיקע אויגן אויף דער וואַסער־פאַנע, וואָס זיצט אויף איר פאָסטומענט אין מיטן גע־פלאַסטערטן פלאַץ, אַ מכשפה איז זי, די וואַרשעווער וואַסער־פאַנע, מיט פאַרשייטע בריסטן און מיט אַ פאַרדרייטן שופן־עק. מיט איר שילד און מיט איר שווערד, וואָס זי האַלט אין אירע הענט, האָט זי צוגעכישופט צו זיך די אַלטע הויכע מויערן מיט זייערע מאַדאָנעס, מיט זייערע היי־ליקע, און די אַלטע שטיינערנע אינדיווידואַליסטן האָבן זיך אויסגע־שטעלט אין פיר ציילן און פאַרשלאָסן דעם פלאַץ אין אַ קעסטל.

איז געוואָרן אויס פלאַץ, נאָר אַ ריזיק צימער אָן אַ דאַך, אַ קהליש צימער צום געברויך פון די היגע איינוווינער.

קינדערלעך שפּילן זיך אין יאָגעניש אַרום דער וואַסער־פאַנע. ווייט אַנטלויפן קאָנען זיי נישט. אויך זיי האָט זי צוגעכישופט. עלטערע פרויען

זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּלעך פון פּאָסטומענט, ציילן די זאַקן־אייגלעך און באַקלאָגן זיך אויף זייערע ביטערע מזלות. איינע אויף דעם, וואָס איר אַלטער פאַרדינט נישט, די צווייטע — וואָס דער אַלטער שי־כורט און שלאָגט זי, די דריטע איז זיי ביידע מקנא: איר אַלטער איז שוין לאַנג אַ שוכן־עפר.

אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן לאָזן זיך אַרויס אַרבעטער אין בלויזע וועסטלעך מיט פּאַפּיראָסן אין מויל, כאַפּן אַ שמועס ביי דער וואַסער־פּאַמפּע.

אייגענע מענטשן. אַן אייגענע שטוב, נאָר אָן אַ דאַך. דערפאַר קאָן מען כאָטש אָפּאָטעמען פריי.

יידן מיט קריסטן פילן זיך דאָ נענטער און היימישער, ווי ערגעץ אַנדערש. די מויערן האָבן זיי צוזאַמענגעשטופּט אין ענגשאַפט. די שווע־רע נויט דריקט אַלעמען גלייך. קיין גבירים וווינען נישט אויף אַלט־שטאָט. און די שאָטנס פון פאַרגאַנגענע דורות וועבן זיי צוזאַמען מיט אַ געמיינזאַמען סוד.

אויפן פּלאַץ, נעבן דער וואַסער־פּאַמפּע האָבן זיך פאַרנאַכטלעך אָפּ־געשטעלט צוויי אַרבעטער. זיי האָבן זיך געטראָפן גייענדיק פון דער אַר־בעט און זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן אַ שמועס.

— נו, האָסט עפּעס אַרבעט? — געפרעגט האָט דער העכערער, דער בלאָנדער, געפרעגט נישט גלאַט, אַבי צו רעדן. אים האָט טאַקע אינטע־רעסירט, צי דער חבר האָט אַרבעט, דער עיקר, צי ער וויל אַרבעטן.

האָט דער חבר אָפּגעענטפערט נאָך אַ קליינער קווענקלעניש.

— איך וועל דיר זאָגן, ישראל, דו ווייסט דאָך, אַז די אַרבעט איז מיר נישט צום האַרצן. וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס פאַר שייקען, איך בעט דיך, צו מאָלן בלומען־שלאַקן אין די שטיבער אויף דער פראַנציש־קאַנער גאַס. אַז טרעפן זאָל זיי אַ שלאַק, די גראָבע בייכער! זעסטו, ס׳האָט זיך טאַקע געלוינט צו קומען קיין וואַרשע...

האָט דער בלאָנדער אים גוטמוטיק צוגעקלאַפּט אויף דער פּלייצע:

— האָב צייט. נישט מיטאַמאָל איז קראָקע געבויט.

פון דער זייט האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז נאָר איינער פון זיי איז אַן אַרבעטער — שייקע. ער האָט געטראָגן אַ בלוזע מיט אַ פּאָר הויזן, וואָס זענען באַשטאַנען דורכויס פון פאַרביקע פלעקן, אַ לעבעדיקע פּאַ־

לעטע. ס׳איז נאָר אַ חידוש געווען, ווי אַזוי דער בחור האָט זיך געקליגט אָפּצומאָלן די קליידער פון הינטן, אַזוי ווי פון פאָרנט.

ישראל אָבער איז געווען אָנגעטאָן גאַנץ ריין. אַפילו געטראָגן אַ ווייכן קראַגן מיט אַ קראַוואַט, געהאַט אַ שטעקעלע אין דער האַנט און אויפן פינגער — אַ קידושין־רינגל, אַ גאָלדנס. גאָלד האָט ער געהאַט נישט נאָר אויפן פינגער. אַז ער האָט שמייכל געטאָן, האָט די זון אים אַ כאַפּ געטאָן ביי די גאָלדענע ציין.

— דו האָסט קיין געדולד נישט, שייקע, — האָט ער געמוסרט דעם שטובן־מאַלער. — וואַרשע איז אַ תהום. מיט געדולד און מיט ענערגיע וועסטו דיך ביסלעכווייז אַרויפאַרבעטן. ביי ריטאָוון ביסטו געווען?

— דאָס גיי איך טאַקע פון אים.

און שייקע האָט זיך פאַרגאַפט אויף איינעם פון די הויכע דעכער, וווּ צווישן די פאַרשוואַרצטע, פאַרצייטיקע דאַכלקעס האָט זיך אויסגע־שפּרייט אַ פּירקאַנטיקע גלעזערנע לאַטע.

— אַ רוח אין זיין האַרצן אַריין. ער האָט דאָרט אַ מאָדעלקע.

— אָט אַזוי ביסטו געגאַנגען צו אים?

שייקע האָט נישט פאַרשטאַנען די פראַגע, און אָנגעקוקט ישראלן פאַרחידושט.

דערזען, אַז ישראל באַטראַכט קריטיש זיין באַמאָלטן אנצוג, האָט ער זיך אָנגעשטויסן און צעלאַכט זיך. אויגן האָט ער געהאַט שמאָלע. און אַז ער האָט זיך צעלאַכט, זענען גאָר פאַרבליבן קרומע שפּעלטעלעך מיט אַ סך דינע קנייטשעלעך אַרום זיי.

— אָן אמתער כ׳נטשיק — האָט ישראל אַ טראַכט געטאָן.

— און דו מיינסט, אַז כ׳האָב זיך געדאַרפט איבערטאָן פאַר זיין כבוד וועגן? אַז נישט דערהאַרן וועט ער. וואָס איז ער דען, ריטאָוו? נישט אַזאַ מאַלער, ווי איך, וואָס?

— נו, אַביסל אַ נפקא־מינה. יענער איז אַ גאַנצער קנאַקער, אַ באַרימטהייט, אַ פּרעמירטער מאַלער...

— טפו! ביסט אויך אַ בורזשוי, ישראל, ווי איך זע. באשר יענער האָט לייוונט און אַן אַטעליע און מאָדעלקעס, באשר מען שרייבט וועגן אים אין די צייטונגען — וועט שייקע זיך איבערטאָן פאַר זיין כבוד וועגן? איך האָב געאַרבעט! — און שייקע האָט מיט פּאַטאָס זיך אַ

זעץ געטאָן אין דער באַמאַלטער ברוסט. האָט זיך אויפגעהויבן אַ דין שטויבל, און ישראל איז מיט אַ שמייכל אָפּגעטראָטן.

— האָט ער געזען דיינע צייכענונגען?

— יאָ.

— און וואָס האָט ער געזאָגט?

— זיי זענען אים שטאַרק געפעלן. — שייקע האָט זיך פאַרקרימט ווי אַ כינעזער און זיך אַ קראַץ געטאָן אונטערן היטל — דער רוח ווייסט זיין טאַטן. ער זאָגט: איך דאַרף אַרבעטן.

— און אַליין האָסטו דאָס נישט געוווּסט?

— איך בעט דיך, ישראל, איז דאָס פאַר מיר אַ תכלית: אַרבעטן?

שייקעס נעבעך־מינע האָט זיך ממש געבעטן ביי ישראלן ער זאָל אַראָפּנעמען פון אים די לאַסט פון דאַרפן אַרבעטן. אַפילו מיט דער אָפּנ־האַרציקער פוילקייט זיינער איז שייקע אים געווען סימפּאַטיש.

— כאַפּט דיך אַ וואַטנמאַכער, כינטשיק — האָט ישראל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — ווי איך זע, וועסטו ווערן קונסטמאַלער. ווי איך וועל ווערן אַ טענצער. וועסט שוין פון אַלע דיינע טאַלאַנטן בלייבן ביים פייפן.

שייקע האָט צעשטעלט די געפאַרבענע פיס און פאַרנומען די הענט אין די באָקעס.

— וואָס איז? האָסט אַוודאי געהערט בעסערע פייפער פאַר מיר, וואָס?

ישראל האָט געלאַכט מיט גאַלד.

— שאַ, ישראל — איז שייקע ערנסט געוואָרן און אַראָפּגערוקט דאָס היטל אויפן טשוב, — וואָס הערט זיך עפּעס מיט מיינע לידער? ווען וועל איך שוין זען אַ געדרוקט וואָרט?

ישראל האָט אים צוגעזאָגט, אַז אין דעם נאָענטן פאַרטייאישן העפט וועט ער געפינען געדרוקט זיינע לידער, אָבער שייקע האָט נישט אָפּ־געטראָטן: — ווען?

— מען קאָן דאָך מיט לידער קיין פאַרטיי־העפט נישט אָנפילן, פאַרשטייסט דאָך אַליין. עס פעלט נאָך מאַטעריאַל. היינט גיי איך צו שמואלן נאָכן לייט־אַרטיקל.

שייקע האָט נישט געהאַט קיין געדולד. זיין מוזע האָט נישט גע־וואַרט. אָט האָט ער שוין נאָך אַ ליד אין דער קעשענע פון די געפאַר־

בענע הויזן. אָבער גיי ווייז ישראלן, אַז יענער האָט נאָך די ערשטע גישט אָפּגעדרוקט. ניין, ער וועט נישט ווייזן.

ער האָט זיך ווידער פאַרגאַפּט אַרויף. אין זיינע כינעזישע אייגעלעך האָט געטליעט אַ פלעמל און די ליפּן האָבן זיך געעפנט אין אַ קינדישן שמייכל. הויך אויף אַ דאַך איז געשטאַנען אַ שייגעצל און געפאָכט מיט אַ שטעקן, פינף מאָל לענגער פאַר אים אליין. צום שטעקן איז געווען צוגעבונדן אַ שמאַטע. געפאָכט, ווי געכישופט. אפשר האָט ער געוואָלט איבערמאָלן דעם גאַנצן הימל איבערן אַלטן מאַרק. און אפשר האָט ער דאָס געפאָכט צו דער פאַרגייענדיקער זון זי זאָל זיך צוריקקערן. ניין, דאָס האָט דאָס שוואַרצע סילועטל אויפן דאַך דיריגירט מיט אַ טשאַטע זילבערנע טויבן, הויך, הויך האָט זיך געריגגלט זייער זשמעניע אין לופּ־טיקע הקפות. זילבערנע בלימעלעך האָבן זיך געשאָטן פון ראָזן וואָלקן. און אַ פאַל אַראָפּ — אַ הויפן שוואַרצע שמאַטקעלעך. און אַ שוס אַרויף — ווי־דער זילבערנע בלומען. אָט האָבן זיי זיך אָנגעצונדן ראָז.

— ווייסט, ישראל, ביי אונדז אין שטעטל גייען שוין די אינדיטש־קעס שלאָפן. זיי טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער און פאַרציילן זיך פאַרן שלאָף זייערע נעכטיקע חלומות:

— טיו—ליו! ליו—ליו—ליו! טיול! ליול! ליו—ליו—ליול!

שייקע האָט אַזוי קונציק אויסגעפייפט, ווי די אינדיטשקעס פאַר־ציילן זייערע חלומות, אַז ישראל האָט זיך צעלאַכט.

— ווער פאַרברענט, דו דיכטער איינער! שייקע פייפער, אַ גוטע נאַכט.

## 2

# פייגע־פעסיע מיט איר קאַמונע

פון אַלטן מאַרק האָט ישראל פאַרקירעוועט אין אַ געסעלע פון איין גוס, מיט אַ רינשטאָק אין דערמיט. אַ געסעלע בלויז פאַר פוסגייער. עס האָט געפירט צו דעם טרעפּ־געסל. די טרעפּ זענען געפאַלן צו יענעם טייל מקום, וואָס ליגט נידעריקער ביי דער ווייסל. און פון ביידע זייטן טרעפּ האָבן זיך געהויבן גראָע מויערן. אין די פענצטער איז שוין געווען ליכ־טיק. גראָע בעלי־מלאכות האָבן שוין געאַרבעט ביי פייער. די לופט איז

דאָ געווען אַ שטיקנדיקע פון אַלטן זשאַווער און שימל, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די פיל־הונדערטיאָריקע ווענט.

— פאַראַן מענטשן, וואָס אַנטציקן זיך דערמיט — האָט ישראל געטראַכט — ריטאָוו, צום ביישפּיל, איז פאַרליבט אין דעמדאָזיקן טרעפּ־געסל. די אויגן ווערן אַזש פייכט ביי אים... און ער, ישראל, ווען מען זאָל אים נאָר לאָזן, וואָלט ער אונטערגעלייגט דינאַמיט און אויפגעריסן אין דער לופטן די אַלע געשוואָלענע, בייכיקע מויערן, וואָס עס הענגען, דאַכט זיך, פּיאַוווקעס אויף זייערע ווענט. דאָס געסל איז געווען איינגע־טונקט אין אָוונט. און פּלוצלונג האָט ישראל דערזען עפּעס, וואָס האָט אים אַ נעם געטאָן ביים האַרץ, כאָטש ער איז נישט געווען קיין מאָלער. פון ביידע זייטן האָבן אין די שטיבער לאָמפּן געברענט, נאַכט געווען. און אונטן, ווו די טרעפּ האָבן זיך געענדיקט, האָט אַ העל קינדיש קעפּל גע־שטראַלט, ווי דער קאָפּ פון אַ הייליקן אויף אַ קאַטויליש בילד. דאָס קינד איז געזעסן אויף דער זון. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט שוין ישראל אַליין זיך אָפּגעטובלט אין דעם לעצטן ביסל זון, וואָס האָט זיך דאָ פאַרשטעקט אויפן פּלעצל, צווישן די פינצטערע מיילער פון זייטיקע געסעלעך. איין פינצטער געסל האָט אים איינגעשלונגען. אָבער נאָך פינצטערער איז געווען דער קאָרידאָר פון דער מויער, וווהין ישראל האָט זיך פאַרנומען. אַ קאָרידאָר פאַר איין מאַן די ברייט.

פון געוועלביקן סופיט הענגט אַראָפּ אַ פאַרצייטישע לאַמטער. אַ זעקסקאַנטיקער גלעזערנער עמער. עס וויגט זיך די לאַמטער און עס הוידעט זיך אין קאָרידאָר די צערייצטע פינצטערניש.

ישראל האָט שוין דריי יאָר געוווינט אין דעם הויז און צום קאָרי־דאָר זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען בשום אופן. ס'איז דאָך אַן אמתע קאַטאַקאָמבע, אַ קעלער פאַר אינקוויזיציע! אים האָט זיך געדאַכט: אָט באַלד שליסן זיך צו די ווענט פון פאָרנט און פון הינטן און ער בלייבט פאַרמויערט לעבעדיקערהייט.

ביי דער נאַכט, נאָך אַ שטאַרקער אויפרעגונג, פלעגט אים קומען צו חלום אַ מהומה אין ענגן קאָרידאָר בעת א שריפה. ישראל האָט אָבער געוואָלט אין זיך גובר זיין זיין אומחן צו דער פינצטערער קאַטאַקאָמבע. ער האָט עס געהאַלטן פון זיין זייט פאַר אינטעליגענטישע היסטעריע.

— וואָס איז מיט דיר דער יחוס, ישראל? מענטשן לעבן דאָך דאָ

אויס זייערע יאָרן, אָרימע אַרבעטער, און ווער ביסטו דען? אַן אַרבעטער בן אַרבעטער. ווי קומט עס גאָר צו דיר?

טרעפּ פינצטערע, שמאָלע און דומפּיקע האָבן זיך געדרייט צו פּייגע־פּעסיעס קאָמונע אַרויף, אויפן פערטן שטאָק. פאַרן פּאָרענטש האָט ישראל זיך נישט אָנגעהאַלטן. ער האָט שוין געקאָנט די טרעפּ אויף אויסנווייניק. עס האָט אים געעקלט פון דעם קאַלטן, קלעפּיקן שווייס אויפן פּאָרענטש, ווי אַ קאַלטער שטערן פון אַ שווינדזיכטיקן.

און כאָטש צו די פינצטערע טרעפּ איז ער געווינט געווען, און ער געדענקט שוין נישט יענע צייט, ווען ער האָט זיך דאָ אויסגעגליטשט און אַראָפּגעפאַלן און נאָך דעם פאַל צוגעקרענקט, פונדעסטוועגן האָט ער אַלע מאָל טענות צו פּייגע־פּעסיען, ווען ער קומט אויף די פינצטערע טרעפּ. עס קאָן זיין, צו קיין פרעמדער וואָלט ישראל קיין טענות נישט געהאַט. פּייגע־פּעסיע איז אָבער געווען זיין שוויגער. און ער האָט איר נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן אַזאַ פינצטערע נעסט.

זיין שוויגער פּייגע־פּעסיע איז געווען פּאָפּולער אויפן מקום. מען האָט זי גערופן: די קאָמוניסטקע, כאָטש אַזוי ווייט איז זי געווען פון קאָמוניזם, ווי ווייט זי איז געווען פון גבירישקייט. זי איז גלאַט געווען איינע פון יענע שלימזלניצעס, אויף וועלכע עס לוינט זיך שוין נישט רחמנות צו האָבן, ווייל מיטן שלימזל, דאַכט זיך, האָבן זיי זיך איינגעלעבט און לעבן בשלום. און וואָס האָט זי דען געקאָנט בעסערס דערגרייכן?

געקומען קיין וואַרשע מיט אַ קראַנקן מאַן, אַ פּראָווינצער חזן, וואָס איז אָוועקגעפאַלן אויפן האַלדז, און מיט צוויי קליינע מיידלעך, און דאָ, אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט, באַגראָבן דעם מאַן אירן. האָט זי חתונה געהאַט מיט מאיר־דודן דעם בעל־מגיה. ס׳איז געווען אַ גלייכע זאַך פאַרביידע. זי האָט נישט געהאַט וווהין זיך אַהינצוטאָן און אים איז פאַרבליבן אַ גרויסע דירה, ווו ער האָט זיך געשראָקן אַליין צו זיין נאָך דעם ווייבס טויט. קינדער האָט מאיר־דוד געהאַט אויסגעגעבענע. אָבער אַ ייד אַן עקשן. צו די קינדער נישט געוואָלט גיין. ער אַ בעל־מגיה, פּייגע־פּעסיע אַ חזנטע — ביידע שטיקלעך כלי־קודש, האָט מען חתונה געהאַט.

האָט מען זיך אַרומגעזען נאָך דער חתונה, אַז ס׳איז נישטאָ קיין פּרנסה. האָט דער אַלטער בעל־מגיה אָוועקגעלייגט די שפּאַקולן מיט דער

געגדזענער פּען, גענומען אַ שטעקעלע אין האַנט און געוואָרן אַ מעקלער אויף דער עלטער. זענען אָבער געווען מעקלערס ייִנגערע און פלינקערע פאַר אים און מאיר־דוד האָט פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע.

— וואָלסט כאָטש ווייניקער אַרומגעלאָפן, מאיר־דוד! ווייניקער די שטיוול רייסן. ס׳איז דאָך אַ דלות!

האָט דער אַלטער אָנגעקוקט זיין בייע דעה־זאָגערן, אָנגעקוקט זי אַזוי, אַז זי האָט שוין מער קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר אַוועקגעלאָפן צום שפּיגל פאַרריכטן דאָס שייטל, וואָס איז איר פאַר שרעק פאַרקראָכן אויף אַ זייט.

און מאיר־דוד מיטן שטעקעלע האָט ווידער אַוועקגעשמייעט אויף די נאַלעווקעס.

דאָן איז דאָס פייגע־פעסיע געפאַלן אויפן פּלאַן אויסצונוצן די גרויסע דירה אירע, צימערן און צימערלעך. קאַמער־קאַמער־הויז. אַן עס־ציימער ווי אַ פעלד. מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, בסך־הכל, האָט דאָ גאָר געוווינט אַ פירשט. האָט זי אָנגעהויבן אַריינגעמען סובלאָקאַטאָרן. נישט אַבי וועמען, פאַרשטייט זיך. נאָר בכבודיקע אָרעמעלייט און אויפגעקלערטע פּראָלעטאַריער. זי האָט זיך געהאַט איר אייגענעם אויסוואַל, אַז סיי איר מאַן דער בעל־מגיה זאָל נישט פאַרשעמט ווערן, סיי די טעכטער אירע, וואָס לערנען זיך אין אַ שול, זאָלן האָבן אַ פיינע באַקאַנטשאַפט. האָט זיך מיט דער צייט אָנגעזאַמלט ביי פייגע־פעסיען אַ קאָלעקציע, וואָס מען דאַרף אויספאָרן אַ מדינה אַזוינס צוזאַמענצופאָרן. און ווער עס האָט געוואָלט האָט זיך געזעצט צום טיש און מיטגעמאַכט די אָרעמע סעודה. און ווער עס האָט געוואָלט — האָט געצאָלט. פייגע־פעסיעס טאַלאַנט איז נאָר געגוג געווען דאָס געשעפט איינצופעדעמען. זי האָט אָבער געמוזט אָפּלאָזן די לייצעס. זאָל עס גיין ווי עס גייט. זי איז געווען שוואַך אויפן זכרון און טעמפּ אויפן חשבון. זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט באַרעכענען וויפל פון וועמען עס קומט. איז טאַקע אַוועק אַ קאָמונע. טאַקע נאָר מיט נסים איז פייגע־פעסיע נישט בדלות געוואָרן, כאָטש ס׳איז געווען צום דלות מיטן האַנט צו דערלאַנגען. אָבער חלות צו קידוש האָט מאיר־דוד געהאַט. און אַ האַלב פלעשעלע בראָנפן אויף שבת — אויך.

האָט ער אָנגעקנייטשט דעם שטערן און זיך באַטראַכט:

— למאי זאָל זיך אים דאַכטן: ער איז דאָ אויך אַ גאַסט אין אכסניה. אַבי נישט ביי די קינדער.

פונדעסטוועגן האָט דאָך פייגע־פעסיע דערפירט צו אַ שטיקעלע תכלית.

מיט דריי יאָר צוריק האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער קאָמונע אַן אָרנטלעכער בחור אַ טריקאָטאַזש־אַרבעטער, ישראל שטריקער. האָט ער טאַקע פאַראַיאָרן חתונה געהאַט מיט דינהן, מיט פייגע־פעסיעס עלטערע טאָכטער. און איצט האָפט שוין פייגע־פעסיע אויף אַ שטיקעלע נחת אויך: זי וועט אינגיכן, מירטשעם, ווערן אַ באָבע. הלוואי האַלט זי שוין אַזוי מיט דאָרעטשקען, מיט דער יינגערער. גאָר קיין לייט נישט... ווייזט אויס, אַ בלוט אַזאַ...

דינה איז געווען אַ שוואַך באַשעפעניש מיידלווייז, אַ שטרויענע פּאָנע. און איצט, פאַר דער צייט פון שוואַנגערשאַפט, איז זי גאָר קיין מענטש נישט, כאַפּט צוקרענקען גאַנץ אָפט.

אינדערפרי, ווען ישראל פאַרנעמט זיך צו דער אַרבעט, לאָזט ער איבער דאָס ווייבל זיינס אין בעט. ער ווייסט: זי איז אַ פּעפערן. זאָל איר ווויל באַקומען. אָבער אַהיים גייענדיק האָט ער אַלץ מורא, ער זאָל ווידער נישט טרעפן דינהן אין בעט ליגן. שוין נישט פאַר פוילקייט, נאָר פאַר מידקייט. אַ מאָדנע מידקייט באַפאַלט זי, דינהן, כאָטש זי טוט נישט אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער. אַמאָל דאַכט זיך ישראלן, אַז דינה איז אַן אָנגעבלאָזן קישעלע, פון וועלכע עס גייט אַרויס די לופט, און זי דאַרט איין פאַרן אויג.

די אומרו באַפאַלט ישראלן אַזוי גלייך, ווי ער באַטרעט די פּינצ־טערע שטיגן צו דער וווינונג זיינער. ווער ווייסט וואָס דינהלע מאַכט? און ישראל ווייסט, אַז די אומרו קומט פון דעם העסלעכן פאַרשוויצטן קאַלטן פּאָרענטש, וועלכער דערמאָנט אָן אַ קראַנקן שטערן. און דערי־בער טאַקע מיידט ער אויס אָנצורירן דעם פּאָרענטש מיט דער האַנט, אָבער סיי־ווי־סיי, דער קראַנקער פּאָרענטש קריכט אַליין אַריין אין זיין רעיון און ער קאָן אים שוין נישט אַרויסטרייסלען: די לעצטע צוויי שטאָק מאַכט ישראל דורך אין איין אָטעם, איבערהיפּנדיק צו צוויי טרעפּ־לעך. אָט זענען שוין די לעצטע, אָט איז שוין די טיר. ער קלינגט.

געעפנט האָט אים שניאור אין זיין שניט־ראָק מיטן האַרטן קאַ־פּעליוש, אַן אָפּגעברענטער ליטוואַק, וואָס האַנדלט מיט שעלקעס און

מיט בלייפעדערס אויף די נאַלעוועקעס אין אַ טויער — איינער פון פייגע־פעסיעס קאָלעקציע.

— אָט איז ער, אָט! רק ער איילט זיך און רק ער ספרינגט. זע נאָר ווי ער שאַפּעט, זע נאָר! קיין מאַיאָנטקעס וועסטו נישט מאַכן, נאָר איינער, וועסט זיך נאָר אָנמאַכן אַ האַרץ־פעלער. האָסטו געזען אַ ביסל!

— ווייסט איר נישט, שניאור, וואָס דינה מאַכט?

— פאַרוואָס זשאָל איך נישט ווישן, פאַרוואָס. אַז אַ מענטש דרייט זיך אַרום אין סטוב, באַדאַרף ער אַלץ וויסן. דיין דינה איז השם יתברך געזונט, מיר דאַכט זיך, אַז זי איז גאָר אין סטוב נישטאָ, איז זי גאָר. האָסטו געזען אַ ביסל? ווי אַ מענטש איז דאָס צעקאָכט! ווי ערשט נאָך דער חתונה! מ־מאַ!

אין גרויסן עס־צימער ביים לאַנגן טיש האָט ישראל געפונען וולאַדעקן. יענער האָט זיך פונאַנדערגעלייגט אויפן ברודיקן געשטריקטן טישטוך מיט זיין שינקע מיט ברויט. אפשר אַ האַלבן חזיר האָט ער געבראַכט אהער צושלעפּן.

— אַ, מילי בראַטקו! — האָט וולאַדעק אויסגעפּויקט — וואָס מאַכסטו? ווי גייטס? ס׳געהערט? אויף סמאַטשע ווידער אָוועקגעלייגט אַ שפּיצל. מען לייגט זיי ווי די הינט, פּונקט ווי אַמאָל, אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז זיי מערן זיך.

וולאַדעק האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ רבנישן יונגנמאַנטשיק, שיער נישט מיט געקרייזלטע פאות. דער סלאָוואַצקי־קראַגן איז געלעגן אויף אים, ווי אַ פאַרצייטיק יידיש העמד. ער האָט, ווייזט אויס, פאַר דעם געהאַט אַ לאַנגן תענית, וואָרום ער איז אינגאַנצן געווען איצט אַריינגעטאָן אין פּרעס. און די רבנישע נאָז זיינע האָט געשוויצט און די ביינער אונטער דער גרינער הויט אויף די שלייפן זענען געגאַנגען כאָדאָם אין טאַקט פון די ציין. דער גאַנצער קאָפּ־מעכאַניזם האָט געאַרבעט.

אָבער מיטן מעסער האָט ער געפאַכט און באַוועגונגען האָט ער געמאַכט ווי אַן אמתער סיבירניק. וולאַדעק איז טאַקע נישט לאַנג צוריקגעקומען פון סיביר, וווּ ער איז פאַרשיקט געווען נאָך אין אַכטן יאָר פאַר אַ פּע־פּע־עסיש שטיקל אַרבעט. געקומען איז ער צוריק אין אָנהויב דרייצנטן.

— געפעלט דיר נישט, ווי איך זע, מילי בראַטקו, דער עסק מיט די

שפּיצלעס? וואָס דען? פּאַשען דאַרף מער זיי? כּדי אַזעלכע פּלאָקנשי־
סערס ווי דו זאָלן קענען האַלטן דרשות קעגן טעראָר?

פון אַ ווייטערן צימער האָבן זיך געשאָטן רולאַדן פון דאַרעטשקעס
לויטערן סאָפּראַן.

— דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־פאַ־מי־רע, דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־פאַ־מי־רע־דאָ
אָ־! רע־מי־פאַ־סאָל־לאַ־סאָל־פאַ־מי. רע־מי־ פאַ־סאָל־לאַ־סאָל־פאַ־מי־רע־ע!

איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער איטשע קראַווטשיק, אַ פיגור אָן
אַ פּראָפיל, אינגאַנצן אַ פלעצל, ווי אַ פּאַפּירן מענטשעלע. ער האָט זיך
געשאַרט פאַזע וואַנט, באַנעצט צוויי פינגער אין מויל און אָנגעטאַפּט
מיט זיי יעדע זאַך, וואָס איז נאָר צו דער האַנט געקומען: אַ זייגער, אַ
לייכטער, אַ מוציא ברויט, אַ שטיקל צוקער. — אַזאַ טבע האָט ער
געהאַט. פאַר דער דאָזיקער טבע האָט מען אים גערופן איטשע פּרייס,
און די גאַנצע קאָמונע האָט אויסגעקוקט די שעה, ווען די דאָזיקע ווענט
וועלן אים שוין פּטור ווערן. אָבער איטשע פּרייס האָט זיך באַפּעסטיקט
אין אַ ווינקל מיט זיין זייגערמאַכער־וואַרשטאַט און טו אים עפּעס.

איצט איז ער צוגעגאַנגען מיט דראָבנינקע טריטעלעך און גע־
הויבן די שפּיציקע אַקסל, ווי אַ פּאַפּירן מענטשעלע, וואָס מען ציט ביי
אַ שטריקל.

— איך בעט אייך, ישׂראל, איר זייט דאָך אַ געבילדעטער מענטש.
נישט שוין־זשע קאָן מען נישט צוטראַכטן עפּעס אַ מאַשינקע אַזאַ, וואָס
זאָל מאַכן דעם זעלביקן חזנישן דריידל, נישט אייער שוועגערן זאָל
זיך דאַרפן נעבעך מאַטערן? ס׳א רחמנות, זאָג איך אייך, אויף אירע
יונגע יאָר. שוין צוויי שעה אויפן זייגער: דאָ—רע, מירע, פירע, לירע,
זיי אַ גבירה, דינג אַ דירה—דאָ!

— אָט גייט ביסטריצקי, זאָגט אים, וועט זי אויפהערן.

— עט! — דאָס פּאַפּירענע מענטשעלע האָט אַ הויב געטאָן די
שפּיציקע אַקסלען — אַרויסגעוואָרפן. איין צולהכעיסניק, וואָס די וועלט
האָט נאָר געזען.

ביסטריצקי איז אַריינגעקומען פון זיין צימער, שאַרנדיק מיט די
שטעק־שיך, מעשה־פריץ. די הענט אין די הויזנקעשענעס, אין די ציין —
אַ ליולקע. ער האָט געטראָגן אַ פּרעס־ווייסן אלפּאַגענעם רעקל, אַזעלכע,
ווי די פריזירער ביי דער אַרבעט. זיין שטערן איז געווען נישט אַזוי

הויך — ווי ברייט, אַ פעסטונג אַ גאַנצע. און אַראָפּגעהאָנגען איז אים איבערן שטערן אַ נאַפּאָלעאָנישער לאָק. געקוקט האָט ער פון אונטערן ברייטן שטערן, ווי פון אונטער אַ דעכעלע. און זיין פּנים וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט, ווען נישט דאָס מויל. זיין ברייט מויל האָט אים מיאוס געמאַכט.

— מיט אַזאַ מויל דאַרף מען שלינגען מייז — האָט געזאָגט אויף אים דאָס פּאַפּירן מענטשעלע איטשע פּריס.

ביסטריצקי האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אָן דער דיסקוסיע וועגן טעראָר. דערהערט וולאַדעקס טענות, אַז אַלע מיטלען זענען כּשר ביים באַקעמפן די הערשנדיקע אָרדענונג, האָט ער זיך צעלאַכט מיט דעם פרייען האַלבן מויל (דער גאַנצער מויל וואָלט געקלעקט אויף צוויי געלעכטערס).

— וואָס אָרדענונג, ווען אָרדענונג! איר סאָציאַליסטן פון אַלע מינים — דערציילט דער באָבען אַזעלכע מעשׂיות! אַליין וועט איר דען נישט איינפירן קיין פּאָליציי מיט שפּיצלען? אַ חכמה אַביסל, אויס־שיסן די שפּיצלען, כדי אָוועקצושטעלן נייע אויף זייער אָרט.

ישׂראלן האָט ער אַפילו נישט געלאָזט צום וואָרט קומען.

— דו ביסט דאָך גאָר אַ ציוניסט, אַ קליינבירגער. וואָס האָסטו זיך צו מישן אין אַזעלכע געשפּרעכן?

אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דאָס פּאַפּירן מענטשעלע.

— אָט דאָ־דאָ קאָן וואַקסן האָר, — האָט איטשע פּריס געוויזן אויף זיין פלאַטשיקער דלאָניע — אַזוי וועט איר, ברידערלעך, איינפירן גלייכהייט און פרייהייט. אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט, קינדערלעך! דער ראַדזינער, אייך צו לאַנגע יאָר, האָט צוואַנציק יאָר דעם קאָפּ זיך געבראָכן איבער אַ זייגער, וואָס מען זאָל נישט דאַרפן אָנציען און וואָס איז דער סוף געווען? בדיל־הדל געשטעלט זיינע חסידימלעך נעבעך מיט זיינע אויפטועכצן.

איז אַריינגעשוווּמען שניאור דער ליטוואַק מיטן קאַפּעלוש אויף די אויערן.

— אָט איך, צום ביישפּיל, האָב געהאַנדלט מיט וואַלד. נו, מילא, איז מיר ניסט געגאַנגען. עס טרעפט זיך, אַז עס גייט ניסט אַ מענטשן. פרעג איך אייך, חברה, צי וועט מען מיר אָפּגעבן מיין וואַלד ביי די נייע

פּאַראַנדקעס? אהא, זעט איר סוין? סאָציאַליזם! האָסטו געהערט אַ ביסל!

און דאָס איז נאָך ווייט נישט געווען די קאָמונע אין איר פולן קאָמפּלעט. פיל זענען נאָך נישט געקומען פון גאַס.

אָט איז אַרייַנגעקומען פייגע־פּעסיע מיט דער דינסט פון מאַרק. ביידע באַלאָדן מיט קוישן און קוישלעך אויף שבת. און אַ סימן, זיי זענען געווען אין געגנדזלאַרניע, וויילביידע זענען איינגעטונקט אין פעדערן, ווי מען וואָלט זיך פאַרמאָסטן דאָרט פון זיי צו מאכן צוויי געגנדז.

— וואָס, ישראל? נישטאָ נאָך דינה? שוין העכער אַ שעה, אַז זי איז אַוועק צו שמואלן. וואָס קאָן דאָס זיין? שמואל דיינער. ער איז דאָך ווידער קראַנק, דער שלימזל. איך בעט דיך, ישראל, וואָס האַלט איר אַזאַ חלוש אין דער פּאַרטיי? ס'איז דאָך עפּעס אַ פּאַרטיי, נישט קיין קליינִיקייט!

ריידנדיק האָט פייגע־פּעסיע זיך אָנגעטאָן דעם שירץ און פאַרקאַשערט די אַרבל. און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי די עלנבויגנס האָט זי נאָך יונגע ווייסע הענט. צו וואָס האָט זי דעם שירץ אָנגעטאָן אויף דער פאַרפעדערטער ספּודניצע — איז טאַקע אַ רעטעניש. למאי, צו וואָס האָט זי זיך געשטעלט אַ האַנט אין דער באַקע און מיטן קליינעם פינגער פון דער צווייטער זיך זייער עלעגאַנט געגראַבלט אין שייטל?

ישראל האָט נישט געוואַרט ביז די שוויגער וועט אַרויסזאָגן אַלע אירע געדאַנקען וועגן דער וויכטיקייט פון אַ פּאַרטיי.

ער האָט זיך שנעל איבערגעטאָן און איז אַוועק צו שמואלן.

## 3

# אַ דריילינג

ישראל איז געווען אומרואיק פון עטלעכע זאכן פאַר אַ מאָל. ער האָט נישט געקאָנט כאַפּן, וואָס אייגנטלעך קרענקט אים אַממייַנסטן. צוערשט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ער גאָר באַליידיקט פון דעם, וואָס ביסטריצקי האָט אים אָנגערופן ציוניסט. שוין נישט צום ערשטן מאָל קרוינט אים יענער מיט דעם דאָזיקן נאָמען. ביי ישראלן

זענען פאַררעכנט געווען פאַר ציוניסטן יענע אויפגעקלערטע סוחרים מיט די הערצל־בערד, וואָס קויפן אַ שקל, טרינקען כרמל־ווײַן און לערנען די קינדער „פקד־פקדתי". אים, ישראלן, האָט מען העכסטנס געקאָנט פאָרוואַרפן זײַן פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם. נעמט ער אויף זיך דעם חטא. אָבער אַן עסק האָט ער מיט ביסטריצקין דעם ציניקער.

ניין, עפּעס אַנדערש קרענקט אים. אָט איז שמואל שוין ווידער קראַנק. און דעם לייט־אַרטיקל צום לויפנדיקן העפט אוודאי נאָך נישט אָנגעשריבן. ער לאָזט דאָס אַלץ איבער אויף דער לעצטער מינוט. שוין אַזוי אויך פאַרשפּעטיקט מיטן העפט, און דאָ קומען חברים, רייסן בײַ די פּאָלעס. איין חכם האָט זיך אַפילו פאַרגונען אָנצוטעלעגראַפירן: שיקט ליטעראַטור! די מאַסן לעכצן נאָך אויפקלערונג! צו אָפט פאַר־קרענקט ער זיך, שמואל.

אָט ווען ער, צום בײַשפּיל ישראל, האָט עס אַ פּען אין דער האַנט! ווען ער זאָל דאָס קאָנען שרײַבן. אי, וואָלט ער געשריבן, וואָלט ער געשריבן! אויף טיש און אויף בענק. ס'הייסט: שרײַבן קאָן ער, אָבער נישט קיין לייט־אַרטיקלען. און נישט קיין דיסקוסיע־אַרטיקלען. אַזוי־זיך, אָנטינטלען אַ כראָניק. און אַז ער לעזט זײַן אייגענע שרײַבעכץ, ווערט אים זויער אויפן האַרצן. וואָס איז ער דען, אַ שרײַבער? צי גיט ער זיך אָן פאַר אַזעלכן? נישט מער — אין דער פּאַרטיי מוז מען זיך טויגן צו אַלץ. ווי יענער ליטוואַק, אַפילו קינדער צו זויגן, אָבער איבער־צייגן עמעצן מיט דער פּען, אָדער אַוועקגעבן אַ גאָב דעם קעגנער, אַז יענער זאָל זיך דערפילן, ווי מען וואָלט אים אָנגעטראָטן דעם ליבסטן הינער־אויג — דאָס קאָן נאָר שמואל. דאָס קאָן דער אינטעליגענט. פאַרפאַלן, אין דער באַוועגונג מוזן זײַן אינטעליגענטן און עס מוזן זײַן פּשוטע אַרבעטער. און וואָס איז נאָך מער חידוש: אָט דער שמואל איז גאָר אין פּריוואַטן געשפּרעך אַ סקעפּטיקער, אַן עסטעט. און נעמט ער זיך צו דער פּען — איז דאָס פלאַם־פײַער. אַלעמען איבערצייגט ער, כאָטש אַליין איז ער אַמאָל גאָרנישט איבערצייגט. ווי זאָגט ער דאָרט: מען קאָן אַזוי און מען קאָן אַזוי. אָבער וואָס מאַכט עס אויס — דער אינטעליגענט איז נויטיק. אויף אים האַלט זיך די באַוועגונג. אויף אים טאַקע.

און ישראל גיט אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ קלאָגעדיק אויסזען עס וואָלט געהאַט זײַן פּאַרטיי, ווען ער, ישראל, לייגט אין איר זײַנע כוחות

נישט אַריין. ניין, ער האָט נישט וואָס ביי זיך אַראָפּצופּאַלן, ער איז נישט פון די לעצטע. אים האָט עס זיין פּאַרטיי צו פאַרדאַנקען, וואָס זי האָט אויסזיכטן צו פאַרכאַפּן די דאָס... ווי רופט מען דאָס? (ישראל האָט פאַרגעסן דאָס וואָרט העגעמאָניע).

און ער וואָלט געשטאַנען פעסט אויףביידע פיס, ישראל, ווען נישט זי, דינה. שטויסט אים אַראָפּ. אייגנטלעך, נישט זי שטויסט אים אַראָפּ, נאָר זי שטויסט אים אַרויס פון גלייכגעוויכט. טאָקע צוליב דעם צו גרויסן חילוק, וואָס זי מאַכט צווישן אים, איר מאַן, דעם פּראָסטן אַרבעטער און צווישן שמואלן, דעם אינטעליגענט.

ער וועט דאָך איר נישט זאָגן: גיי נישט צו שמואלן, עס פּאַסט נישט. ביסט שוין אַ פרוי פון אַ מאַן, דו גרייטסט דיך שוין ווערן אַ מוטער. ער פאַרשטייט, ישראל, אַז דאָס וואָלט געווען קלייגבירגערלעך. טאָ פאַרוואָס קרענקט עס אים פאָרט? פון זיינעטוועגן — זאָל זי זיך גיין צו שמואלן געזונטערהייט, אויב זי האָט פון דעם הנאה. אגב קאָן זי זיך דאָך מיט שמואלן פון פריער, ווי מיט אים. אַלטע חברים. אָבער זאָל זי אים נישט מאַכן פאַר אַ גאָט — דעם שמואלן, זאָל זי אים אַזוי פרום אין די אויגן נישט אַריינקוקן, נישט לאָבן זיך מיט יעדן וואָרט זיינעם.

און אויב זי טוט עס יאָ, טאָ זאָל זי כאָטש אויף אים, אויף ישראלן, נישט קוקן פון אויבן אַראָפּ, נישט מאַכן אַ פאַרשגירלט פנימל ווען ער, איר מאַן, הויבט אָן צו ריידן, אַקוראַט, ווי זי וואָלט מורא האָבן ער זאָל נישט אַרויס מיט אַ נאַרישקייט. ער איז נאָך אַזוי קלוג ווי שמואל. נישט מער: ער האָט נישט די געלערנטע ווערטער, דעם סטיל, די ערודיציע.

— אוי, ווייבער, ווייבער! מיין זיידע איז גערעכט געווען.

ישראל כאַפּט זיך ביי דעם דאָזיקן געדאַנק און גיט זיך אליין דעם פאַרדינטן פּסק.

— וואָס זי וועט נישט זאָגן אויף דיר, וועט זי בלייבן גערעכט. ביסט אַ בהמה, ישראל.

און אפשר וואָלט ער באַדאַרפט געבן איר צו פאַרשטיין, אַז זי פירט זיך אויף קעגן אים נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין? זי איז דאָך אַ קינד, סוף־כל־סוף. אַכצן יאָר אַלט דאָס גאַנצע ווייבל, אַז זאָרגלאָז איז זי, ווי פאַר דער חתונה, און צעוואָרפן און אָפּגעלאָזט, אַזוי ווי די

פאַרפעדערטע פייגע־פעסיע. דאָס עפעלע פאַלט נישט ווייט פון בוימעלע. עפעס האָבן זיי אין זיך ציגיינערישס, די חזנישע משפחות.

ניין, ער וועט איר נישט געבן צו פאַרשטיין. ערשטנס, האַלט זי זיך אַליין פאַר אַ גאַנצן בר־דעת. צווייטנס... אָבער צי שטימט עס טאַקע דורכויס מיטן שכל פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט, אַז אַ מאַן טאָר נישט געבן צו פאַרשיין?

פאַרוואָס גיט זי אים צו פאַרשטיין? אויף שריט און טריט גיט זי אים צו פארשטיין, אז ער, ישראל, האָט זיך נישט וואָס צו מעסטן מיט שמואלן. שמואל? אָ, שמואל! און ער? עט! גאָר אָן ווערטער גיט זי אים דאָס צו פאַרשטיין. מיט אַ בליק אַזאַ, מיט אַ שמייכעלע, מיט אַ קיניג־לעכן אַוועקמאַכן מיטן הענטל. פונוואַנען נעמען זיך דאָס צו חזנים אַזעלכע בת־מלכות?

ניין, ער וועט שוין בעסער שווייגן. ער האָט דאָך זי ליב, דינהן. אַי, וואָס־ווען — זאָל זי דען האָבן טענות צו זיך, אויב זי איז שוין יאָ אַזוי קלוג.

מיט אַ פאַרדריקט האַרץ האָט ישראל אָנגעקלאַפּט צו שמואלן. שמואל האָט געהאַט אַ צימער מיט אַ קלאַפּ, מען האָט נישט געדאַרפט קלינגען צו פרעמדע מענטשן. אַ קלאַפּ אין דער וואַנט, גלייך לעבן טרעפּ און מען עפנט שוין.

דערוואַרט האָט ישראל, אַז דינה וועט לויפן אים עפענען. געעפנט האָט אָבער די חברטע סלאָווע.

— אין פולן קאָמפּלעט — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. און באַ־גריסנדיק סלאָווען:

— דינה איז נישטאָ?

— זי איז דאָ.

— און וואָס מאַכט ער?

— ווידער 38, פיבערט, הוסט אַביסל.

— זיך פאַרקילט, אַוודאי, ער קוקט דען אויף זיך.

— ביי קלמנען אויף דער ביבע — האָט סלאָווע זיך צעשמייכלט.

— געמאַכט אַ שנעפּסל, געכאַפּט אַ טענצל און אויפן וועג אַהיים — זיך צוגעקילט.

— מאַ־מאַ! אז אַ מענטש איז אַ גזלן אויף זיך אַליין.

ישראל איז אַריין אין צימער מיט אַ האַלבן שמייכל. שמואל איז

געלעגן אויפֿן בעט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער היפּשער לענג, איינגע־וויקלט אין אַ וואַרימען פּלעד, כאָטש פאַרבינד אים מיט רימענס און נעם אין וואַגאָן אַריין. און שמואל האָט צו אים געשמייכלט מיט אַ גאַנצן שמייכל. זיינע באַקן האָבן זיך גערויטלט און די אויגן האָבן אים געגלאַנצט, ווי נישט נעכטן, נאָר אָקאָרשט איז ער צוריקגעקומען פון קלמנען פון דער ביבע.

דינה איז געזעסן ביי אים אויפן בעט מיט פאַרלייגטע דינע הענטלעך, מעשה באַלעבאָסטע. און קיין אויג האָט זי פון אים נישט אַראָפּגענומען, אַפילו ווען ישראל איז אריין. איר מויל איז געווען האַלב אָפן. טאָמער לאָזט שמואל אַרויס אַ וואָרט — זי זאָל דאָס אונטערכאַפּן.

— זעט נאָר די אידיליע — האָט זיך ישראל האַרטלעך צעלאַכט

— אייך איז ווויל, חבר שמואל. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, האָט איר גלייך באַרימהאַרציקע שוועסטער.

— ער איז מיך מקנא. הערסט, דינה — ער איז מיך מקנא — האָט שמואל געזאָגט הייזעריקלעך. ער האָט איצט געהאַט אַ כריפּקע. — עס שטייט געשריבן, ישראל, אַז קנאה איז די ערגסטע מידה, איר הערט?

און ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן פּלעד אַ גרויסע וואַרע־מע האַנט.

— עס שטייט געשריבן? מאַלע וואָס עס שטייט אַלץ געשריבן. און איר האַלט טאַקע פון אַלעמען, וואָס עס שטייט? זאָגט דעם אמת, חבר שמואל. — ישראל האָט אים געדריקט די האַנט.

— הערסט דינה? הערסט, סלאָוועָ?

— אָט דו ליג בעסער רואיק און רעג זיך נישט אויף — האָט דינה געזאָגט באַפעלעריש און גענומען זיך ווידער אים איינדעקן אין פּלעד.

דינה האָט לענגער געקאָנט שמואלן און זי איז געווען מיט אים אויף דו, ישראל האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועלן צו דוצן זיך מיט שמואלן. ער האָט געפילט אַ דיסטאַנץ. איז ממילא אויסגעקומען, אַז דינה איז מיט שמואלן קרובישער און צווישן אים מיט שמואלן איז אַ פרעמדקייט. די פרעמדקייט איז, דאַכט זיך, קלענער געוועז איידער ער האָט חתונה געהאַט מיט דינהן. ער האָט זי דאָך ביי שמואלן כמעט אַוועקגענומען מיט כוח. אמת, צו קיין אָפענער קריגעריי איז נישט געקומען. מען האָט

זיך דאַן פֿאַרשטענדיקט אויף אַ חבֿרישן שטייגער. שמואל האָט, דאַכט זיך, גאָרנישט געהאט דאקעגן.

— אייך געפֿעלט דינה? איר ווילט מיט איר חתונה האָבן? מיטן גרעסטן כּבֿוד! — וואָס איז ער דען פֿאַר אַ בעל־דעה איבער איר? צי איבער סלאָווען?

שמואל האָט עס דאַן אַרויסגעזאָגט מיט אַ טאָן פֿון שטילן באַ־דויערן: ס׳הייסט, ווען ער וואָלט געווען בכּוח, ווען ער זאָל האָבן די דעה — וואָלט ער עס נישט דערלאָזט. האָט זיך דאַן ישראל געפֿילט פֿאַר אַ זיגער איבערן צעבראָכענעם אינטעליגענט. דאַן, אָבער נישט שפּעטער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אינטעליגענט האָט געהאט זיין אינטעליגענטישע סטראַטעגיע נאָכצוגעבן און דאָך צו בלייבן דער זיגער. דאַכט זיך, נאָך דער חתונה האָט זיך דינה נאָכמער צוגעבונדן צו אים, צו שמואלן.

ישראל האָט זיך איצט באַמיט אַוועקצוטרייבן די זלידנע מחשבֿות. פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך וועגן פֿאַרטייאישע ענינים. געפּרוווט אין אַן איידעלער פֿאָרם פֿאַרוואַרפֿן שמואלן, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג אָפּגעצויגן מיטן לייט־אַרטיקל, ביז ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין בעט און דער אַרטיקל איז פֿאַרבליבן נישט אָנגעשריבן.

דינה און סלאָווע האָבן זיך איבערגעוואונקען מיט שמואלן און פּלוצלונג האָבן זיי זיך אַלע דריי צעלאַכט.

ס׳איז געווען עפּעס אַן אָפּגערעדטע זאַך און ישראל האָט זיך געפֿילט אין פֿאַרלעגנהייט.

— וואָס לאַכסטו, חבֿרטע דינה? טענות האָט ער געקאָנט האָבן נאָר צו זיין ווייב.

אַז שמואל האָט געלאַכט האָבן זיינע פֿולע גלאַנציקע ליפּן זיך אָנגעבלאָזן און פֿאַרקאַשערט; די לאַנגע נאָז איז ראָז געוואָרן און ביידע גרויסע הענט האָט ער אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטערן פֿלעד און געפּאַטשט בראַוואָ, ווי אַ קינד.

ישראל איז ענדלעך געוואָר געוואָרן פֿון וואָס מען לאַכט. ווייזט זיך אַרויס, אַז שמואל האָט פֿאָרויסגעזען, אַז ער, ישראל וועט קומען מיט טענות איבערן אַרטיקל. ער האָט אַפֿילו געטראָפֿן דעם טאָן און די ווערטער, אין וועלכע ישראל וועט אַרויסלייגן זיינע טענות. זאָל דינה

זאָגן! זאָל סלאָווע זאָגן! אָט אזוי־אָ — האָט ער געזאָגט — וועט ישראל באַלד אַריינקומען און אָנהויבן צו טענהן.

— אָבער דער אַרטיקל איז דאָ, גוטער ברודער! אָט איז ער!

און שמואל האָט אַ שלעפּ געטאָן פון נאָענטן טיש אַ פּעקל פּאַפּירן און זיגעריש מיט אים געפּאַכט.

ישראלן האָט אַפילו נישט באַנג געטאָן, וואָס מען האָט הינטער די אויגן געמאַכט אַביסל חוזק פון אים און וואָס דינה האָט אין דעם אָנטייל גענומען. אַבי דער אַרטיקל איז דאָ. און דאָס העפט וועט אַרויס. מיט דערפרייטע אויגן האָט ער געקוקט אויפן פּעקל פּאַפּירלעך אין שמואלס האַנט.

ער מוז פאַרט אָנערקענען שמואלס הויכע מדרגה און ער טוט עס זייער גערן. היינט, מיט אַ טעמפּעראַטור העכער 38, האָט שמואל דיקטירט דעם אַרטיקל און ביידע חברטעס האָבן געשריבן.

— לעז איבער, סלאָווע!

ס'איז געווען שוין איינמאָל אַן אַרטיקל. עס האָט זיך אין אים געפילט די העכערע טעמפּעראַטור פון שרייבער. אַ פלאַם־פייערדיקער אַרטיקל, וואָס מאַכט פון די קעגנער אַ תל און פאַרבייגייענדיק מאַכט ער קלאָר און גלייכט אויס אייניקע פאַרפלאָנטערטע שטעלן פון פּראָגראַם.

— דאָס איז אַ מענטש! דאָס איז אַ פּען! — האָט זיך ישראל אין האַרצן באַגייסטערט, הערנדיק דעם אַרטיקל. ער האָט זיך געמוזט מודה זיין, אַז פאַר אים אַליין זענען אייניקע זאכן צום ערשטן מאָל קלאָר געוואָרן נאָך דעם אַרטיקל. ער אַליין איז געווען שוואַך אין דיאַ־לעקטיק (אַזוי, דאַכט זיך, הייסט עס?) און אין די שטעגעלעך, וואָס פירן, למשל, פון מאַרקסן צו באַראָכאָװן, פלעגט ער אָפטמאָל אין דער שטיל פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

איצט איז ער געבליבן באַזיגט און צופרידן. און אַלץ וואָס אַרום אים האָט ער פלוצלונג דערזען אין אַ מילדערן שיין. ס'איז אים שוין געפעלן, וואָס דינה מיט סלאָווען — אַזעלכע פאַרשידענע אין כאַראַק־טער און אויסזען — ווערן ווי צוויי מענטשן מיט איין נשמה אין זייער צאַרטער באַנעמונג צו שמואלן. זיי פאַרשטייען זיך אויפן ווונק.

דינה איז טאַקע געווען אַ דינע און אַ צאַרטע און אירע הענט

שוואַכע אויסגעצויגענע, כמעט דורכזיכטיקע. מען האָט געקאָנט איבער־ציילן יעדן אָדערל אונטער דער הויט.

זי איז אין גאַנצן געווען, ווי אַ דאַר, אויסגעצויגן בוימעלע, און די שוואַנגערשאַפט אירע האָט זיך אַזוי נישט פּאַסיק געדונדיקט אונטער דעם לויזן קליידל. איר פּנים האָט זיך פון דער שוואַנגערשאַפט כמעט נישט געענדערט, נאָר דאָס דינע נעזל איז געווען אַ ביסל אָנגעשוואָלן. אירע ליפּן זענען פאַרבליבן דינע בלאַסע שנירעלעך, דער שמאָלער אָוואַל פון איר פּנים איז נישט ברייטער געוואָרן אויף אַ האָר. און דאָס דינע פּנים, קאַרג באַצויגן מיט אַ זוניקער הויט, האָט געהאַט אַ זעל־טענע צירונג: אויסגעצירקלטע, האַלב־רונדע ברעמען און גרויסע האָר־שירעמלעך אויפן זוים פון די אויגן־לעפּל. פונדערווייטנס האָט זיך געדאַכט, אַז דינה האָט קראַנקע אויגן. עטוואָס נענטער — אַז אירע אויגן זענען געשמינקט, אַרומגענומען מיט שאָטנס, כדי עס זאָל נאָך מער אויסגעווינען זייער אייגענע שטאָלענע העלקייט, אונטער די גרויסע שוואַרצע שירעמלעך.

אָט צוליב די טונקל־העלע אויגן האָט יעדערער געקאָנט אַריינ־דיכטן אין דינהס פּנים, וואָס אים איז נענטער צום האַרצן. איינעם האָט זיך דינה אויסגעוויזן צניעותדיק. אַ צווייטער האָט געלעזן אין אירע פאַרשאָטנטע אויגן פאַרבאָרגענע זינד. שייקען, צום ביישפּיל, איז בכלל געפעלן דינהס פּנים. עס איז געמאָלן — זאָגט ער — מיט אַ דינעם פּענזל אויף אַ מאַטע שויב. און ישראלן אליין האָט דינה מער צוגעכי־שופט מיט אירע באַוועגונגען, ווי מיט איר פּנים. מאָדנע פאַררונדיקטע און מלכותדיק־לאַנגזאַמע באַוועגונגען האָט געהאַט דאָס דאָזיקע אָרעמע מיידל. זי פלעגט אָפּקערן דעם קאָפּ און, דאַכט זיך, לאַנג זיך מיישב געווען, צי עס לוינט עס צו טאָן. אויפהויבן אַ האַנט — און ווידער זיך מיישב געווען, צי עס לוינט זי אַראָפּצולאָזן. און כאָטש ישראל האָט שוין גוט געוווּסט, אַז זיין יונג ווייבעלע איז פלעגמאַטיש און פויל, אָבער ביז היינטיקן טאָג האָט ער נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז בלויז פון די חסרונות אירע זאָל שטאַמען אַזאַ מלכותדיקע האַרמאָניע פון באַוועג־גונגען.

און נאָך אַן אייגנשאַפט פון קיניגלעכן אָפּשטאַם:

קיין קליידער האָט זי נישט געשוינט, ווי זי וואָלט זיי געהאַט אַ סך. איר האָט נישט געאַרט, ווען עס פעלט אַ קנעפּל, ווען ערגעץ ווו איז

צוריסן. זי פלעגט זיך אָנטאָן — אַבי ווי. און ישראל האָט געוווּסט, אַז דאָס קומט פון אָפּגעלאָזנקייט און נישט־זויבערקייט. אויף איר מאַמען זענען אַפילו נייע קליידער געהאָנגען, ווי די טראַנטעס. און צו איר, צו דינהן, האָבן די קליידער געקלעבט. זי האָט זיי פיינט געהאַט, דאַכט זיך געריסן פון זיך, און זיי, די צעריסענע קליידער, זענען געווען פאַרליבט אין איר לייב און געקלעבט צו אים און באַצירט, באַחנט.

נישט איינמאָל האָט ישראל אַ טראַכט געטאָן:

— דינה וואָלט געדאַרפט אַרייַנפאַלן אין גבירישע הענט. אַ גרעפין...

און די חברטע אירע, סלאַווע, איז דווקא געווען פון אַ פאַרמעגלעך הויז. יענע האָט ליב געהאַט צו קליידן זיך זויבער און נישט ביליק, אָבער אין פאַרגלייך מיט דינהן און אירע שמאַטקעלעך האָט סלאַווע געהאַט אַן אָרים אויסזען.

זי איז געווען אַ געזונט, רונד מיידל, סלאַווע, און אירע קליידער זענען געווען אָרעם אין פאַלדן, אויסגעפילט מיט גוף. אָבער סלאַוועס געזונטקייט איז נישט געווען קיין מגושמדיקע. איר פנים איז געווען ווייס. קוים־קוים האָבן זיך די באַקן גערויטלט. הענט האָט זי געהאַט בלאַנק־ווייסע און מיט גריבעלעך. אין די גריבעלעך איז געלעגן איר חן. גריבעלעך אין די פולע באַקן, אַ גריבעלע אין דער קין, און אויגן שוואַרצע, נישט קיין גרויסע. צעלאַכט האָבן זיך אירע באַקן מיט זייערע הנעווודיקע גריבעלעך און צעלאַכט האָבן זיך אירע שוואַרצע אויגעלעך מיט אַ בליצל. כמעט אַ משוגעת האָט פון אירע אויגן אַרויסגעלאַכט און זי פלעגט זיי אַראָפּלאָזן גלייך, ווי עמעץ טוט נאָר אַ קוק אויף זיי, און אַראָפּלאָזן דעם רונדן קאָפּ אַ פאַרשעמטע. גלאַט פאַרקעמט איז זי געווען מיט אַ שרינט אינדערמיט, ווי מיט אַ גלאַנציק שוואַרץ־זיידן טיכל דעם רונדן קאָפּ אַרומגעבונדן איבער די אויערן.

— און פאַרוואָס, אייגנטלעך, זאָלן זיי שמואלן נישט ליב האָבן, אָט דיביידע שיינע מיידלעך, אַז ער איז אויך אַ שיינער? — אַזוי האָט ישראל גוטמוטיק געטראַכט. און ער האָט באַטראַכט שמואלן — דעם אויסגעצויגענעם גאָט: די ליפּן צו גראָב אַביסל, די נאָז — צו לאַנג און מיט אַ הויקערל. אָבער עס שאַדט נישט. די לאַנגע ווייכע האָר, וואָס פאַלן אים אויפן שטערן, גיבן אים צו חן. און זיינע באַקן — אַזעלכע מילדע, ראָזע, בעטן זיך אַ קוש צו טאָן.

— אַ שיינער דריילינג...

— נו, דערציילט עפּעס, ישראל. וואָס הערט זיך בייעס?

— מיך האָט איינער היינט אָנגערופן ציוניסט. וואָס וועט איר זאָגן, שמואל?

— איך ווייס ווער — האָט זיך דינה צעשמייכלט, — ביסטריצקי אוודאי.

— יאָ, ביסטריצקי. „ביסט אַ ציוניסט", זאָגט ער, „אַ קליינ־בירגער".

וואָס וועט שמואל זאָגן? שמואל האָט אים געטרייסט. אַביסל לאַנגווייליק אויפגעקלערט אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל דעם חילוק צווישן בירגערלעכן ציוניזם און פּראָלעטארישן פּאַלעסטיניזם.

אז ער ווייסט דאָס אַלץ, ישראל. אז ער ווייסט דאָך דאָס פון לאַנג. און אויף איין מאָמענט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער שיינער שמואל האָט אייגנטלעך אַ נאַריש פּנים, אַז דער נאַר הענגט אים אויף דער לאַנגער נאָז.

אָבער אָט האָט שמואל אָנגעהויבן ריידן צו דינהן און זיין פּנים איז ווידער געוואָרן קלוג.

— נו, מען דאַרף שוין גיין.

אַהיים איז ישראל געגאַנגען מיט דינהן, האַנט ביי האַנט. סלאָווע איז נאָך פאַרבליבן ביי שמואלן, און דאָס האָט, ווייזט אויס, דינהן געאַרט. זי איז געגאַנגען שווייגנדיק. צי אפשר האָט עס ישראל אזוי געטראַכט. גיין האָט דינה אינגאַנצן נישט געקאָנט, בפרט אין אָוונט. זי האָט נישט געהאַט קיין טבע צו קוקן ווו זי גייט, גלייך ווי די מויערן דאַרפן זיך אָפּרוקן און מאַכן פאַר איר אַ וואַרע.

ווען זיי זענען געקומען אויפן אלטן מאַרק איז זיי אַרויס אַנטקעגן די לבנה פון הינטער אַ גריגעם וואָלקן. און דער אַלטער מאַרק האָט מיט דער פולער ברוסט אַרויסגעעטעמט זיין פאַרבאָרגענעם כישוף. דער מאַרק האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיינע אייגענע שאָטנס און די פאַר־חלומטע פייערלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענצטער, האָבן ערטערווייז, דאַכט זיך, געקוקט פון דער וויט, פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָרט, ווו די לבנה האָט באַלויכטן די מויערן, האָבן געשמייכלט פון שלאָף די צוגעלאָדנטע געוועלבער. ביי ריטאָוון דעם מאַלער איז דער גלעזערנער דאַך געווען שטאַרק באַלויכטן פון אינעווייניק.

— גיי נישט אַזוי גיך, — האָט זיך דינה געבעטן. ישראל האָט זי געפירט אונטערן אָרעם.

האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און רונדיק אַרומגעקוקט — אַ פּאַרכי־שופּטע פּרינצעסין אויפן פּאַרכישופטן מאַרק. אָן שילד פון דער וואַסער־פּאַנע האָט זיך אָנגעשלאָגן די לבנה. און אין אַ פינצטערן ווינקל פון מאַרק האָבן געבלינצלט רויטע פייערלעך פון פּאַפּיראָסן און ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ שטיל געשפּרעך פון אַ קאָמפּאַניע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די שוועלן.

האָט דינה זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט צו ישראלן. און זי האָט גע־שמייכלט מיט די דינע ליפּן.

— ישראל, גיב מיר נאָר דיין האַנט, וועסטו עפּעס זען.

האָט זי גענומען זיין האנט און צוגעלייגט צו איר וואַרימער זייט. ישראל האָט נישט פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן לבנה־כישוף. און פלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. אַ פּאָר שוואכע שטויסן האָט ער דער־פילט אונטער זיין האַנט. און שטיל, און ווידער אַ פּאָר שטויסן. ס׳האָט געקלאַפּט פון אינעווייניק. אין דינהס וואַרים לייב האָט געקלאַפּט אַ צווייט לייב, אַ באַזונדערס, אַ לעבעדיקס.

האָט ישראל שטיל געשמייכלט.

— ס׳א באַנדיטל דאָס איז!...

און פלוצלונג זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז קיל.

— נו, קום, מיין קינד!

און ער האָט אַ קוש געטאָן איר דינע, לבנהדיקע האַנט.

האָט זי זיך געלאָזט פירן, ווי אַ בת־מלכה.

## 4

# שייקע דערציילט מעשיות

באסיע איז געווען העכער און שלאַנקער פאַר איר יינגערער שוועסטער סלאָווע. די בלאַסקייט פון איר הויט איז געווען נישט קיין בלענדנדיקע, ווי ביי סלאָווען, נאָר אַ פאַרשאָטנטע. אָבער די רונדע קין מיט אַ גריבעלע און דער אויסשניט פון די שוואַרצע אויגן האָבן אַרויס־געגעבן זייער ענלעכקייט. אויגן האָט באַסיע געהאַט גרויסע, שוויי־

גנדיקע, פאַרשאָטנטע. אין גאַנצן איז זי געווען, ווי אין שאָטן, און ערשט גאָר פון דער נאָענט, און ערשט נאָך אַ לענגערן צוקוקן זיך האָט מען דערזען, אַז זי איז שיין. אייניקע באַקאַנטע האָבן גאָר פּלוצלונג און ערשט מיט דער צייט געמאַכט די דאָזיקע אנטדעקונג, אָבער יעדע־רער באַזונדער און יעדערער פאַר זיך. „פאַר מיר איז זי שיין, גיי דער־צייל דאָס וועמען, וועט ער נישט גלויבן"... די האָר האָט זי געטראָגן גלאַט פאַרקעמט, ווי די שוועסטער אירע. זיי זענען אָבער געווען אָן אַ גלאַנץ און נישט אַזעלכע נאָכגיביקע, געדיכטע און שווערע זענען זיי געווען. אינדערהיים פלעגט באַסיע מיט איין טרייסל מיטן קאָפּ אראָפּ־וואַרפן די האָרנאָדלען, און צוויי שוואַרצע, מאַטע צעפּ פלעגן מיד זיך אויפוויקלען און זיך אַראָפּגליטשען אויפן רוקן. באַסיע פלעגט זיי פאַר־וואַרפן אויף פאָרנט, זיי זאָלן נישט אָפּציען דעם קאָפּ. געדאַכט האָט זיך, אַז די דאָזיקע שוואַרצע, גראָבע שלאַנגען צוויי האָבן זיך מיטן בלוט פון איר פּנים אָנגעזופּט. דעריבער איז איר פּנים אַזוי טונקל־בלאַס. באַסיע פלעגט טאַקע אָפּט ליידן אויף קאָפּ־ווייטיק פון אירע שווערע האָר.

זי איז איצט געזעסן אין אַ באַליבטער פּאָזע פון „זע מיך אָן, נישט ריר מיך אָן". אין טערקישן שאַל איינגעהילט, איינגעצויגן זיך ווי אַ קעצל, מיט די פיס אויף דער אָטאָמאַנע, און די גרויסע אויגן מיט די טונקעלע רעדער איינגעשפּאַרט אין שייקען מיט אַ ליבלעכן שפּאָט.

שייקע האָט זיך געמאַכט אַ באַקוועם געלעגער אויף דער ערד, אויפן טעפּיך, אונטערגעבעט געהאָפטענע קישעלעך, וויפל עס זענען אים נאָר צו דער האַנט געקומען, צוגעשטעלט אַ פויסט צו די ליפּן און אויסגעפּייפט אַ שטילע סערענאַדע. דאָס איז געווען אין דעם זעלביקן אָוונט, ווען ער האָט זיך געטראָפן, פון דער אַרבעט גייענדיק, מיט ישראלן ביי דער וואַסער־פּאַנע.

נאָך דער באַגעגעניש האָט שייקע שוין באַוויזן אַ סך אויפצוטאָן: זיך אויסגעבאָדן אין דער ווייסל, איבערגעשיפּט זיך מיט שקצים אי־בערן טייך, ביי איינעם צעבראָכן אַ ווענטקע און שיער נישט געכאַפּט קלעפּ. אַהיימגעקומען, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אויף זיין שטייגער מיט אַ ציגיינערישער עלעגאַנץ — אַ גרינע זיידן העמדל מיט אַ קראַוואַט פון אַ זילבערנער סטענגע. איין זאַך האָט ער פאַרגעסן, שייקע: ברענגען אין אָרדענונג דעם טשוב זיינעם. האָט דער קאָפּ זיינער אויסגעזען ווי

אַ ברענענדיקער דאָרן. ישראל איז טאַקע בלאָנד געווען, שייקע איז אָבער געווען רויט ווי זאַפּרען.

ער האָט אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט און געלאָפן אָהער מיט זיין נייעם ליד, ווייזן עס לעאָנען — באַסיעס מאַן. פון לעאָנס מבינות האָט שייקע שטאַרק געהאַלטן.

איז אָבער לעאָן נאָך געווען אין דער רעדאַקציע. ער וועט ערשט אַהיים קומען אַרום עלף. האָט שייקע זיך געמאַכט אַ באַקוועם געלעגער אויפן טעפּיך, אויף דער פּאָדלאָגע און אויסגעפּייפט אַ סערענאַדע לכבוד דער שווייגנדיקער באַסיען. ער האָט געהאַט אַ גאָלדענע טבע: אומעטום זיך געפילט ווי אין דער היים.

— דערציילט עפּעס, שייקע! איר האָט דאָך אַ באַרג מיט מעשיות.

אַלץ וואָס עס קאָן נישט פאַרלויפן מיט אַ לעבעדיקן מענטשן, האָט זיך דאָך געטראָפן מיט אייך.

— ווער זאָגט?

— לעאָן זאָגט.

— אַ, לעאָן טרייבט איבער.

שייקע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אויגעלעך, אַ שום געטאָן מיט דער נאָז — אויס שייקע, ס׳איז געוואָרן אַ כינטשיק.

באַסיע האָט זיך צעלאַכט.

— איר זייט אַ קאָמעדיאַנט, שייקע.

— וואָס — ניין? כ׳האָב שוין מיט מיין פּנים געלט פאַרדינט.

— דערציילט.

— נו, דאָס איז אַ צו לאַנגע מעשה. ס׳איז געווען נאָך איידער איך בין געוואָרן אַ קלעזמער אויף חתונות.

— אַ קלעזמער אויך?

שייקע האָט זיך עפּעס דערמאָנט. ער האָט זיך צעלאַכט.

— כ׳וועל אייך בעסער דערציילן, באַסיע, ווי אַזוי אַ מיידל האָט מיך איבערגעוואַלד פאַרליבט אין זיך.

— וואַרט, וואַרט...

באַסיען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס קינד וויינט. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן פון דער אָטאָמאַנע האַסטיק און אַזוי פאַרשטאַרט גע־בליבן, אָנגעשפּאַרט אויף די הענט און זיך צוגעהערט מיט די גרויסע אויגן. „זי איז ענלעך צו אַ הירש״ — האָט זיך שייקע געטראַכט.

— ביין, דאָס קינד שלאָפט, — האָט זי זיך באַרואיקט און ווידער זיך איינגעדרייט ווי אַ קעצל.

שייקע האָט אַ ווײַלע אַריינגעשמייכלט אין זיינע געדאַנקען אַריין. זיי האָבן צו אים אראָפּגעוווּנקען פון סופיט.

— דאָס מיידל, פאַרשטייט איך, איז אַראָפּגעקומען צו אונדז אין שטעטל זיך זען מיט אַ חתן. איז דער חתן געווען מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אויסגעצוואָגענע פאות, פאַרלייגט הינטער די אויערן. און דאָס מיידל איז געווען, פאַרשטייט איך, אַ היינט־וועלטיקע. אַזוי האָט מען מיר איבערגעגעבן. מען האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז זי חלשט צו באַקענען זיך מיט מיר. זי האָט פיל פון מיר געהערט... אַפילו געזען אויך. ביי איר אין שטעטל האָב איך אַמאָל געשפילט מיט אַ טרופּע „הערשעלע דובראָווּנער״.

האָט זי מיך, הייסט עס, אונטערגעקויפט מיט מיין אייגענער פּאָפּו־לערקייט. אוי, באַסיע, אַ שווערע זאַך צו זיין פּאָפּולער! וואָס זאָל איך טאָן? בין איך אריינגעקומען. פאַרפאָרן איז זי צו אַ מומען אין שטעטל און דאָס הויז איז מיר נישט פרעמד געווען. אַ מיידל האָב איך דאָרט געהאַט, וואָס איך פלעג שפּאַצירן מיט איר ביי דער נאַכט איבערן שאָסיי. אויסזאָגן, באַסיע? מיר פלעגן זיך טאַקע קושן אויך.

איז מיין מיידל געווען שטאָלץ מיט מיר.

— אָט איז ער, אונדזער אַרטיסט און מוזיקער. איך האָב די ערע אייך פאַרצושטעלן!

די צערעמאָניע האָט אפשר געפּאַסט פאַר דער געקומענער כלה, אָבער איר מאַמע און די מומע, די שדכנטע, וואָס איז געקומען מיט איר — זיי האָבן זיך געקרימט און מיר אָפּגעשטעקט אַ שטייף בינטל פינגער. וואָס ווייסן זיי פון העפלעכקייט!

כ׳מוז אייך זאָגן, אַז זי איז געווען אַ חנעוודיק מיידל, די כלה מיינע. ס׳הייסט: נישט מיינע, די געקומענע. אָבער שטראָף מיך גאָט, אויב אָיך געדענק, ווי זי האָט אויסגעזען. איך געדענק נאָר דאָס ליפּעלע — אַ פיינס און אַ חן־פינטל איבער דער ליפּ, פון דער זייט אַ ביסל.

נו, האָב איך זיך פאַרקוקט אויף דעם פינטל און געשמועסט וועגן טעאַטער. ערשט ביים אַוועקגיין האָב איך זיך געכאַפּט, אַז מיט מיין מיידל, מיט דעם היימישן, האָב איך די גאַנצע צייט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. בין איך געקומען אויף מאָרגן, זיך צו פאַרבעסערן, און

געגאַנגען מיט ביידע מיידלעך אויפן שאָסיי. אויפן דריטן טאָג בין איך שוין מיט איר אַליין געגאַנגען אויפן שאָסיי, מיט דער כלה דער געקומענער.

— עס וועט פון מיין שידוך גאָרנישט אַרויסקומען — האָט זי מיך געטרייסט און געגעבן האָפענונג. — מיין חתן, זאָגט מען, איז אַ כניאָק. איך שטעל מיר שוין פאָר די צאַצקע.

הכלל, באַסיעניו, דאָס מיידל איז געקומען אָנקוקן אַ חתן און אויסגעקוקט מיך. ווהין אַנטלויפט מען? און אנטלויפן האָב איך געמוזט, ווי פון אַ בייז אַנשיקעניש. דאָס מיידל איז מיר געפעלן געוועזן? יאָ. כ׳האָב געוואָלט מיט איר זיך טרעפן? יאָ. און אַ סוד וועל איך אייך אויסזאָגן, באַסיעניו, אַז קושן זיך האָט זי בעסער געקענט פאַר מיין היימיש מיידל, אַ ליפּעלע געהאַט אַ זאַפּטיקס. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, אז ווי נאָר איך פאַרבלייב אַליין, אַזוי פאַרגעס איך און עטעם אָפּ מיט אַ לייכטער האַרץ. הכלל: אנטלויפן. האָב איך מיר געמאַכט אַ פּעקל און איך לאָז מיך צו פוס אין אַ שכנישן שטעטל מאָלן אַ שול. ס׳הייסט: כ׳האָב אַזוי איינגערעדט דער מאַמען, אַז איך גיי מאָלן אַ שול. אויפן וועג — זי איז דאָ מיין כלה. ווייט אויפן שאָסיי מיט אַ פור מיך אָנגעאיגט.

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, שייקע־לעבן, אז פון דעם שידוך וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

— און ווו איז די מאמע? די מומע — די שדכנטע?

— כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט — זאָגט זי — אין שטעטל פאַר אַ משכון.

און לאַכט מיט דעם ליפּעלע. אַ כלה אין אַ וואָגן מיט היי, דאָס פּראָווינצער היטעלע אויף דער זייט. אַ ראָז קליידל. אידיליש.

משכון. און לאַכט מיט דעם ליפּעלע. אַ כלה אין אַ וואָגן מיט היי, דאָס פּראָווינצער היטעלע אויף דער זייט. אַ ראָז קליידל. אידיליש.

— נו, וואָס זשע שטייסטו, שייקעלע גולם!? קריך אריין אין וואָגן!

— איך גיי דאָך קיין ליפּעווע מאָלן אַ שול.

— דריי נישט קיין מח, שייקעלע! דו פאָרסט מיט מיר קיין פּאַרטשעוו, צו אונדז אַהיים, זאָלן מיר ביידע אַזוי לעבן!

— וואָס!?

— אוי, באַסיעניו, אָט דאָ האָב איך ערשט אַרויסגעזען, ס׳אַר אַ געפערלעך פאָלק איר זייט, ווייבער. אייך, אַז עס פאַרווילט זיך עפּעס... איך זינק שוין אין טרוקענעם היי לעבן מיין כלה, איך פאָר שוין מיט איר קיין פּאַרטשעוו. אַ סוף. אַ גלייכער זיווג. ציגיינער צוויי. און אַז איך פּיל זי אַזוי גאָענט נעבן זיך — איז זי מיר טאַקע נאָענט. דאַכט זיך מיר, אַז מיר ליבן זיך שוין פון יאָרן. און אויפן האַרצן איז אַזוי שווער, באַסיעניו, און עס גלוסט זיך אַזוי לאַכן, לאַכן...

געקומען קיין פּאַרטשעוו נאָך האַלבער נאַכט. ווהין פאַרפאָרט מען?

— וואָס הייסט ווהין? צו אונדז, שייקעלע!

— אָבער...

— גאָרנישט גערעדט.

געעפנט האָט אונדז אַ פאַרשלאָפענער בחור אין גאַטקעס, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט — איר ברודער.

— און די מאַמע ווו?

— די מאַמע וועט מאָרגן קומען.

קוקט ער זי אָן, דער ברודער.

— איך זע שוין, קריינדעלע, אַז דו האָסט עפּעס אָנגעאַרבעט.

און ער קוקט פאַרדעכטיק אויף מיין פּערזאָן אין וואָגן.

— דאָס איז קריינע־דאָבע, זיסע־ליבעס אַן אייניקל — דערקלערט זי אים — געקומען קיין פּאַרטשעוו מאַלן די שול.

האָט מען מיר אויסגעבעט אין אַ גרויסן ליידיקן צימער אויף אַ סך בעטגעוואַנט, און די כלה אַליין איז שפּעטער אַראָפּגעקומען אַ באָר־וועסע, זען צי איך בין איינגעדעקט.

— שלאָפסט, שייקעלע?

— ניין, קריינדעלע.

— טאָ גיב מיר אַ קוש און שלאָף געזונט.

אין אַ ווײַלע אַרום, ווען איך דרעמל שוין איין:

— שלאָפסט, שייקעלע?

— מ—ו— נאָך נישט, קריינדעלע.

— ס׳איז דיר נישט קאַלט?

— אַז דו זיצסט, איז מיר וואַרעמער...

שוין האַלבער טאָג געווען, ווען איך האָב אויפגעריסן די אויגן. ווו בין איך? ווער שרייט עס דאָרט?

עס עפנט זיך שטיל די טיר און איך דערזע דער מומעס — דער שדכנטעס זויער פּנים.

— נא, אָט האָסטו אים דאָ דעם תנא־ברא אירן.

און איך הער, זי טרייסט שוין די ווייגענדיקע מאמע מיין כלהס.

— מ־נאָ! וואָס ווערט דיר העלפן דיין וויינען, פּעסיניו? גם־זו־לטובה, אַ באַשערטע זאַך. די חצופה דיינע האָט געקאָנט ערגערס עפּעס אָפּטאָן.

נו, געוויס בין איך אַ חתן, וואָס פאַר אַ רייד, באַסיעניו! דאָס מיידל איז מיר ליב, צוגעקלעבט, צום האַרצן. און אויפן האַרצן איז מיר שווער, באַסיעניו! מען דאַרף זיך אַראָפּכאַפּן אַ היים איבערשמועסן מיט דער מאמען, אַ זעמל מיט דריי האַרטע אייער אויסגענאַרט ביי דער קינפּטיקער שוויגער. געלט אויף אַ פור? ווער דאַרף געלט, באַ־סיעניו? וועלכן משוגענעם ווערט דאָס איינפאַלן, אַז אַ חתן קאָן אַנטלויפן אין אַזאַ שלאַקס־רעגן! איך בין געלאָפן, באַסיעניו, ווי דער רוח וואָלט מיך געטראָגן. אַז די מאמע האָט מיך דערזען, האָט זי אויסגעשריגן: שמע ישראל!

באַסיע האָט האַרציק געלאַכט פון שייקעס מעשה. האַרציק, אָבער שטיל. ס׳האָבן זיך נאָר אירע אַקסלען געטרייסלט און שייקע האָט ערנסט געקוקט אויפן סופיט, אויפן אָנגעפּלאַצטן טינק. ווען מען זאָל דערגאַנצן מיט אַ פּאָר ליניעס — אַן אַראַבער מיט אַ ביקס אויף אַ קעמל רייטנדיק.

— ניין, באַסיעניו, דאָס איז נאָך נישט דער סוף. איר ווילט הערן ווייטער?

אוודאי וויל זי הערן!

— איר וועט זיך נישט באַליידיקן אויף מיר?

נא דיר, נו! אויף שייקען וועט זי זיך באַליידיקן!

און שייקע דערציילט:

— קריינדעלען האָב איך געטראָפן מיט אַ יאָר שפּעטער, אין שעד־לעץ. זי האָט מיך דערקענט אויף דער גאַס און צוגעפּאַלן מיך קושן. מיט איר איז געגאַנגען אַ דיקלעכע יידענע אין אַ קאַראַקולענעם זשאַקעט.

שלעפּט זי מיך צו דער יידענע, וואָס שטייט, ווי אַ דונער וואָלט זי גע־טראָפן.

— דאָס איז מיין שוויגער.

און מיך האָט זי פאַרגעשטעלט ווי איר שוועסטערקינד. אין איינעם זיך אויסגעהאָדעוועט. סטייטש! אַזאַ גאַסט! אַזאַ גאַסט!

— ביסט שוין לאנג דאָ, שייקעלע? געקומען מאָלן אַ שול?

— אַ שול.

— וועסטו דאָך קומען צו אונדז, וועסטו דאָך וווינען ביי אונדז!

איך פיל, איך בין שוין ווידער געפּענטעט. דאָס ווייבל איז מיר צום האַרץ און אויפן האַרצן איז מיר שווער. איר מאַן האָב איך געזען פאַרביילויפנדיק. ווען מיר זענען געקומען, האָט ער זיך געפּאַקט צו פאָרן קיין לאָדזש. אַ ציגן בערדל, אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ ייד אַ סוחר.

האָב איך געוווינט ביי מיין געוועזענער כלה, באַסיעניו, דריי טעג, אין אַ באַזונדערן צימער. כ׳האָב זיך אָבער אַרויסגעצויגן פון דער וווינונג.

און ווייסט איר ווי אזוי, באַסיעניו? דווקא דורכן פענצטער, כאָטש ס׳איז געווען אַ הויכער פּאַרטער. פרעגט שוין נישט פאַרוואָס. די שוויגער אירע האָט געהאַט די חוצפה אין דער פרי אַריינצוקוקן אין שליסל־לאָך. זי איז, ווייזט אויס, פאַר דעם געווען ביי דער שנור אין צימער און זי דאָרט נישט געטראָפן. איז איר איינגעפאלן — וואָס אַ שוויגער קען איינפאלן! — טאָמער טרעפט זי זי ביי מיר. נו, נו, רעדט שוין גאָרנישט! אַן אומגליק האָט זי געטראָפן! האָב איך געהאלטן פאַר גלייכער זיך אַרויסצוציען דורכן פענצטער, כאָטש ס׳איז געווען אַ הויכער פּארטער.

באַסיע האָט אינגאנצן זיך פאַרגראָבן מיטן פּנים אין דער אָטאָמאַנע און שטיל זיך געטרייסלט. דאָס האָט זי געלאַכט.

און שייקע האָט ערנסט באַטראַכט אירע שיינע שווערע צעפּ, וואָס האָבן זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, און דאן איז זיין בליק אריבער אויף איר שלאנקן פוס, וואָס איז אַראָפּגעהאנגען פון דער אָטאָמאַנע. אויך דער גלאַנצנדיקער שפּיץ פון איר לעטשל האָט געצי־טערט פאַר געלעכטער.

— נו, הערט־זשע שוין אויף צו לאַכן אַ מאָל!

— אוי, שייקע, איר זייט קאָמיש.

— וואַרט, באַסיעניו, ס׳איז נאָך נישט דער סוף.

האָט באַסיע זיך אַ הויב געטאָן האסטיק, ווי אַ הירש און אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר הירשן־אויגן.

— נאָך נישט דער סוף?

— דער סוף, באַסיעניו, איז זייער באַלערנד. און זייער ליטעראריש, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

— נו?

— קריינדעלע, פאַרשטייט איר מיך, האָט דאָס איריקע דערגרייכט. זי האָט גענומען גט פון דער קאַפּאָטע און באַקומען אַ מאַן אַ היינטוועלטיקן, אַ סקולפּטאָר פון פאריז, אַ יונגנמאַן אַ צאַצקע און דווקא פון אַ חסידישער משפחה. יחוס מיט וועלטלעכקייט פאַר איין מאָל.

— נו?

— טאָ הערט זשע דעם סוף, באַסיעניו. איך גיי אַזוי אַמאָל אין לובלין, פאַרביי דער שול, שבת אינדערפרי איז דאָס געווען — זע איך, עס גייט מיר אַ ווייבל אַנטקעגן. אַ ווייבל מיט אַ גראָבן קרבן־מנחה. און דאָס פּנימל — פרום, שמן־זית. אָבער דאָס ליפּעלע, דער חן־פּינטל! עס גלוסט זיך מיר אויסשרייען: קריינדעלע!

און אפשר איז דאָס גאָרנישט קריינדעלע? אַזאַ ענלעכקייט!

כ׳האָב מיך נאָכגעפרעגט ביי באַקאַנטע. יאָ, טאַקע קריינדעלע, די זעלביקע קריינדעלע, וואָס האָט זיך צוויי מאָל אָנגעכאַפּט אָן מיר, כדי אויסגעלייזט צו ווערן פון אַ מאַן אין אַ קאַפּאָטע. די זעלביקע קריינדעלע, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו אַ מאַן אַ סקולפּטאָר, אַזש פון פּאַריז.

און וואָס האָט זי געטאָן קריינדעלע? נישט מער און נישט ווייניקער:

דעם מאַן דעם סקולפּטאָר געמאַכט פאַר אַ מצבה־קריצער און אַרייַנגעזעצט אים אין אַ לאַנגע קאַפּאָטע.

אויף אַלע יום־טובים ריכט זי אים אַליין אויס צום מאָדזשיצער רבין.

קריינדעלע האָט איבערגעפּאָקט און איבערגעמאָזלט איר היינטוועלטיקייט.

פון דעם סוף פון דער מעשה איז באַסיע געווען אויפגעבראַכט. זי האָט געקלאַפּט מיט דער האַנט אָן דער ווייכער אָטאָמאַנע.

— שייקע, ס׳איז אַ ליגן! שייקע עס קאָן נישט געמאָלט זיין!

— נו, גיי דערצייל מענטשן דעם אמת — האָט שייקע געלאַכט.

האָט זיך אַריינגעמישט דאָס גלעקל פון טעלעפאָן. באַסיע איז צו־געלאָפן.

דאָס האָט לעאָן אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן, אַז ער דאַרף היינט פאַרבייטן דעם קראַנק־געוואָרענעם נאַכט־רעדאַקטאָר און ער וועט אַהיימ־קומען שפּעט. דערהערט, אַז שייקע איז דאָ, האָט ער געבעטן אים אַראָפּ־קומען אין רעדאַקציע, ס'וועט זיין היימלעכער.

איז באַסיע פאַרבליבן אַליין.

5

## קונסט מיט פאַרבייסעכץ

שייקע האָט געטראָפן לעאָנען אין רעדאַקציע אַרומשפּאַנען אין מאַנטל מיטן שטעקן אין דער האַנט.

— איר האַלט, זע איך, ביים אַוועקגיין? נו, און די נאַכט־רעדאַק־ציע?

— קומט, קומט, שייקע, דער נאַכט־רעדאַקטאָר איז שוין געזונט געוואָרן.

אויף דער גאַס האָט ער שייקען גענומען אונטערן אָרעם, מעשה קאָלעגע. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער פאַל, אַז לעאָן ברוינער, אַ שריפטשטעלער מיט אַ נאָמען, זאָל נעמען אונטערן אָרעם אַ דיכטער אַן אָנפאַנגער.

— וואָס מאַכט דאָס קינד, שייקע? שלאָפט רואיק?

שייקע האָט זיך קוים אָנגעשטויסן, וואָס פאַר אַ קינד ער מיינט עס, לעאָן. ער, שייקע, האָט דאָך נישט קיין קינדער.

— באָרינקע, מיינט איר? יאָ, ער שלאָפט.

— און וואָס האָט באַסיע געטאָן אַ גאַנצן אָוונט?

— גאָרנישט, מיר האָבן זיך דערציילט מעשיות.

— אַזוי? מעשיות גאָר? כאַ־כאַ־כאַ! איר זייט אַ וווילער בחור, שייקע. — און לעאָן האָט אים אַ זעץ געטאָן מיט דער ברייטער האַנט איבער דער פּלייצע — אָבער היט זיך, איר זאָלט באַסיען דעם קאָפּ

נישט פאַרדרייען, איר הערט? באַסיע איז נישט ווי אַלע פרויען. באַסיע איז אַ קינד.

און דאָ האָט ער ווידער גענומען שייקען אונטערן אָרעם. אומאָנגענעם איז שייקען געווען לעאָנס נאָענטע גוט־פריינטשאַפט אין דעם מאָמענט. ער האָט ביז איצט נישט געהאַט קיין שום קרומע מחשבות וועגן באַסיען. ער האָט זיך אַפילו נאָך רעכט נישט צוגעקוקט צו איר. וואָס קאָן ער אויסן זיין, אָט דער לעאָן ברוינער, דערמיט, וואָס ער האָט אים אַליין אונטערגערוקט אַ שלעכטן געדאַנק?

— מירן גיין צו ריטאָוון אויף אַ ביבקע — האָט לעאָן אים פריינטלעך געטרובעט אין אויער. — באַסיען קאָן איך אַהין נישט מיטנעמען. איר פאַרשטייט דאָך, שייקע, איר זייט דאָך אַ גוטער־ברודער.

אָבער שייקע האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. ער האָט בלויז פאַרשטאַנען, אַז ער פאַרשטייט נישט, ווי לעאָן וואָלט גערעדט צו אים אויף אַן אַנדער שפּראַך, נישט אויף יידיש. אַזאַ געפיל האָט שייקע אויך געהאַט, ווען ס׳פלעגן אים קומען צו דער האַנט לעאָן ברוינערס נאָוועלן, אָדער די פעליעטאָנען זיינע. דאַכט זיך: באַקאַנטע ווערטער, אָבער דעם אינהאַלט זייערן פאַרשטייט ער נישט.

אָט זעט ער פאַר זיך באַסיען אין איר טערקישן שאַל איינגעוויקלט, ווי אַ קעצל, מיט די פיס אויף דער אָטאָמאַנע. זי קוקט מיט אַזעלכע גרויסע, שטילע, קלוגע אויגן. אַליין זיצט זי דאָרט, גאָר אַליין. פאַרוואָס טאָר זי נישט זיין אויף דער ביבקע ביי ריטאָוון? באַסיע איז אַ קינד? נישט אמת. גיכער איז שוין אַ קינד אָט דער גרויסער מאַנספאַרשוין. מיט די גרויסע הענט און פיס, מיטן ברייטן קאַפּעליוש און גראָבן שטעקן, דער מאַנספאַרשוין, וואָס שרייבט לאַנגע נאָוועלן און טיפע פעליעטאָנען — לעאָן ברוינער.

און אפשר האָט דער מאַן געוווּסט וועגן זיין פרוי עפּעס אַ סוד אַזאַ, וואָס ער, שייקע, אַ מענטש אַ פרישער און אַ זייטיקער, האָט עס נישט געקאָנט און נישט געדאַרפט וויסן. אפשר האָט באַסיע אַ שוואַכקייט אַזאַ, וואָס זי טאָר זיך נישט געפינען אין קיין פריילעכע קאָמפּאַניעס. אַ שווייגנדיקע איז זי דאָך, מאָדנע ווי זי שווייגט.

און לעאָן ברוינער האָט דערווייל פאַר זיך געטראַכט:

— נו, איך בין עפּעס אַנדערש. איך בין אַ קינסטלער־נאַטור. איך מוז מיך פון צייט צו צייט אָפּפרישן אין מיין אייגענער סטיכיע. אָבער

אַלץ אויף דער גאַס, ווייט פון דער היים. די היים איז הייליק, די היים איז אומבאַרירלעך. אַ ווייב, אַ קינד, אַ שרייבטיש. פּרצעס בילד אויפן שרייבטיש. אין דער היים זאָל מיר זיין ליכטיק און ציכטיק און קיין זאַך זאָל נישט פעלן. אַרבעט איך דאָך צוליב דעם טאַקע אין אַ רעדאַק־ציע. שרייב איך דאָך, איך, לעאָן ברווינגער, צוויי מאָל אין דער וואָך פעליעטאָנען, וועלכע גייען מיר אָן ווי פּאַראַיאַריקער שניי. ניין, באַסיע, קעגן דיר בין איך שוין אין אָרדענונג.

— און האַנקען האָט איר שוין געזען? — גיט ער שייקען פּלוצ־לונג אַ צופּ פאַרן אָרעם.

— האַ? וועלכע האַנקע?

— ווי הייסט וועלכע? וויפל האַנקעס פאַרמאָגט עס וואַרשע? איין מאַהאָמעט און איין האַנקע. נו, די שיינע האַנקע, ריטאָווס אבן־טוב.

— אַ כלה זיינע?

— איר האָט אַ בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע, חבר! נישט קיין כלה, נאָר אַ מאָדעלקע. צוליב איר האָט ער דאָך געגומען דעם פּריז אויף דער לעצטער אויסשטעלונג. צוליב דעם טאַקע מאַכט ער דאָך די ביבע...

— וואַרט, וואַרט!...

שייקען איז געוואָרן ליכטיק אין קאָפּ. צוליב דעם, הייסט עס, זיצט באַסיע איינע אַליין אויף דער אָטאָמאַנע, איינגעקנוילט, ווי אַ קעצל. צוליב דעם, הייסט עס, שפּאַנט דער גופיקער שריפטשטעלער אַזוי האָ־פערדיק צו ריטאָווען אויף דער ביבקע. און צוליב דעם, הייסט עס, האַלט ער אים, שייקען, גוט־ברודעריש אונטערן אָרעם און רוקט אים אונטער דעם פּאַסקודנעם געדאַנק וועגן פאַרדרייען באַסיען דעם קאָפּ! האַנקע! איר גאָלדענעם אַקסל האָט ער היינט געכאַפּט מיטן אויג אין דער אָפע־נער טיר פון ריטאָווס אַטעליע.

און פאַר גרויס שמחה, וואָס אים זענען קלאָר געוואָרן אייניקע זאַכן פאַר אַ מאָל, האָט שייקע אין מיטן דער גאַס און גאָר אומגעריכט פאַר׳ לעאָנען אַזוי קונציק און הילכיק אַ גרילץ געטאָן, ווי אַ קאַץ, וואָס מען האָט איר אָפּגעטראָטן דעם וויידל, אַז לעאָן איז אָפּגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער.

פון אַלע זייטן האָבן מענטשן זיך אומגעדרייט, אומגעקוקט און גע־זוכט מיט די אויגן די אומגליקלעכע קאַץ. אויך שייקע האָט זיך ערנסט

פאַרנומען מיט זוכן די קאַץ. לעאָנען האָט געשטיקט דאָס גרויס געלעכטער.

— משוגענער, הער אויף, — האָט ער זיך געבעטן פון דער ווייטן,

— כ׳וועל מער מיט דיר אויף דער גאַס נישט אַרויס. קאָנסט אומגליקלעך מאַכן אַ מענטש!

דערזען, אַז שייקע איז גרייט איבערצוחזרן די חכמה מיט דער קאַץ, האָט אים לעאָן אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער, ווי אַ רוח דעם מלמד און אַריינגעשליידערט אין דער פאַרבייפאָרנדיקער דראָזשקע.

— דו האָסט אַ בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע! — האָט שייקע געכריפּעט מיט אַ פאַרשטיקט קול.

לעאָן האָט נישט אָפּגעלאָזט זיין קאָלנער.

— כ׳וועל דיך דערשטיקן, משוגענער! — און אַליין שיער נישט דערשטיקט געוואָרן פאַר געלעכטער.

אַזוי זענען זיי געקומען צופאָרן אויפן אַלטן מאַרק.

די שמחה ביי ריטאָוון איז שוין געווען אין פולן ברען, ווען די אַטעליע איז באַרייכערט געוואָרן מיט לעאָנס היפּשער פיגור און גאָלדענע ברילן און מיט שייקעס גרין העמדל, פלאַמענדיקן דאָרן־קאָפּ און כינעזישע אייגעלעך. ריטאָווס ריזיקער, ווייכער טאַפּטשאַן, דער קוואַל פון טרייפע שמייכלען פאַר האַלב וואַרשע, איז געווען אָקופּירט פון צוויי טוץ דאַמען־פּיס אין זיידענע לייב־קאָלירענע זאָקן, הויך אַ פוס אויף אַ פוס פאַרוואָרפן, ווי איין פוס וואָלט אויפן צווייטן געשפּילט — טשעללאָ. אַ שטומער קאָנצערט פון דאַמען־פּיס. די אייגנטימערינס פון די פּיס זענען געווען צוריקגעוואָרפן, אויף דעם באַרג קישעלעך אָנגעלענט. זיי האָבן זיך געסודעט און געלאַכט. און דאָס איז געווען די אייגנשאַפט פון ריטאָווס באַרימטן טאַפּטשאַן. זעצט מען זיך אויף אים, מוז מען זיך סודען און לאַכן. מענער האָבן זיך ברייט צעלייגט אויפן טעפּיך, אין שכנות פון די דאַמען־פּיס און אַ היפּשע קאָמפּאַניע האָט גענומען מיט שטורעם דעם טיש מיט צובייסעכץ. עס האָט זיך גערעדט: ניכטער זענען אַלע און יעדער באַזונדער רעדט צו דער זאַך. אָבער שיכור איז נאָר געווען די לופט ביי ריטאָוון אין אַטעליע, זי איז געווען שיכור, און זי האָט עס געטומלט אָן אַן אויפהער און געוואָרפן אַ טשאַד אין קאָפּ.

צוויי שר־המשקימס האָבן פאַרכאַפּט דעם בראָנפן ביים טיש, אַ דיכטער מיט אַ מאָלער, ביידע לאָדזשער חברה־לייט. ביידע פוטוריסטן,

ביידע מיט באַקנבערדלעך, מיט משונה־גרויסע שטיינער אין די רינגען און מיט משונה־ברייטע קראַוואַטן, אָבער דער פוטוריזם פּאַרייניקט היפּוכים. דער דיכטער האָט געהאַט גלאַטע, לאַנגע, נאַסע האָר און אַ נאָז אַ לאַנגע, אַ סענטימענטאַלע, אַ שלעפּעריקע. און דער מאָלער האָט געהאַט צוויי שטעכיקע שוכבערשטלעך פון ביידע זייטן לבנה־פּליך, און זיינע פּאַרריסענע נאָזלעכער האָבן געקוקט יעדן גלייך אין די אויגן אַריין, ווי די פאַרלאָשענע לאַמטערנעס פון אַ לאָקאָמאָטיוו.

ביידע, זין פון לאָדזשער סוחרים — האָבן זיי באַוויזן, ווי שווער עס איז אַרויסצובאַקומען דאָס, וואָס עס פאַלט צו זיי אין יד אַריין. מען האָט זיך געקאָנט אויסציען פאַר אַן איבעריקן גלעזל בראָנפן. זיי האָבן ציניש באַרעכנט יעדן שלוק.

— האָסט דאָך שוין אויסגעזשלאָקעט פינף גלעזלעך, אַ בראַנד דיר אין די קישקעס אַריין, וויפל איז דער שיעור?

— אָבער זייט נישט קיין חזירים און גיט מיר אַ גלעזל. דאָס וועט זיין דאָס דריטע.

— מאָל דיך, אַז ס'איז דאָס פערטע.

— א, פריילין טאָטשע! ביטע ביטע! איר ווילט אַ דריט גלעזעלע קאָניאַק?

— נידער מיט די לאָדזשער! — האָט עמעצער רעוואָלטירט אין די הינטערשטע רייען.

— שאַ! ווער האָט עס געשריען? לאָמיר נאָר מאַכן אַ חקירה־ודרי־שה! ווער מאַכט עס דאָ רעוואָלוציעס?

און די לאָדזשער האָבן באַהאַלטן דעם בראָנפן און דערקלערט אַ לאָקאַאוט. מען האָט געדאַרפט האָבן די אינטערוועניץ פון ריטאָוון אַליין און מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די דאַמען מיט זיינע קרו־מע פיסלעך און פרויען־גזשיווקע איבערן שטערן.

דורך אַלע האַלב־שיכורע און געמאַכט־שיכורע אויסגעשרייען האָט זיך געוויקלט, ווי אַ רויטער פאָדים, אַ ליטעראַרישע דיסקוסיע. קלעפּיק און שטאַרק זענען זיי, די פעדים פון די ליטעראַרישע דיסקוסיעס. מען דאַרף נאָר אַרויסציען אַ ברעג. ציט זיך און ציט זיך און רייסט זיך נישט איבער. שולדיק איז דאָ געווען איינער אַ מיזאַנטראָפּ אין ברילן. די לאָדזשער האָבן אים שלעכט באַהאַנדלט און ער האָט זיך געהאַלטן ביי

זיין ליידיק גלעזל. האָט ער כאַטש געוואָלט פאַרסמען דעם עולם מיט זיינע ביטערע ציגאַרן און איינגעגעסענע רייד.

— און איך זאָג אייך, קאָלעגן, אַז אָנשרייבן אַ ראָמאַן איז גאָר־נישט פון די קליינקייטן — האָט ער געצויגן דעם פאָדים — גוטע ראָ־מאַנען האָבן מיר ווינציק. פאַרוואָס שרייבסטו נישט קיין ראָמאַן, לעוו־קאָווסקי? פאַרוואָס זאָלט איר זיך נישט אַ נעם טאָן צו אַ ראָמאַן, חבר שטיינבערג? אַהאַ! איר האָט מורא!

שטיינבערג און לעווקאָווסקי האָבן זיך געפילט באַליידיקט.

דער לאַנגער שטיינבערג האָט אַזש פאַרלוירן זיין מאָנאָקל פון אויג און זיך פאַרשפריצט מיט קאָניאַק די נייע הויזן. און לעווקאָווסקי מיט די שוואַרצע ברעמען איז אַוועק צו די דאַמען. האָט דער מיזאַנטראָפּ מיטן ליידיקן גלעזל דערווייל זיך צוגעשטופּט נענטער צו די לאַדזשער.

— מען גיט שוין אַמאָל אַ גלעזל קאָניאַק, צי נישט?

— דו שווייגסט, צי נישט, וויזלטיר איינער! — האָט דער לאַ־דזשער מיט די שוכבערשטלעך זיך פאַרמאָסטן איבער אים מיט דער פלאַש — דיר וועל איך געבן קאָניאַק! דיר! פאַר די פּאַסקודנע דיסקו־סיעס דיינע?

— וואָס דען? בין איך נישט גערעכט אַוודאי? מען שרייט ביי אונדז: ראָמאַנען — פּע! ראָמאַנען זענען שונד! ראָמאַנען זענען באָבע־מעשיות. נו, אָט פרעגט דאָרט ביי דעם בן־עיר אייערן, ביי גליקסאָנען, לייענט מען עפּעס אַ סך די פוטורעזן זיינע? האָט ער פּרנסה פון זיי?

גליקסאָן האָט אָנגעשטעלט אויף אים די לאַנגע נאָז מיט די צוויי סאָווע־אויגן.

— ווער איז דיזער מאַן? וואָס פאַרלאַנגט ער היר? ווי קומט ער אין זאָ איינע אָנשטענדיקע געזעלשאַפט?

אָבער דער פאָדים פון דער ראָמאַנען־דיסקוסיע האָט זיך דערווייל אַריבערגעוואָרפן צו אַ צווייטער גרופּקע, ביים דריטן פענצטער.

און באַלד איז אַרויפגעשפּרונגען לעווקאָווסקי אויף אַ שטול מיט אַ גלעזל אין דער האַנט.

— הוראַ! — עס האָט זיך אויסגעפונען אַ בעלן אָנצושרייבן אַ ראָ־מאַן אויף אַ געוועט, איך ווינטש אים דערפאָלג אין זיין נודנער אַרבעט.

— ווער? ווער איז דאָס?

פאַר דעם בעלן האָט זיך אַרויסגעוויזן לעאָן ברוינער. אינדערשטיל

האָט ער שוין לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אָנצושרייבן אַ גרע־סערע זאַך. ער האָט נאָר געדאַרפט האָבן אַ שטויס. און אָט איז דער שטויס געקומען. נאָכן דריטן גלעזל האָט ער געזאָגט צו שטערנען מיט אַ געמאַכטער פּוילקייט:

— און איר מיינט, חבר, איך וואָלט נישט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן? איך וועט זיך מיט אייך.

— וואָס עפּעס וועט איר זיך?

— ווייל אויב כ׳וועל זיך נישט וועטן, וועל איך אים קיינמאָל נישט אָנשרייבן.

מען האָט גלייך אויסגעפּונען אַ בעלן אויפן געוועט אויך. דאָס איז געווען אַ שווייגנדיקער, שמייכלענדיקער, געקרייזלטער יונגערמאַן, ברייט אין שטערן און שמאָל אין דעם קין. דער עולם האָט אים צוגעזאָגט אַ צוקונפט פון אַ גרויסן מעצענאַט ביי יידן, צוליב דער פעטער ירושה, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג אָפּגענומען. ביז איצט האָט אים רי־טאָוו געהאַלטן נעבן זיך. אָדער ביי די דאַמען אָדער ביי זיינע בילדער אויף די ווענט. איצט האָט אים ריטאָוו געמוזט אָפּטרעטן אויף דער קור־צער צערעמאָניע פון געוועט.

דער יונגערמאַן — באַסקיס האָט ער געהייסן — איז צוגעגאַנגען צו לעאָנען מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל און ראָז־לויכטנדיקן שטערן.

— גוט, איך וועט זיך מיט אייך.

— אין וויפל?

— אין פינף הונדערט רובל.

— הוראַ!

ריטאָוו האָט געמוזט איבערשלאָגן די הענט. שייקען האָט מען אָוועקגעזעצט שרייבן אַן אָפּמאַך מיט געכתיבהטע אותיות.

שייקע האָט נישט געטרונקען. „איידער אָנקומען צו די לאָדזשער — האָט ער געזאָגט — איז שוין בעסער בלייבן ניכטער“. ער האָט געזוכט מיט די אויגן די הויפּט־שולדיקע אין דער שמחה, האַנקען, און נישט געקאָנט זי געפינען. אייגנטלעך האָט ער זי שוין געזען און געקענט פון די גרויסע און קליינע לייוונטן אויף די ווענט. איצט האָט ער שוין גע־ווּסט, אַז דאָס איז די האַנקע.

צום ערשטן מאָל, ווען ער איז געווען ביי ריטאָוון, האָט זיך אים אויך געוואָרפן אין די אויגן איר געשטאַלט אויף דער וואַנט. ער האָט

אָבער אויף קיין רגע נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז דאָס זאָל זיין אַן אַקט פון אַ לעבעדיקער, איצטיקער פרוי, גיכער עפּעס אַ קאָפּיע פון אַן אַלטן מייסטער. נאָר אַמאָל, פאַרצייטן — האָט זיך אים געדאַכט — האָבן גע־קאָנט זיין אַזעלכע אויסגעחלומטע געשטאַלטן אויף דער וועלט. איצט ווייסט ער, אַז דאָס איז האַנקע, איצט ווייסט ער, אַז האַנקע שפּרינגט עס אַראָפּ פון דער וואַנט מיט אירע גאָלדענע רייפע היפטן, מיט אירע צעקריגטע צווישן זיך, שפּיציקע, האַלב־רייפע בריסטן, מיט איר צני־עותדיק רבניש פּנימל אין דער מופטע פון זיידענע לאָקן.

אומעטום, אויף אַלע לייוונטן איז זי די זעלביקע, נישט קיין אויס־געדיכטעטע, אַ צעקלונגענער גאָלדענער פרויען־קערפּער — אַליין אַ קונסט־ווערק.

האַנקע — די בעל־שמחהטע אַליין איז נאָך נישט געווען. דער עולם האָט זיך נאָך נישט געלאַנגווייליקט. די דאַמען אויף דער אָטאָמאַנע זע־נען נאָך געווען פאַרנומען מיט זייערע אייגענע רייד און נישט געפּאָדערט מען זאָל זיך מיט זיי עקסטרע פאַרנעמען. באמת שיכור איז נאָך קיינער נישט געווען און דער עולם האָט זיך איינגעטיילט אין גרופּקעס, יעדע מיט אירע געשפּרעכן. די שטימונג האָט שיער נישט קאַליע געמאַכט דער מיזאַנטראָפּ, ער האָט זיך טאַקע דערשלאָגן צו אַ גלאָז וויין און שוין כמעט אויסגעזופּט. האָט ער זיך דערמאַנט, אַז עס וואָלט אַ יושר געווען צו האַלטן אַ טאָסט לכבוד ריטאָוון און דעם פּריז, וואָס ער האָט באַקומען. אויפן חשבון פון דעם טאָסט האָט ער געפּאָדערט נאָך וויין. פאַרן טאָסט האָבן אָבער די לאָדזשער מורא געהאַט און קיין וויין נישט געוואָלט מער געבן.

לעאָן האָט זיך דערווייטערט פון אַלעמען און געפּונען אַן אָרט פאַר זיין איינזאַמקייט אויפן ברייטן פענצטער פון אַטעליע. פון דער הויך האָט ער געזען דאָס גאַנצע ירידל און געקוקט אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ, ער איז נישט געווען אויף אַזויפיל ניכטער, אַז ער זאָל חרטה האָבן אויפן געוועט זיינעם אָנצושרייבן אַ ראָמאַן. פאַרקערט. ס'איז גע־נוג געווען ער זאָל אַריינפאַלן אין דער קאָמפּאַניע פון שרייבער און דיכ־טער און דערביי אויסטרינקען איין גלעזל, און שוין האָט אים באַהערשט אַ ייִנגלשע קאַמף־שטימונג. ער וועט זיי ווייזן — די אַלע האַלבע און גאַנצע טאַלאַנטלאָזיקייטן, וואָס לעאָן ברוינער קאָן! איין זאַך האָט אים באַאומרואיקט: פאַר זיין ראָמאַן האָט ער קיין טעמע נישט. אַ טעמע,

גוואַלד, אַ טעמע! אַ האַלבע מלוכה פֿאַר איין טעמעלע! און שוין, די מינוט וואָלט ער אַוועק פֿונדאַנען און זיך צוגעשריפּט צום שרייב־טיש.

אויפֿן פֿענצטער איז ער געווען אייבער און עס וואָלט אים געווען באַקוועם אין זיין דערהויבענער איינזאַמקייט. געשטערט האָט נאָר דאָס פֿאַרבאָרגענע פּאָרל, וואָס האָט זיך הייס געסודעט הינטער דער שווערער פּאָרטיערע כמעט ביי זיינע קני.

— ווער קאָן דאָרט זיין? — האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ טראַכט געטאָן.

און אָט האָבן זיי זיך באַוויזן פֿון הינטער דער פּאָרטיערע, פֿריער — ער, שפּעטער — זי, ביידע ראָז צעפּלאַמטע, האַלב־שיכורע. לעאָן האָט זיך אַ קנייטש געטאָן, ווען ער האָט דערקענט ביסטריצקיס ברייטן, ציגנישן שמייכל. און לעאָן האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן, ווען אין דער זי האָט ער דערקענט די קליינע דאָרעטשקע מיטן בולטן שטערן און בלאָע בלומען־אויגן.

און ס'איז געווען פֿון וואָס זיך אויפֿצוטרייסלען. דאָרעטשקע איז מיט איר אויסזען געווען כמעט אַ קינד. אָנגעטאָן איז זי געווען ווי אַ באַשיידענע שילערין. און זי איז נאָך טאַקע געווען אַ קינד און אַ שי־לערין.

— אָט האָסטו דיר אַ טעמע פֿאַר אַ ראָמאַן — האָט לעאָן גע־טראַכט, נאָכקוקנדיק מיט עקל ביסטריצקין מיט זיין קליינער דאַמעלע. זיי זענען דאָרט אַוועק צום טיש טרינקען וויין.

און ביסטריצקי האָט איצט פֿון דאָרטן אַלעמען באַטראַכט פֿון אונ־טער זיין ברייטן שטערן, ווי פֿון אונטער אַ דאַשיק אַרויס. צום שטערן האָט זיך אים צוגעקלעפּט זיין נאַפּאָלעאָנישער לאָק און די ברייטע ליפּן זיינע זענען אויך געווען ווי צוגעקלעפּט, פֿאַרשנירלט. ער האָט אויסגע־פֿונען מיט די אויגן לעאָנען אויפֿן פֿענצטער, אויפֿגעהויבן דאָס גלאָז וויין און געשמייכלט צו אים פֿונדערווייטן. און שמייכלענדיק, האָט ער לאַנגזאַם געעפֿנט דאָס מויל זיינס. לעאָנען האָט זיך אויסגעוויזן, ער זאָגט דאָרט:

— אַז איך וויל, קאָן איך דיך אויפֿעסן.

שייקע האָט אויסגעפֿונען ריטאָוון צווישן די דאַמען. אַראָפּגעשלעפּט אים פֿאַרן אַרבל און אָנגעוויזן פֿונדערווייטן אויף ביסטריצקין.

— פֿאַרוואָס מאָלט איר אים נישט, ריטאָוו?

ריטאָוו האָט אַ קניפּ געטאָן זיין בערדל, אַ גלעט געטאָן די גזשיוו־

קע און זיך געקליבן שייקען אויסצוזידלען, פאַרוואָס ער האָט אים אָוועק־געשלעפּט פון די דאַמען. אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך אויך פאַרקוקט אויף ביסטריצקין און אָנגעהויבן צייכענען מיט די פינגער אין דער לופט.

— איר זענט גערעכט, שייקע, כ׳לעבן! ס׳איז אַ אידעע!

דאַרעטשקע האָט געגומען עטלעכע לויטערע טענער, וועלכע האָבן אָפּגעקלונגען אין געטומל, ווי דער גרעסטער אמת צווישן אַ חברה ליג־נער. אַן איבעריקע זאַך.

דאַרעטשקע איז אָבער נישט געווען פון די נאַטורן, וואָס זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דעם, וואָס עס האָט זיך זיי פּלוצלונג פאַרגלוסט. דאַרעטשקע האָט געוואָלט זינגען. זי האָט זיך שוין דורכגעשלאָגן אַ וועג צו דער פּיס־האַרמאָניע אין ווינקל.

האָט אַ קלונג געטאָן און אַ בראַזג געטאָן די גלעזערנע טיר און אין אַטעליע איז ווי אַ דונער אַריינגעפאַלן האַנקע.

6

## אַ טעמע

— קוק נאָר אָן! ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן!

— ווי אַ יוון אין סוכּה!

— טראַסקע, האַנקע, אַז די שויבן זאָלן פּלאַצן!

און פון די ווייטערע ווינקלען האָט מען זי באַגריסט מיט אַן אויס־געצויגענעם פאַרשפּיצטן — אַ־אַ־אַ־אַ!

איז האַנקע געשטאַנען אין מיטן אַטעליע און האָט נערוועז געלאַכט מיט אַ שטילן ברוסט־געלעכטער. זי האָט אַראָפּגעריסן דעם בערעט און מיטן קאָפּ אַ טרייסל געטאָן. אַ פריזור — ווי אויף הייוון, אַ פּאַפּאַכע אַ גאַנצע. דאָס פּנימל האָט אַרויסגעקוקט ווי פון אַ מופטע, מיט אַ שלאַנקן בייג האָט זי געפּרוווט אַרויסשפּרינגען פון איר קורץ מאַנטעלע. באַר דאָ האָט זי דערזען דעם ווייַן אויפן טיש און אירע נישט־פּראָפּאָרציאָ־נעל־גרויסע אויגן האָבן אויפגעבליצט.

— איך מוז מיך אָנשיכּורן!

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט, האַנקע? — ריטאָווס פראַגע איז געווען אין אַ פאַרדעכטיקן טאָן.

— איך פרעג מיך ביי קיינעם קיין דעות נישט. ווען איך וויל — קום איך. — האַנקעס תשובה איז געווען צוגעוואָרפן פאַרביסן און אויפ־געטעגט, מיט דער גרייטקייט אָנצוהייבן אַ קריג.

ס׳איז געווען צו זען, אַז צווישן איר מיט ריטאָוון איז לעצטנס אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן.

זי איז צוגעלאָפן צום טיש און אַ כאַפּ געטאָן דאָס פלעשל קאָניאַק.
— לאָזט נישט! לאָזט זי נישט! — האָט ריטאָוו פאַרצווייפלט אויסגעשריגן. ער האָט, ווייזט אויס, מורא געהאַט, אַז האַנקע זאָל זיך נישט אָנשיכורן.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַרן פלעשל קאָניאַק. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן דער לאָדזשער פוטוריסט מיט די בערשטלעך אַרום פליך. ער האָט געכאַפּט פון האַנקען אַ פּאַטש. דעם לאָדזשער דיכטער האָט זי צעדראַפּעט דאָס פּנים. לעווקאָווסקין מיט די שוואַרצע ברעמען באַגאָסן מיט קאָניאַק, און אַלץ מיט אַ קוויטש און מיט אַ ברוסטיק גע־לעכטערל. ענדלעך האָט זי געמוזט דאָס פלעשל אָפּלאָזן. און ווען זי האָט באַקומען פון די גרויסמוטיקע שונאים דאָס ערשטע גלעזל קאָניאַק, האָט זי דאָס זייער גרויסמוטיק אויסגעגאָסן אויפן טישטוך און אַוועק צו די דאַמען אויף דער אָטאָמאַנע — שאַ־שטיל.

די שטימונג איז ווידער געוואָרן געמיטלעכער, כאָטש נישט אין דער פולער מאָס. מיט האַנקעס קומען איז עפּעס ענגער און הייסער גע־וואָרן אין אַטעליע. עס איז אויסגעקומען, ווי עפּעס פאַר איר וואָלטן דאָ גאָר קיין פרויען נישט געווען און אָט איז געקומען די פרוי.

די דאַמען האָבן שוין געדאַרפט, מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט זיי.
—לאָמיר שפּילן אין אַ טעלעפאָן!
— פּע־ע־ע!

שייקע האָט גאָר פאָרגעשלאָגן אַ שפּיל אין האַנטוכער. ער האָט זיך אויסגעלערנט דעם שפּיל אין טורמע. אַלע זעצן זיך אין אַ ראָד און דעם האַנטוך גיט מען איבער פון איינעם צום צווייטן אונטער די קני. דער האַנטוך דאַרף זיין מיט אַ קנופּ, און בעת דער, אויף וועמען עס פאַלט דער גורל, זוכט דעם האַנטוך אין איין זייט, כאַפּט ער דערווייל מיטן

קנופּ פון דער אַנדערער זייט, און ער דאַרף טרעפן ווער ס׳האָט אים געשלאָגן.

— אויסגעצייכנט!

— פּע־ע־ע! אַן אַרעסטאַנטן־שפּיל!

— שטייט אייך אַוודאי נישט אָן? — האָט באַמערקט ביסטריצקי. ער איז איצט געשטאַנען נעבן שייקען.

— זאָגט נאָר, ביסטריצקי, ווי קומט איר אין דעם קרייז? — האָט אים שייקע געפרעגט — דאָ זענען דאָך, ווי איך זע, אַלץ גאַנצע און האַלבע קינסטלער, נישט קיין פּאָליטיקער.

ביסטריצקי האָט זיך ברייט צעלאַכט.

— ביסט אַ בהמה, שייקע, כאָטש דו פּייפסט ווי אַ נאַכטיגאַל. לויטן פּאַרטייאישן פּאַס מעסט מען נישט קיין מענטשן. איך בין, ברו־דערל, אַליין אַ קינסטלער. פּונקט, ווי אַ קאַסע־ברעכער, אַ קאָרטן־שפּי־לער אָדער — אַן אַנדער מוזיקער — זענען קינסטלער. קונסט — דאָס איז מיין סטיכיע. כ׳האָב ליב אַלע חתונות, ווו עס שמעקט מיט נבלה. כ׳האָב ליב צו זען ווי די ווערעם פרעסן זיי. האָסט אפשר אַ פּאַפּיראָס, שייקע?

אַ שאָד. ביסטריצקי האָט זיך פּאַרמאָסטן אויף אַ גאַנצע דרשה. אָבער דאָרעטשקע האָט אים אָפּגערופן אַן אַ זייט אויף אַ פּאָר ווערטער. און אָט שטייט ער שוין און דרשנט אין אַ צווייטן ווינקל. אומעטום וואַקסט ער אויס. אומעטום הערט מען זיך צו צו זיינע רייד גאַנץ אויפ־מערקזאַם, אַפילו מיט אַביסל מורא. פון דעם ווייטסטן, פון דעם טונקלסטן ווינקל אַרויס איז צו באַמערקן, ווען ביסטריצקי טוט אַ שמייכל מיט זיין ברייטן מויל.

ס׳איז ווידער געוואָרן אַ טומל.

— ווער? ווער האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס פלעשל קאָניאַק פון טיש!

דער קאָניאַק איז פאַרשוווּנדן.

אָבער מיטן קאָניאַק צוזאַמען איז פאַרשוווּנדן האַנקע. קיינער האָט נישט באַמערקט ווען זי האָט אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט.

ריטאָוו האָט נערוועז געפּויקט מיטן פוס אין דער פאַרשלאָסענער טיר פונעם אַלקער.

— האַנקע! נו, האַנקעלע! גיב אָפּ דעם קאָניאַק! איין מאָל אַ חכמה.

ריטאָוו איז צוגעלאָפן צום טיש און, גלעטנדיק די גזשיווקע און

צופנדיק דאָס בערדל, אויסגעבייטלט צו די לאַדזשער אַלע בייזע חלו־מות, פאַרוואָס מען האָט האַנקען געלאָזט צונעמען דעם קאָניאַק.

— זי טאָר גאָרנישט טרינקען! — האָט ער שיער נישט געוויינט פאַר כעס — זי איז אַזוי אויך האַלב משוגע! וואָס האָט איר געטאָן?

לעווקאָווסקי מיט די שוואַרצע ברעמען האָט אים געטרייסט.

— ס'וועט איר גאָרנישט זיין. זי וועט זיך אָנטרינקען און איינ־שלאָפן. מיינסט, דו אַליין קענסט האַנקען? איך קען זי אויך.

— איך קען זי אויך — האָט געזאָגט ברוינער — זי וועט זיך אָנשיכורן, וועט זי וויינען.

— איז וואָס? אַלע ווייבער וויינען שיכורערהייט.

דאָרעטשקע האָט אָוועקגעשלעפּט ריטאָוון צו דער פּיסהאַרמאָניע. נאָך אויפגערעגטערהייט האָט ער געבלעטערט די נאָטן און געפרעגט: וואָס שפּילן מיר?

דאָרעטשקען איז געווען אַלצאיינס וואָס צו זינגען, אַבי זינגען. רי־טאָוו האָט גוט געקענט איר רעפּערטואַר. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך שוין איבערן שיכורלעכן טומל געוועבט דער אייגנאַרטיקער קוויטש פון רובינשטיינס אַ פּערסיש ליד אויף די ווערטער פון האַפיז:

און זאָל דעם חכמס מידה זיין
בייטאָג, ביינאַכט, באַגינען,
אין האַנט אַ בעכער אַלטן וויין,
אַ נייער וויץ אין זינען...

דאָרעטשקע האָט געהאַט אַ נאַטירלעכע קאָלאָראַטור. זי האָט גע־זונגען לייכט, ווי געלאַכט מיט אַ זילבערן גלעקעלע. דער עולם האָט גע־הערט און געשמייכלט. נאָכן זינגען האָבן די דאַמען אויף דער אָטאָמאַנע געפּאַטשט בראַוואָ און די מענער — געמאַכט אַ נייע כוסה. אָן האַנקען האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן.

אָבער ריטאָוון איז איינגעפאַלן צו געבן אַ שטיקל קאָנצערט. ער האָט ליב געהאַט באַכן און פאַר אַ היימישע קאָמפּאַניע פלעגט ער גאָר־נישט שלעכט אויספירן אויף דער פּיסהאַרמאָניע אייניקע לייכטערע זאַכן. האָט ער פלוצלונג אַ ברום געטאָן אויף די באַסן און ס'איז געווען, ווי עס וואָלט זיך אויסגעקערט אַ פאַס האָניק. אַ געדיכטע זיסקייט פון דער קאַנטאַטע האָט זיך שווער צעגאָסן איבערן שיכורן טומל.

ריטאָוו וואָלט עס געוויס נישט געטאָן, ווען ער וואָלט געדענקט אָן האַנקען. פאַר דעם יאָר צייט, וואָס דאָס מיידל געפינט זיך ביי אים אין אַטעליע האָט ריטאָוו איין גוטע זאַך פאַר איר אויפגעטאָן: ער האָט זי אויך אָנגעשטעקט מיט אַ ליידנשאַפט צו באַכן, און, הויפּטזעכלעך, צו זיין באַליבטער קאַנטאַטע.

אינמיטן שפּילן האָט זיך טאַקע דערהערט אַ קלאַפּ פון אַ פאַלנדיק פלעשל אין אַלקער. הייזעריק פון אויסגעטרונקענעם קאָניאַק האָט האַנקע געשריגן פון דאָרט:

— וויצעק, הייב אָן פון אָנהייב!

האָט ער אַ ציטער געטאָן:

— האַנקע, מאַך דיך נישט משוגע!

— וויצעק, איך זאָג דיר הייב אָן נאָכאַמאָל!

— שעם זיך כאָטש פאַר לייטן, האַנקע!

ריטאָוו האָט זיך אומגעקוקט אומבאַהאָלפן. האַנקעס פאַרלאַנג, אַז ער זאָל אָנהייבן נאָכאַמאָל איז, ווייזט אויס, געווען פאַרבונדן מיט אַ שטיקל סקאַנדאַל, וואָס נאָר ער אַליין האָט געוווּסט פון דעם. אָבער נישט אָנהייבן האָט ריטאָוו אויך נישט געקאָנט. סיי ווי האָט איר היי־זעריקע שטים געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל. פון גרויס אומבאַהאָלפנקייט האָט ער זיך אַזש צעשמייכלט. זיך אַ גלעט געטאָן איבער דער גזשיוווקע און ווידער אויסגעקערט דעם פּאַס האַניק.

שייקע איז געזעסן אומגעדולדיק. ער האָט גלאַט געוואָלט הערן שפּילן. בעסער — ערגער, אָבער דער אָנהייב פון דער קאַנטאַטע האָט אים פאַראינטריגירט: זע נאָר אַ מענטש האָט זיך דאָס צעגאָסן! — האָט ער געטראַכט וועגן באַכן.

האָט איבער אים זיך אָנגעבויגן ביסטריצקי און ווי מיט אַן איי־זערנער רייף איינגעדריקט זיין האַנט ביים אָרעם. ברייטלעך האָט ביס־טריצקי געשמייכלט.

— או, שייקע, ביסט אַ בהמה!

— פאַרוואָס?

— ווייל דו קוקסט נישט ווהין מען דאַרף.

און ביסטריצקי האָט אים אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן אין דער ריכטונג פון אַלקער. שייקע האָט זיך אומגעקוקט.

די טיר איז דאָרט געווען אָפן. און אויפן פינצטערן פאָן האָט זיך

געגאָלדיקט אַ לעבעדיק וואַנט־געמעל: האַנקע איז אין דער טיר גע־שטאַנען אַ נאַקעטע.

זי האָט זיך געוויגט צום טאַקט, געמאַכט אַ טריט און נאָך אַ טריט פון אַלקער אַרויס און מיט אַ מאַיעסטעטישער גראַציע אַ שוועב געטאָן איבערן טעפּיך, אינדערמיט אַטעליע אויף די שווערע האַניק־וועלן פון באַכס קאַנטאַטע.

עמעצער האָט פון איבערראַשונג קורץ אַ לאַך געטאָן. עמעצער האָט געמאַכט: — ש־ש־ש! און אין דער געוואָרענער שטילקייט האָט שוין בלויז באַך געברומט מיט אַ ליידנשאַפטלעכער הייליקייט, און אַנטקעגן די טענער האָט האַנקע געטראָגן איר הערלעכן נאַקעטן גוף מיט אַ היי־ליקער ליידנשאַפט. איר קליין פּנים איז אינגאַנצן פאַרזונקען אין שאָטן פון דער פּאַפּאַכע אירער. עס האָט לאַנגזאַם געשוועבט אַ ריין־גאָלדיק לייב מיט חוצפּהדיקע קליינע שפּיציקע בריסטן, צעקריגטע, אָפּגעקערטע איינע פון דער אַנדערער. חוץ דער מוזיק האָבן נאָך גערעדט צום אויער האַנקעס באָרוועסע טריט איבערן טעפּיך. אירע באַוועגונגען זענען געווען לייכט. אָבער דער דינער פוס האָט שווער געדריקט דעם באָדן, דער־ציילנדיק וועגן דער רייפקייט פון איר גרויסן גאָלדיקן לייב. אויך שווער האָט זי געאָטעמט, האַנקע. און עס האָט זיך געדאַכט: זי וויינט, זי כליפּעט.

דער עולם איז נישט געווען אויף אַזויפיל שיכור, ער זאָל נישט קאָנען באַמערקן די שיינע זייט פון האַנקעס שיכורער אימפּראָוויזאַציע. מען האָט זיך צוגעקוקט שווייגנדיק, כאָטש יעדער האָט געפילט, אַז אָט־אָט ברעכט אויס אַ געשריי.

אָבער האַנקע האָט אַליין קאַליע געמאַכט איר דרייסטן שפּיל. איר האָט זיך פּלוצלונג דער קאָפּ פאַרדרייט און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן טיש, נישט אומצופאַלן. ריטאָוו האָט געשפּילט, ווי ער וואָלט מורא גע־האַט איבערצורייסן, זיך אומצוקוקן.

דאַן האָט אים האַנקע אויסגעפונען מיט אירע פאַרשיכורטע אויגן, וואַקלדיק אַוועקגעשפּאַנט צו אים און אין איר גאַנצער שיכורער נאַקעט־קייט און אין דער קאַנטאַטע האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעריסן איר הייזע־ריק־היסטערישער אויסגעשריי:

— דו! דו, וויצעק, האָסט מיך אומגליקלעך געמאַכט!

זי איז אומגעפאַלן אויף דער אָטאָמאַנע, צווישן די דאַמען. און שפּירנדיק איר איינציקע נאַקעטקייט צווישן אַלע באַקליידעטע לייבער, האָט זי זיך געקנוילט און געקאָרטשעט און היסטעריש געשריגן:

— מיידלעך! הערט, מיידלעך! ער האָט דאָך מיך גענומען! ווי אַ גאַסן־פּרוי מיך גענומען! ווי אַ צויג! אָט אַזוי־אָ האָט ער זיך אַרויפגעוואַלגערט אויף מיר! איצט בין איך אַ נאַקעטע! איר זעט!

האַנקע האָט געוואָלט אויפשטיין און זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער פּאָדלאָגע. איר הייזעריקייט איז פאַרשוווּנדן. זי האָט געשריגן מיט אַ ריינער ברוסט־שטים:

— איך שפּיי אויף אייך! אַ נאַקעטע בין איך אין דער גאַס אַרויסגעלאָפן! אין סאַלאָן אויף דער אויסשטעלונג, אויף פּאָסט־קאַרטלעך בין איך אַ נאַקעטע אַריינגעלאָפן אין אַלע וואַרשעווער הייזער! אַנו, פּרווט איר אַזוי! אַ נאַקעטע! כאַ־כאַ־כאַ!

מען האָט זי שוין איינגעהילט אין אַ שאַל, געטומלט אַרום איר, געפּרווּט אַריינגיסן קאַלט וואַסער צווישן די פאַרהאַקטע ציין. לעאָן ברוינער, וואָס האָט זיך דער ערשטער אַ וואָרף געטאָן זי צו באַרואיקן, איז אָפּגעטרעטן מיט אַ צעדראַפּעט פּנים.

דאַמען האָבן געקוויטשעט און געגעבן עצות. ריטאָוו האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער פּיסהאַרמאָניע און, אַ פאַרלוירענער, געצופּט דאָס בערדל. פון גרויס פאַרלוירנקייט האָט ער אַפילו געפּרוּווט שמייכלען:

— זי... לייגט! ס'איז אַלץ אַן אָנשטעל אַזאַ... אַזאַ משוגעת ביי איר... אַלע, דאַכט זיך איר, ווילן איר טאָן שלעכטס...

און ער האָט געשמייכלט.

שייקע האָט איצט געזוכט מיט די אויגן ביסטריצקין. וואָס וועט יענער עפּעס זאָגן צו דעם אַלעם? אָבער ביסטריצקי האָט זיך אינגאַנצן נישט אַריינגעמישט אין טומל. ער האָט געהאַט דאָס זייניקע צו טאָן. דאָרעטשקע האָט פּלוצלונג באַקומען אַן אַטאַקע פון איר שווערער קרענק, וואָס מען האָט אויסבאַהאַלטן פאַר לייטן. זי איז פון גרויס אויפטרייסלונג איינגעשלאָפן אַ פאַרגליווערטן שלאָף, זיצנדיק אויף דער ערד, אין אַ ווינקל אַטעליע.

צווישן דער גאַנצער צערודערונג, שפּרייזנדיק אַן אויפגערעגטער אין די איצט גרוימע ווינקלען פון אַטעליע און ווישנדיק מיט אַ טיכל די שמאַרצנדיקע ווונדן, וואָס האַנקע האָט אים אָנגעקראַצט אויפן פּנים,

האָט לעאָן ברוינער באַמערקט ריטאָוון, ווי ער צופּט זיך דאָס בערדל און שמייכלט. ער שטייט, ווי צוגעקלעפּט צו דער פּיסהאַרמאָניע, מיט זיין גזשיווקע און בערדל, אַ צעשמייכלטער אין זיין אייגענער בושה און אומגליק, אַן אַנגעבויגענער איבער דער האַלב אָפּגעדעקטער האַנקען אויף דער פּאַדלאָגע, האָט ריטאָוו אויסגעזען ווי אַן אומגליקלעכער סאַטיר.

לעאָנען האָט אַזש אין מוח אַ זעץ געטאָן: אַ טעמע פאַר אַ ראָמאַן!

7

## חברה זוכט א טרייסט

לעאָן ברוינערן איז נישט באַשערט געווען צו לויפן גלייך מיט דער טעמע אַהיים און זיך צושמידן צום שרייב־טיש. די לאַדזשער פוטוריסטן האָבן אים פאַרשטעלט דעם וועג אונטן, ביים אַרויסגאנג. מיט זיי איז אויך געשטאַנען דער מיזאַנטראָפּ מיט די שלעכטע ציגאַרן, לעווקאָווסקי מיט די שוואַרצע ברעמען, און שייקע. ביים געהיימניספולן שיין פון פאַר־צייטיקן לאַמטערן, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון סופיט, אין געוועלבטן קאָרידאָר האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג ווו אַהינצוטאָן די פּאָר שעה פון דער אויסגעוועבטער נאַכט.

— אָט איז לעאָן אויך. קומט, לעאָן, מיט אונדז.

— וווהין?

די פאַרצייטיקע געשמידטע טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ און זיי זענען אַרויסגעפאַלן פון פינצטערן קאָרידאָר אויפן אַלטן מאַרק אַרויס. דער אַלטער מאַרק איז גראָ געווען. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטע, פאַרטונקלטע גראַוווּר.

לעאָן האָט נישט געפּועלט ביי זיך אָפּצושטיין פון דער קאָמפּאַניע. ס'איז דאָך געווען אַזוי נאַטירלעך אַוועקצוטרייבן דעם קאַנצניאָמער בצבור. אַלעמען האָט געדריקט די שווערע שטימונג, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעטראָגן פון דער הויך, פון אונטערן גלעזערנעם דאַך. מען האָט זיך אַזוי ווי אָפּגערעדט נישט צו ריידן וועגן דעם. און לעאָן האָט מיט אַ שיכורלעכן חשד אַ טראַכט געטאָן, אַז מיט דער טעמע מוז מען זיך צואיילן, אַז נישט אים אליין איז זי אריין אין דער נאָז.

— אָבער וווהין גייען מיר?

— קומט, קומט... — האָט קורץ קאָמאַנדירט דער לאָדזשער מיט די בערשטלעך.

— און געלט?

— אָט איז געלט! — לעווקאָווסקי האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער קאָמפּאַניע באַסקיסן, דעם יונגן, פאַרשעמטן מעצענאַט. ער איז געווען פאַרשעמט פון דעם גרויסן גליק, וואָס איז אים אויסגעפאַלן היינטיקע נאַכט. דער סקאַנדאַל ביי ריטאָוון האָט איבערגעשטיגן זיינע דערוואַרטונגען און באַסקיס האָט געפילט, אַז דער דאָזיקער סקאַנדאַל פאַרקניפּט אים, מאַכט אים פאַר אַ היימישן צווישן דער חברה קינסטלער.

דער אַלטער מאַרק האָט געדולדיק איבערגעוואַרט ביז די קליינע צעהיצטע קאָמפּאַניע וועט אַריבער מיט איר געפילדער, כדי צו ענדיקן רואיק זיין פאַרטאָגיקן זיסן שלאָף. ווייט גיין האָט מען נישט באַדאַרפט. די צווייטע גאַס נאָכן מאַרק איז שוין געווען אַזאַ, אַז וווהין דו זאָלסט נישט ווענדן דעם בליק — שפּאַרט ער זיך איין אָדער אין דעם ווינקל פון אַ קאָשציאָל אָדער אין אַ רויטן לאָמטערן. און די זייטיקע, נאָך שמעלערע געסלעך זענען אויך געווען באַצירט מיט רויטע לאָמטערנעס. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין דער הויפּטגאַס ווי די כינעזישע מינדעריעריקע גאַסן־פרויען אָן דער מאַמעס פּאָלע.

דער לאָדזשער פוטוריסט איז געווען דער אָנפירער. ער האָט פאַרקירעוועט אין אַזאַ שמאָל געסעלע אַז מען האָט, דוכט זיך, געקאָנט אונטערשפּאַרן די מויערן מיט ביידע אויסגעשטרעקטע הענט.

— שטילער, קינדער, דאָ קאָן מען נאָך כאַפּן מיט אַ מעסער אין זייט.

— און דו האָסט שוין געכאַפּט?

האָט פאַר אים געענטפערט זיין חבר דער דיכטער מיט דער נאָז, געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— יאָ, געכאַפּט... אָבער נישט אין זייט און נישט מיט אַ מעסער.

— ב—ר—ר!

לעאָן האָט געטראַכט וועגן זיין טעמע. ער האָט איינגעפונען, אַז אַפילו די איצטיקע עקספּעדיציע אין די שמאָלע געסלעך מיט די רויטע לאָמטערנס קאָן מען אין דער טעמע אַריינפלעכטן. און, בכלל, ווען מען זאָל האָבן אָפענע אויגן, איז די גאַנצע ווירקלעכקייט איין שטיק ליטע־

ראַטור. מען דאַרף נאָר זיין געשטימט צו קוקן אַרום זיך דורך... פּאַפּי־
רענע ברילן — אַ הערלעכע שטימונג!

— ש—שאַ, חברה!

דער לאַדזשער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ פאַרהאַנגענעם פענצטער.
שייקען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס פענצטער איז פאַרהאַנגען מיט אַ
פּרויען־העמד. און אָט האָט זיך אַ ברעג פון העמד אויפגעהויבן. זעט
ער: צוויי אויגן מיט אַ באָרד. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך שטיל
געעפנט די דערבייאיקע טיר און דער עולם האָט זיך אַרײַנגעשאָטן אין
אַ פינצטערע קאַטאַקאָמבע. מען האָט זיך געהאַלטן אײנער פאַרן
אַנדערן, זיך אָפּגעטראָטן די פיס און פאַרשטיקט געלאַכט. אַלע האָבן
געשוויגן, ווי צונויפגערעדט זיך. אַ בלעכענער עמער איז אומגעפאַלן און
קײנער האָט שוין נישט אויסגעמיטן זיך אָנצושטויסן אָן אים מיטן פוס.
עס האָט געהאַלטן בײַם אויסברעכן דאָס גרויסע געלעכטער. האָט זיך
געעפנט אַ ליכטיקע טיר און אַ באָרד האָט זיך געבעטן פון דאָרט רחמים:

— אָן געוואַלדן, מענטשן! איר וועט מיר אויפוועקן מײַנע געסט!

— אַ, געסט, געסט! וואָס מאַכט מען עפּעס? וואָס האָסטו דאָרט
אין קעשענע, מײַן בלאָנדין?

שייקען האָט אַרומגעכאַפּט אַ ברונעטקע מיט הייסע הענט און אַ
הייס לײַב. ער וואָלט שווערן, אַז דאָס מיידל האָט אַ געהעכערטע טעמ־
פּעראַטור. מיט דער הייסער באַק האָט זי זיך צו אים צוגעטוליעט.

— פאַרוואָס האָט מען דיך אַזוי לאַנג נישט געזען בײַ אונדז?

—אַ דאַנק פאַרן פרעגן. וואָס מאַכסטו עפּעס?

שייקע האָט דאָס מיידל געזען דאָס ערשטע מאָל פאַר זײַן לעבן.
ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט צו זאָגן דעם אמת, וואָלט ער אַהער
בכלל נישט אַרײַנגעקומען. בײַ זײַן גאַנצער צוואַנציקיט האָט ער
קײנמאָל נישט געהאַט קײן נאָענטע באַגעגעניש מיט אַ גאַסן־פרוי.

און אָט פאַרבינדט זי אים אַזוי היימיש דעם קראַוואַט, ווי נאָר אַ
נאָענטע באַקאַנטע און ענטפערט אים אויף זײַן פראַגע, וואָס זי מאַכט,
מיט אַ ציגײַנישער פאַכמענישער פשטות.

די איבעריקע חברה איז שוין אויך פאַרטײלט פאַרווייז מיט פאַר־
שלאָפענע מיידלעך, גראָבע און דאַרע, האַלב־נאַקעטע און אָנגעטוענע,
ווי צום גיין שפּאַצירן.

ביים לאַדזשער מיט די בערשטלעך זיצן אַזש צוויי מיידלעך אויף די קני. לעאָן שמועסט זיך דורך מיט אַ קליין מיידל, וואָס אימיטירט מיט איר אָנטאָן אַ גימנאַזיסטקע, אַ גימנאַזיסטקע מיט אַ פּנים פון אַ סאָלדאַט. און דער צימער איז אומהיימלעך־לאַנג, ווי אַ וואַגאָן. און עס פעלן בענקלעך, זיך אַוועקצוזעצן. מיט דער באָרד פּערטראַקטירט דער לאַדזשער דיכטער מיט די נאַסע האָר, און דער פּעטער שאָקלט צו מיטן קאָפּ און ציילט מיט די אויגן די פרישע געסט.

— נו, נו, מ׳עט שוין קריגן, פּאַר געלט קריגט מען. דריי פלעשער, פיר פלעשער. האַ? עכטן, עכטן! פון פוקערס ווייַנקעלער, וואָס מיינט איר עפּעס. צו מיר קומען אַריין אָפיצירן!

און דער פּעטער ציט אַרויף זיין קאַפּאָטע אויפן לאַנגן גע־קעסטלטן קאַפּטל אַרויף. ער וועט גיין באַזאָרגן וויין. שייקע האָט געפונען אָן אָרט צום זעצן זיך, אין ווינקל צימער, אויפן שלאָפבאַנק. דאָרט איז עפּעס אַ שוואַרץ קליין פּעקעלע געלעגן. ער האָט באַמערקט דאָס פּעקל ערשט דאַן, ווען די מיידלעך האָבן געמאַכט אַ קוויטשיקן גוואַלט, פאַרוואָס ער זעצט זיך. זיין הייסע ברונעטקע האָט אויך גע־שריען און אים געשלעפּט ביי דער האַנט פון שלאָפבאַנק. צום גליק האָט זיך נאָך שייקע נישט געהאַט אַוועקגעזעצט. באַצייטנס זיך אומ־געקוקט אויפן פּעקעלע.

— וואָס איז דאָ אַזוינס?

— אַ קינד! זעסט דען נישט?

אין פּעקל איז באמת געלעגן אַ קליין קינד, אין גאַנצן פון אַ וואָכן פינף־זעקס. געלעגן איינגעוויקלט אין שוואַרצן און רואיק געשלאָפן.

האָט איצט דער גאַנצער עולם נייגעריק אַרומגערינגלט די שלאָפ־באַנק, געקוקט אויפן קליינעם שלאָפנדיקן פּנימל. אַ קינד אויפן שלאָפ־באַנק אין שאַנד־הויז.

שייקע, וואָס האָט שיער זיך נישט אַוועקגעזעצט אויף דעם, האָט זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטאָן דאָס שלאָפנדיקע קינד.

מיידלעך הינטער אים האָבן זיך צעלאַכט.

— וועמענס איז עס? — האָט עמעץ פון דער חברה געפרעגט.

— אונדזערס — האָבן די מיידלעך געענטפערט.

— אירס, — האָט איינע אָנגעוויזן אויף שייקעס ברונעטקע.

זי האָט זיך געטוליעט צו אים מיט איר הייסן לייב און שייקע האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיין דאַמע האָט אַזאַ הויכע טעמפּעראַטור.

ער האָט זי אַרומגענומען ביי דער וואַרעמער טאַליע און זיך צוגע־דריקט צו איר הייסער באַק.

— לאַמ—טאַ—דאַ—ריטאַם! — האָט דער לאַדזשער דיכטער זיך צעזונגען — וועלן מיר מאַכן אַ מזל־טוב.

און דער פּעטער האָט געפינטלט מיט בלייענע אויגעלעך און זיך געבעטן:

— אָבער שטילער! איר וועט מיר אויפוועקן מיינע געסט.

און פּלוצלונג איז ער געוואָרן אינטים אָפּנהאַרציק.

— וואָס זאָגט איר צו מיין אומגליק? — ער האָט אָנגעוויזן אויפן קינד אין פּעקל — האָבן זיך איינגעשפּאַרט: האָדעווען דאָס קינד!

האָט זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט די אימיטירטע גימנאַזיסטקע מיטן שוואַרצן שערצל.

— פאַרוואָס נישט? און אַ קאַץ מעגט איר האַלטן, פּעטער עוזר? און אַ קאַנאַריק? צוויי קאַנאַריקעס!

ביים פּעטער עוזר האָט זיך אָנגעגאָסן דער קאַרק מיט בלוט און די בלייענע אויגעלעך זענען פאַרלאָפן אונטערן שטערן.

— בהמה! וואָס פאַרגלייכסטו! דאָס איז דאָך אַ מענטש!

— כאַ—כאַ—כאַ! אויך מיר אַ מענטש! — האָבן געליאַרעמט די מיידלעך אַרום און מיט גרויס אייפערזוכט אָפּגעטריבן איינע די אַנ־דערע פון שלאָפנדיקן קינד. יעדערע האָט עס געוואָלט אַ קוש טאָן.

אין אַ מינוט צען אַרום איז די גאַנצע קאָמפּאַניע געזעסן אין אַ באַזונדערן צימער ביי צוויי צוזאַמענגעשטעלטע טישלעך. שטולן האָבן געפעלט, איז מען געזעסן אויף די מיידלשע בעטן און פון דער וואַנט האָבן אַראָפּגעקוקט צוויי פּאָרטרעטן: דער קייזער מיט דער קייזערין.

דער פּעטער עוזר אַליין האָט געעפנט די פלעשער וויין און אָנגע־גאָסן אין טיי־גלעזער. ער האָט זיך געפילט מאָדנע היימיש מיט דער קאָמפּאַניע, ווי ער וואָלט זי אויפגענומען ביי זיך, אויף אַ היימישער שמחה. אַ פּאָר מיידלעך האָבן זיך באַציימנס אויסגעטאָן און געזעסן ביי זייערע קאַוואַלערן אויף די קני אין איינע העמדער. אַ יידל מיט רויטע אויגן און מיט אַ קויש איז אויסגעוואַקסן אין צימער און פאַרגעלייגט

קויפן שפיגעלעך, קעמעלעך, שמעקעדיקע זייף. אַ צווייטער ייד אין אַ געשטריקטן קאַמזויל און מיט אַ פּנים פון דער באָבע יאכנע האָט אַריינ־געברענגט אַ גיטאַרע מיט נאָטן און זיך אַוועקגעזעצט גרימפּלען פון „שולמית״.

דער לאַדזשער מיט די בערשטלעך האָט געהאַלטן אַ העברעאישע דרשה מיט אַ ספרדישער הברה. דער עולם האָט געלאַכט, די גיטאַרע האָט געשפּילט „התקוה״, און איינע פון די מיידלעך, אַ צעהיצטע פון דעם ווייַן, האָט אויסגעשריען צום לאַדזשער:

— דו לייגסט ווי אַ הונט! דו קאָנסט גאָר קיין העברעאיש נישט. דו מאַכסט דעם אָנשטעל.

האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט יאָ געקאָנט אַביסל און זי האָט טאַקע אמת געזאָגט. דער לאַדזשער פוטוריסט האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן און פּונקט ווי ער האָט פריער אימיטירט די קלאַנגען פון אַ העברעאישער דרשה האָט ער איצט אָנגעהויבן ריידן ענגליש. ווי וואָסער, און קיין ענגליש האָט ער אויך נישט געקאָנט.

זיין חבר מיט די נאַסע האָר האָט אָנגעקלאַפּט מיטן בלייפעדער אין טיש, אַלס צייכן, אַז ער האָט געענדיקט שרייבן זיין אימפּראָוויזאַציע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען לעזן פון פּאַפּיר:

אַן אַלטער לץ ברומט אויס אויף זיין גיטאַרע
דאָס שטילע ליד, דעם ניגון פון שולמית.
אין זומפּ פון טומאה, אויפן גאָלד פון טהרה
צעשמייכלט זיך אַ קינד פון זיבן מאַמעס.

און אַלע מאַמעס — יונגע ווייבער זיבן —
זיי שטרעקן אויס צום קינד די פולע בריסטן,
און ריינע מילך פון מוטערלעכער ליבע
באַשפּריצט די ווענט פון טומאה־זינד פאַרמיסטיקט.

און ס'ציטערן ביים לץ די פינגער דאַרע,
דערוועקנדיק אַ קלאַנג פון זיין גיטאַרע,
באַוועגנדיק די האַרציקע שולמית,
צו זינגען פאַר דעם קינד פון זיבן מאַמעס.

— בראַוואָ! בראַוואָ! פאַר דעם נייעם וואַרשעווער בירגער!

— פאַר דיין קינד! — האָט שייקע פשוט געזאָגט צו זיין הייסער דאמע — און ער האָט אָפּגעזופּט פון גלאָז ווייַן. די שווארצע האָט זיך דאנקבאַר געדריקט צו אים, און זי האָט אים געשטערט. ער האָט גע־האַלטן אין צייכענען דעם גיטאריסט. אויף אַ ברעג טיש, אויף אַ שטיקל פּאפּיר. יענער האָט דאָס באַמערקט און זיך באַליידיקט.

— איך וויל נישט, יונגערמאַן! איר הערט? איך וויל נישט, אייַ זאָלט פון מיר מאכן חוזק! אַרויסטראָגן מייַן חרפּה פאַר דער וועלט! גענוג, אַז מען האָט איין מאָל פון מיר חוזק געמאַכט. האָט מען מיר כאָטש באַצאָלט ווי געהעריק.

דער אַלטער מיטן פּנים פון דער באָבע יאַכנע האָט געטרונקען און געוויינט. לעאָן איז צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל דערציילן, ווי אזוי מען האָט פון אים חוזק געמאַכט און באצאָלט פאַר דעם.

און די באבע יאכנע האָט געוויינט, געזופּט פון גלאָז און דערציילט:

אַמאָל איז ער יונג געווען. אַמאָל האָט ער געשפּילט ביי גאָלדפאַ־דענען אין בוקארעשט. אָבער רחלע האָט אים נישט געוואָלט: וואָס טויג איר אַ בחור אַ קבצן? איז אַראָפּגעקומען קיין בוקארעשט אַ צירק מיט לייבן. לייענט ער אַן אַנאָנס: ווער עס נעמט זיך אונטער צו געבן קאָנ־צערט אין אַ לייבנשטייג, וועט קריגן גוט באַצאָלט. איז ער אַוועק צום דירעקטאָר. איז ער גרייט צו זינגען שולמית אין לייבנשטייג!

דריי מאָל האָט ער געזונגען און אָפּגעגעבן רחלען די שווערע געל־טער, זאָל זי קלויבן, וועט ער אנטלויפן מיט איר קיין אַמעריקע.

נאָכן פערטן קאָנצערט האָט ער שוין נישט געהאט וועמען אָפּצוגעבן דאָס געלט.

רחלע האָט געהאלטן, אַז זי האָט גענוג. בעת ער האָט געזונגען ביי די לייבן איז זי אנטלאָפן מיט אַ ציגיינער קיין סטאַמבול...

— אַזוי, אַ מעשה!

— לאָמיר טרינקען פאַר דער לייַדנדיקער מענטשהייט!

— הורא! הורא!

— ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט...

— קינדער, מאַכט נישט קיין טומל, מייַנע געסט וועלן זיך אויפ־כאפּן!... ווער פון אייך בלייבט שלאָפן?

— ווער שלאָפן? וואָס שלאָפן? ס'איז דאָך שוין טאָג!

— זאָל לעבן דער נייער טאָג!

## 8

# מיט דער טעמע האַלט שמאָל

אין פריען פרימאָרגן האָט לעאָן געשפּאַנט אַהיים אַ פאַרשלאָפענער. שלאָפן האָבן, דוכט זיך, בלויז די אויגן געוואָלט. דער קאָפּ איז געווען מונטער, די פאַנטאַזיע האָט אָנגעבויט פּיתום ורעמסס. איבער דער נאַכט איז די טעמע פון זיין ראָמאַן זיך צעוואַקסן און האָט, דוכט זיך, געהאלטן אין וואַקסן מיטן קוק, ווי עס וואַקסט מיטן קוק דער זאַנג פון מאַנגאָ, וואָס אַ אינדישער פאַקיר האָט פאַרזייט. מאָמענטנווייז, ווען לעאָן ברוינער האָט גייענדיק געכאַפּט אַ דרימל, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז צענדליקער קאַפּיטלען האָט ער שוין אָנגעשריבן און זיי ליגן ביי אים אין טיש־קעסטל, גרייטע צום דרוק. ס'איז אים נאָר געווען אַ שאָד, וואָס די אויגן פאָלגן נישט און קלעפּן זיך און לאָזן פאַרביי אַזאַ שיין קאַפּיטל פון לויטערן פרימאָרגן, ווען מענטשן גייען צו דער אַרבעט. די גאַס, די הייזער, די מענטשן — זיי קלאַפּן אין די לאַדנס פון זיינע אויגן־לעפל און בעטן זיך רחמים: נעמט אונדז אַריין אין ראָמאַן! און אָט שטייט שוין לעאָן ביים טויער פון זיין הויז און אין די אויגן רייסט זיך אים אַריין די פיגור פון דעם סטרוזש מיטן בעזים. די פיגור פאַרנויגט זיך טיף הכנעהדיק און מיט אַ באַסאָוון געלעכטערל אויפן ניכטערנעם האַרצן.

— דזשיען דאָברי פּאַנו רעדאַקטאָראָווי! כע־כע־כע! שוין באַלד דער פופצנטער! כע־כע־כע!

אַ פאַרכישופטע דאַטע איז געווען דער פופצנטער. אין דעם טאָג פלעגט וואַיטשעך באַקומען פון די לאַקאַטאָרן חודש־געלט. און וואָס נענטער צום פופצנטן — אַלץ טיפער פאַרנויגט ער זיך, אַלץ העכער באַגריסט ער'. און וואָס ווייטער פון פופצנטן — אַלץ שטייפער ווערט זיין סטרוזשער רוקן, ביז עס ווערט שטייף און גלייך ווי דער שטעקן פון זיין בעזים און פאַרנויגט זיך נישט און דערקענט שוין נישט דעם פאַן רעדאַקטאָר. איצט פאַרנויגט ער זיך טיף און נעמט אַראָפּ דאָס היטל. וואַיטשעך האַלט אין היטל די פאַטשט. און אָט דערמאָנט ער זיך, אַז ס'איז אָנגעקומען אין אָוונט אַ בריוו צום פאַן רעדאַקטאָר, האָט ער אים ביים בריוו־טרעגער איבערגענומען.

— פּראָשע! דליאַ פּאַנאַ רעדאַקטאָראַ!

מיט שלאָפנדיקע אויגן האָט לעאָן אויפגעריסן דעם קאָנווערט אויף די פינצטערע שטיגן און אין זיין האַלבן דרימל האָט זיך אים געדאַכט, אַז נישט ער טוט עס, נאָר עפּעס איינער פון זיינע העלדן פון ראָמאַן. מען האָט נאָך גענדארפט צוטראַכטן אַן אינהאַלט פאַר דעם בריוו, אָבער אויף דעם איז שוין דער מוח צו מיד געווען. דאָס וועט ער לאָזן אויף מאָרגן, און לעאָן, ס׳הייסט, נישט ער, דער העלד פון זיין ראָמאַן רוקט אַריין דעם בריוו אין קעשענע. אָט מיט אַזאַ באַוועגונג.

און אָט האָט ער שוין דערטאַפּט מיטן שליסל דעם לאָך פון קלאַפּ־שלאָס. און אָט איז ער שוין ביי זיך אין קאַבינעט. לעאָן קוקט פאַר־בענקט אויף דער ווייכער קאָזעטקע. באַלד וועט ער זיך אויסציען און כאַפּן דעם אמתן דרימל. אין שלאָפצימער וועט ער נישט אַריין. ער וויל נישט אויפוועקן באַסיען.

אגב, האָט זיין פאַרשלאָפענער מוח א שטיקל מיין דערביי. ער וועט קענען זאָגן, אַז ער איז פריער געקומען אַהיים, אַז ער איז געזעסן ביי זיך אין קאַבינעט און געאַרבעט.

אָבער ביים אויסציען זיך אויף דער קאָזעטקע פאַלט זיין בליק אויפן קאַלענדאַר: דער צענטער. נעכטיקע דאַטע. מען דאַרף אַראָפּרייסן... שוין באַלד דער פופצנטער, פאַניע רעדאַקטאָזשע! כע־כע־כע! אַ קאָמישע בריאה דער וואָיטשעך! וואָס האָט ער עפּעס צוגעטראַכט אויף די שטיגן? יאָ: ווי אַזוי אַזאַ מין וואָיטשעך דערלאַנגט אַ בריוו דעם העלד פון זיין ראָמאַן. אָבער ווי פאַלט עס אים איין אַזאַ סצענע? אַך, ניין, דאָס איז ד׳אָך געווען אינדעראמתן. וואָיטשעך האָט אים דאָך טאַקע דערלאַנגט אַ בריוו. אָט שטעקט אַרויס פון קעשענע אַ בלאָער קאָנווערט, און לעאָנען פאַראינטערעסירט מיטאמאָל דער קאָנווערט. זיין אויפגעוואַכטער מוח זאָגט אים, אַז אַ בריוו אויפן היימישן אַדרעס קאָן ער באַקומען העכסטנס פון אַ דיכטער און אָנפאַנגער, וועלכער וויל נישט אַריינפאַלן אין קאָרב פון דער רעדאַקציע, אָבער דער קאָנווערט איז עפּעס צו עלעגאַנט פאַר אַ פּראָווינציעלן קאָרעספּאָנדענט. אפשר שרייבט עס גאָר אַ מיידל צו אים? וואָס איז? האָט זיך דען נישט געטראָפן, אַז ער האָט באַקומען בריוו פון אומבאַקאַנטע מיידלעך?

לעאָנס גרויסער גוף ליגט מיד־אַפּהענטיק, אויף דער קאָזעטקע אויסגעצויגן, די פאַרזשמורעטע אויגן זעען דעם שפּיץ פון דעם בלויען

קאָנוווערט, ווי דורך אַ שיטערן פאַרהאַנג און דער מוח לויפט אין אַ שלעפעריקער פאַנטאַזיע, ווי אַ משוגע־געוואָרענער זייגער.

. . . זיין העלד האָט באַקומען אַ בריוו פון אַן אומבאַקאַנט מיידל. טייערער מיינער! ליבסטער מיינער! — שרייבט זי אים. דו קענסט מיך נישט און דו ווייסט מיך נישט, אָבער מיין האַרץ איז מיט דיר שוין פון לאַנג, זינט איך האָב איבערגעלעזן דיין פרעכטיקע נאָוועלע: „דער גאָרטן שטייט אין בליענדיק".

לעאָן כאַפּט זיך אויף פון אייפערזוכט. ער איז אייפערזיכטיק אויף זיין העלד. וואָס? ער וועט גיין באַשאַפן העלדן, כדי אומבאַקאַנטע מיידלעך זאָלן צו זיי שרייבן ליבעס־בריוו? ער אַליין איז בילכער!

און ער צעלאַכט זיך, לעאָן. שוין אינגאַנצן אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם דרימל. דער בריוו איז דאָך טאַקע צו אים!

ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער קאָזעטקע, ציט אַרויס דעם בריוו פון קאָנווערט און אָט ליגט ער שוין און לעזט:

„האַרציקע מיינע, איינציקע מיינע!"

וואָס? דאָס שרייבט גאָר דער העלד? נו, זאָל זיין אַזוי. די פאַנטאַזיע האָט זיך אירע קאַפּריזן, וועלכע מען מוז אַמאָל נאָכגעבן. אינטערעסאַנט!

„האַרציקע מיינע, איינציקע מיינע!

דו ווייסט דאָך ס׳אַרא הייס בלוט איך האָב. און אָט דאַרף איך דיך צערטלען מיט ווערטער, אַנשטאָט צו צערטלען דיך מיט מיינע הייסע, משוגענע הענט".

— אָהאָ! — לעאָן גיט זיך אַ הויב אויפן עלנבויגן, גיט זיך אַ קניפּ אין באַק.

ניין, ער חלומט נישט. ער פילט אַפילו, ווי עס קלאַפּט אים דאָס האַרץ. גאָט שיקט צו דעם שפּינער זיין ליין און דעם טרינקער זיין וויין. אים, לעאָנען, האָט גאָט צוגעשיקט עמעצנס אַ הייס בריוול צו אַ דאַמע. און דער קאָמישער וואַיטשעך האָט עס באַדאַרפט זיין דער שליח. וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע קאָמבינאַציע! אמת, טאַקע, עס פּאַסט נישט צו לעזן קיין פרעמדע בריוו. אָבער ער לעזט דאָך שוין סיי־ווי־סיי. דעם קאָנווערט האָט ער דאָך נאָך פריער אויפגעריסן. און דאָס שרייבט דאָך אַ יונגערמאַן מיט טעמפּעראַמענט. ניין, ער וועט שוין לעזן ביזן סוף און נאָכהער זיך צוקוקן דורכן פענצטער פון קאַבינעט צו די דאַמען, וועלכע ווינען אין

דעם הויף און פרווון טרעפן — צו וועלכער. ער האָט זיך קיין מאָל נישט אינטערעסירט מיט די יונגע, אויסגעפּאַשעטע שכנות פון הויף. ווי קאַלטע פיש האָבן זיי אויסגעזען אין זיינע שרייבערישע אויגן. אוי, לעאָן, ביסט אַ טיפּש! דו ווייסט אַפילו נישט, אַז אונטער דער אויסערלעכער קאַלט־קייט פליסט אַזויפיל הייס־זינדיק בלוט!

און גלאַט, ווי פיין דאָס איז: ער, זי און לעאָן דער דריטער. הינטער דער פּאַרטיטוריע פון זיין פּענצטער. ער ווייסט זייער סוד און קען אַפילו זייערע נעמען נישט! וואָס־זשע שרייבט ער צו איר?

„דו ווייסט דאָך ס׳אַרא הייס בלוט איך האָב“... דאָס האָט ער שוין געלעזן... ווייטער ־ אָט: „...דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ ביטערע נעכט איך האָב. ווי עס פּייניקט מיך, פאַרפאָלגט מיך דער בלאַסער פלאַם פון דיינע איידעלע גלידער! מיינע אויגן ווערן מיר טרוקן פון אויסקוקן די הייסע פינצטערניש. און מיינע הענט קנייפּן און רייסן די קישן, קנייפּן ביז בלוט מיין אייגן לייב. איך בין גרייט זיך צעברעכן די פינגער“...

— אַ קאַווקאַזער טעמפּעראַמענט; — אַנטציקט זיך לעאָן — אַ קאַווקאַזער! אויב ער זאָגט נאָר קיין ליגן נישט...

„... צו וואָס שרייב איך דיר דאָס? איך ווענד זיך נישט צו דיין האַרץ, וואָס איז פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער, נישט צו דיין בלוט, וואָס דו האָסט דעם כוח צו הייסן עס שטיל־שווייגן. איך ווענד זיך צו דיין מח. איך ווייס, אַז דיין גאַנצע ליידנשאַפט איז קאָנצענטרירט ערגעץ אין מח ביי דיר. דאָרט שפּילן זיך אָפּ די ווילדסטע אָרגיעס. דיין פּנים איז בלאַס, דיינע אויגן — שטיל. אָבער דיין מח איז אַ גיהנום. און איך וויל דעם גיהנום נאָך מער אונטערצינדן... מעגן אַפילו מיינע ווערטער אָפּהילכן אין דיין מח, ווי דאָס רעוועז פון אַ צערייצטן אָקס!...“

— הם! אַ בחור!

לעאָנען ווערט מיטאַמאָל נישט אָנגענעם דאָס לעזן דעם פרעמדן בריוו. ווי דער ריח פון הייסן, פרעמדן שווייס וואָלט אים אין דער נאָז אַ זעץ געטאָן. אָדער, טאַקע, ווי דאָס רעוועז פון אַן אָקס.

לעאָנען ציטערט די האַנט מיטן בריוו. אים דוכט זיך, אַז ער איז אייפערזיכטיק אויף יענער אומבאַקאַנטער דאַמע, וואָס אַ פרעמדער יונגער מאַן פאַלט אָן אויף איר לייב און לעבן מיט זיין קאַווקאַזער טעמפּעראַמענט. ווייזט זיך אַרויס, אַז באַאָבאַכטן יענעמס אָפענע ליי־

דנשאַפט איז גאַרנישט פון די עסטעטישע זאכן. און זי, די בלאסע דאמעלע? עפּעס קומט זי פאַר לעאָנען צו זיין באַקאַנט.

אָבער לעאָן איז אַ דזשענטלמען. ער וועט ניט אויפהויבן דעם בלויען קאָנווערט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער פּאָדלאָגע. ער וועט נישט נאָכקוקן דעם אַדרעס פון אן אומבאַקאַנטער דאמע, וואָס מיט עטלעכע הייסע ווערטער האָט דער צערייצטער קאַווקאַזער אָקס פון איר לייב די קליידער אַראָפּגעריסן. דאָס איז זייער זאך. זייער אינטימע זאַך.

דער יונגער מאן שרייבט זיך אונטער מיט אַ צעשויבערטן איניציאַל.

אפשר מאַכט עס: דיין ט. און אפשר: דיין ש.

דער בריוו איז שוין אויך אַרויסגעפאלן פון דער מידער האַנט און זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער פּאָדלאָגע. א ווײלע איז לעאָן געלעגן ווי אין היגהערפלעט, געוואַרט, ביז עס וועט זיך אויסוועבן דאָס שטאַרקע, אָבער אומאנגענעמע געפיל פון בריוו.

אָבער דאָס געפיל האָט זיך נישט אויסגעוועבט. די ווערטער האָבן נאָכגעהילכט מיט אַ שטאַרקן רעזאָנאַנס. די נייגעריקייט האָט גובר געווען דעם דזשענטלמען און לעאָן האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָנווערט פון דער פּאָדלאָגע. ער מוז דאָך סוף־כל־סוף איינשלאָפן און ער וועט זיך נישט באַרואיקן, ביז ער וועט זיך נישט דערוויסן דעם נאָמען פון דער שכנה, וואָס דער טיפּש וואָיטשעך האָט איר געדאַרפט איבערגעבן דעם בריוו.

וואָס? ער חלומט ווידער? וואָס איז דאָס פאַר אַ העסלעכע פאַנ־טאַזיע?

„צו דער געערטער פרוי באַסיע ברוינער — אין די אייגענע הענט“.

אין אַזאַ פאַל זאָגט מען: ווען א דונער וואָלט אריין דורכן פענצטער, וואָלט עס אים ווייניקער איבעררּאשט.

ניין, ס'איז פאַראַן אַן ערגערע איבעררּאַשונג. די איבעררּאַשונג פון אַ מענטשן, וואָס איז אַלע זיבע טעג געווען אזוי מיט זיך אליין פאַר־נומען, אַז ער האָט זיך נישט אַרומגעזען, ווען איז ער געשטאָרבן. איצט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט נאָכן טויט.

און מיט אַ פרעמדער טויטער האַנט האָט לעאָן נאָך אַמאָל צוגע־טראָגן דעם קאָנווערט צו די אויגן. יאָ, עס שטימט. צו באַסיע ברוינער איז דער בריוו. צו זיין שטילער באַסיע. ער איז געווען אַזוי זיכער אין זיין פעסטונג, אין זיין שטילער היים. אָט ברענט זי, זיין שטילע היים, פלאַ־

קערט העל און לויטער. מיט אַ קנאַק, זיין נעסט האָט זיך צעפלאַקערט, בעת ער איז געשלאָפן, אליין אין זיך פאַרטאָן.

— געוואַלד!

ווער שרייט עס געוואַלד, ווען דער דאָך האָט שוין אָפּגעברענט? לעאָן זיצט אויף דער קאָזעטקע אַן איינגעהויקערטער, מיט געליימטע הענט און פיס.

— געווא—אַ—לד!

ווער שרייט עס דאָרט? ווער געוואַלדעוועט אזוי פּארשפּעקטיקט? ער האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָכן טויט. קאָן דען ווער דערהערן די געוואַלדן פון אַ טויטן?

וואָס וויל דער טויטער טאָן? ער וויל וועקן באַסיען, אַרייַנשטעכן איר דעם בריוו אין אירע אומפאַרשעמטע, שווייגנדיקע אויגן? אַ שטיל וואַסער גראָבט טיף.

צו שפּעט האָט ער זיך געכאַפּט, אז אַ שטיל וואַסער גראָבט טיף.

— כאַ—כאַ! דער טויטער וויל פּאַטשן! ער וויל לויפן אויספּאַטשן די אומפאַרשעמטע, בלאַסע באַקן אירע! ווער וועט עס הערן און ווער וועט עס פילן זיינע טויטע פּעטש?

און האָט אַ טויטער דאָס רעכט צו זיין אייפערזיכטיק? ער, דער קאָמאנדאָר פון דאָן־זשואַן! אָבער ניין, לעאָן ברוינער איז נאָך נישט אינגאנצן טויט. טויטע פילן נישט אַזאַ שטאַרקן ווייטיק, טויטע געוואַלדעווען נישט אַזוי פון געברענטע ווונדן. און טויטע לאַכן נישט אַזוי סאַרקאַסטיש פון זייער אייגענער מענטשלעכער נאַרישקייט!

ער', לעאָן ברוינער, וואָס ער קומט ערשט פון אַ שאַנד־הויז, האָט געפונען אַ ליבעס־בריוול צו זיין ווייבל; אָט איז אַ טעמע! אַ גאָלדענע טעמע! באַסקיס האָט זיך געוועט מיט אים אין אַ פינפהונדערטער. איז דען נישט ווערט קיין פינפהונדערטער אַ לעבעדיק שטיק פלייש פון זיין אייגן האַרץ אויסגעשניטן? באַסקיס — שיילאָק, לעאָן — אַנטאָניאָ! ניין, צו ביליק פאַרקויפט ער זיין פלייש. צען מאָל, צוואנציק מאָל ווערט זיין האַרץ אויפגעשניטן. אַ גרויסער פלאָג איז צו פארמאָגן אַ לעבעדיקע פאַנטאַזיע, וועלכע איז דיין אייגענער שונא און לאָזט זיך נישט צוימען. צענדליקער באַקאַנטע מענער ווימלען פאַר זיינע אויגן. דווקא אַזעלכע, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן ווייט פון זיי. וואָס טוט זי מיט זיי — מיט די מענער אָט די בלאַסע באַסיע זיינע, די פרוי מיט די כשרע אויגן? אָט

טאַנצט זי אַ נאַקעטע, ווי האנקע אין ריטאָווס אַטעליע, אַ נאַקעטע און אַ ניכטערע. און ניכטערהייט פאַלט זי אַ נאַקעטע צו יעדן פון זיי אין די אָרעמס. לאָזט זיך דריקן, לאָזט זיך האַלדזן, זויגן דאָס לייב, שלענגלט זיך אַרויס פון איינעם, כדי צו פאַלן אין די אָרעמס דעם צווייטן, דעם דריטן!...

— אוי—אוי—אוי! דאָס וויינט ער אַזוי, לעאָן. דאָס וויינט אין אים אַזוי. ער הערט נישט, ווי ער וויינט. ער פילט אָבער ווי אַלץ וויינט אין אים. זיין גוף האָט זיך אויסגעלאָדן אין אַ מבול פון געוויין. אַלע טויטע וויינען אָן טרערן און אָן אַ שטים. ער אויך.

ער פילט אַפילו נישט ווי טרערן רינען אים איבער די באַקן, טריפן אַראָפּ אויף די געליימטע הענט. און אָט ליגט ער שוין מיטן קאָפּ צו דער וואַנט, אַ מידער, אַ צעבראָכענער, די נערוון זענען אָפּגעשוואַכט. די פאַנטאַזיע האָט נאָכגעלאָזט איר משוגענע מאלעריי פון העסלעכע פּייני־לעכע בילדער.

לעאָן פילט זיינע אָנגעברענטע אויגן, ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט פון זיי דעם בראַנפן אויסגעוויינט, דעם בראָנפן, וואָס ער האָט די פאַר־גאַנגענע נאַכט אויסגעטרונקען. ער, דער באָהעמע־מענטש.

ער טראַכט. סקאַרבאָווע מחשבות טראַכט ער.

מען לעבט נישט אויף צוויי וועלטן. מען איז נישט קיין באָ־העמע־מענטש אין גאַס און באַלעבעסל אין דער היים. דאָס לעבן איז זיך נוקם פאַר אַזאַ קאלטער חכמה. ווער האָט אים דען געהייסן זיך שאַפן אַ אילוזיע פון ריינעם פאַמיליען־לעבן!

אמת, ער האָט זיי בירושה, די באַלעבאַטישע נויגונגען. פון באַ־לעבאַטישע טאַטע־מאַמע זיי איבערגענומען. האָט דאָך דער טאַטע גע־האַנדלט מיט מעל און די מאַמע — געבענטשט ליכט!

און ער? ער האַנדלט דאָך מיט עסטעטיק, מיטן פיינעם וואָרט. ער ווייס דאָך יאָ וואָס הינטער דעם פיינעם וואָרט שטעקט. ער, דער מאָ־דערנער מענטש, האָט דאָך יאָ געדאַרפט וויסן, אז דער חלום פון אַ שטילער משפחה איז איין גרויסער פרימאַ־אַפּריל־ליגן, וואָס מען קאָן מיט אים בלויז נאַראָנים אָפּנאַרן. ווו איז זיין שכל? פאַרוואָס האָט ער זיך אַליין געלאָזט פאַרפירן פון אייגענער איינרעדעניש? און פאַרוואָס פילט ער זיך איצט, ווי נישט ער אליין, נאָר באַסיע וואָלט אים אָפּגענאַרט? וואָס איז דען שולדיק באַסיע, אַז עס ברענט דער גיהנום אין איר מוח?

ווי גוט ער האָט דאָס באַמערקט — דער אַנאָנימער ליבהאָבער אירער! א זינדיקן מח האָט זי, באַסיע. זי איז געווען גוט און פרום און שטיל און צניעותדיק, אָבער דער גאַנצער פלאם האָט געבושעוועט ביי איר אין מוח. האָט ער דען נישט געוווּסט, לעאָן? און האָט ער זי דען נישט ליב געהאַט הויפּטזעכלעך טאַקע פאַר דער נישט אויסגעלאָדענער זינדיקייט אירער, וואָס ער האָט געפילט אין איר, וואָס ער האָט געקענט אין איר? „ווילדע אָרגיעס אין מוח ביי איר"! דאָס איז משמעות די בלום, צו וועלכער אַלע מענער פליען, ווי די בינען. ער האָט געוואָלט זי אויסבאַהאַלטן, איינהיטן פאַר זיך. ער האָט זי פאַרשלאָסן אין שטוב, געפרייט זיך, וואָס זי איז צום קינד צוגעבונדן. ער האָט ברוטאַל אַרויסגעריסן פון איר האַרצן אירע חלומות וועגן דער בינע, וועגן אַרטיסטישער טעטיקייט, ווייל אין די חלומות האָט ער געזען איר דראַנג צו באַהעמע, צום הפקר־לעבן. דער גיהנום האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון איר מוח אויף דער פרייער וועלט אַרויס.

— וואָס פאַר אַ טאַלאַנט האָסטו? ווייבערישע איינרעדענישן! קאַקעטעריע, היסטעריע און זינדיק בלוט! וואָס פאַר אַ טאַלאַנט האָסטו? וועסט גיין אויף דער בינע און גיין פון האַנט צו האַנט!

אַזוי, אומגעפער אַזוי, האָט ער פון איר מיט געברענטע אייזנס אירע חלומות אויסגעברענט. און זי, די שטילע באַסיע, האָט נאָכגעגעבן. זכות־אבות! ווי אים זיין איינגעבוירן באַלעבאַטיש געפיל, האָט באַסיען פאַרפאַלגט די גערירשנטע צניעות אירע, און די אַלטע, גוטע מידה צו זיין געהאָרכזאַם צו איר מאַן. וואָס־זשע האָט ער אויסגעפירט, לעאָן? האָט די מכה פון איר זינדיקייט נישט אויסגעשלאָגן אינדרויסן — איז דער סם אַריין אין אירע געבליטן. אַך, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן דאָס איז פאַר איר אויסגעלאָסענעם מוח, אָפּצונאַרן אים, לעאָנען, אינדערשטיל!

נייך, קיין אָפענע פרייע ליבע וואָלט איר אַזאַ תענוג נישט פאַרשאַפט!

ער וועט אָבער דעם תענוג פון איר סוד ביי איר אָוועקנעמען. כאָטש דאָס זאָל זי נישט האָבן!

לעאָן האָט ווידער געוויינט, ווי אַ קינד, אַ באַליידיקט קינד. געוויינט מיטן האַרצן, אָן טרערן. מיד פון אייגן געוויין, איז ער געבליבן ליגן אַ פאַרשטיינערטער, אַ פאַרשטאַרטער, מיט אַ צוגעקוועטשטן גע־

דאַנק, וואָס האָט שוין נישט קיין כוח געהאַט צו פּישטשען אַפילו. ווען אַ שרפה זאָל אויסברעכן אין הויז, וואָלט ער זיך פון אָרט נישט גערירט.

אַזוי איז ער געלעגן, ווען באַסיע איז אַריין אין קאַבינעט. אין איר לייכט, עלעגאַנטן שלאָפראָק איז זי אַריין, די בלאַסע, באָרוועסע פיס אין געשטריקטע, ווייכע גאָלדפאַרביקע לעטשעלעך. און די זעלביקע טונקעלע בלאַסקייט אויף איר בלויזן האַלדז. די צעפּ האָבן איר דעם קאָפּ אָפּגעצויגן, צניעותדיק האָט אויסגעזען איר גלאַטער, מיידלשער קאָפּ.

און אָט האָט זי פון צעשפּילעטן, לייכטן שלאָפראָק אַן אָטעם געטאָן אויף אים מיט דער דופּטיקער וואַרעמקייט פון איר לייב. לעאָן האָט די פאַרקוועטשטע פויסטן נאָך מער פאַרקוועטשט, די נעגל אין דער דלאָניע זיך איינגעשטאָכן.

— לעאָן, ביסט שוין לאַנג געקומען? שלאָפסט, לעאָן? פאַרוואָס ליגסטו אַזוי שטיל? פאַרוואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט? דו שווייגסט?

אומרואיק ווערט איר בלאַס פּנים. זי הייבט לאַנגזאַם און נישט זיכער די האַנט, וויל אָנרירן זיין שטערן.

— ביסט נישט געזונט, לעאָן? עפּעס אַ מאָדנעם אויסזען האָסטו. ווי דו וואָלסט געוויינט. האָסט געוויינט?

מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג ווענדט ער אָפּ דעם קאָפּ פון איר געצילטער האַנט. בלייבט איר האַנט אין דער לופט. קוקט זי פאַרחידושט. דערזעט זי דעם בריוו אויף דר'ערד.

האָט זי דעם בריוו לאַנגזאַם אויפגעהויבן, דערקענט די האַנטשריפט און זיך לאַנגזאַם אויסגעגלייכט. זי האָט זיך אָפּגעקערט, אַרויסצוגיין פון צימער. זי האָט זיך אָבער אַנטשידן אומגעקערט און נאָך אויפגעהויבן דעם קאָנווערט אויך. און דאַן ערשט איז זי לאַנגזאַם אַרויס מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. די שווערע צעפּ האָבן איר דעם קאָפּ אָפּגעצויגן.

9

# האַנדל — האַנדל!

דאָס בילד וואָס מען האָט אַלע טאָג פֿאַר די אויגן, הערט מען אויף צו זען. עס ווערט בטל, עס בלייבט נאָר איבער אַ גרופּע פֿלעקן אין אַ ראַם, מעג דאָס זיין אַפֿילו די באַרימטע דזשיאָקאָנדע אַליין.

דאָס בילד פֿון די טומלדיקע נאַלעווקעס — דאָס איז געווען די „דזשיאָקאָנדע", וועלכע ישראל האָט אַלע טאָג געהאַט פֿאַר די אויגן, גייענדיק צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט.

מיט דריי יאָר צוריק, ווען ישראל איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע און דאָס ערשטע מאָל דערזען די נאַלעווקעס, האָט ער געעפֿנט אַ פּאָר קיילעכדיקע אויגן און אָנגענומען פֿולע לונגען מיט נאַלעווקע־לופֿט. — קיין עין הרע, אַ בינטל יידעלעך! דאָס איז דאָך אַ קאַפּיטאַל, וואָס גייט צו גרונט! ווי מאַכט מען, אַז דידאָזיקע יידישע מאַסן־ענערגיע זאָל זיין אָנגעווענדט אויף שעפֿערישער אַרבעט? אין צוואַנציק יאָר וואָלטן זיי דאָך אַ לאַנד אויפֿגעבויט!

נו, מיט דריי יאָר צוריק איז ישראל נאָך געווען מער אַלגעמיינער ציוניסט. דער פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם האָט זיך ערשט רעכט ביי אים אין וואַרשע אויסקריסטאַליזירט. איצט וועט ער שוין נישט זאָגן, אַז דער הו־האַ פֿון די נאַלעווקעס איז דער אויסדרוק פֿון יידישער מאַסן־ענערגיע. די געזונטע ענערגיע זעט ער שוין בלויז אין די אַרבעטער־וואַרשטאַטן, אין די קעלערן, ווו עס רוישן מאַשינען. דאָרט זאַמלט זי זיך, די ענערגיע, און זי איז שוין אָנגעזאַמלט, ווי דער אַלטער וויין, ביי פּוקערן אין זיין פֿינף הונדערט־יעריקן וויינקעלער. זי דאַרף נאָר אַ גע־העריקע פּאַרווענדונג. און די נאַלעווקעס מיט זייער געפּלאַטעריי פֿון שוואַרצע קאַפּאָטעס, מיט די קאַשקעטן „פּאַ קאָזאַצקו" אויף די פּאַר־שוויצטע מוחות — דאָס איז דער שוואַרצער יידישער שוים, דער געלויף פֿון פּאַרסמטע מייז...

ישראל האָט איבערגעטריבן. ער האָט, פּשוט, קיין אויג נישט גע־האַט פֿאַר דער אייגנאַרטיקער, שנעל־ריטמישער פּאָעזיע פֿון האַנדל און אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז נישטאָ אויף וואָס צו קוקן, האָט ער מיט דער צייט אויפֿגעהערט די נאַלעווקעס צו זען, כאָטש ער פֿלעגט

זיי דורכשפּאַנען פיר מאָל אַ טאָג. די טריקאָטאַזש־פאַבריק, ווו ישׂראל האָט געאַרבעט איז געווען אין מיטן רעכטן קאָך, אויפן ראָג פּראַנציש־קאַנער. איצט האָט ער אין דעם געריש פון די נאַלעווקעס בלויז געהערט דעם המשך פון די רוישנדיקע שטריק־מאַשינען, אין דעם געווימל פון מענטשן בלויז געזען דאָס געדריי פון שוואַרצע שפּולקעס וואָל.

ער איז געגאַנגען פון מיטיק צו דער אַרבעט און געטראַכט וועגן סלאַוועך, וואָס ער האָט געטראָפן אַ פאַרוויינטע, אַ דערשלאָגענע, זיך סודן מיט זיין דינהן אין דער היים. וואָס פאַר אַ סודות די חברטעס האָבן געהאַט צווישן זיך האָט ער נישט געוווסט. ער האָט נאָר געזען, אַז דינה האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט סלאַוועס צרות. געהערט האָט ער אָבער, מען דערמאָנט עפּעס באַסיען מיט איר מאַן, לעאָן ברוינערן.

הייסט עס: אין די צרות איז פאַרמישט אַ ברייטערער קרייז. און דאָס איז פאַר ישׂראלן געווען אַ שטיקל טרייסט. צוליב די מאָדנע באַ־ציאונגען פון זיין דינהן צו שמואלן האָט ער שטאַרק מורא געהאַט פאַר צרות, וואָס קאָנען אָנרירן איינעם פון זיי פיר: דינהן, סלאַוועך, אים אָדער שמואלן. סיי־ווי־סיי וואָלט זיך עס אָפּגערופן אויף זיי אַלעמען. צוליב שמואלס קראַנקייט איז דינה שיער נישט אַריינגעפאַלן אין אַ קרענק. זי איז אַזוי לאַנג געלאָפן צו אים, אַזוי לאַנג געאַרבעט מעשים ביז זי האָט זיך פאַרקילט און אָט טאָר זי שוין גאָר פון שטוב נישט אַרויס. פאַר איר צושטאַנד און ביי אירע שוואַכע כוחות, ווער ווייס וואָס עס קאָן נאָך אַרויסקומען!

דאָ האָבן די נאַלעווקעס אים אָפּגעריסן פון זיינע מחשבות. און אַז די נאַלעווקעס האָבן צו אים אַ רעד געטאָן, מסתמא איז שוין געשען עפּעס אַ קאַטאַסטראָפע. אַנדערש וואָלט זיך ישׂראל דען אומגעקוקט?

וואָס טוט זיך דאָרטן? מענטשן לויפן אין איין ריכטונג. עס הערן זיך קולות פון זידלעריי און געשלעג. אויפן ראָג פּראַנצישקאַנער ווערט אָן ענגשאַפט.

ישׂראל כאַפּט אָן אַ קאַשקעט מיט אַ באָרד פאַרן אַרבל:

— וואָס איז דאָרט געשען?

— ווייס איך וואָס! מעקלערס האָבן זיך צעפּאַטשט. מיין באָבעס עסק! כ'האָב וויכטיקערע עסקים! — און דער קאַשקעט רייסט זיך אַרויס. אָוועקגעפלויגן.

דער קאַשקעט איז געווען אַן אויסנאַם, ווייל ער איז געלאָפן קעגן

שטראָם. אַנדערע קאַשקעטן האָבן דווקא געשטרעבט צום ראַג פראַנציש־קאַנער. און ישראל האָט הנאה געהאַט פון דעם געלויף. — ווי זיי האָבן דאָס צייט, די פאַרשמייעטע יידעלעך! שוים, אמתער שוים!

און רעזאָנירנדיק אַזוי, האָט ער אַליין נישט באַמערקט, אַז ער אַליין לויפט שוין אויך צוזאַמען מיט אַלע צום ראַג פון פראַנצישקאַנער. ער וויל זיך איינרעדן, אַז דאָס לויפט ער צו דער אַרבעט. ער איז שוין אָבער אין מיטן געדרענג. צוריקציען זיך קאָן ער שוין נישט. דער עולם שפּאַרט אָן אויף אים פון הינטן. שטופט זיך ישראל פאָרויס.

אומעטום געפינען זיך יידן צו מאַכן אַ פשרה. דאָס געשלעג איז שוין איינגעשטילט. אַ פּאָר צעהיצטע מעקלערס פאָכען נאָך מיט די שטעקעלעך קעגן דעם נישט אָנזעעוודיקן שונא און יידן בני־רחמנים נע־מען זיי איין מיט קלוגע רייד.

— באַדאַרף מען זיך שלאָגן אין מיטן גאַס? באַדאַרף מען אַריינ־פאַלן צו די פאָניעס אין צערקל אַריין? זיי האָבן דאָך אים געממיתט, האָבן זיי אים דאָך! זעט, זעט, וואָס מען האָט געמאַכט פון אַ יידן!

— ער איז קיין ייד נישט! אַ צלם־קאָפּ! אַ ליטוואַק! כ׳האָב אים אַליין געזען פרעסן חזיר, זאָל איך אַזוי זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער!

דאָס האָט זיך געקאָכט איינער פון די מעקלערס מיט אָנגעדראָלענע אָדערן אויפן מאָגערן רויטן היגערשן העלדזל. ער האָט געפאָכעט מיטן שטעקעלע צום טויער. און דאַן האָט ערשט ישראל באַמערקט דעם קרבן פון געשלעג.

אויפן טרעפּל פון אַ טויער־געוועלב איז געזעסן אַ ייד אין אַ צע־ביילטן האַרטן קאַפּעליוש און מיט אַ שמוציק באַזטיכל געווישט דאָס בלוט פון דער נאָז און פון פּנים.

און וואָס מער ער האָט געווישט, אַלץ מער האָט ער צעשמירט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געשאָכטענעם. מיט בלוט איז געווען פאַרשפּריצט דאָס טרעפּל וווּ ער איז געזעסן און אָט האָט אַ ברודיקער באָרוועסער פּוס אָנגעטראָטן אויף אַ בלוט־פלעק אין מיטן שטיינערנעם טרעטער. פרעמד און איינזאַם איז געזעסן דער צעבלוטיקטער ליטוואַק אין זיין קורצן רעקל און צעביילטן קאַפּעליוש און פרעמד האָט זיך צו־געקוקט צו אים די רונדע וואַנט פון שוואַרצע קאַשקעטן. מער נישט איין יידענע האָט אין טויער געיאָמערט ווי נאָך אַ טויטן.

— וואָס ט׳עץ געהאַט צו אים, יידן? פאַרוואָס האָט ער עס דער־הרגעט, יידן? וואָס האָט ענק געאַרט, אַז אַ ייד האָט געלעבט?

אָבער דער צעבלוטיקטער אַליין האָט געשוויגן. מיט אַ טעמפּער רו־איקייט האָט ער געטאַפּט מיט דער פאַרבלוטיקטער האַנט אַרום די ציין, צי זיי זענען אים נישט אויסגעזעצט געוואָרן, אַזוי אַ שטייגער, ווי אַ סוחר טאַפּט זיך אַרום, צי ער האָט נאָך דעם בייטל.

דער ליטוואַק האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן. און אַז ישראל האָט זיי דערזען, האָט אים אָנגענומען ביים האַרץ. אַזעלכע געדולדיקע, רו־איקע, הכנעהדיקע אויגן מוזן זיך איינשניידן אין האַרצן. ווי אַ גוט קאַלב האָט געקוקט דער צעבלוטיקטער ליטוואַק און דאָך זענען די אויגן זיינע נישט טעמפּ געווען. אָן שרעק האָט ער געקוקט און אָן כעס האָט ער זיי געווענדט אַהין, ווו דאָס יידל מיט די אָדערן אויפן הינער־העלדזל האָט געקרייעט:

— מאַאַן שיתּף איז אַ נאַר, מאַאַן שיתּף! יאַך וואָלט דעם ליטוואַק אַ לעבעדיקן אין דרערד אַריינגעשלאָגן — יאַך! וואָס הייסט עפּעס פאַר־לויפן אין מסחר, וואָס הייסט? זיך אָנגעלאָדן ווי די פערד, פאַרשוואַרצט געוואָרן, געמאַכט אַ משא־ומתן — קומט ער עפּעס פון דרערד אַרויס מיט זיין טריפהנעם וואַגאָן סחורה, און רייסט דעם מקח!

— אָבער אַזוי צעמזיקן אַ מענטשן!

— מאַאַן שיתּף איז אַ נאַר, מאַאַן שיתּף.

— שאַ, אָט גייט אַ מענטש!

און ווי אַ כאָפּטע פייגלעך צעלויפן זיך די שוואַרצע קאַשקעטן.

איצט האָט דער ליטוואַק אָנגעשטעלט זיינע שטילע אויגן אויף ישראלן. ס׳איז געווען כמעט פיינלעך צו פאַרטראָגן זייער בליק.

— העלפט מיר אויפשטיין — האָט דער ליטוואַק אים געבעטן, — פירט מיך אַוועק פון דאַנען. איך בעט אייך!

און ישראל איז גערן אים געקומען צו הילף. ער האָט אים אַרויס־געפירט פון געדרענג און אים אַריינגעפירט אין טויער, ווו זיין פאַבריק איז געווען. רעכטס ביי דער האַנט איז געווען אַ באַקאַנטע קאַוויאַרניע. ישראל האָט דעם ליטוואַק אַריינגעפירט גלייך אין קיך אַריין, צום קראַן.

— שרהלע, סט׳געבן אַ שטיק זייף מיט אַ האַנטוך.

אַ מיידל מיט רויטע פּיסקעס האָט אַ פליאַסקע געטאָן אין די גע־שוואָלענע הענט.

— אוי, ווי איז מיר, חבר ישראל! וואָס איז אים געשען? אַ קרבן פון דער הערשנדיקער אָרדענונג?

דאָס איז געווען אַ מיידל פון אַ „קרייז“, און זי האָט גערעדט, ווי זי האָט געהערט רעדן.

— גיי שוין, גיי שוין מיט דיין אָרדענונג — האָט זיך געכעסט די באַלעבאָסטע — דערלאַנג אַ שטיקל זייף, זעסט דאָך!

אָפּגעוואַשן דעם ליטוואַק און געבראַכט אין אָרדענונג זיין צע־ביילטן קאַפּעליוש, האָט ישראל אים אַריינגעפירט אין צווייטן צימער טרינקען טיי.

עפּעס האָט דער ליטוואַק אים צוגעבונדן צו זיך מיט זיין מענטש־לעכן שווייגן. ישראל האָט נישט געקאָנט אַזוי לייכט זיך שיידן מיט אים. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: ער האָט נאָך צען מינוט צייט.

— ווי הייסט איר, פעטער?

— איך הייס פּינעס, הייס איך. איך בין אַ סאָקאָלקער, היינטער ביאַליסטאָק.

— און וואָס טוט איר אין וואַרשע?

— פרעגט בעסער: וואָס טו איך נישט אין וואַרשע? איך מעקל, איך כאַפּ קלעפּ...

— פאַרוואָס האָבן זיי אייך געשלאָגן?

— ווייזט אויס, אַז איך בין ווערט געווען. — צום ערשטן מאָל האָט ישראל דערהערט פון ליטוואַק אַ זיפץ. — געקראָכן יידן אין פּרנסה. אַ וואַגאָן גרויפּן צוגעשטעלט מיט אַ האַלבן פּראָצענט ביליקער.

— פאַרוואָס האָט איר דאָס געטאָן?

— וואָס איז? איך דאַרף נישט לעבן, דאַרף איך נישט? נישט מיין וואַגאָן, נישט מיין סחורה, כ'בין אַ מעקלער, בין איך. מען הייסט מיר געפינען דעם בעלן, געפין איך.

דער ליטוואַק האָט ווידער אַ טאַפּ געטאָן, צי ער האָט אַלע ציין. די נאָז און די ליפּ זענען געווען ביי אים אָנגעשוואָלן. אונטערן אויג — אַ פליישרויטער צייכן, אונטערגעהאַקט.

— דעם ערשטן מאָל טרעפט זיך מיר, אַז יידן זאָלן מיך שלאָגן — האָט ער געזאָגט מיט אַ רואיקער פאַרוואונדערונג. — ביי יידן זאָל זיין אַזאַ רציחה!

ער האָט אָפּגעביסן מיט אַ קנאַק אַ שטיקל צוקער און זיך אָנגע־

כאַפּט ביי דער באַק. אַנגעגאָסן זיך טיי אין שאָל און פון שאָל געטרונ־קען, כלאָבענדיק הויך, שלינגענדיק הויך און הויך זיך פאַרסמאַקעוועט. נאָך די קלעפּ איז אים דאָס ביסל טיי געווען אַן אמתע רפואה.

נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעזופּט דעם טיי, האָט ער פּאַרזיכטיק אָפּגעווישט מיטן אַרבל די צעקלאַפּטע ליפּ און זיך צעשמייכלט צו ישראלן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל. אַ שמייכל האָט דער צעקלאַפּטער ליטוואַק געהאַט אַ ליכטיקן. דאָס גאַנצע קיילעכדיקע פּנים האָט ביי אים אויפגעלויכטן.

— איר האָט אין מיר אַזאַ׳ן אנטייל גענומען און איך ווייס נישט ווי איר הייסט...

— ישראל הייס איך. איך בין דאָ אַ שטריקער־אַרבעטער.

— אַזוי — האָט דער ליטוואַק זיך אינגאַנצן דערפרייט. — קאָן איך אייך דאָך רופן חבר!

— זאָל זיין חבר — האָט ישראל מיטגעשמייכלט. וואָס עס קאָן ליגן אין קאָפּ אַ צעניזוקטן ליטוואַק! פּינעס איז געווען אַמאָל ראַזירט אָדער אָפּגעשוירן. איצט האָט אַ ברוין קורץ בערדל אַרומגענומען זיין רונדן פּנים ווי אַ פּלאַטשיק פּאַטשיילעכל קעגן צאָן־ווייטיק.

ווען ער האָט ווידער אָנגעגאָסן טיי אין שאָל האָט ישראל באַ־מערקט, אַז די האַנט ציטערט אים.

— זיי האָבן אייך שטאַרק צעקלאַפּט, חבר פּינעס?

— ע־עט! ביז דער חתונה וועט פאַרגיין! — איז ער, הייסט עס, אַ בחור. — און פאַר בלוט שרעק איך מיך נישט, חבר ישראל. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך שוין געאַרבעט אין טשיקאַגאָ אין די שלאַכט־הייזער. מיין עבודה איז דאָרט געווען אונטערשטעלן אַ ברייטע שיסל אַזאַ, ווען מען פלעגט אויפשניידן דעם האַלדז ביי די אָקסן.

און זיינע פּאָר קינדישע אויגן, קעלבערנע אויגן מיט אַ קעלבערנעם שטילן ווייטיק האָבן אַ גלעט געטאָן ישראלן איבערן פּנים.

— אַ־אַך, מיין פריינט, איך בין שוין אַמעריקע צופוס אויסגע־קראָכן. און מיין קעסטל מיט די זאַכן נאָכגעשלעפּט איבער מיסיסיפּי אויף אַ שטריק...

ישראל האָט פאַרגעלייגט דעם ליטוואַק צוצובייסן. מיט וואָס קאָן זיך אַ ליטוואַק דאָס האַרץ דערקוויקן, אַז נישט מיט אַ ציבעלקע מיט הערינג?

ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז חבר פּינעס עסט קיין הערינג נישט. חבר פּינעס איז גאָר אַ וועגעטאַריער.

דער זייגער האָט געשלאָגן דריי. ישראל האָט שוין געדאַרפט זיין ביי דער אַרבעט. ער האָט זיך טאַקע געקליבן אַוועקגיין, כאָטש ס'איז אים אַ שאָד געווען זיך צו שיידן מיט דעם מאָדנעם פּאַרשוין, וואָס ער האָט פון דער גאַס אויפגעהויבן.

פּינעס האָט בשום־אופן נישט געלאָזט באַצאָלן פאַר זיין גלאָז טיי.

— אַז איך האָב געלט. איך האָב גענוג געלט.

ער האָט ישראלן נאָך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן.

— איך בעט אייך, אפשר קענט איר דעם זשורנאַליסט ש.?

— דעם זשורנאַליסט ש.? — ישראל האָט אים געקענט פון זיינע אַרטיקלען. ער האָט געוווסט, אַז ש. איז אַ גוטער סטיליסט און אַ רע־ליגיעזער דענקער. ביי אים איז ער פאַררעכנט געווען פאַר אַ רעאַקציאָ־נער.

ער האָט עס אַלץ געזאָגט פּינעסן און יענער האָט געשמייכלט.

— אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס איר קאָנט מיך נישט באַקענען מיט אים. איך בין נישט קיין היגער, איר זעט דאָך.

פּינעס האָט געהאַט אַ קורצן האַלדז. איצט, ווען ער איז פאַרזאָרגט אַריין מיטן קאָפּ אין די פּלייצעס, האָט ער גאָר אויסגעזען ווי אַ הויקער.

— אָבער צו וואָס דאַרפט איר אים, חבר פּינעס? אַ מאמר עפּעס? וואָס?

— מער, זעט איר, פעלט מיר נישט, ווי שרייבן מאמרים — האָט זיך פּינעס באַליידיקט — גלאַט, כ'האָב געוואָלט אים קענען. געוואָלט אים אויסזידלען. אפשר קאָנט איר עפּעס אַן אַנדער שרייבער אין וואַרשע?

— אויף אויסצוזידלען?

— אויב ער וועט עס פאַרדינען — פאַרוואָס נישט? אָבער איך דאַרף האָבן אַזעלכן נישט צוליב זידלען זיך, איך דאַרף איבערשמועסן וועגן אַ ענין.

„אַ מאָדנער מעקלער!“ — האָט ישראל געטראַכט. ס'איז אים איינ־געפאַלן אַ פּלאַן צו באַקענען פּינעסן מיט לעאָן ברוינערן. פאַר יענעם איז דאָס אַ גאָלדענער טיפּ.

— גוט, — האָט ער געזאָגט — איך וועל אַ טראַכט טאָן. קומט

זייגער זיבן, נאָך דער אַרבעט אַחער אין דער קאָוויאַרניע אַריין, וועלן מיר איבערשמועסן.

און זיי האָבן זיך געזעגנט ווי אַלטע גוטע פריינט.

10

# חבר־באַלעבאָס

ביים גערויש פון די שטריק־מאַשינען, ביים געזאַנג פון די ניי־טאָרינס האָט ישראל אָנגעשטרענגט געטאָן זיין אַרבעט, אָנצויאָגן די פאַרשפּעטיקטע צייט. ערשט איצט האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס שטייט ער אין דער מיט פון די רוישנדיקע נאַלעוויקעס. אַ קופּע רויט וואָל, וואָס איז געלעגן אין אַ ווייטן ווינקל, איז אים אַלץ געקראָכן אין די אויגן אַריין. אַט האָט אַ ברודיקער בארוועסער פוס אָנגעטראָטן אויף רויטן. אָט זיצט דער צעבלוטיקטער ליטוואַק און קוקט מיט קעלבערנע, אויסגעוואַשענע אויגן. אָפּגעוואַשן דאָס בלוט פון פנים און פרעגט זיך נאָך אויף אַ שרייבער. אַ מאָדנער מענטש!

צו ישראלן איז צוגעגאַנגען די חברטע מינע פון דער דריטער אָפּ־טיילונג נייטאָרינס — אַ הויך מיידל מיט אַן ערנסט, שמאָל פנים.

— איר ווייסט, חבר ישראל, אַז מיר גרייטן זיך צו אַ שטרייק?

— וועט מען שטרייקן, — האָט ער אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל און צוגערוקט צו איר אַ שטויס צוגעשניטענע סוועטערס — נעמט, חברטע, זאָלן זיי נישט זיצן ליידיק צוליב מיר.

די חברטע מינע איז געווען ישראלס אַ פּאַרטייאישע קעגנערין, און וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט איינצוזען אירע פּערזענלעכע מעלות, האָט ער נישט געקאָנט פון זיין פאַרפרוירן האַרץ אַרויסבאַקומען אַ פריינטלעכן טאָן פאַר איר.

ווען מינע מיט די צוגעשניטענע סוועטערס האָט זיך שוין פאַרנו־מען אַוועקצוגיין, האָט ער נישט־נייטיק איבערגעחזרט:

— אַז מען וועט דאַרפן, וועט מען שטרייקן.

ער האָט אַוודאי געמיינט, אַז דאָס מאָל וועלן זיינע ווערטער קליג־גען פריינטלעכער. זיי זענען אָבער פאַרבליבן טרוקן־אָפיציעל. בכלל האָט ישראל פאַר זיין פאַרטייאישע קעגנערין געהאַט ווייניק ווערטער.

אַ חוץ פּרינציפּיעלע חלוקי־דעות האָט נאָך ישראל געהאַט איין גרויסע טענה צו מינעס פּאַרטיי: זי נעמט אָן באַשלוסן אויף דער איי־גענער האַנט און שטעלט אַלע אַרבעטער פאַר אַ געשעענעם פאַקט. אַט, צום ביישפּיל, דער איצטיקער שטרייק. ווען האָבן זיי דען אָנגעפרעגט? און פונדעסטוועגן וואַקסט זי — די קעגנערישע פּאַרטיי און פאַרברייטערט איר השפּעה...

— אָך, ווען מיר זאָלן דאָס האָבן זייער ביסל אינטעליגענץ! אַפילו מינע אַליין איז אַ גאַנצע אינטעליגענטקע! און ישראל האָט געפּלאָנטעוועט פּלענער, ווי אַזוי צו באַקעמפן דעם געפערלעכן קעגנער.

פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג האָט אַריינגעטאַנצט דער חבר־באַלעבאָס. אַזוי האָבן די עלטערע אַרבעטער גערופן דעם פאַבריקאַנט פּאָדלאָסקי. ער איז געווען ברייט־פּלייציק און רירעווודיק. ער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ יונג ייִנגל, דאָס בערדל זיינס האָט אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט, דער קאָפּ — נישט צוגעקעמט.

— האַ, ישראל? וואָס, ישראל? ס׳וועט זיין ביי מיר אַ שטרייק? וואָס? ווי?

זיין ייִנגליש פּנים האָט געהאַט אַ שעמעוודיקן אויסדרוק און, רעדנדיק, האָט ער די אויגן שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס, חבר־באַלעבאָס?

— פּטור, נו! איך וועל נישט וויסן! מינע האָט מיר געזאָגט. מיר זענען דאָך עפּעס שטיקלעך חברים... געוועזענע. וואָס הייסט? ביי מיר וועט מען נישט שטרייקן!

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— ע, מע! כ׳וועל נישט דערלאָזן. מ׳עט דורכקומען. אַ רענדל אַרויף — אַ רענדל אַראָפּ. ווי זאָגט איר? כ׳בין דאָך עפּעס נישט קיין היִנטעראויוונדיקער...

אַ שעמעוודיק פּנים, צאַפּלדיקע אויגן־לעפּלעך — אַרויף און אַראָפּ, ווי ער וואָלט נישט קיין מוט געהאַט אַ מענטשן אין די אויגן צו קוקן, צעוואָרפענע, צעבראָכענע נישט דעררעדטע רייד און ביי דעם אַלעם אַ זיכערער, כמעט שניידנדיקער טאָן.

ער האָט געהאַט אַ ברילאַנטענע טבע, דער חבר־באַלעבאָס, אשר פּאָדלאָסקי: ער האָט געקאָנט באַלאַנסירן. ער איז נישט געגאַנגען מיט קיין פעסטן, גלייכן טריט. ער האָט געטאַנצט, באַלאַנסירנדיק. ער האָט

נישט גערעדט קיין פעסטע, גלייכע רייד. ער האָט אַזוי באַלאַנסירט, אַז אין יעדן פאַל זאָל אויסקומען דאָס גלייכגעוויכט אויף זיין זייט. פון יעדער ריזיקאַלישער פאָזיציע פלעגט ער אויסבאַלאַנסירן פאַר זיך דעם מאַקסימום נוצן. אַפילו זיין ייִנגליש אויסזען און זיין שעמעוודיק פּנים האָבן אים געדינט. מיט סוחרים האָט ער זיך געהאַלטן מעשה ייִנגל, וואָס מען דאַרף פאַר אים קיין סודות נישט האָבן און מען דאַרף זיך נישט היטן פאַר אים. און אין דער גייטיקער מינוט פלעגט ער אַזוי אַ דריי טאָן, אַז די באַנאַרישטע סוחרים פלעגן האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

ביי זיינע אַרבעטער האָט ער אויסגענוצט די פּאָזיציע פון חבר־באַלעבאָס. ער איז אין דער אמתן נישט געווען קליינלעך, נישט געהאַלטן פון דעם כלל, אַז אַ פאַרמעגן קאָן מען מאַכן פון נידעריקע לוינען. אַ פאַרמעגן, פלעגט ער טענהן, קאָן מען מאַכן בלויז פון פאַנטאַזיע. ווער עס האָט אַ ברייטערן פאַרנעם, דער מאַכט אַ גרעסערן כאַפּ. און עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז נישט אַזוי דעם כאַפּ איז ער אויסן, ווי דעם פּראָצעס פון מאַכן אַ כאַפּ. געלט, ווען ער האָט עס געהאַט, האָט ביים חבר־באַלעבאָס קיין ראָלע נישט געשפּילט. מיט געלט פלעגט ער זיך וואַרפן.

די גרעסטע ראָלע האָט אָבער ביי אים געשפּילט אַ וואָרט. מיט אַ וואָרט איז ער געווען אָפּגעהיט. אַזוי ווי אין פאַנטאָן־שפּיל פלעגט מען ביי אים די ווערטער י אַ און ב יי ן קיינמאָל נישט קאָנען אַרויס־באַקומען. אַלע מאָל האָט ער זיך דורכגעגליטשט צווישן יאָ און ניין. און נישט געבנדיק קיינעם קיין וואָרט, פלעגט ער במילא בלייבן אַ וואָרטסמאַן. איז טאַקע געווען שווער צו טרעפן, צי איז דער חבר־באַלע־באָס אַן ערלעכער מענטש, צי איז ער דער גרעסטער אַפּעריסט פון די נאַלעווקעס.

די שטרייק־טעמע האָט דער חבר־באַלעבאָס שוין איצט געהאַלטן פאַר אויסגעשעפּט. ביי אַ געלעגנהייט וועט ער קאָנען זאָגן, אַז מיט ישראלן האָט ער שוין איבערגערעדט, כמעט זיך אויסגעגלייכט. איז ער אַריבערגעשפּרונגען צו אַ צווייטער טעמע, וואָס האָט, דוכט זיך, אַרויס־געברויזט פון אים צוליב זיין ייִנגלשער אָפנהאַרציקייט.

— איר ווייסט, ישראל. דער פעטער מיינער קומט צופאָרן. ווי איך בין אַ ייִד! האַ? וואָס? טאַקע בכבודו ובעצמו, פאָדלאַסקי בערל, פון

די גרויסע מאַיאָנטקעס. איך וויל אים צורעדן, ער זאָל אַריין אין געשעפט. ווי מיינט איר? ס'וועט גיין? מירן אָנדרייען אַ געשעפט, אַז בענק וועלן טרעשטשען זאָג איך אייך! מירן אָנשפּאַרן קיין סטאַמבול, קיין יאַוואַ, קיין יאַפּאַן און ווו נישט? אָבער, קודם — אַ נייע פאַבריק בויען. איך האָב שוין אַ פּלאַץ. אַ פאַבריק, אַ ליכטיקע, אַ גרויסע, אַ באַקוועמע, אַ היגיענישע, ווי דען? דאָס איז דאָך אַ לאַנד, אַ הקדש איז דאָ. איך ווייס דען נישט, אַז מען טאָר דאָ נישט אַרבעטן? אידע זאָגט אויך אַזוי?

זיין העכסטע אינסטאַנץ איז געווען אידע. אָט דאָס ייִנגל מיטן בערדל איז געווען אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ טאַטע פון צוויי קינדער. און אויב ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס צו פאַרבלייבן ביי זיינע ייִנגלשע גענג — איז דאָס געווען בלויז זיין ווייב, אידען צו פאַרדאַנקען, ווייל די אמתע מיושבדיקע סוחרטע איז זי געווען. דער חבר־באַלעבאָס מיט זיינע ברייטע פאַנטאַזיעס האָט זיך געריסן אין דער לופטן ווי אַ באַלאָן אויפן ווינט, און ווי אַ באַלאָן פאַרן שטריקל האָט יעדעס מיושבדיקע פעסטע האַנט געהאַלטן דעם פליענדיקן מאַן אירן און געהאַמעוועט זיינע דרייסטע פאַנטאַזיעס. און אַפילו פון דער דאַזיקער באַגרענעצונג האָט פאָדלאַסקי געקליגט אויסצובאַלאַנסירן אַ שטיקל נוצן פאַר זיך. עס זענען געווען פאַלן, ווען עס האָט פשוט געלוינט צום געשעפט.

— איך — מיטן גאַנצן האַרצן! אָבער אידע לאָזט נישט...

פאַר ישראלן איז קיין נייעם נישט געווען, אַז פאָדלאַסקי זאָל זיך מיט אים אָדער מיט אַנדערע עלטערע אַרבעטער אַן עצה האַלטן אין די אָנגעלעגנהייטן פון פאַבריק, אָדער אין מיטן דער אַרבעט זאָל ער פּונקט קומען מיט אַ היימישן שטיקל נייעס. דערפאַר האָט מען אים דאָך טאַקע געקרוינט מיטן נאָמען חבר־באַלעבאָס. אין די פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן פון די פאָדלאַסקיס זענען די אַרבעטער געווען אַ היפּש ביסל באַהאַוונט.

ישראל איז גאָרנישט נתפּעל געוואָרן פון חבר־באַלעבאָס' פּראָיעקטן אַריינצוציען דעם רייכן פעטער אין געשעפט. ער האָט עס געהאַלטן פאַר פוסטע פאַנטאַזיעס.

— אויף וויפל איך האָב געהערט פון אייער פעטער, פּאַני פאָדלאַסקי, איז ער נישט פון די מענטשן, וואָס לאָזן זיך אַזוי לייכט אַריינ־

ציען אין מסחר. ער וועט זיך אויסלאַכן פון אַלע אייערע פּראָיעקטן. איר וועט שוין זען.

— האַ, וואָס? אויסלאַכן זיך גאָר? פון וואַנען ווייסט איר?

— איך בין מיך משער.

— נו, גוט, וועלן מיר שוין זען. ס׳געהערט? אויסלאַכן זיך! וואָס איז דאָס געלעכטער? און פּוילישע פּריצים בויען דען קיין פאַבריקן נישט, וואָס? שאַ, אַט גייט דער טאַטע, לאָמיר ביים טאַטן פרעגן.

עס איז אַריין אַ ייד, אַ לאַנג־געקליידעטער, אין אַן עלעגאַנטער געהאַקטער קאַפּאָטע און גלאַנצנדיקע שטיוועלעך. ער האָט געהאַלטן אין פונאַנדערקעמען זיין קופּערנע באָרד.

— טאַטע, הער וואָס ישראל זאָגט. טאַטע! ער זאָגט, אַז דער פעטער בערל וועט נישט קומען!

פּאָדלאַסקי האָט גערעדט מיט דעם נאָאיוון ייִנגלשן טאָן, ווי פאַרמסרט אַ חבר פאַרן רבין.

דער טאַטע האָט זיך אַ קנייטש געטאָן און אַ פּאַטש מיט די ליפּן:

— אַ, וואָס? וואָס באַדאַרפסטו פויקן, וואָס? וואָס מאַכסטו דעם טראַסק, וואָס? וועט ער יאָ קומען, בערל, וועט ער נישט קומען. בדלות בין איך!

דער טאַטע האָט געהאַט גאָר אַ דעקאָראַטיוון אויסזען. אַ באָרד, אַ בייכל און אַ שניט־ראָק מיט אַ טאַליע. אָבער אין געשעפט האָט ער געהאַט די קלענסטע דעה. ער האָט אַליין אָנערקענט, אַז דער זונדל אשרקע שטייגט אים צען מאָל איבער אין סוחרישע פעאיקייטן, און אַז די שנור האַלט די מזל־ברכה אין אַרענדע. אָבער פאַר לייטן האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז דאָ באַלעבאָס און אַז אשרקען דאַרף מען אויסשייגעצן פאַר זיינע ייִנגלשע שטיק.

— שעמען האָסטו דיך געמעגט, דו פויקער דו! זע נאָר זע, אַ טאַטע פון צוויי קינדער איז דאָס! אַ גדולה אויף אים, דער פעטער בערל קומט צופאָרן!

דער טאַטע פּאָדלאַסקי האָט אַראָפּגענומען דעם קאַשקעט און גענומען זיך ווישן דעם ראָזן פאַרשוויצטן פּליך מיט אַ הימל־בלוי טיכעלע.

— אַי, אַ היץ אַביסל! דו זאָג מיר בעסער, ישראלקע, ווען דאַרף דאָס ווייבל דיינס געלעגן ווערן, ווען דאַרפן מיר זיך גרייטן אויף אַ ברית, האַ?

— מען וועט אייך שוין אָנזאָגן, ר׳ יונה!

— נו, גוט, גוט! ביסט אַ כוואַט, ישראלקע! — און דער אַלטער האָט ישראלן מכבד געווען מיט אַ גוט־ברודערישן קיצל אין זייט — מען זאָגט דאָך, אַז דו רעדסט אויף די פּאַרזאַמלונגען, ציטערן די ווענט. ווען וועסטו שוין אַראָפּוואַרפן דעם קייזער, ווען?

— איר וועט שוין וויסן, ר׳ יונה. מען וועט שיקן איטשע דעם שמש אייך אָנזאָגן...

— אַזוי? כאַ־כאַ־כאַ! נו, קום, אשר, קום אין קאַנטאָר אַריין. איך האָב עפּעס מיט דיר איבערצורעדן.

און צום לערן־ייִנגל, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אַרום די צעוואָרפענע בינט וואָל, כדי זיי צו ברענגען אין אָרדענונג, האָט דער אַלטער פּאָד־לאַסקי זיך געווענדעט מיט אַ שטרענג פּנים:

— וואָס טרעטסטו אויף סחורה, וואָס? עס קאָסט דיר קיין געלט נישט? אָ, יונגע, יונגע! אָפּגעלאָזט די לייצעס און גאָר!

ווען דער טאַטע מיטן זון זענען געאָרעמט דורכגעגאַנגען דורך אַלע פיר ריזיקע צימערן פון פאַבריק, כדי צו קומען אין דער קאַנטאָר אַריין, האָבן אַרבעטער זיי נאָכגעקוקט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

— לצים!

און איינער, אַן אַלטער מאַשיניסט האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויגל.

— שדימלעך!

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— אין אונדזער געגנט רופט מען אַלע פּאָלאַסקיס: די שדימלעך.

11

## ווי ער ווייסט אָבער וווּ צו טרעפן!

ישראל האָט דערוויַיל פאַרגעסן אָן פינעסן. ער האָט געטראַכט וועגן באַרימטן פעטער פון חבר־באַלעבאָס, וואָס דאַרף, כלומרשט, קומען קיין וואַרשע מאַכן געשעפט. די פאָדלאַסקיס האָבן, אייגנטלעך, אַליין דעם פעטער באַרימט געמאַכט צווישן די אַרבעטער פון זייער פאַבריק. דער זון, דער טאַטע און די געלאַסענע אידע האָבן אַפילו אויסגעמאָלט דעם

פעטער בערל אין אַזעלכע פאַנטאַסטישע פאַרבן, אַז פאַר די אַרבעטער איז אויסגעוואַקסן עפּעס אַ לעגענדאַרישער רעוואָלוציאָנער. און דאָס פּיקאַנטע איז דאָ געווען, וואָס פעטער בערל דער רעוואָלוציאָנער האָט איבערגענומען נאָכן טאַטנס טויט אַ גרויסן פאַרמעגן. אַראָפּגעקומען פון סיביר, ווו ער איז געווען פאַרשיקט פאַר אַ פּאָליטישן פאַרברעכן, און גענומען באַלעבאַטעווען אין גרויסן מאַיאָנטעק זייַנעם גאָר אויף אַ משונהדיקן שטייגער. דער פעטער בערל האָט, מיט דער הילף פון זיין גרויסן פאַרמעגן, דאַכט זיך, געוואָלט צואיילן די גאולה אויף דער וועלט.

אַזוי איז דאָס אויסגעקומען לויט די רייד פון די פּאָדלאַסקיס. און ישראל האָט זיך געטראַכט:

ווען אין די אַלע מעשיות וועגן פעטער בערל זאָל זיין איין צענט־חלק אמת, איז אויך אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט אים. יעדנפאַלס איז דאָס אַ פיגור, וואָס צעשטערט אינגאַנצן דעם סיסטעם פון קלאַסן־פאַרטיילונג. עפּעס אַ מאָדנע בריאה, אַ קאַפּיטאַליסט־אידעאַליסט. ישראלן האָט זיך זייער געוואָלט, אַז דער באַרימטער פעטער בערל זאָל זיך שוין באַווייזן אַמאָל אין וואַרשע, אַז מ׳זאָל קאָנען זען, ווו ענדיקט זיך די לעגענדע און ווו הייבט זיך אָן דער אמת אין די מעשיות איבער אים. ער האָט אָבער נישט פאַרגונען דעם חבר־באַלעבאָס, אַז דער באַרימטער פעטער זאָל זיך אַריינלאָזן אין געשעפטן מיט אים. דאָס וואָלט צעשטערט די גאַנצע אילוזיע פון זיין רעוואָלוציאָנערישקייט.

„אויב ס׳איז אמת, וואָס מען דערציילט וועגן אים, וועט ער נישט קומען. און אויב ער וועט קומען, וועט ער קיין געשעפטן דאָ נישט מאַכן“. — אַזוי האָט ישראל געטראַכט, שוין גייענדיק פון דער אַרבעט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אייפערזיכטיק אויפן לעגענדאַרן פעטער בערל, ווי אויף אַ שטיקל פּאַרטיי־חבר, כאָטש ער האָט גאָר קיין גרונד נישט געהאַט פאַר אַזעלכן אים צו פאַררעכענען.

— שמאַלץ־הערינג, שמאַלץ־הערינג! גוטע שמאַלץ־הערינג!

אַ ייד איז געלאָפן מיט אַ פאַרקאַטשעטן אַרבל און מיט אַן עמער שמאַלץ־הערינג, ווי ער וואָלט זיי נאָר וואָס געפאַנגען אין ווייסל און מען יאָגט אים נאָך.

ישראלן האָט אַ זעץ געטאָן דער ריח פון הערינג אין דער נאָז אַריין. און דאָס האָט אים אָן עפּעס דערמאָנט. עס האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט זיך באַקאָנט מיט אַ מענטש, וואָס עסט קיין הערינג נישט.

פינעס הייסט ער. ער האָט דאָך אָפּגעשמועסט מיט אים אין דער קאַ־וויאַרניע צו טרעפן זיך! ווי אַזוי האָט ער דאָס פאַרגעסן אָן אים?

און ישראל קערט זיך אום פון דער מיט פראַנצישקאַנער צוריק צום טויער פון דער פאַבריק. צווישן שיטערלעכן עולם אין קאַוויאַרניע איז דער ליטוואַק גאַנץ געמיטלעך געזעסן, באַטראַכטנדיק פון אַלע זייטן אַ פּאָר נייע, בלויע סקאַרפּעטן.

דער הענדלער איז געשטאַנען איבער אים, באַלאַגערט מיט בינט סקאַרפּעטן און זאָקן אויף די הענט און אויף די אַקסלען. דער הענדלער האָט אים פאָרגעלייגט אַ גרויסן אויסוואַל. אָבער פינעס האָט, ווייזט אויס, געפונען יענע איינציקע פּאָר בלויע סקאַרפּעטן, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט פון לאַנג. ער האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זיי. מען דאַרף זיי נאָר באַטראַכטן ווי געהעריק, פּרווון זייער שטאַרקייט, אַריינקוקן אינעווייניק און נעמען אַן ערן־וואָרט ביים הענדלער, צי עס קריכט נישט אָפּ די פאַרב. דאַן וועט מען אַ שמועס טאָן וועגן מקח.

אָבער דאָ איז אָנגעקומען ישראל און פינעס האָט מיט האַרצווייטיק אָפּגעגעבן דעם הענדלער די סקאַרפּעטן צוריק.

— אַן אַנדערש מאָל — האָט ער געזאָגט — איך האָב איצט קיין צייט נישט.

און דאַנקבאַר געגלעט ישראלן מיט זיינע קעלבערנע אויגן.

— זייער פיין, וואָס איר זייט געקומען, חבר.

— אָבער לאַנג פאַרברענגען קאָן איך נישט, חבר פינעס.

— וועלן מיר דאָס מאַכן בקיצור. איר האָט אים שוין?

— וועמען?

פינעס האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שטילן פאָרוואורף:

— האָט זשע מיר קיין פאַריבל נישט, חבר, האָט איר דאָך אַ קורצן זכרון. מיר האָבן דאָך אָפּגעשמועסט וועגן אַ שריפטשטעלער.

ישראל האָט זיך געחידושט, וואָס פינעס טרעט צו אַזוי ראַפּטום צום ענין, לאָזט אַפילו נישט פרעגן, וואָס ער מאַכט נאָך די היינטיקע קלעפּ.

די נאָז איז אים שוין אָפּגעגאַנגען. אָבער די ליפּ איז נאָך געווען געשוואָלן און צעראַצט. אונטערן אויג, אָנשטאָט אַ רויטן צייכן — אַ בלויער.

— אַ שריפטשטעלער האָב איך — האָט ישראל געשמייכלט — ער הייסט ברוינער, לעאָן ברוינער.

— און ווי חתמעט ער זיך? וואַרט אָקאָרשט. נישט ברוין דער פעליעטאָניסט?

— יאָ, אים מיין איך טאַקע.

— וואַרט אָקאָרשט, חבר! פאַרוואָס האָב איך עפּעס די לעצטע צוויי וואָכן נישט באַמערקט זיינע פעליעטאָנען?

— איר לעזט דען די גאַנצע פּרעסע?

— וואָס איז? ווי גרויס איז דען אונדזער פּרעסע, אַז איך זאָל זי נישט לעזן?

ישראל האָט זיך אַליץ מער געחידושט אויף זיין נייעם באַקאַנטן. יענער האָט נישט נאָר געלעזן די פּרעסע, נאָר געוווּסט וואָס ער לעזט.

אָט האַלט פינעס מיט זיך אַליין אַ ישוב הדעת אינדערהויך:

— וואַרט אָקאָרשט. ברוין... אַפילו גאָר אַן אַנדער פאַרשווין, ווי איך באַדאַרף. וואָס איז דען? אַ צווייפלער, אַ סקעפּטיקער. ער האָט דאָך צום מאָל אַליין קיין אמונה נישט אין דעם, וואָס ער שרייבט. נו, פאַרפאַלן. זאָל זיין ברוין.

— אָבער צו וואָס, אייגנטלעך, דאַרפט איר אים?

דער ליטוואַק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— נו, מירן נאָך שמועסן באריכות, דאָס איז אַן ענין גאָר אַ וויכ־טיקער. אַ שאָד נאָר, וואָס איך וווין אַזוי ווייט, אַזש אויף פּראַגע. אפשר ווייסט איר עפּעס פון אַ שטיקל דירה, חבר? כ׳דאַרף, אייגנטלעך נאָר אויף צו שלאָפן. כ׳וועל באַצאָלן בכבוד גדול.

איז ישראלן איינגעפאַלן, אַז דער פאַרשווין קוואַליפיצירט זיך אויסגעצייכנט אין פייגע־פּעסעס קאָמונע אַריין. ער איז אַן אָרימאַן מיט האָנאָר. וועגן אינטעליגענץ איז דאָך אָפּגערעדט.

— אויסגעצייכנט! — האָט ער אויסגעשריען — קומט, איך וועל אייך אַוועקפירן צו מיין שוויגער, ס׳הייסט, אייגנטלעך, צו מיר אַהיים!

— הערסט, טאָ וואָס שווייגט איר, אַז איר האָט אַ דירה! קומט!

— שוין?

— פון מיין זייט איז קיין מניעה נישט.

פינעס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אָבער זייער לאַנגזאַם און שווער זיך אויפגעהויבן.

— אוי, די פיס מיינע... ווי די קלעצער. האָט איר אַן אַנונג, וואָס מען לויפט זיך אָן אַ טאָג פאַר די פּאָר גילדן חיונה.

די פיס, ווי די פיס, אָבער די שיך זענען ביים ליטוואַק געווען היסטאָרישע, און אפשר, גאָר פאַרהיסטאָרישע, פון דעם פעל פון אַ מאַמאָנט. אין יענע צייטן האָט מען, ווייזט אויס, נאָך נישט געוווסט פון דער חכמה רעכט אָפּצושוואַרצן אַ פּאָר שיך. זיי זיינען געווען גאַנץ. אָבער אַן אויסזען האָבן זיי געהאַט, ווי נאָך פאַר פינעסן וואָלט זיי געטראָגן דער מאַמאָנט אַליין.

דערפאַר זענען די הויזן ביי פינעסן געווען קירצלעכע און קיילעכ־דיקע, ווי אַ פּאָר רעגן־רערן. און דעם ליטוואַקס גאַנצע פיגור מיטן קורצן האַלדז און רונדע פּלייצעס איז געווען קיילעכדיק, ווי אויסגע־בעט מיט וואַטע.

— וואָס באַטראַכט איר מיך אַזוי, חבר?

ישראל האָט זיך פאַרשעמט.

— קומט, קומט! כ׳האָב מיך אַזוי עפּעס פאַרטראַכט...

פון פּענצטער פון קאָוויאַרניע האָט זיי ביידן נאָכגעקוקט די מויד מיט די פיסקעס, די חברטע פון קרייז. זי האָט געזען, ווי ישראל פירט זיך אַרום מיט פינעסן און געטראַכט:

— אַ ברוייזנדע פערזענלעכקייט מוז זיין אַט דאָס פאַרשווינדל!

און אַז פינעס איז אַ שלים־מזל לויטן באַרוף, דאָס האָט זיך אַרויס־געוויזן גלייך, ווי ישראל האָט אים אַריינגעפירט אין שטוב אַריין.

געעפנט האָט זיי שניאור, ווי דער שטייגער איז. שניאור פלעגט פאַר אַלעמען עפענען די טיר. דאָס איז שוין געווען זיין חזקה, און גע־טאָן האָט ער דאָס, נישט צוליב וועלן זיך איינקויפן ביי לייטן, נאָר צו שטילן זיין גרויס נייגעריקייט: טשעקאַווע צו וויסן ווער עס קומט!

האָט ישראל פאַרויס אַריינגעשטופּט פינעסן. און כאָטש שניאור איז געווען אַ דאַרער און אַן איינגעשרומפּענער, אָבער ער איז דאָך אויך געווען אַ ליטוואַק. האָבן זיך ביידע ליטוואַקעס אין די האַרטע קאַפּע־לושן אָנגעקוקט קרום און בייז, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, מען זאָל זיי נישט פאַרבייטן, חלילה, צוליב זייער ענלעכקייט. האָט זיך שוין פינעס באַמיט, עס זאָל זיך זען אַ חילוק. אין דער טונקעלער קיך האָט ער גלייך ביי דער ערשטער באַגריסונג אָנגעטראָטן שניאורן אויפן קראַנקן הינער־אויג.

האָט שניאור אַרויסגעלאָזט אַ ברום פון אַ לייב, קיין עין־הרע, און אַוועקגעטאַנצט אין ווינקל, אויסהויכן די נשמה. פייגע־פּעסע האָט דערווייל פּאַר שרעק שיער נישט איבערגעקערט דעם ווייקשאַפּט און עס האָט פאַרנומען אַ היפּש ביסל צייט, ביז דער איינדרוק פון פינעסעס ערשטן אַריינפּאַר איז געמילדערט געוואָרן. פינעסן איז דאָ דווקא געפעלן געוואָרן. ער איז מושווה געוואָרן מיט פייגע־פּעסען און גלייך אויפן אָרט אַרויסגענומען אַ זילבערנעם רובל האַנט־געלט. אַ גאַנצן רובל האָט פייגע־פּעסיע שוין לאַנג פאַר די אויגן נישט געזען. איז זי געוואָרן סענטימענטאַל.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ישראל, — האָט זי דעם איידעם געפאַקט אין אַ ווינקל ערגעץ — וואָלט איך אַזוי בטוח געווען, אַז ער וועט האָבן פרנסה, ווי בטוח איך בין, אַז ער וועט מיינס, חלילה, נישט פאַרלאַנגען. מען זעט דאָך גלייך: אַ דימענטענער מענטש. און אַן איידעלער.

— יאָ, אַן איידעלער! — האָט זיך געהערט אַ בת־קול פון אַ צווייטן ווינקל. דאָרט איז צוריק שניאור ערשט קוים צום לעבן געקומען.

ישראל איז אַריין צו זיך אין צימער און געטראָפן דינהן אויפן בעט ליגן. דאָס בעט איז געווען נישט פאַרבעט נאָך פון פרימאָרגן און דאָס פלעגט זיך אָפט טרעפן ביי דינהן, ווען זי פלעגט אַריין אין אַ שלעכטער שטימונג: צו וואָס פאַרבעטן דאָס בעט, אַז מען דאַרף עס אינאָוונט צוריק אויסבעטן?

— שלאָפסט, דינהלע?

— ניין.

— וואָס איז דיר, מיין קינד? ביסט ווידער נישט מיט אַלעמען?

ישראל האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר און דינה האָט זיך פויל און לאַנגזאַם אויסגעצויגן, ווי אַ קעצל.

זי האָט אַרומגענומען זיין האַלדז מיט אירע דינע הענטלעך.

— אוי, ישראל, ישראלינקע, כ׳האָב מורא איך זאָל נישט שטאַרבן!

—אַז דו טוסט גאָרנישט, דינהלע, דו ליגסט און דו טראַכסט איבער׳, קריכן אין קאָפּ אַלע נאַרישקייטן.

— וואָס זאָל איך טאָן, ישראל? וואָס קאָן איך טאָן? אַז קיינער גלויבט מיר נישט, ווי איך האָב קיין כוח נישט, כ׳האָב גאָר קיין כוח נישט. און דו גלויבסט אויך נישט! ביסט אַ שלעכטער.

ישראל האָט שיער נישט אויסגעשריען:

„און צו שמואלן צו לויפן דריי מאָל אַ טאָג האָסטו כוח?"

און פּונקט ווי זי וואָלט הערן זיינע געדאַנקען, זאָגט זי מיט אַ זיפץ:

— איך בין שוין ביי שמואלן דריי טעג נישט געווען. ווער ווייסט, וואָס ער מאַכט!

— סלאַווע איז דאָך היינט געווען ביי דיר.

— סלאַווע האָט אויך אַ פאַרדרייטן קאָפּ, צוליב דער שוועסטער אירער. ווייסט, ישראלינקע, ס'איז דאָך אַ גאַנצע געשיכטע מיט באַסיען. לעאָן ברוינער איז אַוועק פון דער היים און ער וויל זי נישט קענען, נישט וויסן.

— באַסיען?

— וואָס־זשע ווונדערסטו זיך אַזוי? נאַרעלע! אַלע ווייבער זענען ווייבער. דו ווייסט, ישראלינקע! איך ליג מיר אַזוי און איך טראַכט, וואָס פאַר אַן איידעלער מענטש דו ביסט. אָט חבר איך זיך מיט שמואלן און איך הער פון דיר קיין הויך וואָרט נישט. האָסט אַזעלכע ווייכע האָר, ישראל. איך האָב אַזוי ליב צו גלעטן דיינע האָר. ביי שמואלן זענען די האָר האַרטערע ווי ביי דיר.

דינה האָט צוגעצויגן זיין קאָפּ צו זיך, אַוועקגעשאַרט אים די האָר און אַריינגעטעמט הייס אין אויער.

— ביסט אַ ווייכער, ישראל. אַ האַרציקער ביסטו... און איך בין אַ שלעכט ווייבל. איך ווייס דאָס אַליין, אַז איך בין שלעכט. און אַמאָל פאַרדריסט מיר, פאַרוואָס דו רייסט מיך נישט ביי די האָר, פאַרוואָס דו שלאָגסט מיך נישט אָן, פאַרוואָס דו ביסט אַ שמאַטע... כאַ־כאַ־כאַ!

— שמואל רייסט דיך דען ביי די האָר?

— וואָס פאַלט דיר איין?

— דערפאַר, וואָס דו... ליבסט אים אַזוי?...

ישראל האָט אַליין נישט געהערט, ווי אַזוי ער האָט די ווערטער אַרויסגערעדט און ער האָט אַליין נישט געפילט, וואָס פאַר אַ באַוועגונג ער האָט דערביי געמאַכט מיט די הענט.

ער האָט נאָר דערזען פאַר זיך דינהס אַנטציקטע גרויע אויגן אין זייער טונקעלער ראַם.

— אַך, ישראל!... ווי דו ליידסט!

און זי האָט פאַרביסן די ליפּן נישט אַ געשריי צו טאָן. ישראל האָט פאַרדריקט ביז ווייטיק אירע דינע הענט.

פון עס־צימער האָבן זיך דערהערט קולות. פּינעס האָט זיך דאָרט מיט עמעצן געקריגט.

— שוין, אַזוי ראַפּטום! — האָט זיך ישראל געחידושט און איז אַרויס אַ קוק טאָן מיט וועמען דער נייער לאָקאַטאָר קריגט זיך דאָרט.

פּינעס האָט געהאַלטן ביסטריצקין פאַרן ביינערנעם קנאָפּ פון זיין ווייס רעקל און אַריינגעשריען אים אין ברייטן, צעשמייכלטן מויל אַריין:

— דו אכזר, דו! דו רוצח איינער! מיר וועסטו איינרעדן, אַז אין נאָמען פון מענטשן־ליבע מעג מען אָפּטאָן כל דבר־אסור? מיר?

— אָבער לאָז אָפּ דעם קנעפּל, לאָז אָפּ!

— גיי אין דר׳ערד אַריין מיט דיינע קנעפּלעך! ווער דאַרף זיי, ווער? אָבער אין נאָמען פון מענטשן־ליבע זאָלסטו מיר נישט רעדן, דו הערסט? וואָרום אין נאָמען פון מענטשן־ליבע האָב איך דיך געדאַרפט...

פּינעס האָט באַמערקט ישראלן און איז אָפּגעטראָטן פון ביסטריצקין.

— וואָס טוט זיך דאָ ביי אייך? — האָט זיך ישראל געחידושט, — איר קענט זיך דען?

ביסטריצקי האָט זיך ברייט צעלאַכט:

— חבר פּינעס איז געקומען פאַרענדיקן אַ דיסקוסיע פון פאַר דריי יאָרן.

— שוין פיר יאָר — האָט פּינעס מיט כעס אויסגעבעסערט.

— פון וואַנען קענט איר זיך?

— פון ביאַליסטאָק...

פּינעס האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן. ער האָט זיך אָבער איינגע־האַלטן. אַן אויסדרוק האָט ער געהאַט אַ האָפנונגסלאָזן. ער האָט אַרויס־געקוקט דורכן פענסטער, ווי די זון, וואָס איז דאָרט פאַרגאַנגען, וואָלט פאַרגאַנגען אויף אייביק. פּינעס האָט, ווייזט אויס, זיך ערשט געכאַפּט, ווי גרויס זיין שלימזל איז.

באַדאַרף ער אַריינקומען אין אַ פרעמדע שטוב און אָנטרעטן אַ יידן אויפן ליבסטן הינער־אויג.

באַדאַרף ער דאָ טרעפן אַ מענטשן, וואָס מאַכט אַ תל פון זיין גאַנצן אויסגעווייטיקטן גלייכגעוויכט און ער איז גרייט שיער זיך נישט צו פּאַטשן מיט יענעם.

און ביסטריצקי האָט זיך גאַנץ קאַלטבלוטיק אַרויסגענומען דאָס זעקעלע טאַבאַק פון קעשענע, פאַרשטעקט די אָנגעשטאָפּטע פּייקע אין די ציין, אַ לאַך געטאָן און דערקלערט ישראלן, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרחידושט:

— פאַרשטייסטו מיך, חבר פינעס האַלט נישט פון אינדיווידועלן טעראָר.

ער האָט פאַרשטעקט די הענט אין די קעשענעס און גענומען אַרומשפּאַנען אין זיינע ווייכע שטעק־שיך, מעשה באַלעבאָס.

איז אַריינגעקומען דער אַלטער מאיר דוד, אַ פאַרשוויצטער, אַ פאַרסאָפּעטער, ווי ער וואָלט היינט מי יודע וועלכע גרויסע געשעפטן דורכגעפירט. קודם כל האָט ער אַוועקגעשטעלט זיין שטעקן אין ווינקל.

— פייגע פעסע, איך בין הונגעריק! פייגע פעסע, האָב רחמנות, פייגע פע...

ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און זיך צוגעקוקט צום פענסטער, ווו פינעס איז געשטאַנען. און מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעגלייכט און געבליבן שטיין אין דער קלאַסישער פּאָזע פון לוטס ווייב, בעת זי איז געוואָרן איינגעזאַלצן. פינעס, ווידער, אַז ער האָט דערזען דודן, האָט ער קיין רגע נישט געקלערט און אָנגעהויבן זיך צו רוקן פּאַזע וואַנט, נענטער צו דער טיר צו.

האָט ביי מאיר דודן אָנגעהויבן עפּעס צו ברומען און צו קאָכן אין זיין גרויסער גופיקייט, און ער האָט פּלוצלונג אויסגעשאָסן:

— שטיי, דו טרייפענער פּיסק, דו! צלם־קאָפּ, דו! צו מיר אין שטוב אַריין געקומען מיך דערהרגענען? געוואַלט, יידן!

און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין ווינקל נאָך זיין שטעקן. פינעס האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט מיט אַן אומגעשליידערטן בעטל. פייגע פעסע איז אַריינגעלאָפן מיט אַ קוויטש. ישראל האָט געכאַפּט מאיר דודן ביי דער אויפגעהויבענער האַנט. ווי משה רבנו האָט דער אַלטער מעקלער אויסגעזען אין זיין פלאַמענדיקן גרימצאָרן, ווי משה רבנו, וואָס גרייט זיך צעברעכן די לוחות.

ס׳איז געווען קלאָר: מאיר דודן מיט זיינע שותפים איז דאָס דער ליטוואַק אַריינגעפאַלן אין עסק מיט זיין וואַגאָן גרויפּן.

— איך וועל דיך! — האָט דער אַלטער זיך געצאַפּלט — איך וועל דיך!...

— שווער! איר זאָלט אַוועקלייגן דעם שטעקן, זאָג איך אייך!
ישראל האָט מיט אַ פּלוצלונגער קראַפט אַ טרייסל געטאָן דעם אַלטן מאיר דודן, און יענער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל.
— האַ? וואָס?
— ווי אַ ייד האָט עס קיין בושה נישט! באַפאַלן אַ מענטשן אין מיטן גאַס! וואָס האָט ער אייך געטאָן, וואָס?
— ער האָט דאָך מיך געקוילעט! ער האָט דאָך מיך שיער נישט אַוועקגעקוילעט! — האָט מאיר דוד זיך צעשריגן.
— טאָ רעדט מען זיך אויס, גייט מען צו מענטשן.
און מענטשן, קיין עין־הרע, האָבן שוין דאָ אין שטוב אויך נישט געפעלט. שניאור איז געווען. ביסטריצקי איז געווען. דער פלאַציקעו זייגער־מאַכער איז אָנגעקומען. די געפּאַר פון אַ געשלעג איז שוין אַריבער. און ווונדערלעך זענען גאָטס וועגן, באמת! אַז מען האָט גערעדט און מען האָט געטענהט, יעדער פון זיין צד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פינעס, לאַ די, וואָס ער האָט געכאַפּט קלעפּ פון מאיר דודס שותפים, איז ער נאָך פאַרבליבן מיט זיין וואַגאָן גרויפּן אָן אַן אָפּנעמער.
— טאָ ווו איז ער, דער וואַגאָן אייערער?
— אָ־ט־אָ האָב איך דאָך די פראַכטן, ייד!
— הערסט, ליטוואַק! טאָ רעדט זשע אַזוי!
ווייזט זיך אַרויס, אַז מאיר דוד זוכט איצט אַרום סחורה, ווי מיט ליכט. ס׳איז געוואָרן אַן אויסכאַפּעניש אויף גרויפּן. ער האָט אפשר זיבעצן בעלנים. און דאָ זיצט אַ ליטוואַק מיט אַ וואַגאָן סחורה און וויל וואַרפן דעם מקח.
— דאַרף מען זיי נישט ברענען און בראָטן, די ליטוואַקעס?
הכלל, וואָס איז דאָ צו רעדן, מען האָט געשלאָסן שותפות און מען וועט, בעזרת ה׳, פאַרדינען אַ שיינע פּאָר רובל. פייגע פעסע האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ביסל בראָנפן אויפן טיש.
— נו, בין איך נישט גערעכט געווען? — שמייכלט מאיר דוד — אַ ליטוואַק דאַרף מען אָנלערנען, ווערט ער אַ מענטש.
און פינעס האָט אַריינגעקוקט אין מילכיקן טעלער לאָקשן מיט אַ פּאָר גוטע, קעלבערנע אויגן.

## 12

# יאָ אינטעליגענטיש, נישט אינטעליגענטיש

היינט איז ישראל נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, כאָטש ס׳איז געווען אין ברען פון סעזאָן און די פאַבריק האָט געאַרבעט איבער־שעהן. ער האָט געלאַכט פון דעם חבר־באַלעבאָס, וואָס איז נעכטן אין מיטן אַרומטאַנצן געבליבן שטיין ווי אַ בלעכן מענטשעלע, ווען ער האָט אים געמאָלדן, אַז מאָרגן פאַרמיטאָג קומט ער נישט.

— וו׳הייסט, ווי הייסט? איר קוילעט דאָך מיך אַוועק, ישראל!

— אַ האָפענונג, אַז איר וועט בלייבן לעבן.

— אָבער וואָס איז געשען? דאָס ווייב גייט געלעגן ווערן?

— ניין.

— משוגענער!

— משוגע זאָל איר אַליין ווערן, חבר־באַלעבאָס.

נאָך דעם געמיטלעכן שמועס האָט ישראל אים געמאָלדן, אַז ער האָט אַ פּאַרטייאישן ענין צו דערליידיקן. האָט דער חבר־באַלעבאָס געמאַכט אַן אויסגעצויגן פּנים מיט אַן ערנסטער מינע.

— אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. הערסט! וואָס זשע האָט איר גלייך נישט געזאָגט? אין דער פּאַרטיי איז, הייסט עס, אויך סעזאָן.

קיין סעזאָן איז אַפילו אין ישראלס פּאַרטיי נישט געווען. אָבער אַ פרישער נומער פון פּאַרטייאישן העפט האָט איצט אַרויסגעשטעקט ביי אים פון קעשענע, בעת ער האָט האָפערדיק געשפּאַנט איבער דער זוניקער גאַס.

אַ חוץ אַ פּאָר גראָבע דרוק־פעלערן איז דאָס העפט אַרויס גלענצנד און מיט אַ שפּאָר ביסל מאַטעריאַל. און אויף אַ בוידעם־שטיבל אויף נאָוואָליפּיע האָט מען איצט געפּאַקט פּעקלעך און געמאַכט די עקספּע־דיציע. אַ שווער לייעניש האָט ישראל דאָס מאָל געהאַט ביז ער האָט אַרויסגעבראַכט דאָס העפט אויף דער ליכטיקער שיין. אָבער איצט איז שוין די אַרבעט אָפּגעטון, און ישראל שפּאַנט ווי אַ שטיקל בעל־שמחה.

עס קומט אים אַנטקעגן לעאָן ברוינער אין זיין ברייטן קאַפּעלוש. דעם שטעקן האַלט דער געערטער שריפטשטעלער מיטן הענטל אַראָפּ.

פאַרשטעקט אין קעשענע. און אַזוי שפּאַנט ער לאַנגזאַם, ווי אַ זעלנער פון דעם פּולק מרה־שחורהניקעס.

— וואָס מאַכט איר, לעאָן?

— אַ דאַנק, וואָס הערט זיך, חבר? זייט איר שוין מיט מזל אַ טאַטע געוואָרן?

— ניין, ס׳איז נאָך נישט צייט.

— דאָס, זעט איר, קען שוין קיין טאַטע נישט וויסן.

אָבער לעאָן פאַרכאַפּט זיך גלייך מיט אַ שולדיקן שמייכל.

— כ׳האָב, דוכט זיך, געזאָגט אַ נאַרישקייט?

— ווי איר פאַרשטייט.

— און וואָס שטעקט אַרויס ביי אייך פון קעשענע? אַהאַ! ליטע־ראַטור. רעוואָלוציע און פּאַלעסטינע? רעוואָלוציע מיט פּאַלעסטינע. ווי בינדט זיך דאָס?

— זעט איר דאָך!

לעאָן האָט אַ שמייכל געטאָן.

— אַנטשולדיקט, חבר, עמעצער פון אונדז האָט ווידער געזאָגט אַ נאַרישקייט.

ישראל איז רויט געוואָרן. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו ענט־פערן. געפילט האָט ער, אַז דערדאָזיקער פאַרביטערטער אינטעליגענט גייט אים קאַליע מאַכן די זוניקע שטימונג.

לעאָן האָט אים אַרויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויפן אַקסל.

— הערט, ישראל! איר זענט פאָרט אַ ווילער בחור, דער איינצי־קער אפשר וועלכער מיינט ערנסט מיט זיין אַרבעט. אָבער... אָבער צו וואָס, מיין פריינט, שיקט איר צו מיר אַלע אידיאָטן?

— וועמען?

— נו, פינעסן, צום ביישפּיל.

ישראל האָט זיך געפילט באַליידיקט פאַר פינעסן. ער האָט אָבער קיין מוט נישט געהאַט פאַר אים זיך איינצושטעלן.

— מיר דוכט, ער איז גאָר קיין נאַר נישט, פינעס.

— אַן אידיאָט! האָט איר געהערט אויף אייער לעבן אַ ייד זאָל אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיך אַרומטראָגן מיט אַ פּראָיעקט פון אַ יידישער מאַסאָנעריע?

— צוליב דעם האָט ער אייך געדאַרפֿט?

— אוודאי! ער דאַרף, זאָגט ער, אַ שריפֿטשטעלער, וואָס זאָל פּאָפּולאַריזירן זיין גלענצנדיקע אידעע.

— וואָס פֿאַר אַן אידעע?

— דערצייל איך דאָך אייך. ער האָט איינגעפֿונען, אייער לאַנד־חכם, אַז אַלץ איז בלאָטע. ער איז אויסגעוועזן, זאָגט ער, אין אַלע פֿאַר־טייען און אויסגעדינט אַלע עבודה־זרות און געקומען צום אויספֿיר, אַז העכער ווי יידישקייט איז נישטאָ גאָר קיין אידעע אויף דער וועלט.

— צוליב דעם האָט ער דאָך געדאַרפֿט דעם שריפֿטשטעלער ש.!

— און איר האָט אים גאָר צו מיר געשיקט. אַ שיינעם דאַנק אייך. אָבער אפֿשר אינטערעסירט אייך זיין אידעע?

— ס׳איז טאַקע אינטערעסאַנט.

— טאָ הערט מיט קאָפּ: היות יידישקייט איז די העכסטע אידעע, איז יעדער ייד אַ שטיק אידעען־טרעגער, אפֿילו דאָס ערגסטע שלימזל־דיקע יידל, אפֿילו אַזאַ פּושע ישראל און צווייפֿלער, ווי איר זענט דאָס אין דער אייגענער פּערזאָן, הער לעאָן ברוינער...

— אַזוי האָט ער געזאָגט?

— זיינע ווערטער. אָבער הערט ווייטער: אַזוי ווי יעדר ייד איז אַ שטיק אידעע (ער האָט זיך אויסגעדריקט: אַ שטיק קדושה) און מען קאָן נישט וויסן, וואָס פֿון אַ ייד קאָן אַרויסוואַקסן פֿאַר דער וועלט (איינעם האָט שוין די וועלט פֿאַר אַ גאָט געמאַכט), דעריבער איז מצוה עלינו צו דערהאַלטן דעם קיום פֿון יידישן מין, וואָס גייט נעבעך אונטער צוליב פֿינסטערע גזירות און צוליב דער שלעכטער עקאָנאָמישער סטרוקטור. זיין פּלאַן איז איינפֿאַך: שאַפֿן אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע פֿון די אַלע, וועל־כע האַלטן, אַז יידישקייט איז אַזאַ מין עטישער וועלט־עלעקסיר, וואָרום טאָמער, חלילה, וועפּט ער זיך אויס, דער עלעקסיר... הכלל, ווען וואָס איז דאָ צו רעדן? אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אידיאָטיזם. כ׳האָב זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַראָפּצוואַרפֿן אים פֿון אַלע טרעפּ. אָט דאָ ווין איך. קומט אַרויף צו מיר.

ישראל איז נישט איינמאָל געווען ביי לעאָנען אין וווינונג. ער האָט איצט פֿאַרחידושט געקוקט אויף דער פֿרעמדער טיר. ווי קומט ער דאָ צו וווינען? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז לעאָן ווווינט שוין נישט צוזאַ־

מען מיט באַסיען און עס האָט אים פּאַראינטערעסירט צו זען, ווי אַזוי אַזאַ איינער אָרדנט זיך איין אין זיין איינזאַמקייט. איז ער אַרויף. אַ קאַוואַלערישער צימער פיין און ציכטיק צוגעקליבן. ישראלן איז אָבער פּלוצלונג געוואָרן ענג. ער האָט נישט געוואָלט זיך אַוועקזעצן. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט מיט דעם העלפן לעאָנען צו באַפעסטיקן זיין פאַלשן שריט.

— לעאָן, איך בעט אייך, איז דאָס אַלץ אמת?...

— וואָס אמת? וואָס איך האָב דערציילט פון פינעסן?

— ניין, וואָס איר האָט זיך אַרויסגעצויגן פון דער היים.

— דאָ איז מיין היים. ווו מיינע ביכער זענען — דאָרט איז מיין היים. איך האָב מער גאָרנישט, ישראל.

ער האָט אַ ווײַלע אַרומגעשפּאַנט מיט פאַרלייגטע הענט און זיך צעלאַכט:

— איך קלויב מיך, ישראל, אָנשרייבן אַ ראָמאַן. טו איך נאָך קנוט האַמסונען. קודם: אַנטלאָפן פון דער היים. ס׳איז אַ סגולה זאָגט מען צום שרייבן.

ישראל האָט זיך צו אים צוגעקוקט. זיין פּנים איז געווען פאַר־חושכט, ווי אָפּגעברענט, פאַרשפּיצט און אויסגעצויגן ביי דער קין. פון פרייערדיקן לעאָנען איז נאָר דער הויכער ווינקל־שטערן פאַרבליבן. לעאָן האָט ווייטער געשפּאַנט איבערן צימער. האָט ישראל אויך פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און געשטעלט זיך אים אין וועג.

— הערט זיך איין, לעאָן, איר האָט אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט!

— אַזוי זאָגט איר? נו, רעדט, אדרבה, לאָמיר הערן.

— כ׳האָב שוין געזאָגט.

— און ווי וואָלט איר געטאָן, למשל, ווען איר דערוויסט זיך... ווען איר דערוויסט זיך...

לעאָנען איז אַזש רויט געוואָרן דער שטערן פאַר אויפרעגונג. ער האָט זיך געשעמט אַרויסצוברענגען די נייטיקע ווערטער.

— נו, צום טייוול! ווען איר דערוויסט זיך...

— אַז מיין פרוי איז קעגן מיר נישט אין אָרדענונג... — האָט אים אַרויסגעהאָלפן ישראל.

— נו, לאָמיר זאָגן, אַזוי...

— און אַז איך וועל אייך זאָגן, וועט איר מיר דען גלויבן? איר, אינטעליגענטן, האָט נישט די טבע צו גלויבן אפילו איינער דעם צווייטן, — וועט איר מיר גלויבן, מיר, דעם פשוטן חי־וקיים?

— איך וועל אייך גלויבן.

— וועל איך אייך זאָגן, לעאָן. איך וואָלט מיט מיין ווייב זיך אי־בערגעבעטן, אויב זי וואָלט עס נאָר געוואָלט.

האָבן ביי לעאָנען נערוועז געציטערט די פענסנע, צוזאַמען מיט דער הויט אויף די באַקן־ביינער.

— כ׳וועל דאָס פאַרנאָטירן... פאַר מיין ראָמאַן... אַזוי דענקט אַן אַרבעטער. אָבער צי זאָל איך אייך גלויבן, חבר?

ישראל האָט זיך טיף באַליידיקט.

— פאַרנאָטירט עס, לעאָן, פאַר אייער ראָמאַן... כ׳מיין, אייערע ווערטער פאַרנאָטירט! אַזוי רעדט אַן אינטעליגענט.

— כ׳האָב נישט געמיינט אייך צו באַליידיקן, ישראל, אסור! אָבער איך וויל, איר זאָלט מיך פאַרשטיין: כ׳מיין: טאָמער איז דער געדאַנק נישט אייערער, אַרויסגעלייענט ערגעץ. ערנסטע אַרבעטער זענען זייער געניוגט אָנצונעמען פרעמדע תורות... בפרט אין געפיל־זאַכן...

— אַהאַ... איך פאַרשטיי שוין... פילן קאָנען נאָר אינטעליגענטן... וואָס קאָנען דען פילן מיר, גייענדיקע מאַשינען? מיר קאָנען נאָר איינ־חזרן אַ קאַפּיטל פּאָליטישע עקאָנאָמיע, נישט אַזוי, לעאָן?

לעאָן האָט זיך געוווּנדערט אויף ישראלס דרייסטע און גלייכע רייד. ער האָט ביז אַהער געהאַלטן דעם דאָזיקן בלאָנדן שטריקער־אַרבע־טער פאַר אַ כבוד־פּה. ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים. ווי מיט אַ גלייכן. און זיין ערנסטע כוונה איז דאָך געווען אויסצו־הערן די מיינונג פון אַ מענטשן מיט אַ פּשוטן שכל. ווייל אַליין האָט ער זיך שוין צו פיל פאַרפּלאָנטערט אין זיינע געפילעכצן.

— הייסט עס, ישראל, איר האַלט יאָ פון אַ משפחה־לעבן. גוט. טאָ זאָגט זשע מיר, ווי אַזוי בויט מען זי, די משפחה, אויב איר זענט נישט זיכער, אַז אייער ווייב איז אייך טריי, אַז אייער קינד איז טאַקע אייערס?...

אין דער ערשטער רגע האָט זיך ישראל אַפילו נישט אָריענטירט

אין דעם זין פון לעאָנס רייד. צי מעסט עס לעאָן אָן אויף אים זיינע אייגענע ליידן? צי רעדט ער טאַקע וועגן ישראלס שווערע איבערלעבע־נישן? ער האָט געמוזט אָנטאָן זיך אַ כח׳ גובר צו זיין זיין האַרץ־דריקעניש.

— לעאָן, מיר האָבן נאָך אַלץ אַ היפּש ביסל בורזשואַזע פאָר־אורטיילן.

— אָך, לאָזט מיך געמאַך! פּאַפּירענע ווערטער!

— איר זענט גערעכט, לעאָן, ווערטער זענען גאָרנישט ווערט. וויכטיק זענען מעשים. און איר האָט געהאַנדלט ווי אַ ווילדער עגאָ־איסט, זאָלט איר מיר מוחל זיין. איר זענט אַליין אומגליקלעך און באַסיען אומגליקלעך געמאַכט!

אַהיים איז ישראל געגאַנגען מיט אַ שווער געמיט. עס האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט לעאָנען אַריינגעזאָגט די לעצטע האַרבע ווערטער. בפרט, אַז אין גאַנצן גערעכט האָט ער זיך אויך נישט גע־פילט. עפּעס האָט ער זיך דאָרט אין דעם עלעגאַנטן, קאָוואַלערישן צימער אָנגעשטעקט מיט אינטעליגענטישן סם. איצט האָט ישראל גע־בענקט נאָך דער פאַבריק, נאָך דער אַלטעגלעכער, מעכאַנישער אַרבעט. אַ האַלבן טאָג נישט געאַרבעט — האָט ער זיך געטראַכט — און גע־וואָרן אינטעליגענטיש געשטימט, ווען ער זאָל זיך נישט שעמען — וואָלט ער איצט אַוועק אין פאַבריק, נישט וואַרטנדיק ביז נאָך מיטאָג. אָבער דאָס האָט ער נישט פאַרגונען דעם חבר־באַלעבאָס.

אויף אַ גאַס פון דער אַלט־שטאָט, נאָענט פון דער היים האָט ער באַגעגנט דינהן. ווי אַלע ווייבער פון מקום, וואָס פילן זיך דאָ ווי אין איין גרויסער דירה אָן אַ דאַך, איז דינה געגאַנגען מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, מיט דער מאַמעס פאַטשיילע פאַרשטעלט דעם שוואַנגערן בויך.

ס׳איז איר געווען שווער צו גיין, זי האָט געהאַט אַ מידן, אָבער אַ מונטערן אויסדרוק. דינה האָט זיך מיט ישראלן דערפרייט און געענט־פערט אויף זיין פאַרחידושטן, פרעגנדיקן בליק.

— געווען אין מאַרק, ישראלינקע. דו זעסט מיין מיטהעלפער?

פון צווישן עולם האָט אַרויסגעטויכט פינעס מיט אַ פולן קויש זילבערנע פישעלעך. ער האָט גוטמוטיק געשמייכלט און געגלעט גאָטס וועלט מיט זיינע קעלבערנע אויגן. אַ שנירל האָט זיך אים אָפּגעבונדן

אויף איינעם פון זיינע העלפאַנט־שיך און ס׳איז אים געווען נישט באַ־קוועם צו גיין. דעם קויש האָט ער אָבער ישׂראלן נישט אָפּגעגעבן.

— לאָזט, לאָזט, חבר! ס׳איז אַ מצוה.

— אָבער וואָס איז דיר איינגעפּאַלן, דינהלע? זע נאָר די באַלע־באָסטע! און איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נאָך.

האָט דינה אָנגעבלאָזן די ליפּעלעך.

— דיך קאָן מען נישט צופרידנשטעלן, ישׂראל. ליג איך, — שרייסטו, איך בין אַ ליידיקגייערין. אַרבעט איך — הייסטו מיר ליגן.

און זי האָט זיך צעלאַכט.

— ווי זאָל איך ליגן, אַז איך האָב שוין פאַרבעט דאָס בעט?

13

# אין תהום

פרייטיקצונאַכט ווערט אין דער קאָמונע פאַרפרי שטיל. נאָך דער וועטשערע דערפילט מען ערשט די מידקייט פון אַ גאַנצע וואָך האָרע־וואַניע און אַרומלויפעניש. אין איין טייל פון גרויסן עס־צימער ציט זיך נאָך אַ פוילע דיסקוסיע, דורכגעפלאָכטן מיט הויכע געניצן. אין צווייטן טייל שפּרייטן זיך שוין אויס די לייוונטענע בעטלעך, שטולן קומען זיך צוזאַמען אין אַ מזומן צו שאַפן אַ געלעגער. דער גרויסער עס־צימער פון פייגע־פעסעס קאָמונע ווערט ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ הקדש. עס גייט אַ סדרה קרעכצן. אָט הערט זיך שוין אַ כראָפּען און אַ פייפן מיט דער נאָז. געלאָזט אין גאַנג דעם סקריפּענדיקן מאָטאָר פון חלומות.

פרייטיקצונאַכט איז מאיר־דוד זיך נוהג צו פירן אַ געראַנגל מיטן שלאָף פאַר זיין נשמה־יתירה. אַ גאַנצע וואָך אַ מעקלער, פאַרווילט זיך אים, צוזאַמען מיטן שבת־קודש, צו לאָזן אָפּעטעמען דעם אַלטן בעל־מגיה און אַריינקוקן אין אַ ספר. עס העלפן אָבער נישט די קיילעכדיקע ברילן אויף דער צעפּאַרעטער נאָז. דער מעקלער וויל שלאָפן.

מוסרט אים דער בעל־מגיה:

— פריש דיך אָפּ! כאַפּ אַ יידיש וואָרט! ווערסט דאָך פאַרשימלט ווערן!

ענטפערט דער מעקלער מיט אַ גרעבץ.

אַזוי ראַנגלען זיי זיך דער מעקלער מיטן בעל־מגיה פאַר דער נשמה־יתירה. און מאיר־דוד ווערט שוין גאָר אַ דריטער צד. אַ זייטי־קער עדות, ער פּיקט מיט דער נאָז אין די גרויסע ברילן, גיט ביידן געקרעכצט.

אין אַ ווינקל פון גרויסן צימער, הינטער אַ פּאַראַוואַניק ברענט אַ ליכט און עס וויקלט זיך אַ שטילע דיסקוסיע, וועלכע וויל זיך גאָרנישט אויסשעפּן. ישראל מיט פּינעסן אַמפּערן זיך וועגן דעם ווערט פון יידיש־קייט. דינה רופט פון צווייטן צימער מיט אַ רחמנותדיקן קול:

— ישראלינקע, גיי שוין אַמאָל שלאָפן.

— באַלד, באַלד, דינהלע, נאָך איין מינוט.

אין די ווייטערע צימערן איז שוין פינסטער און שטיל.

ביסטריצקי הערט, ווי עס עפנט זיך די טיר פון זיין צימער. אין אַ ווײַלע אַרום שוועבט איבער זיין פּנים אַ צאַרטע, כמעט קינדישע האַנט.

— טאַדעק דו שלאָפסט?

ער ענטפערט נישט. ער רוקט זיך נאָר פויל אָפּ צו דער וואַנט. דאַרעטשקע גייט צו אים אין בעט אַריין, טוליעט זיך צו.

— טאַדעק, פאַרוואָס צערטלסטו מיך נישט? צערטל מיך!

נעבן אים ליגט אַ מיידעלע לויטן וווקס, אָבער אַ רייפע פרוי, לויט איר באַנעמונג. ביסטריצקי מיט דאַרעטשקען שטייען אין אינטימע באַציאונגען שוין דאָס דריטע יאָר. זי איז געווען אַ שילערין פון דריטן קלאַס, בעת זי האָט חתונה געהאַט מיט ביסטריצקין אָן חופה און קדושין.

ווען ביסטריצקי איז אָנגעקומען אין פּייגע־פּעסעס קאַמונע, האָט אים גלייך אַ זעץ געטאָן איבער די נערוון דאָס מיידעלע מיטן הויכן שטערן און מיטן לויטערן, רייפן געלעכטער.

זי איז פאַרבייגעלאָפן מיט איר טעקע ביכלעך אין דער שול אַריין און אים צוגעוואָרפן אַ חוצפּהדיקן בלויען בליק, פול מיט חוזק.

— אַ קליינע דאַמע.

פון דער שול איז די קליינע דאַמע צוריקגעקומען מיט פינגער איינגעשמירט אין טינט און געלאָזט זיך פון דער מאַמען לאַנג בעטן די הענט אָפּצוואַשן.

— סיי ווי, מאָרגן וועל איך ווידער איינשמירן!

און זי האָט געלאַכט און דערציילט אַ מעשה, ווי אַזוי זיי האָבן היינט אויסגענוצט דעם לערערס הוט פאַר אַ בריוו־קעסטל צו די שילער פון פויזנערס גימנאַזיע. זיי האָבן אַריינגעשטופּט די בריוועלעך צווישן דער ברייטער סטענגע פון דעם לערערס הוט. דער לערער האָט שפּעטער אָנגעטאָן די פּאָסט אויף זיין פּליך און אַוועקמאַרשירט צו פויזנערן אויף אַ לעקציע פון געשיכטע. דאָרט האָבן שוין די ייִנגלעך די פּאָסט אַרויסגענומען.

לאַכנדיק האָט זי געווישט די נאַסע הענט און געקוקט אויף ביסטריצקין ווי פאַר זיינעטוועגן האָט זי דאָס דערציילט און שפּעטער האָט זי אים גענומען פאַר אַן עדות, אַז זי האָט שוין ריינע הענט.

— איר זעט?

אַזעלכע קליינע, און דאָך רייף אויסגעטאָקטע הענטלעך האָט ביסטריצקי געזען צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן. האָט ער זיך פאַר־ליבט אין דאָרעטשקעס הענט.

שפּעטער אַביסל האָט ער זיך פאַרליבט אין איר שטים. זי האָט געהאַט אַ לויטערן סאָפּראַן. אָבער אַז מען זאָל צומאַכן די אויגן איז גאָר שווער צו זאָגן, אַז דאָס זינגט אַ דרייצן־יאָריק מיידעלע, אַזוי פיל געפיל און טעמפּעראַמענט אין איר געזאַנג.

און ביסטריצקי האָט אָנגעהויבן אויך דרך־ארץ צו האָבן פאַר דער קליינער דאָרעטשקעס וויסן.

אין פאַרגלייך מיט אים איז זי געווען אַ געבילדעטע.

זי האָט פיל געלעזן, און אַלץ וואָס זי האָט געלעזן, האָט זי געדענקט.

און ער אַליין, ביסטריצקי, איז אַראָפּגעקומען פון ביאַליסטאָק אַ רויער מענטש. לויטן פאַך — אַ פריזירער, לויטן פּאָליטישן סטאַזש אַן אַנאַרכיסט און לויטן וויסן — כמעט אַן אַנאַלפאַבעט.

קיין האַלב יאָר איז נישט אַריבער, ווי דער ברייטפּלייציקער פריזירער מיטן חוצפּהדיקן ברייטן מויל איז שוין געווען אין גאַנצן אונ־טער דעם איינפלוס פון דעם קליינעם מיידעלע מיט די חוצפּהדיקע בלויע אויגן.

זי איז געוואָרן זיין לערערין און ער איז פון אָנהויב נתפּעל גע־וואָרן פאַר איר וויסן, פענאָמענאַלן געדעכעניש און רייפן שכל.

דאָרעטשקע איז געווען פון יענע אַרטיסטישע נאַטורן, וועלכע צעבליען זיך אַלץ רייכער, וואָס מער מען אָנערקענט זייערע פעאיקייטן. כדי זיך אויסצופיינען פאַר ביסטריצקין מיט אירע קענטעניש, פלעגט זי גאַנצע נעכט אָפּזיצן איבער גראָבע ביכער און אַ חוץ די לעקציעס פון געאָגראַ־פיע, געאָמעטריע און פראַנצויזיש, האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרשיטן איר שילער מיט גאַנצע טראַקטאַטן איבער ליטעראַטור־און קולטור־געשיכ־טע. ביסטריצקי האָט אָבער נישט בלויז באַוואונדערט זיין קליינע לערע־רין, ער האָט זיך אויך געלערנט.

און דאָרעטשקע האָט פריער מיט פרייד און שפעטער מיט שרעק באַמערקט, אַז זיינע פעאיקייטן שטייגן אפשר אַריבער אירע אייגענע. חוץ דעם האָט דער פריזירער געהאַט אַן אייזערנעם ווילן, נישט געוווסט פון קיין מידקייט און ביכער האָט ער אָנגעהויבן שלינגען מיט זיין ברייטן מויל. אויך ביסטריצקי איז געווען פון די נאַטורן, וואָס דאַרפן האָבן אַ שטויס אין לעבן, צו באַווייזן זייערע פעאיקייטן אָבער אַ שטויס צו אַ פּראַקטישן ציל. און זיין פּראַקטישער ציל איז געווען: מאַטורע און, שפעטער, בערן. אין איין יאָר האָט ער דאָרעטשקען אַריבערגעיאָגט אין קענטעניש. זיינע רייד זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן וואָגיקער און באַקומען דעם שטעמפּל פון סיסטעמאַטישן וויסן. פאַר אירע אויגן איז ער אויסגעוואַקסן — דער מענטש, וואָס מען הערט זיך שוין צו צו זיינע רייד מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. געוויס איז דאָרעטשקע שטאָלץ געווען מיט איר שילער. געוויס האָט זי געפילט, אַז זי האָט אים גע־שטעלט אויף די פיס. איר שטאָלץ איז אָבער באַגלייט געווען פון שטענדיקער, וואַקסנדיקער שרעק: זי וועט אים נישט איינהאַלטן נעבן זיך. ער איז זי אַריבערגעוואַקסן...

און זי האָט אים שוין פון לאַנג קרענקלעך ליב געהאַט. זייער לעבן איז געווען אַ דאָפּלט לעבן. אַ טאָג־און־נאַכט לעבן. בייטאָג איז דאָס גע־ווען אַ שיין לעבן פון פאַרמעסטן זיך אין פעאיקייטן און גייסטיקע כוחות. אָבער ביי דער נאַכט האָבן זיי געפירט אַ לעבן פון צוויי צע־ווילדעטע געשלעכטער, וועלכע ווייסן נישט פון קיין צוים און פון קיין אָפּהאַלט.

ביסטריצקין האָט גערייצט איר פריע רייפקייט. דאָרעטשקען האָט גערייצט אָט דער דערוואַקסענער מאַנספאַרשוין, וואָס שפּילט זיך מיט

איר, ווי מיט אַ גרויסער. אינדערפרי וועט ער זי באַגלייטן צו דער שול און אונטערטראָגן איר טעקע מיט ביכער. זי וועט זיך געזעגענען מיט אים און לויפן צו די חברטעס, פלוידערן קינדערשע רייד און אינדער־שטיל וועט זי לאַכן, לאַכן פון אירע נאַרישע חברטעס, וועלכע ווייסן גאָרנישט ווער זי איז און ווי זי לעבט.

אָבער צוזאַמען מיט דאָרעטשקעס ביינאַכטיק לעבן איז אויך אויס־געוואַקסן איר עפּילעפּטישע קרענק. נאָך גאָר ביי די ערשטע אינטימע באַגעגענישן האָט זיך די קרענק באַוויזן. זי האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס דאָרעטשקע פּלעגט פּלוצלונג פאַרשטייפּט ווערן אין אַ שטיינערנעם שלאָף, אַמאָל אויף מינוטן, אַמאָל אויף שעהן גאַנצע. און ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי האָט די קרענק אירע גורם געווען איר פריע געשלעכטלעכע רייפקייט, צי האָט די רייפקייט גורם געווען איר קרענק.

אַ שייכות איז דאָ זיכער געווען. וואָרום ווען ביסטריצקי איז אויף אַ געוויסע צייט געווען אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, צו ברענגען אין אָרדענונג זיינע דאָקומענטן, האָבן ביי דאָרעטשקען די אַטאַקן זיך פאַר־שטאַרקט. עס האָט איר שוין פאַרפעלט דאָס ווילדע נאַכט־לעבן.

זי האָט זיך אויסגעלערנט דראַסטיש צו מאָנען:

— טאַדעק, צערטל מיך!

האָט די דראַסטישקייט אירע פון אָנהויב ביסטריצקין באַרוישט, אַריינגעוואָרפן אין אַ ווילדע ליידנשאַפט. מיט דער צייט אָבער האָט ער אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר דער ביינאַכטיקער דאָרעטשקען. אין דעם עראָטישן רוף אירן איז געווען אַ באַפעל און אַ דראָאונג. די ביינאַכטיקע דאָרעטשקע איז געוואָרן אַ געהיימנישפול, פרעמד באַשעפעניש פאַר ביסטריצקין. עפּעס ענלעך צו יענע שפּינען־נקבות, וואָס דערשלינגען די זכרים ביים געשלעכטלעכן פאַרקער. נישט איר ליידנשאַפט האָט אים אָפּגעשטויסן, נאָר דער מוז נאָכצוגעבן איר דראַסטישן רוף, די דראָאונג פון אַן עפּילעפּטישן אַטאַק, אויב ער וועט פאַרבלייבן קאַלט צו איר. ביסטריצקי וואָלט שוין לאַנג אַנטלאָפן, ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט, ווען צו דאָרעטשקען וואָלט אים נישט צוגעבונדן אַ צאַרט און ליידנשאַפטלעך געפיל. אָבער דאָס געפיל איז שוין געווען אָנגעבראָכן. פאַרסמט סיי פון רחמנות צו דעם קראַנקן מיידל סיי פון פּראָטעסט,

וואָס איר קראַנקייט פאַרקנעכטעט אים. בײטאָג האָט ער זי לײדנ־שאַפטלעך ליב געהאַט. ביי דער נאַכט פלעגט ער זיך דאַרפן אַ כוח אָנטאָן צו פאַרטראָגן איר נאַקעטקייט אויפן געלעגער. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ זייטיקע סיבה, וואָס האָט פאַרטיפט דעם תהום צווישן אים מיט דאָרעטשקען. אָבער אין איר טעמפּער ביינאַכטיקער פאַרבלענ־דעניש האָט דאָרעטשקע נישט געקאָנט פילן ווי ווייט עס האָט זיך אָפּ־גערוקט פון איר אָט דער מענטש, וואָס האָט איר שטום אָפּגעטראָטן אַן אָרט אויף זיין געלעגער, זי האָט נישט געקאָנט פילן וואָס אין זיין האַרצן טוט זיך. זי האָט זיך נאָר געחידושט און געמאָנט: — טאַדעק! ביין, זי ווערט אומדערטרעגלעך, העסלעך.

ער האָט זי אַרומגענומען און געגלעט:

— שלאָף, דאָרעטשקע, שלאָף!

— איך וויל נישט שלאָפן! איך בין נישט געקומען שלאָפן!

ער האָט געפּרוווט זאָגן מוסר:

— דאָרעטשקע, נאַריש מיידעלע! וואָס קומסטו זיך בעטן ביי מיר? ס׳איז נישט שיין. אַ פרוי באַדאַרף זיין שטאָלץ.

האָט זי אים איבערגעשלאָגן:

— דאַרפסט מיך נישט לערנען, טאַדעק! איך קאָן נישט זיין שטאָלץ. מיר איז ליב, וואָס איך דערנידעריק זיך פאַר דיר.

— אָבער ס׳איז צייט דו זאָלסט וויסן, דאָרע, אַז אַ מאַן האָט אויך זיינע געפילן, זיינע שטימונגען.

האָט זי זיך איינגעביסן מיט די ציין אין זיין אַקסל און אומבאַ־האָלפן געוויינט:

— טאַדעק, דו ביסט אַנדערש געוועזן!

ביסטריצקי האָט זיך געראַנגלט צווישן רחמנות און פּראָטעסט. און דער פּראָטעסט האָט גובר געווען. ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין פאַרקנעכטעט ביי אַ קליין, קראַנק מיידל!

— נו, גוט, דאָרע, שטעל דיר פאָר, אַז איך בין טאַקע אַנדערש געוואָרן. אפשר... האָב איך עפּעס אַנדערע געפילן? אפשר... געפעלט מיר אַן אַנדערע פרוי?... עס קאָן זיך דען נישט טרעפן? שטעל דיר פאָר, אַז דו פאַרליבסט זיך...

ער האָט גערעדט לאַנג און מיט אַ מעסיקער שאַרפקייט, אויסגע־

רעכנט אויף דעם, אַז דאַרעטשקע זאָל זיך באַליידיקן, וועלן אָפּגעקילט צו אים, אָבער, דאָך, נישט שטאַרק ליידן. ווייל אפילו איצט, דורך זיין ווידערגעפיל צו איר. האָט ער זי דאָך ליב געהאַט. ס'איז אים געווען אויף איר אַ רחמנות. און דאַרעטשקע האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו זיינע שניידנדיקע רייד און אים נישט איבערגעשלאָגן. ער האָט גע־ענדיקט רעדן און זי האָט אַלץ עקשנותדיק געשוויגן. ווייזט אויס, צו טיף איז געווען די באַליידיקונג. צו פיל שאַרפע רייד האָט ער אין איר האַרץ אַריינגעשטאָכן. פאַרוואָס זשע וויינט זי נישט? פאַרוואָס אַנט־לויפט זי נישט? ביסטריצקין האָט זיך געדוכט, אַז דאַרעטשקע ראַנגלט זיך צווישן יאָ און גיין אַרויסצושפּרינגען פון בעט. ער האָט זי אַ גלעט געטאָן און דערוואַרט, אַז איר האַנט וועט אים אָפּשטויסן. אָבער איר האַנט איז געווען שטייף צו דער ברוסט צוגעדריקט, ווי אַן אייזערנער פּרענט. פאַר דער צייט, וואָס ער האָט גערעדט איז דאַרעטשקע אַריינגע־פאַלן אין איר שטיינערנעם, עפּילעפּטישן שלאָף. איצט ליגט זי נעבן אים איינגעקאָרטשעט, אומבאַוועגלעך, ווי אַ טויטע. מען הערט אַפילו איר אָטעם נישט. קיין מיטל זי צו וועקן איז נישטאָ. דאָס דאַרף מען וואַרטן, ביז זי וועט אַליין זיך אויפכאַפּן. ווי לאַנג?

ביסטריצקי ליגט נעבן דעם קליין פאַרשטאַרטן קערפּערל און ציילט די מינוטן. און וואָס לענגער עס געדויערט איר אַטאַק, אַלץ ענגער ווערט אים אַרום האַלדז. עס פאַרפעלט אים אָטעם, ווי מען וואָלט צוזאַמען מיט דאַרעטשקען אים באַגראָבן לעבעדיקערהייט. דאָס האָט ער מיט זיינע רייד זי אַריינגעטריבן אין דעם שטיינערנעם שלאָף. דאָס קליינע מיידל־שע קערפּערל, וואָס ער האָט אַזוי אָפּט און אַזוי הייס געצערטלט, האָט ער מיט עטלעכע בייזע ווערטער פאַרוואַנדלט אין אַ שטיין.

און עס בריט אים אָפּ אַ הייס חרטה־געפיל. דאָס איז שוין נישט קיין רחמנות. דאָס איז אַ שטראָם ליידנשאַפט צו דער אַנטלאָפענער דאַ־רעטשקע, וואָס האָט דאָ, נעבן אים, איר פאַרשטיינערטן גוף איבערגע־לאָזט. ער מוז זי אויפוועקן! ער מוז זי צוריק צום לעבן ברענגען, — מיט זיינע ביסן, מיט זיינע קושן, מיט זיינע צערטלעכקייטן. ער באַפאַלט איר קערפּער מיט אַ ווילדער ליידנשאַפט, ער קושט זי, ער בייסט זי. ער פּרווט צענעמען אירע הענט און פיס.

אָבער די קליינע הענט באַשיצן די ברוסט, ווי אייזערנע פּרענטן.

און די קליינע פיס זענען ווי מיט אייזערנע רייפן צוזאַמענגעשמידט. די קליינע פרוי, וואָס האָט זיך דערנידעריקט פאַר אים, שטעלט אים אַ ווידערשטאַנד אין איר עפּילעפּטישן שלאָף.

## 14

# די באַוואָסערונג פון מעסאָפּאָטאַמיע

אין דער זעלביקער צייט האָט אין עס־צימער הינטערן פּאַראַוואַניק זיך געוועבט אַ שטילע, אָבער לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיע צווישן ישראל מיט פּינעסן איבער דער באַדײַטונג פון ייִדישקייט פאַרן קיום פון דער וועלט. פּינעס האָט געהאַלטן פון ייִדישקייט אַן עולם ומלואו און געזען אין דעם דאָס אויבערשטע פון שטייסל. פאַר ישראלן איז אָבער וויכטיק געווען אָפּצוטיילן דעם לעבעדיקן ייִד פון דער אַבסטראַקטער ייִדישקייט. ער האָט נישט געקאָנט אַריבערשפּרינגען אין ראיות פון רמב״ם צו דאַר־ווינען, אַזוי ווי פּינעס האָט עס געטאָן און ס׳איז אים נישט נייטיק געווען.

— אַלץ וואָס איר רעדט, מײַן פרײַנט, איז פּשוטער שאָוויניזם און ווייטער גאָרנישט. ייִדן האָבן ביז אַהער געלעבט און ווילן אויך ווייטער לעבן. דאָ איז דאָס גאַנצע פּראָבלעם. וועלן זײַן ייִדן אויף דער וועלט — וועט איר האָבן ייִדישקייט, אויב עס גייט אײַך אין דעם. ס׳איז אַ פראַגע, ווי אַזוי די ייִדישקייט וועט אויסזען. פון מײַנעטוועגן מעג זי זײַן אַ פּראָלעטאַרישע.

— אָט־אָט־אָט־אָט־אָט! — האָט זיך פּינעס דערפרייט, ווי ישראל וואָלט אים אַרויסגעהאָלפן אין אַ גרויסער דערפינדונג. — ענדלעך רעדן מיר זיך צוזאַמען. מיר גייען צו איין ציל פון פאַרשידענע זײַטן. דער עיקר, אַז ייִדן זאָלן זײַן, אַ פאָלק זאָל זײַן, אַ פאָלק מיט אַ געזונטער סטרוקטור, מיט אַ נאָרמאַלן לעבנסשטייגער.

פּינעס האָט אָנגעהויבן צו רעדן פאַרשטענדלעכע רייד. געוויס איז ער נישט געווען קיין ציוניסט. קיין פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניסט אויך נישט. ער האָט אָבער געהאַט אַ ווייטן קוק און אַ ברייטע פאַנטאַזיע. לויט זײַן פּשוטן חשבון, געשטיצט אויף סטאַטיסטיקעס איז אויסגעקו־מען, אַז אין פופציק יאָר אַרום וועלן מיר האָבן איבער פערציק מיליאָן

יידן אויף דער וועלט, אַט די פערציק מיליאָן יידן, ווייזט זיך אַרויס, האָבן אים שוין לאַנג נישט געלאָזט רוען און געפּאַדערט: פּינעס! שאַף אַ פּראָיעקט, אַז מיר זאָלן קאָנען לעבן אויף דער וועלט! האָט ער טאַקע געטאָן און געשאַפן. דריי יאָר האָט ער געשאַפן אַ פּראָיעקט.

— און איצטער — זעט!

און ער האָט פון זיין טיפער, אָנגעבלאָזענער בוזים־קעשענע אַרויס־געשלעפּט אַ באַרג פּאַפּירן, צוזאַמענגענייט מיט שוואַרצן פאָדים אין אַ בייכיקן העפט. ישראל האָט אַריינגעקוקט אין דעם העפט און עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. ציפערן און דיאַגראַמעס, דיאַ־גראַמעס און ציפערן. פּלענער און נאָך פּלענער. און לאַנד־קאַרטעס. און אַלץ פון אויבן ביז אַראָפּ פאַרשריבן מיט דראָבנינקע, שפּאַרעוודיקע אותעלעך.

— אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט ער געפרעגט פאַר־צווייפלט.

— דאָס איז... דאָס איז — האָט פּינעס פייערלעך דערקלערט — אַ פּראָיעקט צו באַוואַסערן מעסאָפּאָטאַמיע, — און ער האָט אָנגעהויבן צו געבן דערקלערונגען:

— איר זעט, חבר! אַט דאָס איז דער אַריינפיר, אַ היסטאָרישער איבערבליק. דאָס איז די קאַרטע פון דעם לאַנד־שטח, לויט די בעסטע ענגלישע קוועלן. דאָס איז די קאַרטע פון דער אוראַלטער באַוואַסערונג פון אור־כשדים אין די צייטן פון האַמוראַבי. איצט גייט דאָס ערשטע קאַפּיטל. אייניקע ווערטער וועגן דער געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג אין האַלאַנד... איר ווילט הערן!

— ניין, ניין! — האָט ישראל זיך דערשראָקן — איך פאַרלאָז מיך שוין אויף אייך.

מיט איין וואָרט, שוין ביים זיבעטן קאַפּיטל פון פּינעסעס פּראָיעקט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פערציק מיליאָן יידן זענען פאַרזאָרגט מיט אַ גוט באַוואַסערט לאַנד אויף קינדער און קינדס־קינדער.

— און וואָס וועט זיין אין דריי הונדערט יאָר אַרום איז פּריצייטיק צו טראַכטן. נישט אַזוי, חבר?

פּינעס האָט רעפערירט מיט היץ און געטייטלט מיטן פינגער אויף דעם און אויף יענעם אָרט פון זיין פּראָיעקט. ישראל האָט געהאַט אַ גע־

פיל, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל אויסגעטרונקען אַ גאַנצע קוואַרט בראָנפן. דער קאָפּ איז שוין געווען פול מיט דיאַגראַמעס און לאַנד־קאַרטעס. עס איז געווען שווער זיי איינצוהאַלטן, האָבן זיי זיך איינגעגעסן אין מאַרך. איז פון זיין איינפאַכן, מענטשלעכן מאַרך געוואָרן אַ לאַנד־קאַרטע פון אַ באַוואַסערטער געגנט מיט זייער פיל וואַסער־אָדערן. און פאַר די אויגן האָט זיך פון די פיל ציפערן אַלץ געטאָפּלט. עפּעס האָט געווימלט פאַר זיינע אויגן אַכציק מיליאָן יידן מיט נבוכדנצר־בערד, יידן, אָנגעטאָן אין גאָלד און אין זילבער, נאָר אַלע אָן הויזן.

— אָבער שטייט! אָבער וואַרט, חבר פינעס! ווו וועט איר נעמען די מיליאַרדן אויף דורכצופירן אייער פּראָיעקט?

פינעס האָט אים אָנגעקוקט מיט באַדויערונג, ווי אַ מענטש וואָס איז געשטערט געוואָרן אין מיטן טון זיין וויכטיקע אַרבעט.

— פאַר דעם, חבר, דאַרפט איר שוין זאָרגן. איר און אַלע יידן, וועלכע פאַרגיבן זיך מיטן פּראָבלעם פון קיום פון דער יידישקייט.

דאָס ליכטל, וואָס איז געווען צוגעשמאָלצן צום ברעג טיש, האָט געהאַלטן ביים אויסגיין. עס האָט זיך געשמאָלצן. און אויפן ברעג טיש האָט זיך שוין אָנגעהויבן די באַוואַסערונג. דאָס ליכטל האָט גוססדיק אויסגעשטערקט דאָס צינגל:

— יידן, האָט רחמנות, קומט צו אַ תכלית! איך גיי אויס!

אָבער דאָס ליכטל איז נישט אויסגעגאַנגען אויף אַ נאַטירלעכן אופן. עס האָבן זיך אַריינגעמישט סטיכישע כוחות, נעמלעך, דער ליט־וואַק שניאור, וואָס האָט געסקריפּעט אין בעטל אויף יענער זייט פּאַ־ראַוואַניק. אין היץ פון דער דיסקוסיע האָבן זיי נישט געהערט ווי ער קרעכצט און ווי ער ברומט. איז ער פּלוצלונג אַרויס מיטן לשון, מיט אַן אויסגעוואַשענער שטים:

— רוצחים, געשעדיקט זאָלט איר ווערן! ווי לאַנג איז דער שיעור נישט לאָזן צומאַכן אַן אויג? — און ער האָט אַקצענטירט זיינע ווערטער מיטן פּוס.

האָט דער פּאַראַוואַניק דערשראָקן אַ קרעכץ געטאָן, אַ פאַל אויף ביי־דע דיסקוטאַנטן, פאַרלאָשן דאָס ליכט, און דער מעסאָפּאָטאַמישער פּראָ־יעקט האָט אַ בליאַפּ געטאָן ווייט אונטערן בעט.

עס איז געווען די העכסטע צייט צו לייגן זיך שלאָפן.

אָבער אין יענער נאַכט האָט שוין ישראל נישט געקאָנט איינשלאָפן. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען דער מעסאָפּאָטאַמישער פּראָיעקט און, ווי אַ העלער פּראָזשעקטאָר, באַלויכטן דאָס יידישע לעבן. ווונדערלעך האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אין דעם ליכט פון מעסאָפּאָטאַמישן פּראָיעקט!

ביי די אָן־הויזנדיקע יידן מיט נבוכדנצר־בערד זענען אויסגעוואַקסן גלעזערנע פליגעלעך, צו צוויי פאַר גלעזערנע פליגעלעך ביי יעדן אייבּ־ציקן. און אַלץ האָט געווימלט און געזשומעט און דיסקוטירט אין דער לופט און גלעזערנע פליגעלעך האָבן, פלאַטערנדיק, געשפּילט אויף דער זון מיט די פאַרבן פון רעגנבויגן. געשפּילט און געברומט. אונטן, אַנ־שטאָט אַ באָדן, איז געווען אויסגעשפּרייט פינעסעס פאַפּירענער פּראָ־יעקט מיט די לאַנדקאַרטעס...

נו, געוויס איז ישראל נישט געווען קיין דענקער. אַזאַ לוקסוס קאָן זיך אַן אַרבעטער נישט דערלויבן. אויפן מאַרק פון גייסטיקע פאַר־טיקע קליידער זענען פאַראַן וועלט־אַנשויאונגען פון אַ דריי־פיר נומערן און פאַסאָנען. ישראל האָט זיך צוגעקליבן מער־ווייניקער לויט זיין מאָס און געשמאַק דעם פּועלי ציוניזם. ער האָט נישט געהאַט בדעה זיך אויס־צוטאָן. אָבער געפילט האָט ער, אַז דידאָזיקע קליידונג הענגט אויף זיין איך ווי אַ זאַק.

„נישט דער מענטש פאַר די קליידער, נאָר די קליידער פאַרן מענטש!" — האָט ער זיך געטראַכט — „מען דאַרף די קליידער צופּאַסן. ווו — אַריינגעמען און ווו — אַרויסלאָזן"...

ס'איז אים פאַרגעשטאַנען אַ שווער שטיקל אַרבעט; רעווידירן זיינע אַנשויאונגען, נישט אָנגעמען אויפן וואָרט קיין גרייטע טעאָריעס, וואָס שמעקן מיט פאַפּיר און מיט לופט, ווי דער מעסאָפּאָטאַמישער פּראָ־יעקט. צום ערשטן מאָל האָט ער דערפילט, אַז אויך זיין פּועלי־ציוניזם פאַרמאָגט אַ היפּש ביסל פאַפּיר. און דאָס געפיל איז אים געווען פיינלעך.

„וואָרט אָקאָרשט, וואָרט אָקאָרשט! פון וואַנען נעמען זיך די טעאָריעס?"

און ישראל מאַכט אַ פּלוצלונגע אַנטדעקונג, אַז טעאָריעס זענען נישט קיין תורה מסיני, אַז טעאָריעס שאַפן מענטשן, וועלכע ווילן

הערשן, ווילן זיין מייסטערס איבער דער וועלט, איבער דער מענטש־הייט, איבער אַ פֿאָלק.

נו, און וואָס וויל ער, ישראל?

ישראל וויל גישט זיין קיין הערשער און קיין וואָרט־זאָגער. ביי אים האָט זיך נאָכנישט אַנטוויקלט די דאָזיקע אַמביציע. ישראל וויל לעבן, פּשוט זיך אויסלעבן. פּראַקטיש אָנווענדן דעם געדאַנק, וואָס ער האַלט פֿאַר גלייך צו זיין אייגן לעבן. ער וויל זיין אַ מייסטער איבער זיך אַליין. „אַ ייד אַן אַרבעטער! וואָס דאַרף טאָן אַ ייד אַן אַרבעטער, כּדי גישט צו פֿליען אין דער לופֿטן? כּדי נישט פֿאַרזונקען צו ווערן אין פּאַפּירענע רעצעפּטן?“

די באַן, מיט וועלכער ישראל איז ביז איצט געלאָפֿן האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַראָפּגעשטיגן אָנטאַפּן דעם ווייטערדיקן וועג. און ער האָט נישט געוווּסט, ווי ער וועט זיך אַן עצה געבן. „קודם־כּל לאָמיר זיך האַלטן ביי דער ערד, לאָמיר נישט פֿליען“.

ניין, ישראל איז באמת נישט געווינט געווען צו דענקען. ער האָט ביז איצט געדענקט פּאַרטייאיש, געדענקט אויף באָרג. ער האָט זיך געפֿילט ווי אַ קינד, וואָס לערנט זיך גיין.

און דינה האָט געבן אים עפּעס שטיל גערעדט פֿון שלאָף. זי האָט דערמאָנט בלאָע פּאַטשערקעס. — מען דאַרף — זאָגט זי — די בלאָע פּאַטשערקעס אויפֿהענגען ביי מאיר דודן אין ספרים־שענקל, היגטער אַ גלאָז. זענען אים אריין אין האַרצן אירע שלעפֿעריקע רייד. עפּעס ווי אַ פֿאָדים פֿון אַ גוטער עצה וואָלט זיך געצויגן פֿון אירע רייד צו זיינע אויפֿגערודערטע געדאַנקען.

— ווי זאָגסטו, דינהלע? — האָט ער שטיל זי איבערגעפֿרעגט, גישט אויפֿצוּוועקן.

דינה האָט עפּעס נאָך אַ מורמל־געטאָן און אים פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן האַלדז איר דינע וואַרעמע האַנט. האָט ער פֿלוצלונג זיך דערפֿילט פֿעסט און זיכער, צוגעבונדן צום באָדן. איר האַנט אויף זיין האַלדז איז געווען ווי אַ צוגעוואָרפֿענע שטריק אין אַ שיפֿל, ביים שטורעמדיקן ברעג.

אָט איז דאָס לעבעדיקע לעבן. די קעגנוואַרט אין געשטאַלט פֿון דער שוואַכער דינה, און די נאָענטע צוקונפֿט, וואָס באַוועגט זיך שוין אין איר אינגעווייט. ווי איינפֿאַך דאָס איז און ווי מיסטיש! עגאָאיסטיש? די

ווייטע צוקונפט — באַשטייט זי דען נישט פון מיליאָנען שוואַנגגערע דינהס, וואָס פאַר זיי וועט די מענטשהייט מאַכן רעוואָלוציעס?

מיט ליבשאַפט, רחמנות און דאנקבאַרקייט האָט ישראל זיך צוגעהערט צו דעם אָטעם פון זיין שלאָפנדיק ווייבל און אַ בארואיקטער, אַ צעשמייכלטער אליין איינגעשלאָפן. פינעסעס פראָיעקט האָט אים באַגלייט אַזש אין חלום, אָבער דער חלום איז געווען אַ לוסטיקער.

זיבעציק מיליאָן יידן מיט נבוכדנצר־בערד און מיט גילדערנע קרוינען האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און געטאַנצט אַ קאראהאָד ווי אין דער יידישער אָפּערעטע.

און געזונגען האָבן זיי אויפן מאָטיוו פון אינטערנאַציאָנאַל:
ברוב עם ישמח מלך!
ברוב עם ישמח מלך!

## 15

# דער פעטער איז געקומען!

שבת אין דער פרי האָט זיך ישראל אויפגעכאַפּט מיט אַ קאָפּ־ווייטיק און מיט אַ פאַסקודנעם טעם אין מויל. דער קאָפּ־ווייטיק האָט נאָכגעלאָזט באַלד ווי ישראל האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער אונטערן קראַן און דער פאַסקודנער טעם איז אַראָפּ ערגעץ נידעריק, צום האַרצן. דאָרט איז ער געבליבן שטעקן, ענלעך צו אַ מין חרטה־געפיל. פון וואנען נעמט זיך דאָס דאָזיקע געפיל?

צוויי פאַסקודנע קליינקייטן האָט ישראל איצט געהאַט אויף זיין געוויסן. ערשטנס: דעם מעסאפאטאמישן פראָיעקט: ער האָט זיך געשעמט פינעסן אין די אויגן צו קוקן. אַזויפיל צייט מיט אים אָוועקגעפטרט צוליב אַ בטלנישער דיסקוסיע! צווייטנס, האָט ער זיך געשעמט פאַר דעם וויזיט, וועלכן ער דאַרף היינט אָפּשטאַטן. ווי קומט ער עפּעס מיט וויזיטן צום חבר־באַלעבאָס? און ווי מאַכט מען, אַז אין דער היים זאָל מען זיך דערפון נישט דערוויסן? אַפילו דינה אויך נישט. ווארום פון דינהן וועט עס אַריבער צו סלאַוועז, פון סלאָוועזן צו שמואלן און אין גיכן וועט שוין די גאנצע חברה וויסן, אַז ער גייט צו די באַלעבאָטים מיט שבתדיקע וויזיטן. איין טרייסט האָט ער געהאַט, וואָס חוץ אים

וועלן נאָך צוויי עלטערע אַרבעטער זיך קאָמפּראָמיטירן מיטן דאָזיקן וויזיט. פּאָדלאַסקי האָט אויך פאַרבעטן די חברטע מינע און זלמן־קיווע דעם מאַשיניסט, דעם אַלטן פּ. פּ. ס.־ניק.

ישראל האָט זיך אַרומראַזירט און אָנגעטאָן שבתדיק, מיט אַ נייעם קראוואַט אַפילו. און פּונקט דאַן איז אָנגעקומען סלאווע.

— זע נאָר, זע! וווהין קלויבט איר זיך דאָס? אויף אַ באַל?

— יאָ, אויף אַ באַל — האָט ער זיך צעלאַכט און איז רויט געוואָרן — וואָס איך, זעט איר, פּראווע שוין בעלער!...

סלאווע איז געקומען נעמען דינה זיך דורכגיין. דינה האָט זיך געפּוילט, געקווענקלט, זי האָט אַראָפּגעלאָזט אירע באַשירעמטע אויגן־לעפּל און מיט אַ נעבעך־שמייכל געקוקט אויפן אייגענעם גרויסן בויך.

— ווי באַווייזט מען זיך פאַר מענטשן?

— גיי, גיי, דינהלע, — האָט ישראל איר צוגערעדט — דו דאַרפסט זיך מער באַוועגן, נישט זיצן אויף אַן אָרט.

האָט זי ווידער געשמייכלט.

— וואָס זאָגסטו, סלאווע, צו מיין פּראָפעסאָר? ער ווייס, וואָס איך דאַרף! און דו, ישראל, בלייבסט אין דער היים?

— איך בין איצט פאַרנומען. כ׳וועל אפשר אַריינכאַפּן זיך פון דער גאַס צו שמואלן... אויב דו וועסט דאָרט זיין.

און פּלוצלונג האָט ער זיך צעלאַכט.

— דינהלע! וואָס פאַר אַ בלויע פּאַטשערקעס האָסטו דאָס געהייסן ביי דער נאַכט אויפהענגען צו מאיר דודן אין שענקל?

זי האָט נישט געוווסט פון וואָס צו זאָגן.

— גיי, גיי! ביסט אַ ליגנער! האָסט אויסגעטראַכט.

ביסטריצקי איז אריין פון דער קיך אַ צעקנייטשטער, אַ פינצטערער אין ווייסן רעקל.

ער האָט געטראָגן אַ גלאָז קאַווע.

— שטעל דיר פאָר, ישראל, זי האָט ערשט נישט לאַנג זיך אויפגעכאַפּט.

דאָס האָט געהייסן, אַז דאָרעטשקע האָט געהאַט אַ לאַנגן עפּילעפּטישן אַטאַק.

— מען דאַרף אַריינגיין צו אַ דאָקטער, טאַדעק!

האָט ביסטריצקי האָפענונגסלאָז־ביטער אַ לאַך געטאָן:

— וואָס וועט עס העלפן, מענטש! אַן אָרגאַנישער פעלער...

און פון דריטן צימער האָט דאָרעטשקע גערופן מיט אַ פאַרענ־דערטער, הייזעריקער שטים:

— טאַדעק, גיב שוין די קאווע, כ׳וועל דערשטיקט!

— איך גיי! איך גיי!

געוויינלעך פלעגט ביסטריצקי זיך פאַרהאַלטן שטאָלץ און פאַר־ריסן צו אַלע ארומיקע. אָבער איצט האָט ער אויסגעזען צעבראָכן און אונטערטעניק און, דאַכט זיך, געבעטלט מיט די אויגן ביי ישראלן אַ שטיקעלע מיטגעפיל. ער האָט האַסטיק אַוועקגעשפּאַנט אין זיינע שטעק־שיך מיט דעם גלאָז קאווע.

דאָרעטשקעס הייזעריקייט נאָכן אַטאַק פלעגט נישט אָנהאַלטן לאַנג.

ווען ישראל איז שוין געווען גרייט אַוועקצוגיין, האָט ער דער־הערט דעם זילבערנעם גלעקל פון איר סאָפּראַן.

— דאָ—רע—מי—פאַ—סאָל—פאַ—מי—רע, דאָ—רע—מי—פאַ סאָל—פאַ—מי—רע—דאָ־אָ־אָ!

ישראל איז אַרויס אויפן אַלטן מאַרק. דאָ איז געווען זוניק און שבתדיק־פריילעך. ייִנגעלעך אין סאַמעטענע קאַשקעטן, אין אויסגעוואַ־שענע טלית־קטנס האָבן צוזאמען מיט ווייס־קעפּיקע שקצימלעך גע־לאָזט פאַפּירענע טויבן אַרום דער וואַסער־פּאָנע און לעבעדיקע גרויע טויבן זענען האַסטיק און חוצפּהדיק־שרעקעדיק אומגעלאָפן איבערן פלאַץ. אויטאָמאַטיש געבוקט מיט די קעפּלעך און שעמערירט מיט די מוטערפערלנע קערקלעך אויף דער זון.

פאַר ישראלן איז אויסגעוואַקסן שייקע מיט אַ דאמע אין מיטן זוניקן פלאַץ, אַרומגערינגלט מיט מוטערפערלנע, רירעוודיקע טויבן. שייקע מיט זיין דאמע זענען געשטאַנען געאַרמט און מיט די פרייע הענט געשאָטן קרישקעלעך פאַר די טויבן. שייקעס רויטער, אָפּגעדעק־טער קאָפּ האָט אויף דער זון ממש געפלאַקערט. די דאמע איז געווען אַ הויכע און שלאַנקע און האָט אויסגעזען פון דער ווייטנס זייער שיין.

— דעם יאט האָט אָפּגעגאָלטן! — האָט זיך ישראל צעשמייכלט.

שייקע האָט אים דערזען און צוגערופן מיט אַ ברייטן גוט־שבת.

מיט שייקעס גוט־שבת זענען די טויבן זיך צעלאָפן אין אַלע עקן פון פּירקאַנטיקן פלאַץ.

— זיי זענען אַנטיסעמיטן — האָט שייקע אויף זיי לאַכנדיק אָנגעוויזן, און באַגריסט ישׂראלן מיט אַ פּלעם איבערן אַקסל.

— דאָס גיי איך, ברודער, אָן אָנגעלאָדענער מיט צוויי פּאָעמעס. איינע אָט־דאָ — האָט ער זיך אַ פּאַטש געטאָן איבער דער קעשענע — די צווייטע — אָט איז זי!

און ער האָט שיער נישט אַ פּלעם געטאָן זיין דאַמע איבערן אַקסל. זי האָט זיך אָפּגערוקט.

— שייקע משוגעת!

— זייט באַקאַנט, פרייליין האַנקע! דאָס איז מיין ערשטער רעדאַקטאָר. מען דאַרף אים די הענט מיט די פיס צעברעכן, ערשטנס — פאַר דער שלעכטער קאָרעקטע און צווייטנס, סתם דערפאַר, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט מיין ערגסט ליד. אפשר קאָן מען צוריקציען די אויפלאַגע, ישׂראל? וואָלסט מיר אַן אמתע טובה געטאָן.

שייקע איז געווען אין אַ ווולקאַנישער שטימונג.

— געפעלט דיר עפּעס מיין דאַמע, ישׂראל? קוק זיך גוט צו צו די גרויסע אויגן אירע און זע ס'אַרא ציינדלעך ווייסע! אי, קאָן זי בייסן, זאָג איך דיר!

ער איז אָפּגעשפּרונגען, ווייל האַנקע האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אים מיטן שירעם. איר סאַמעטענער בערעט איז געזעסן אויף דער זייט פון איר שוואַרצער האָר־פּאַפּאַכע און, דוכט זיך, געהאַלטן ביים אַראָפּפאַלן. זי איז געווען אָנגעטאָן געקירצט פון אויבן און פון אונטן, עלעגאַנט און פאַרשייט. זי איז מיט איר היפּשן גוף אַרויסגעוואָקסן פון די קליידער און, דוכט זיך, ביי דער ערשטער ראַשער באַוועגונג, וועלן די לייכטע קליידער זיך צעקנעפּלען און אַראָפּפאַלן. זי איז אויך פון דער נאָענט געווען שיין, אָבער ישׂראלן האָט איר שיינקייט אויסגעזען צו שרייאיק, נישט נאַטירלעך, ווי ביי די פאַריזער וועקסענע דאַמען אין די שויפענצטער אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ. זי האָט איצט געהאַט טענות צו ישׂראלן:

— פאַרוואָס פירט זיך אויף ווי אַ יינגל אייער חבר?

— ווייל ער איז נאָך אַ קינד — האָט ישׂראל זי געטרייסט, ער וועט עלטער ווערן, וועט ער קליגער ווערן.

ביים געזעגענען זיך איז פאַרלאָפן אַ קליינער אינצידענט. האַנקע

האָט צו הויך אַ הויב און אַ בויג געטאָן איר שיינע, בלויזע האַנט. ישראל איז נישט געוווינט געווען צו קושן ביי אַ דאַמע די האַנט. האָט שייקע אויסגענוצט די רגע פון ישראלס פאַרלעגנהייט און ער האָט אַ קוש געטאָן האַנקען אין דער האַנט. האָבן זיך אַלע צעלאַכט.

— ווי געפעלט דיר עפּעס, האַנקע, דער חבר מיינער?

הינטער זיינע פּלייצעס האָט איר שייקע שוין געזאָגט דו.

ישראל און האַנקע האָבן זיך גלייכגילטיק אומגעקוקט, זיך גע־טראָפן מיט די אויגן און ווידער זיך צעלאַכט.

דער זייגער אויפן אַלטן קאָשציאָל־טורעם האָט געקלונגען צוועלף און ישראל האָט זיך צוגעאיילט. די פּאָדלאַסקיס האָבן געוווינט ווייט, אין די פּריצישע אַלעען. דער חבר־באַלעבאָס האָט זיך די האָר פון קאָפּ געריסן, וואָס עס קומט אים אויס צו פאָרן אַזאַ ווייטעניש. אין האַרצן איז ער אָבער צופרידן געווען, וואָס ער וווינט צווישן פּריצים. און געווען איז דאָס אידעס אויפטו. צו ליב די קינדער — האָט זי געזאָגט — מוז זי וווינען אויף אַ גאַס מיט אַ ריינער לופט. שווער צו פאַרשטיין, וואָס האָט די דאָזיקע מזלדיקע פאַבריקאַנטן־פּאָר באַוויגן צו פאַר־ענטפערן זיך פאַר די ארבעטער מיט זייער וווינונג אויף אַ רייכער גאַס. ווייזט אויס, אז מיטן געוויסן האָבן זיי נאָך געשטעקט אין דער יידישער אָרעמקייט. מען האָט לעצטנס אין פאַבריק זיך געריכט אויף אַ שטרייק. ישראל, מינע און זלמן־קיווע האָבן דאָס גערדאַרפט קומען מיט פאָדע־רונגען אין נאָמען פון די ארבעטער. איז אַנשטאָט אַ שטרייק גאָר אויס־געוואַקסן אַ גוט לעבן. דער חבר־באַלעבאָס האָט מיט גאָר אַ קליינער דינגעניש נאָכגעגעבן די פאָדערונגען און פאַרבעטן די דריי ארבעטער אויף שבת צו מיטיק. אויף זיין ייגגלשן פּנים איז געווען צעגאָסן אַ ליכטיקער סוד און ער האָט אים לאַנג נישט געקאָנט איינהאַלטן.

איז פאַר די ארבעטער געוואָרן פאַרשטענדלעך צוליב וואָס מען רופט זיי. מען דאַרף זיי פאַר אַ דעקאָראַציע ביים טיש, וווּ עס וועט זיצן דער משונהדיקער פּעטער בערל, דער רעוואָלוציאָנער מיט מאַ־יאָנטקעס. און אפשר דאַרף מען דאָס צוליב געשעפט? ס׳איז געווען אין דער הייסער מינוט, ווען מען איז דורכגעקומען מיט די פאָדערונגען און אָפּזאָגן זיך פון דער איינלאַדונג וואָלט געווען ממש נישט העפלעך. דער חבר באַלעבאָס האָט עס אין דעם מאָמענט נישט פאַרדינט.

ישראל האָט אַ קליין ביסעלע פאַרשפּעטיקט אויף די אלייען. ער

האָט אָנגעקלונגען און אין אַ רגע ארום האָט די טיר אָנגעהויבן ברומען און שווער און שטיל זיך אליין געעפנט.

אויבן האָט אַ פריילין אין אַ ווייסן שערץ צוגענומען ביי אים דעם הוט מיטן שטעקן. אַ געדיכטער געברום פון שטימען האָט דערלאַנגט פון אַ זייטיקער טיר. אין עס־צימער האָט ער געטראָפן אַ גאַנצן ערב־רב, וואָס האָט דערמאָנט אן די בעסערע צייטן פון פייגע־פעסעס קאָמונע, אָבער אין אַן עלעגאַנטער אויסגאַבע.

דאָ זענען געווען סוחרים לאַנג־געקליידעטע, אָן היטלען און אין היטלען, מיט פּליכן און הדרת־פּנימער. דאָ זענען געווען עטלעכע ליטווישע סוחרים, טייל ראַזירטע, ווי די אַקטיאָרן און טייל מיט אַן אויסזען פון פארזעסענע ישיבה־בחורים. דאָקטער לינדע מיט עטלעכע שיטערע הערעלעך און מיט אַ באַברילטער רויטער נאָז, דאָקטער בריסקער מיט אַ דעקאָראַטיוו גרויען קאָפּ, ווי מיט אַ זילבערנער קאַסקע ארום דעם ליימענעם פּנים. דאָ איז אויך געווען דער אַדוואָקאַט יאַקובסאָן, דער שייַנינקער, מיטן געשניצטן נעזל און געשליפענע ליפּן — ווי אַ פּאָרצעלייענער, און אַן אַלטער, פּאַרדייטשטער אַקטיאָר איז געזעסן און געדרשנט. דער אַקטיאָר האָט געהאַט אַזאַ שפּיציקע קין, אַז אין פּראָפיל האָט ער אויסגעזען, ווי מיט צוויי נעזער איינער אונטער דער אנדערער. און צווישן דעם דאָזיקן עולם האָט זיך אַרומגעדרייט זלמן־קיווע, דער אלטער פּ. פּ. ס־ניק מיט זיין באַקאַלכט מלמדיש בערדל און מיט אַן עכט־גוישער אונטערגעשווירענער פּאָלקע און ער האָט נישט געהאַט ווו אַהין צו טאָן זיינע גרויסע ידים, כאָטש די קעשענעס פון זיין שבתדיקער מאַרינאַרקע זענען געווען אָפּגעשטאַנען ברייט און זיך געבעטן: פּאַרפּאָרט צו אונדז!

אָבער דעם גרעסטן רושם האָט אויף ישראלן געמאַכט די חברטע מינע. צו דער חברטע איז ישראל געווען נישט גלייכגילטיק צוליב פּאַרטייאישער קאָנקורענץ. ער האָט שטענדיק געקוקט אויף איר מיט אַ שטיקל חשד און דעריבער קיינמאָל נישט באַמערקט, צי זי איז שיין. דערצו האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ שבתדיקע. דאָ איז זי געווען פאַר אים אַן אמתע אנטפּלעקונג אין איר באַשיידענער עלעגאַנץ. ער האָט העפלעך געענטפערט פון דערווייטן אויף איר באַגריסונג און ערשט נאָכהער האָט ער זי דערקענט, האָט ער אזש דאָס מויל געעפנט. מען האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז זי איז שטארק דעקאָלטירט. פּונקט אַזוי

פיל, אַז עס זאָלן זיך אָנזען די שיינע רונדע ליניעס פון האַלדז צום נאַקן און צו די אַקסלען. אַ קונציקע אָבער אויך באַשיידענע פריזור האָט גאָר געמאַכט רונדער איר לאַנגן פּנים. און פון וואַנען האָבן זיך גענומען חן־גריבעלעך אין אירע באַקן? זי האָט געדרייט אַ בלימל אין די פינגער און זיך געוויצלט מיטן שיינינקן אַדוואָקאַט יאַקובסאָן. און אַסור אויב זי האָט זיך פאַרלוירן נעבן זיין פאַרצעלייענער שיינקייט.

ישראל איז צוגעגאַנגען נענטער און דערהערט, אַז חברטע מינע דיסקוטירט עס אַזוי מיט אַ שמייכלענדיקער עלעגאַנטער מינע.

— ניין, פּאַניע מעצענאַשיע, עס זענען נישטאָ קיין כּלל־ישראל אינטערעסן. עס זענען נאָר פאַראַן בורזשואַזע אינטערעסן און אַרבעטער־אינטערעסן — האָט זי אים געדראָעט מיטן בלימל — און די טעאָריעס, וועלכע אונדזער געערטער גאַסט פּרוּווט זיך דאָ פאַרשפּרייטן — זיי ברענגען נאָר אַריין אַ כאַאָס אין די מוחות. — און חברטע מינע האָט דערביי אַזוי אַ שפּיל געטאָן מיט די אויגן, אַז דער פאַרצעלייענער אַדוואָקאַט האָט פאַרשפּרייט די הענט און זיך פאַרנויגט.

— איך גיב זיך אונטער, פרײלין מינע! איר האָט מיך באַזיגט!

צו דעם געשפּרעך האָבן אויך צוגעלייגט אַן אויער צוויי לאַנג־געקליידטע נגידישע סוחרים.

— נו, איטשע מאיר, וואָס זאָגסטו צו איר? — פרעגט דער אין די גאָלדענע ברילן ביי יענעם מיט דער גאָלדענער באָרד.

—יאַך זוג, אַז מיר זענען אין גלות, זענען מיר, זוג יאַך!

איז פון דער אַנדערער זייט צוגעשפּרונגען דער דאָקטער לינדע מיט די שיטערע הערעלעך און האָט קריגעריש באַפּעסטיקט די ברילן אויף דער רויטער נאָז.

— און ווי וועט איר אויסטייטשן די פּאָגראָמען, חברטע? און דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט? און אַנדערע גזירות? ליידט פון זיי דער כּלל־ישראל, צי נאָר די בורזשואַזיע?

— איך האַלט פולשטענדיק מיט דער חברטע! — האָט פּאַטעטיש געמאָלדן דער אַדוואָקאַט.

ישראל האָט נישט געהערט, וואָס מינע האָט אָפּגעענטפערט דעם דאָקטער. ער האָט זיך אַריינגעקוועטשט אין ענגן רעדל, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם גאַסט, דעם פעטער בערל. ענדלעך זעט ער אים פאַר

זיך, דעם לעגענדאַרישן פעטער, דעם רעוואָלוציאָנער מיט די מאַיאָנט־קעס! אָט ווי אַזאַ איינער זעט אויס!

— אַ הויכער, רונדער שטערן, צאַרט־ווייס — און דאָס פּנים — טונקל־אָפּגעברענט. אַ שוואַרצע הערצל־באָרד און אַ ברייט ווייס רוסיש העמד מיט אַ לעדערנעם גאַרטל און מיט קעשענעס. אַ פּאָר הויכע, עלע־גאַנטע ברוינע שטיוול מיט שטייפע כאַלעוועס. די פיס האָט ער פונאַנ־דערגעשטעלט ברייטלעך, ווי נישט אויף אַ טעפּיך שטייט ער, נאָר אין מיטן פעלד. ער האַלט אַ גראָבן ציגאַר צווישן די פינגער און פון צייט צו צייט פּאַרציט ער זיך. און צוזאַמען מיטן רויטן ציגאַר־פייערל צינדן זיך אָן צוויי רויטע פינטעלעך אונטער זיינע צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען, ווו ס'איז אַזוי פינצטער. ער הערט זיך צו צו דעם וויכוח, וואָס דער דאָקטער בריסקער מיט דער זילבערנער קאַסקע פירט מיט אַן אויס־געפּאַשעטן ליטוואַק, דער ליטוואַק האָט אַליין אַ פּנים פון אַ דאָקטער, אָדער אַן אַקטיאָר. איזן — איז ער אַ געריבענער רייזנדער מיט אַ גע־שליפן צינגל. ער לאָזט כמעט דעם דאָקטער צום וואָרט נישט קומען און וואַרפט אויגן צום שמייכלענדיקן, געלאַסענעם פעטער בערל, ער וויל אים אריינציען אין וויכוח. אָבער פעטער בערל לאָזט זיך נישט אַריינ־ציען און דער ליטוואַק קאָכט זיך.

— פרעגט מיך, דאָקטער! איך בין אַ רייזנדער מיט אַן אַלטן מאָגנ־קאַטאַר. איך ווייס אַלע וועגן און איך קען אַלע מערק. פון טאָמאַשאָוו ביז קאַמטשאַטקע. יידן האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן פאַרן עקאָנאָ־מישן באָיקאָט, די וועלט איז פאַר זיי אָפן. בפרט אין אַזאַ בראַנזשע, וואָס האָט נאָך זיך אַליין נישט באַגראָבן. אָט נעמט, צום ביישפּיל, טריקאָטאַזש. ווו איז דאָס אשר פּאָדלאַסקי, דער פאַבריקאַנט אונדזע־רער? ער איז דאָך אַ גאון אין דער דאָזיקער בראַנזשע. אַזאַ מענטש מיט געהעריקע קאַפּיטאַלן קען דאָך... ווו איז ער אָקאָרשט? ברענגט אים נאָר אַהער!

אָבער דער חבר־באַלעבאָס איז אַזוי ווי אויסגערונען. ישראל האָט אים שפּעטער באַמערקט הינטער דער טיר. אין צווייטן צימער. דאָרט האָט אים אַ היגער פעטער, דער פעטער עוזר, אויך אַ טריקאָטאַזשן־פאַבריקאַנט, געהאַלטן ביי דער קלאַפּע און אין אים אַריינגעטענהט.

— זאָג איך דיר, אשרקע, זאָלסט מיטן משוגענעם פעטער בערל דיינעם אין קיין עסקים זיך נישט אַריינלאָזן. וועסט בדיל־הדל ווערן!

ער איז דאָך אַ סאָציאַליסט, רחמנא־ליצלן! וועסט אָנשפּאַרן קיין סיביר, געדענק מיין וואָרט.

און דער חבר באַלעבאָס האָט זיך געלאָזט טרייסלען ביי דער קלאַפּע און פאַרשעמט געקוקט אַראָפּ און געשמייכלט. אַז דער פּעטער עוזר ווישליצער ציטערט פאַר קאָנקורענץ און האָט אליין מורא בדיל־הדל צו ווערן — דאָס איז אים קלאָר פון לאַנג. אייגנטלעך, האָט ער אַליין געמאַכט, אַז דער פּעטער זאָל אים נישט אָפּלאָזן און טרייסלען ביי דער קלאַפּע. דאָס האלט ער גאָר צו דעם פּעטער עוזר, אַז יענער זאָל זיך נישט אַריינמישן דאָרט אין וויכוח. געוווּג, אַז דער פּעטער עוזר האָט אָנגעשטעלט פון זיין צד דעם דעקאַראַטיוון דאָקטער בריסקער. דערפאַר איז אָבער פון אשרס צד דער ליטוואַק מיט אַ פּיסק... גוט אַזוי, זאָל ער אים האַלטן ביי דער קלאַפּע.

און דער פּעטער עוזר איז צופרידן, וואָס זיינע רייד האָבן אַ וויר־קונג. אָט שטייט ער, אשרקע, ווי אַ ייִנגל און שעמט זיך אים גלייך אין די אויגן צו קוקן. און פּעטער עוזר גלייכט זיך אויס, ווי אַ דראַגון. ער איז אַ הויכער, מיט גלייכע פּלייצעס און פּעטער עוזר בערשט זיך זיין שטרויען פריציש בערדל מיט דער דלאָניע אויף צוויי העלפטן. אַ חוץ דער שטייפקייט פון אַ דראַגון, אַ חוץ אַ פריציש בערדל האָט פּעטער עוזר נאָך אַ מעלה. ער איז אַ דעמאָנסטראַטיווער אָרטאָדאָקס און טראָגט אַן אַכט־קאַנטיק, זיידן קאַפּל אויפן מוח. וואָס צו גאָט איז צו גאָט, וואָס צו לייט איז צו לייט.

דער חבר באַלעבאָס האָט באַמערקט ישראלן ביי דער טיר און זיך שטאַרק דערפרייט.

— גוט שבת, ישראל, גוט שבת אייך! איר זענט שוין לאַנג דאָ? האָט קיין פּאַראיבל נישט, מיר האָבן זיך פאַרשמועסט. באַלד גייט מען צום טיש.

ער האָט זיך העפלעך אַרויסגעכאַפּט פון פּעטער עוזרס אַפּוטרופּסות אַרויפגעלייגט ישראלן אַ האַנט אויפן אַקסל, גאָר מעשה חבר, און געפרעגט בסוד:

— געפעלט אייך פּעטער בערל? דער אמתער אָריגינאַל, האַ?

— יאָ, זיין הילוך...

— כאַ־כאַ־כאַ! ער שעמט זיך נישט, וואָס? ער פייפט אויף דער וועלט! דאָס איז ער ערשט מיט אַ שעה צוריק אַראָפּגעקומען. זיין

באַגאַזש האָט מען נאָך נישט געבראַכט. נו, קומט צום טיש, אידע רופט.

אידען האָט ישראל געזען אַ פּאָר מאָל דורכלויפן. זי איז געווען פאַרבאַלעבאַטעוועט, צעהיצט דענערווירט און צעשמייכלט. אָבער אין איר באַנעמונג צו די געסט די זעלביקע צוריקגעהאַלטענע, אויסגערע־כנטע, טאַקטישע, באַלעבאַסטע, וועלכע ער האָט געקענט פון דער פאַבריק. קיינעם נישט פאַרזען. פאַר יעדן אַ וואָרט, אַ שמייכל, אַ נויג מיטן קאָפּ פאַרביילויפנדיק, צו דער ריכטיקער צייט.

אויב מיטן באַלעבאָס האָט זיך ישראל געקאָנט פאַרהאַלטן אויי־סערלעך מעשה גוטע־ברידער, האָט ער זיך אָבער געהאַלטן פון דער ווייטן פון אידען. ער האָט קיין שום צוטרוי נישט געהאַט צו דער דאַ־זיקער קלוגער פרוי, וואָס איר טאַקטישקייט און קאַלטבלוט זענען געווען אין סתירה צו איר ברייט־אָפענעם און ליידנשאַפטלעכן פנים. זי האָט געהאַט אַ הויט פון ציגל־קאָליר, ווי ער וואָלט זיך אָנגעהיצט ביי אַן אָפענעם אויוון, אָדער ווי אויף אים וואָלט געפאַלן דער אָפּשיין פון אַ זוניקער ציגלנער וואַנט. און אַן אויסדרוק האָט זי מיט זיך געטראָגן, ווי זי וואָלט נאָר וואָס מיט עמעצן זיך צעקריגט. און מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק פלעגט זי קאָנען אריינזאָגן די פיינסטע הערלעכקייטן. ישראל האָט שוין ביי זיך לאנג באַשלאָסן, אַז אידע איז אַ פאַלשער מענטש און קיין זאך וואָס זי רעדט מיינט זי נישט. איין זאך האָט ישראל נישט געקאָנט באַגרייפן: פון וואַנען נעמען זיך צו דער דאָזיקער האַרטער, פאַלשער פרוי אַזעלכע דינע, זיידענע, צעשטויבטע האָר? די האָר זענען געווען ווי פון אַן אַנדער מענטשן, אָפּגהארציק־קאַפּריזנע, צעפלויגענע. אַרום איר קאָפּ האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן אַ זוניקער כאַאָס, וואָס האָט געקאָנט אונטערקויפן, מאכן זי אין לייטנס אויגן מילד און סימ־פּאַטיש. און איר אַרט פאַרריכטן די האָר מיט דער האַנט איז אויך געווען אַ מילדער און אַ סימפּאַטישער, ווי זי וואָלט זיך אַנטשולדיקט אָדער געלאַכט איבער זיך אַליין:

— איר זעט, ס'ארא צעוואָרפענע איך בין?

אפילו פארן ענג־באַזעצטן טיש האָט זיך אידע אַרויסגעהאָלפן מיט דעם דאָזיקן זשעסט. זי האָט געהאַט צו דיריגירן מיט אַ היפּשן כאָר. מיט דער דינערשאַפט איז זי אויסגעקומען בלויז מיטן בליק און מיט אַ פּאָר האַלבע ווערטער אויף אַ נידעריקער אָקטאַווע. מאַכלים און משקאות האָבן זיך געטוישט צו דער ריכטיקער מינוט. מיט די געסט איז געווען

אביסל שווערלעך. גיי רייס איבער די דיסקוסיע ביי מינען מיטן אַד־וואָקאט אָדער ביי דעם פריידענקער דאָקטער לינדע מיטן אָרטאָדאָקסישן פעטער עוזר.

אידע איז בייז געווען, וואָס איר מאַן האָט צוליבן פעטער צונויפ־גענומען אַזאַ משונהדיקע קאָמפּאַניע. זי האָט אָבער געלאָזן געשמייכלט.

— עסט, מיינע פריינט. ס׳וועט זיך אָפּקילן, וועט איר קיין הנאה נישט האָבן!

— דאָקטער! צו אייך רייד איך, דאָקטער! פעטער עוזר!

און דערווייל כאַפּט זי אַ קוק פאַרזאָרגט און צעשמייכלט צום גאַסט, צום פעטער בערל, צי פעלט אים נישט וואָס.

מיטן פעטער בערל האָט זי געקאָנט זיין צופרידן. ער האָט סיסטע־מאַטיש געקייט, סיסטעמאַטיש געטרונקען און געדויכערט ביים טיש. און זיין איינציקע זאָרג איז, דוכט זיך, געווען, אַז דער אַש פון זיין ציגאַר זאָל זיך האַלטן וואָס לענגער, נישט אַראָפּפאַלן. אין די געשפּרעכן אַרום טיש האָט ער זיך אויך איצט נישט געמישט, נאָר אנטייל גענומען אין זיי מיט די אויגן.

און אָט איז ער גאָר אויפגעשטאַנען, דער פעטער בערל. אויס־געטרונקען אַ האַלבע גלאָז וויין, אַ קוק געטאָן אויף זיין גאָלדן בראַסלעט זייגערל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין פויערישן אָרבל פון זיין העמדל, און, פאַרצויגן זיך מיטן ציגאַר, אַרויסגעלאָזט דעם רויך אין דער ריכ־טונג פון פעטער־עוזרס אָרטאָדאָקסישער יאַרמלקע.

אַרום טיש איז געוואָרן שטיל, מען האָט געמיינט, דער גאַסט גייט האַלטן אַ ספּיטש.

דער גאַסט האָט אָבער באַוויליקט צו זאָגן:

— מיינע הערן, האָט קיין פאַריבל נישט. איך בין מיד פון וועג. איך גיי זיך לייגן שלאָפן.

און ער האָט לאַנגזאַם פאַרקערעוועט זיינע ברייטע, בערישע פּלייצעס און אין די הויכע שטיוול אַוועקגעשפּאַנט איבערן גלאַנציקן פּאַרקעט. די געסט האָבן נאָר געהאַט די זכיה צו זען, אַז זיין העמדל איז געשטוקעוועט. אַ גלאַטע פּלייצע און, נידעריקער, אין פעלדעלעך. אַזעלכע העמדער פלעגט טראָגן לעוו טאָלסטאָי.

16

# פעטער בערל קאָן טאַנצן

דער חבר־באַלעבאָס האָט דאַנקענדיק נאָכגעטאַנצט יעדערן פון די געסט, וואָס האָט זיך אָפּגעזעגנט אַוועקצוגיין. ער האָט אויך נאָכגע־טאַנצט זיינע דריי אַרבעטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען, ווי אָפּגעשמועסטערהייט.

— איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך זייער, אין מיין נאָמען, אין אידעס נאָמען... אָט אַזוי חבריש, היימיש... איך דאַנק אייך נאָך אַמאָל. און אויפן פעטער דאַרפט איר נישט פאַראיבל האָבן. אַ מענטש פון וועג, מיד...

אונטן האָבן זיי נאָך געדאַרפט וואַרטן ביז די טיר האָט זיך עלעקטריש צעברומט און דאַן זיך געעפנט. האָבן זיי אַ שפּאַר־געטאָן אַלע מיטאַמאָל, ווי אויס מורא צו פאַרבלייבן הינטערשטעליק. מינע מיט ישראלן זענען צום ערשטן מאָל געווען אין אַזאַ חברישער נאָענט־קייט, צום ערשטן מאָל געהאַט גלייכצייטיק דאָס אייגענע געפיל — דאָס איז געווען אַ געפיל פון באַליידיקונג און קאָמפּראָמיטאַציע. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט — ביידע מיט רויטע פּנימער — און זיך צעלאַכט אין מיטן דער גאַס. און דער אַלטער מאַשיניסט זלמן־קיווע האָט אַ קעם־געטאָן מיט די פינגער דאָס באַקאַלכט בערדל פון אונטן אַרויף און געזאָגט פילאָזאָפיש:

— מילא, אַז דער מיליאָנשטשיק איז אַ כלב שבכלבים איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אָבער וואָס האָבן מיר זיך דאָס האַרץ אָפּצועסן, האַ?

און פון דער אָפּגעשטאַנענער קעשענע האָט ער אָנגעהויבן שלעפּן לעקעכלעך, וואָס זענען אַהין אויף אַ ווונדערלעכן אופן אַריינגעפאַלן פון רייכן טיש.

— נאַט אייך, קינדער, אונדזער פּראַצע. עס מעג אונדז ווויל באַ־קומען, האַ?

מינע מיט ישראלן האָבן זיך ווידער צעלאַכט. אָבער באַלד האָט דאָס געלעכטער זיך אָנגעבראָכן. מען איז אַוועק שווייגנדיקע. זלמן־קיוועס טרייסטן זיך מיט פּאָדלאַסקיס לעקעכלעך האָט נאָך מער אויפ־גערייצט און באַליידיקט.

צוזאַמענגערופן מענטשן, כדי צו ווייזן זיי דעם רוקן! דאָס קאָן זיך דערלויבן אַ משוגענער מיליאָנער! געוויס זייַנען זיי קאָמפּראָמי־טירט אַלע!

און זלמן־קיווע זאָגט אַרויס אינדערהויך אַלעמענס געדאַנק.

— זאָלט איר וויסן, קינדער, מייַן פוס וועט מער די דאָזיקע שוועל נישט אַריבערטרעטן. זאָל ער זיך אויפהענגען מיט זייַן פעטער אינאיינעם, דער חבר־באַלעבאָס!

מינע איז געווען דאָפּלט באַליידיקט. ווי אַן ארבעטערין און ווי אַ יונגע פרוי, אויף וועלכער דער גאַסט האָט זיך כמעט נישט אומגעקוקט.

האָט זי געשוויגן און געפלאַמט, און ישראלן האָט זיך אויסגעוויזן: זי איז נאָך שענער געוואָרן.

ישראל אלייַן איז אויך געווען טיף דערשלאָגן. שוין אָפּגערעדט פון דער קאָמפּראָמיטאַציע. אַן אילוזיע איז אים צעבראָכן געוואָרן. ער האָט זיך געמוזט, נעבעך, מודה זייַן, אַז אַ היפּשע צייַט האָט ער זיך אַרומ־געטראָגן מיט אַ משונהדיקער פאַנטאַזיע וועגן אַ קאַפּיטאַליסט־אידעא־ליסט, וועלכער קאָן אין דער באַוועגונג אַזוי נוצלעך זייַן...

אָט אַזוי זעט ער אויס, דער אידעאַליסט, וואָס זייַנע הויכע שטיוול קאָסטן מער, ווי דער טייערסטער אָנצוג. און דאָס זייגערל אויפן גאָל־דענעם בראַסלעט אין דעם טעאַטראַליש־פּויערשן ארבל!...

— דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל! — האָט ער געטראַכט וועגן זייַן הייַנטיקן וויזיט.

אָבער אַ מענטש קאָן נישט איבערטראַכטן.

גרויס איז געווען זייַן שטוינונג, ווען אויף מאָרגן האָט דער חבר־באַלעבאָס אַרייַנגעטאַנצט אין דער פאַבריק אַ יום־טובדיקער און געהיימ־נישפול געגומען עפּעס שלעפּן פון די קעשענעס. ער האָט געשלעפּט און פאַרטיילט דעם פעטער בערלס וויזיט־קאַרטן מיט אַ פּערזענלעכער איינלאַדונג אויף הייַנט אין אָוונט אין „סאַוואָי״.

— איך גיי נישט! — האָט ישראל געזאָגט צו זיך, באַקומענדיק אַזאַ איינלאַדונג. — איך האָב גענוג דאָס נעכטיקע.

ער האָט זיך דערמאָנט און איז רויט געוואָרן.

אָבער אין משך פון טאָג האָט ער אייניקע מאָל איבערגעטראַכט.

ערשטנס, האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט זען נאָכאַמאָל דעם דאָ־זיקן אויסטערלישן פאַרשוין. אמת, ישראל האָט זיך אַנטוישט אין אים.

ער האָט אָבער דאָך געמאַכט אַן איינדרוק, דער פּעטער, צווייטנס...
צווייטנס, האָט זיך אים פאַרוואָלט צו געבן דעם דאָזיקן פּאַרריסענעם
נגיד אַביסל פעפער צו שמעקן, האָבן מיט אים אַ צוזאַמענשטויס. און
אָט מאַכט זיך די געלעגנהייט. ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיטן מי־
ליאָנער פאַר מינען און פאַר זלמן־קיוועס אויך. אין ישראלן האָט
פּלוצלונג אויפגעוואַכט דאָס געפיל פון ארבעטער־סאָלידאַריטעט.
כאָטש מינע און זלמן - קיווע זענען געווען זיינע פּאַרטייאישע קעגנער.

דריטנס, איז זיין אין דעם גרויסאַרטיקן רעסטאָראַן „סאַוואָי"
גלאַט אַן אַטראַקציע פאַר אַן אָרעמען אַרבעטער. פאַרוואָס זאָל ער
נישט אויסנוצן די זעלטענע געלעגנהייט? ער איז עפּעס אַ סך מאָל
געווען אין דעם באַרימטן „סאַוואָי"?

פערטנס, לעזט ער מאָדנע, פּשוטע ווערטער:

„חבר ישראל! טוט מיר אָן דעם פאַרגעניגן און כאַפּט זיך אַריין
אין „סאַוואָי" אויף אַן אָוונטברויט אין אַ ענגערן היימישן קרייז". —
חבר גאָר! אָדער דער פּעטער בערל איז בלויז נעכטן געווען משוגע,
אָדער ער, ישראל, וועט אים היינט דערווייזן, אַז ער איז בטבע אַ
משוגענער. ער וועט זיך נישט שעמען פאַר אים.

אין אָוונט איז ישראל, צו זיין גרויס פאַרוואונדערונג, געווען אין
„סאַוואָי", און צו זיין נאָך גרעסערער פאַרוואונדערונג, אונטן אין פאָיע,
זיך אָנגעשטויסן אויף מינען, וועלכע האָט, ווייזט אויס, זיך אויך געלאָזט
איבערבעטן. האָבןביידע זיך פאַרשעמט, רויט געוואָרן און געפּרוווט
מאַכן אַן ערנסטע מינע, ווי יעדערן פון זיי וואָלט אַהערגעבראַכט זיין
פּריוואַטער ערנסטער ענין, וואָס איז דעם צווייטן נישט באַוווסט. דער
אָנשטעל האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. זיי האָבן זיך דערפילט ווי
חברים פון איין פאַרברעכן מיט זייער אַריינדרינגען אין דעם דאָזיקן
בורזשואַזן פּרעס־טעמפּל. און דאָס האָט צום צווייטן מאָל דערנענטערט
די ביידע פּאַרטייאישע קעגנער. זיי האָבן זיך געלאָזט גלייכצייטיק גיין
איבער די ברייטע, ווייך־געדעקטע שטיגן אַרויף און צו זיי אַנטקעגן
איז אַרויפגעשטיגן אַ ישראל מיט אַ מינע אין דער שפּיגל־וואַנט. האָט
מינע זיך דערזען אין שפּיגל און נערוועז פאַרריכט די זיידענע בלאַסע
רויז, וואָס איז געווען צוגעשפּיליעט צו איר סאַמעטענעם אַקסל. ערשט
אין שפּיגל האָט ישראל באַמערקט, אַז מינע איז אָנגעטאָן אין סאַמעט

און מיט בלויזע הענט און אין געפּרעגטע, לאַקירענע לעטשלעך — אַ וואַרשעווער נגידישע טאָכטער און גאָר!

— איך שטעל מיר נאָר פאָר, ווי דער גאַסט וועט דאָס אויסזען אין זיינע הויכע שטיוול מיט דעם רוסישן העמדל!

מינע האָט עס געזאָגט און איר אייגענע שטים נישט דערקענט. ס'האָט געקלונגען מיט אַ נערוועזן ציטער. זי האָט אין שפּיגל איר אייגענעם בליק נישט דערקענט. זי האָט באַמערקט אין איר אויג אַ נערוועזן בריליאַנט, זי האָט עס באַמערקט אין יענער רגע, ווען פון דער הויך איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַ ברייטער שטראָם טענער פון פידלען און פלייטן.

פון אָנהויב האָבן זיי זיך פאַרלוירן אין די גרויסע, געדיכט־באַזעצטע, העל־באַלויכטענע זאַלן. זיי האָבן געזוכט מיט די אויגן די כאַראַקטערע פיגור אין אַ ווייס העמדל און מיט אַ שוואַרצער באָרד. און נישט זיי האָבן פאָדלאַסקין געפונען, נאָר ער האָט זיי פון דער ווייטן באַמערקט און צוגעשיקט צו זיי דעם גאַרסאָן, זיי צו ברענגען צום טיש.

עס איז געווען פאַר זיי אַ נייע איבערראַשונג.

ביי צוויי צוזאַמענגערוקטע טישן, צווישן אַ היפּשער קאָמפּאַניע איז געזעסן בערל פאָדלאַסקי, אָבער גאָרנישט דער נעכטיקער בערל. זיין באָרד איז גאָר קלענער און עלעגאַנטער געוואָרן און אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַן ענגלישן אַנצוג פון זייער אַן איידעלער פאַרב: קאַקאַאָ פון מילך. און דער אַנצוג איז געלעגן אויף אים ווי אויסגעגאָסן און די פאַרב האָט האַרמאָנירט מיט זיין אָפּגעברענטער ברוינער הויט אויפן פּנים און אויף די הענט. נאָר דער הויכער געוועלביקער שטערן איז געווען מיט זיין ווייסקייט, ווי צוגעשטוקעוועט. פאָדלאַסקי האָט געשמייכלט און געדרויבערט, ווי נעכטן ביים טיש, ער איז אָבער געווען מונטערער און באַרעדעוודיקער און זיך פאַרהאַלטן, ווי אַן אמתער באַל'עבאָס, וואָס פאַרווײַלט זיינע געסט. אידע האָט מיטגעהאָלפן דעם פעטער אויפצונעמען און צו פאַרנעמען די געסט. און געסט האָבן געהאַלטן אַלץ אין איין אָנקומען און טוישן זיך. בערל פאָדלאַסקי האָט פאַרוואַנדלט דאָס ווינקל פון „סאַוואָי" אין זיין געשעפטס־קאַנטאָר און אָפּגעהאַלטן קורצע קאָנפערענצן מיט זיינע וואַרשעווער אינטערעסאַנטן.

ער האָט זיך זייער פריינטלעך באַגריסט מיט ישראלן און מיט

מינען און דער גאַרסאָן האָט אויף זיין ווונק צוגעשטעלט פאַר זיי נאָך צוויי שטולן. נענטער צו אים.

— ווי איר זעט, חברים, האָב איך דאָ קיין עין הרע מיט וועמען צו ריידן. וועט איר דאָך פרעגן, פאַרוואָס האָב איך דאָ געמאַכט מיין קאָנטאָר? וועל איך אייך ענטפערן: עס מאַכט מיר אויס ביליקער. איך דאַרף קיין דירה־געלט נישט צאָלן און איך פטר אָפּ אַלע פּאַראַמאַל.

און ער האָט זיך צעלאַכט, בערל פּאָדלאַסקי, געבעטן אידען מיטן בליק זיך צו פאַרנעמען מיט די נייע געסט און אַליין זיך אָפּגעקערט צו די אינטערעסאַנטן. ערשט איצט האָט ישראל באַמערקט, אַז הינטער פּעטער בערלס שטול זיצט אַ דיקלעכער יונגערמאַן מיט אַ דייטשן אויסזען און פאַרנאָטירט אין אַ ביכעלע אלץ, וואָס פעטער בערל הייסט אים פאַרנאָטירן. צייטנווייז מאַכט ער אויך זיין אייגענע באַמערקונג אין געשעפטלעכן געשפּרעך. אידע האָט זיך אָנגעבויגן צו ישראלן און מיט יראת־הכבוד אים דערקלערט, אַז דער יונגערמאַן איז דעם פּעטערס וואָר־שעווער אַדוואָקאַט און געשעפטס־פּאַרטרעטער. ישראל האָט צום ערשטן מאָל געזען, ווי ווייניק צייט עס פאַרנעמט צו ריידן וועגן גרויסע געשעפטן. אָט זיצט אַ גופיקער זאַפּרענדיקער ייד מיט אַ פּנים און מיט אַ באָרד, וואָס וואָלטן געפּאַסט פאַר שלמה המלך. ער שמועסט געלאַסן מיטן פעטער וועגן וואַלד. עס פליען אין געשפּרעך צענדליקער טויזנטער — ישראל ווייסט נישט וואָס: ביימער צי רובלס. און שמועסנדיק, שפּילט זיך שלמה המלך מיט זיין אייגענער באָרד. אַ האַנט איז ביים סוחר ווי פון רויען ווייסן טייג און באַשאָטן מיט זומערשפּרענקעלעך. שפּילן שפּילט זיך די האַנט מיט דער באָרד אויסציענדיק זאַפּרעז־הע־רעלעך איינציקווייז, איינציקווייז. און אָט שטייט ער שוין אויף צום געזעגענען זיך. דאָס געשעפט איז געשלאָסן. דער דייטש פאַרנאָטירט. אויף זיין אָרט זיצט שוין אַ צווייטער גופיקער מאַנספּאַרשוין, וואָס זיין ראַזירט פּנים איז אונטן פיל ברייטער ווי אויבן. פון זייערע פאַרשוואָ־לענע נעסטן לאכן אַרויס זיינע קליינינקע, קלוגיטשקע אייגעלעך און הענט מיט פינגער האָט ער אַזעלכע, וואָס מען קאָן מיט זיי ברעכן קור־פּערנע צענערס. ער טראָגט אַ שווערן רינג אויף אַ פינגער — אַ באַנקיר. נישט ער רעדט, נאָר ער שוועבט, ער פליט. דוכט זיך, פּאָדלאַסקי אַליין קאָן מיטן אויער ניט נאָכפליען די שנעלקייט פון זיינע רייד. אָפּגעפּטרט. דער דריטער אינטערעסאַנט — אַ מיליטערמאַן פון אינטענדאַנטור, מיט

אַראָפּגעהאָנגענע באַקן און אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס. מיט אים אַ יידי־שער מעקלער מיט אַ לייַנען־בערדל און מיט אַ קליין פּליכל. דער מעק־לער האָט, ווייזט אויס, צוליב דעם באַזוך אין „סאוואָי" עקסטרא אויס־געטאָן די לאַנגע קאַפּאָטע און ער פילט זיך איצט אין זיין קורצן רעקל ווי אַ הונט אָן אַן עק.

און ביים טיש גייט דערווייל אַ היימישער שמועס. דאָקטער לינדע האָט זיך אויך דאָ צוזאַמענגעטראָפן מיטן פּעטער עוזר, וועלכער זיצט נאַטירלעך אָן אַ קאַפּל און זיי שפּינען ווייטער דעם פּאָדים פון זייער נעכטיקן דיספּוט איבער רעליגיע און פרייען געדאַנק. דער באַלעבאָס קוקט אויף זיי מיט אַ ייִנגלשן געלעכטער און רייצט זיי אָן איינעם אויפן אַנדערן. די מומע זלאַטע איז אויך דאָ. דאָס איז דעם פּעטער עוזרס פרוי. זי האָט אַ פּריצישן אויסזען און זי רעדט מיט אידען וועגן איינגעמאַכץ. דער אַדוואָקאַט יאַקובסאָן איז נישט געשטימט. אים פּאַרדריסט אפנים, וואָס נישט ער איז פּעטער בערלס פּאַרטרויאונגס־מאַן אין וואַרשע. איז ער דעריבער געשטימט פּעסימיסטיש צום גלות און פּאָלעמיזירט מיט מינען.

אידע זאָגט אַרויס גאַנץ דרייסטע ציוניסטישע געדאַנקען. און צו ישראלן ווענדעט זי זיך:

— חבר, מאַכט מיר קלאָר, איך בעט אייך! ווי ווייט איז פון אייך ביז מיר, צום ביישפּיל? פון דעם פּועלי - ציוניסט ביז דער בורזשואזער ציוניסטקע?

איר ברייט, רונד פּנים איז, ווי שטענדיק, ליידנשאַפטלעך און אויפגערעגט. צוליב דער רויטלעכער ציגל־פאַרב דוכט זיך: עס איז באַלויכטן פון אַן אינערלעך פייער. און אַן אויסדרוק — ווי זי וואָלט זיך געהאַט ערשט מיט עמעצן געקריגט. אָבער אידע רעדט מילד און געלאַסן, און מיט הומאָר אַפילו. זי איז אָנגעטאָן צום פאַרב פון פּנים, רויטלעך־ברוין; זעט זי אויס, ווי פון איין גוס. אַ געשטאַלט פון רויט־לעכן אייזן, אַ שטאַרקע געשטאַלט. און אַרום קאָפּ — אַ רויכיקער כאַאָס פון צעשאָטענע האָר. זי פאַרריכט זיי מיט אַ הומאָריסטישער באַוועגונג.

— איך פאַרשטיי נישט, ישראל, מאַכט מיך קלוג וואָס איז צווישן מיר מיט אייך דער חילוק? מיט וואָס טויג איך זיך נישט פאַר אַ פּועלי־ציוניסטקע?

מינע כאַפּט אונטער מיטן אויער דאָס געשפּרעך און קוקט אויף איר פּאַרטיי־קאָנקורענט ישראלן מיט אַ פאַרניכטנדיקן שמייכל.

— איך מיין אויך אזוי, פרוי פּאָדלאַסקי.

— דערווייל איז נאָך פאַראַן אַ שטיקל פּרינציפּיעלער חילוק — פרוווט ישראל זיך אַרויסמאכן פון אַ דיסקוסיע.

— אַ האָפענונג, אז מיר וועלן זיך דערנענטערן, ישראל.

און אידע שטרעקט אויס צו אים איבערן טיש איר גלעזעלע ליקער, זיך אָנצוקלאַפּן אָן זיין גלעזל.

— אם ירצה השם, נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אידע. — און קלאַפּט אָפּ זיין גלעזל אָן אירן.

אָפּיציאַנטן מיט ווייסע גאָרסן, מיט פּנימער פון ענגלישע לאָרדן דערלאַנגען צום טיש. און ישראל מיט מינען האָבן זיי אויפן פּראָלעטאַ־רישן געוויסן. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ ניקלנער עמער מיט שאַמפּאַניער אויף אייז אונטער אַ טישטוכל. ישראלן ווערט קאַלט. דער אַלטער יונה פּאָדלאַסקי גלעט די באָרד מעשה פריץ און פרוווט רויכערן דעם ציגאַר אַזוי ווי בערל, זיין יונגער שטיף־ברודער, דער אש זאָל נישט אַראָפּפאַלן. ענדלעך זיינען שוין ביים טיש קיין אינטערעסאַנטן נישט פאַראַן. בערל פאַרלייגט אַ סערוועטל הינטערן קאָלנער. דער חבר־באַלעבאָס האַלט אין אריינריידן אין אים:

— איר זעט דאָך, פּעטער, ביי מיר איז אַ האַלבע קאָמונע אין פאַבריק. מיט די ארבעטער זענען מיר אויסגעבונדן. אָט פרעגט ישראלן...

בערל האָט זיך צעשמייכלט צו מינען.

— אַנטקעגן דעם, חברטע מינע, וואָס איר האָט נעכטן געטענהט: נישטאָ ביי אונדז קיין כלל־אינטערעסן. אָט עסן מיר דאָך צוזאַמען.

— יאָ, מיר עסן... על חשבון הגביר... — האָט זיך מינע צעלאַכט.

דער חבר־באַלעבאָס האָט זיך דערשראָקן און געוואַרט מיט זיין אויסדרוק ביז דער פּעטער האָט זיך צעשמייכלט.

— אָבער ניין, חברים. איך האָב נעכטן נישט גערעדט וועגן כלל־ישראל־אינטערעסן אין דעם זין, ווי מיט דעם אויסדרוק באַנוצט זיך די בורזשואזיע... וואָס איך האָב דעם צווייפלהאַפטן כבוד צו געהערן צו איר...

דער פּעטער בערל האָט מיט קורצע הפסקות גערעדט און געגעסן. און ישראל האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, וואַרטנדיק אויף דעם מאָמענט,

ווען ער וועט דאַרפֿן אַריינפֿאָרן דעם פּעטער בערל מיט אַ ביטער פּראָ־לעטאַריש וואָרט. ס׳האָט זיך אָבער נישט געמאַכט די געלעגנהייט.

— דער אונטערשייד צווישן מיר און אייך, חברים — פּאָדלאַסקי האָט בפירוש גערעדט צו מינען מיט ישראלן, איגנאָרירנדיק די איבע־ריקע, ווי זיי וואָלטן גאָר ביים טיש נישט געווען — דער אונטערשייד צווישן מיר און אייך איז דער, וואָס איך האָב געלט און איר נישט. אָבער דער צוועק אונדזערער איז איינער. דאָס, וואָס איר ווילט מאַכן דורך אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, פּרווו איך זיך, אין די ראַמען פֿון מיינע מעגלעכקייטן, צו מאַכן פֿאַר מיין געלט.

ישראל און מינע — ביידע פּאַרטיי־קעגנער — האָבן זיך אומרואיק איבערגעקוקט און פֿאַרשטאַנען זיך. די צעשטערטע אילוזיע פֿון אַן אי־דעאַליזירנדיקן קאַפּיטאַליסט איז פֿאַר זיי ווידער געוואַקסן. ווי צו רעאַגירן האָבן זיי נישט געוווּסט. זיי האָבן פֿאַרזיכטיק איבערגעקליבן וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע צו שטעלן.

— וואָס קאָן דען איין מענטש אויפֿטאָן, הער פּאָדלאַסקי?

— און וואָס ווילט איר אויפֿטאָן? — האָט מינע דרייסטער גע־פֿרעגט.

— איין מענטש קאָן פֿיל אויפֿטאָן, ווען ער האָט מיטלען און איניציאַטיוו — האָט פּעטער בערל געענטפֿערט ישראלן און דאַן זיך געווענדט צו מינען:

— וואָס וויל איך אויפֿטאָן? איך טו דאָס, וואָס עס דיקטירט מיר מיין רעוואָלוציאָנער און יידיש געוויסן, חברטע. צי טו איך גוט אָדער שלעכט — קומט אַראָפּ צו מיר, וועט איר זען. קומט אַראָפּ, חברים, איך מיין ערנסט. אשר! דיינע אַרבעטער האָבן ביי דיר אורלויב?

— אַ שאלה! ווייס, ווי דען? — דער חבר־באַלעבאָס האָט זיך צעשמייכלט און נערוועז געטאַנצט אויף זיין זיץ־פּלאַץ — וואָס מיינט עפּעס דער פּעטער, איך בין אַן עקספּלואַטאַטאָר, בין איך? האַ, מינע? זאָל מינע זאָגן.

הכלל, דער פּעטער בערל פֿאַרבעט די אַרבעטער, ישראלן מיט מינען, הייסט עס, אַראָפּקומען צו אים אין מאַיאָנטעק אונטער ליאַסאָווע און זען מיט די אייגענע אויגן זיינע ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען דאָרטן.

דער חבר־באַלעבאָס איז צופֿרידן. אידע ווערט סענטימענטאַל. אַזאַ מין קלאַסן־דערנענטערונג! די אַרבעטער פֿאָרן צו גאַסט אין מאַ־

יאַנטעק! דאָ — מאַכט דער פעטער אַ נייע פאַבריק בשותפות. אַן אמתע כלל־ישראל־אידיליע. דעם חבר־באַלעבאָס ווילט זיך אויפהויבן אַ כוס פאר דעם איצטיקן מאָמענט. ער האַלט אָבער פאַר וויכטיקער צו כאַפּן מיטן פעטער אַ שמועס וועגן דער בשותפותדיקער טריקאָטאַזש־פאַבריק. דוכט זיך, אַז דער משוגענער אידעאַליסט, וואָס איז רייך ווי קורח, לאָזט זיך אַנרעדן.

דער חבר־באַלעבאָס האָט נאָרוואָס אויף רעכט אַנטוויקלט זײַנע ברייטע געשעפטלעכע פּלענער פאַרן פעטער. אידע האָט אים נאָרוואָס געמאַכט די ערשטע באַמערקונג, אַז ער זאָל נישט פליען צו הויך אין זײַנע פאַנטאַזיעס, — ווען... ווען די מוזיק האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ וואַלס.

האָט דער רייכער פעטער איבערגעשלאָגן דעם שמועס, עלאַסטיש זיך אויפגעהויבן, פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דעם ציגאַר, אַז דער אַש זאָל נישט אַראָפּפאַלן און פאַרבעטן אידען צום טאַנץ.

קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף דעם און אַלע האָבן פאַרלעגן געשמייכלט. אידע האָט האַסטיק אַוועקגעשאַרט די צעשאָטענע האָר. און אָט שוועבן זיי שוין צוזאַמען מיט אַנדערע פּאָרן, איבערן ליכטיקן פּאַרקעט צווישן די באַזעצטע טישלעך. דער רייכער פעטער האָט גע־טאַנצט מיט אַ פעסטער גראַציע, געטראָגן אידען, ווי אַ סטאַטועטקע פון רויטלעכן שטיין. און זײַן שוואַרצע באָרד און אירע רויכיקע האָר האָבן גלייך צוגעצויגן פרעמדע אויגן ביי די טישלעך. ווען ער האָט צו־ריקגעקערט מיט זײַן צעפּלאַמטער דאַמע האָט מען אים ביים טיש באַגעגנט מיט אַ בראַוואָ. אַפילו דער פעטער עוזר האָט געפּאַטשט, די מומע זלאַטע האָט געפּאַטשט. דער חבר־באַלעבאָס האָט געמיינט, אַז מען קאָן זיך שוין אומקערן צום וויכטיקן שמועס. ווען די מוזיק האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ פּאָלקע, האָט דער רייכער פעטער זיך אָפּגעשטעלט מיט די אויגן אויף מינען. מינע איז רויט געוואָרן. און נאָכמער — ישראל. ס'איז אים געווען אַ רחמנות אויף זײַן פּאַרטיי־קעגנערין, וואָס זי איז אויסגעשטעלט אויף אַ בורזשואַזן נסיון. צום גליק קאָן זי אוודאי נישט טאַנצן, וועט זי נעבעך אָפּקומען בלויז מיטן רויט־ווערן.

אָבער ווער זאָגט עס, אַז מינע קאָן נישט טאַנצן? זי שטייט אויף, די פאַרעטערין פון ארבעטער־קלאַס. זי לייגט אַוועק איר האַנט אויפן ברייטן בורזשואַזן אַקסל פון קאָליר קאַווע מיט מילך. שעם דיך, וואַר־

שעווער אַרבעטערשאַפט! און זי טאַנצט. זי טאַנצט זייער לייכט די משונהדיקע פּאָלקע. דעם קאָפּ פאַרבויגן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט. בלאַס, סענטימענטאַל — די חברטע מינע. אָבער די פיס אין די לעטשלעך אַרבעטן מונטער און לעבעדיק. צי חלומט זי נישט איצט פון געבראָטענע טייבעלעך?

אַן אָפיציאַנט איז צוגעגאַנגען צום טיש און פּראָפעסיאָנעל זיך פאַרנויגט:

— מען פרעגט זיך אויף דעם הערן פּאָדלאַסקי.

— ער איז פאַרנומען. ער טאַנצט.

דער אָפיציאַנט האָט עס גענומען צו קענטעניש און העפלעך אָפּגעוואַרט אין דער זייט, ביז דער רייכער פעטער האָט געענדיקט טאַנצן און אָפּגעפירט זיין דאַמע צום טיש. דאַן האָט דער אָפיציאַנט אים שטיל העפלעך עפּעס איינגערוימט און פּאָדלאַסקי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערטע אויגן. ער איז אָבער אַרויס נאָך אים פון זאַל.

— אוודאי ווידער אַ סוחר.

— אַן אייזערנעם קאָפּ דאַרף ער האָבן, דער בערל!

— ער האָט דאָך אַ דייטש.

— איז דער דייטש שוין לאַנג אַוועק שלאָפן.

דערווייל איז דער פעטער געקומען צוריק צום טיש. ער האָט עמעצן רואיק געזוכט ביים טיש און זיינע אויגן האָבן געשפּילט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף ישראלן.

— דאָס מיינט מען, חבר, אייך. אַ דאַמע פרעגט זיך.

— צו מיר? אַ דאַמע? — ישראל האָט נישט געגלויבט.

— יאָ, אַ דאַמע, אַ פריילין הייסט עס. אַ יונגע, אַ שיינע.

— צו מיר אַ דאַמע? ישראל איז אויפגעשטאַנען אַ פאַרשעמטער. ער האָט אַלץ נישט געגלויבט.

האָט פּאָדלאַסקי אָנגעשריבן:

— גייט, חבר ישראל! אַז אַ פריילין רופט, לאָזט מען זיך נישט בעטן.

— אָבער ווער איז זי? וואָס וויל זי?

ישראל האָט זיך געפילט נישט באַקוועם אונטער אַלעמענס שמייכלען. און פּאָדלאַסקי האָט איינציקווייז אויסגעלייגט אירע סימנים:

— זי איז אַ קליינינקע... האָט פּרעכטיקע הענט... בלויע אויגן,

ישראל האָט זיך, ווייזט אויס, אָנגעשטויסן און ער איז האַסטיק אַרויסגעלאָפן.

פאָדלאַסקי האָט זיך צעשמייכלט צום עולם.

— זיין שוועגערין. איך האָב מיך שיער נישט פאַרליבט.

ישראל איז באַלד צוריקגעקומען אַ צערודערטער.

— איך בעט אַלע אַנטשולדיקן. איך מוז לויפן אַהיים.

— אָבער וואָס איז געשען?

פאָדלאַסקי האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און נישט אָפּגעלאָזט.

— לאָמיר פריער מאַכן לחיים.

— איך קאָן נישט.

— טאָ זאָג כאָטש אויס, וואָס לויפט איר אַזוי? איר שעמט זיך, וועל איך זאָגן. מענטשן! ס'איז דאָך אַ יידישע זאַך.

ער האָט אָפּגעלאָזן ישראלן און פייערלעך געמאָלדן:

— מיר וועלן האָבן אַ שמחה, יידן! ישראלס ווייב גייט צו קינד!

ישראל איז שוין נישט געווען דערביי, ווען פאַר זיין כבוד וועגן האָט אויסגעשאָסן די ערשטע פלאַש שאַמפּאַניער.

## 17

# א סגולה פאַר ליטעראַטן

אַז אַ מענטש איז אַ גזלן איבער זיך אַליין, איז אים קיינער נישט שולדיק. לעאָן ברוינער האָט צעבראָכן זיין פאַמיליען־לעבן איבער עמעצנס אַ הייס בריוול צו זיין ווייב און ווער דער איינער איז האָט ער עד היום נישט געוווּסט. ער האָט געשאַפן פאַר זיך דעם ריכטיקן גיהנום. ס'איז שוין נישט געבליבן קיין איינציקער פון זיינע פריינט און גוטע באַקאַנטע, וועמען ער זאָל נישט חושד זיין, אַז צוליב אים האָט ער דאָס געמוזט פון דער היים אַוועק. לעאָן ווערט אַ מיזאַנטראָפּ. ער האָט פיינט געקריגן דעם פאַררעטערישן מין — אַלע ווייבער. ער האָט שוין אָבער אויך פיינט דעם פאַרפירערישן מין — אַלע מענער. אים דוכט זיך, אַז ער איז דער איינציקער צדיק אויף דער וועלט. אָבער צוליב איין צדיק וועט סדום נישט איינשטיין. און צייטנווייז דוכט זיך אים, אַז ער איז

דער איינציקער נאַר אויף דער וועלט, דער נאַר וואָס האָט זיך אַליין אָפּגעשמיסן. דער טייוול האָט אים געשטויסן צו אַנטלויפן פון דער היים. באַסיע האָט דאָך אים סיי ווי סיי גאָר נישט אויסגעזאָגט. און ס׳איז נאָך אויסגעקומען, אַז זי איז געבליבן די באַעוולטע.

ער האָט אָבער געמוזט אַנטלויפן. פון זיך אַליין איז ער געלאָפן. זיינע אייגענע פויסטן אָפּגעטראָגן, עס זאָל נישט קומען צו קיין קלעפּ, וואָרום ער האָט געפילט: עס האַלט דערביי.

אַז זי שווייגט. קוקט אים אָן מיט דעם בליצל, וואָס האָט זיך אָנ־געצונדן אין איר שטענדיקן מאַטן בליק און — קיין וואָרט נישט. ער רייסט זיך שיער די האָר פון קאָפּ. שרייט ביטערע און נאַרישע ווערטער און זי— נאָר איין טענה:

— האָסט מיך באַליידיקט.

— סטייטש! אַזאַ בריוו!

— ס׳איז גאָר נישט געשען, לעאָן.

— פאַרוואָס זשע זאָגסטו מיר נישט, ווער דאָס איז?

צעלאַכט זיך בייז דאָס בליצל אין אירע אויגן.

— און אַז איך וועל דיר זאָגן, וועסטו געהאָלפן ווערן? אָבי מען טענהט, אַז מיר, ווייבער, זענען בייגעריק.

— האָסט אים ליב?

— איך ווייס נישט. אפשר.

ער שטוינט. ווי איז דאָס געשען, וואָס אין דעם דאָזיקן צאַרטן, טונקל־בלאַסן כשרן קערפּער האָבן זיך פאַרקליבן שדים פון פאַלשקייט און שמוץ?

ער קאָן דאָס נאָך איצט נישט באַגרייפן, ווען ער ווינט שוין אָפּ־געזונדערט און האָט פּיל ביטערע שעהן צו טראַכטן און איבערצוטו׳אכמן, צו רייצן די אייגענע ווונד.

נו, געוויס האָט ער געמוזט אַנטלויפן, נישט צו לאָזן אין גאַנג זיינע פאַרפרעסטע פויסטן. נאָר דאָס האָט אים געפעלט!

לעאָן ברוינער האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען און מיטגעפילט די מענער, וואָס שלאָגן זייערע ווייבער אין אַזאַ פאַל, וואָס שלאָגן די געליבטע פון זייערע ווייבער.

אז ער האָט דאָך אויך געשלאָגן. מיט פאַרקריצטע ציין, און פאַר־גאָסענע אויגן, פאַרשלאָסן זיך אין זיין איינזאמען צימער האָט ער פאַר־

פּרעסט זיינע פויסטן און געשלאָגן באַסיען מכות־רצח... אין דער פאַנ־טאַזיע, פאַרשטייט זיך. ער וואָלט יענעם אויך צורעכט געמאַכט, ווען ער זאָל וויסן, ווער ער איז — דער יענער. אָבער זיין פויסט טרעפט אין דער לופט. נישטאָ קיין יענער. ס'איז נאָר דאָ אַ בריוול און באַסיעס פאַרביסענער שווייגן. לעאָן האָט איצט דערפילט דעם ביטערן טעם, וואָס הייסט האָבן קנאפּע אינפאָרמאַציעס וועגן זאכן, וואָס זענען אים אם מיינסטן נוגע. שוין אָפּגערעדט פון זיין היים און פון באַסיען. ער האָט זיך דאָך פון זיין איינציק קינד אָפּגעריסן צוליב סיבות, וועלכע זענען נישט קלאָר געווען אים. ער האָט נישט וואָגיק בדי אַזוינס צו טאָן. ניין, וואָג האָבן זיי, די סיבות, ווייל ער איז אַנטלאָפן פון דער היים. אָבער קלאָרקייט? ס'קאָן זיין, אַז קיין מאָל וועלן זיי אים נישט קלאָר ווערן! און זיין לעבן האָבן זיי דאָך צעבראָכן.

לעאָן ברוינער איז געווען אַ פּעאיקער גאָוועליסט: די צרות פון לייטן זענען אים נישט אָנגעגאַנגען. דאָס זענען געווען פאַר אים נישט צרות, נאָר טעמעס. ביי אים איז אַפילו געווען אַ הומאָרעסקע וועגן אַ מענטשן מיט אָפּגעהאַקטע הענט און פיס. און דער דאָזיקער הומאָריס־טישער העלד זיינער, אָן הענט און אָן פיס, איז אים אַנטקעגן געקומען אין זיינע איצטיקע ליידן.

— האָסט געזינדיקט מיט דיין פּען! האָסט געזינדיקט! האָט דיר עפּעס שטאַרק וויי געטאָן, ווען דו האָסט מיט דיין פּען מיך געמאַכט פאַר אַ וויסטע קאַליקע?

אַן אמת! עס האָט אים נישט וויי געטאָן. ער, וואָס האָט כלומרשט געדאַרפט פילן פאַר זיינע אַרויסגעפירטע העלדן, האָט נישט געפילט פאַר זיי, ווייל ער האָט נישט געליטן, ער איז נישט געבענטשט געווען מיט ווייטיק. איצט, ווען ער האָט פּלוצלונג דערזען די וועלט אין דעם שיין פון זיין אייגענעם ווייטיק, איז דאָס געווען פאַר אים אַ נייעס, אַן איבערראַשונג. אַלץ וואָס ער האָט אָנגעשריבן ביז איצט האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי שוואַרץ־קינצלעריי. ער האָט, ווייזט אויס, געקענט די קונץ פון פאַרבלענדן דעם לעזער מיט דער אויסערלעכער צייכענונג, מיט דער פאַרביקער פראַזע.

ניין, לעאָן שרייבט נישט מער. ער אַנטלויפט פון שרייב־טיש. ער מיידט אויס מיט די אויגן זיין פאַרזשאַווערטע פּען. זאָל זי זשאַווערן. אויב ער וועט זיך שוין נעמען צום שרייבן, וועט ער שרייבן מיט בלוט,

מיטן בלוט פון זיין האַרצן. אָבער ווער עס האָט שוין דעם האַרציקן רויטן טינטער, ווער עס איז שוין מיט ליידן געבענטשט — דער ווערט קאַרג אויפן וואָרט, אײַפּערזיכטיק אויפן פּאַפּיר, וואָס דאַרף דאָס דאָזי־קע רויטע וואָרט דאָס ערשטע אויפנעמען אויף זיין ווייס געלעגער. לעאָנען איז שווער זיך צו שיידן מיט די ווערטער, וואָס זאַמלען זיך אין זיין האַרצן. ווי צייטיקע רויטע עפּל זאַמלען זיי זיך דאָרט. ער שפּירט זייער שווערקייט און זייער זאַפט און, אָנשטאָט צו מאַכן שותפות מיט דער פּאַרזשאַווערטער פּען, שפּאַנט ער בעסער איבערן צימער אין דער קרים, פון ווינקל צו ווינקל, די הענט פּאַרלייגט אויף הינטן. ער שפּאַנט, און אים דוכט זיך — ער שרייבט.

— יאָ, חברים ליטעראַטן! אייגענע צרות זענען אַ גייסטיקע דעזינ־פּעקציע! איך ווינטש זיי אייך וואָס מער! אָבער נישט וועגן זיינע אייגע־נע צרות האָט לעאָן געשריבן אין געדאַנק, שפּרייזנדיק איבער זיין צימער. ער האָט געוועבט אין געדאַנק דעם ראָמאַן, וואָס האָט געגומען זיין אָנהויב ביי ריטאָוון אין אַטעליע, בעת האַנקע האָט געטאַנצט. דער עפּיזאָד מיט דער טאַנצנדיקער האַנקע האָט איצט אָנגענומען בלוט און קאָנדענסירטע פּאַרבן. ס׳איז געווען אַ גרייט נשמה־געשריי. וואָס פּאַר אַ פּאָעמע פון גאָלדן לייב און בלוטיקע ליידן דאַרף עס אויסוואַקסן, אויב דער טאַנץ אירער איז דאָס ערשטע געשריי, דער ערשטער אַקאָרד! די טעמע איז אָבער איבערגעוואַקסן די העלדין. אויב האַנקע האָט גע־טויגט פּאַר אַ מאָדעל צו ריטאָווס פּרעמירטער „חוה״, האָט דאָך ריטאָוו געמאָלן לייב, דורכויס לייב און ווייב. לעאָן האָט אָבער געוואָלט אַרויס־באַקומען עפּעס מער: אַ פּאַרבלוטיקטע נשמה. און האַנקע — די האַנקע, וועלכע לעאָן האָט געקענט, איז געווען אַ צו שוואַכער מאָדעל. זאָל ער וויסן וועגן האַנקען מער, ווי ער האָט געוווסט וועגן באַסיען, ווי ער ווייס וועגן זיך אַליין, דאָס הייסט, וועגן יענע פּאַרנעפּלטע אומוועגן, וועלכע האָבן אים געבראַכט צו זיין איצטיקן בראָך?

לעאָן האָט פּלוצלונג פּאַרלוירן דעם גלויבן אין זיין חוש און אינטואיציע. ער האָט זיך דערפּילט ווי אַ יאַכט־הונט, וואָס פּאַרלירט דעם שפּור. און דאָס געפּיל איז געווען פּיינלעך. דאָס געפּיל האָט אים געמאַכט פּאַר אויס שרייבער און איבערגעלאָזט אים אויג אויף אויג מיט זיינע אייגענע פרישע וווּנדן. ער האָט פּאַרלוירן די טרייסט פון קאָנען אַריינדרינגען אין פרעמדע ליידן און, דורכדעם פּאַרטויבן די

אייגענע, נישט האָבן קיין צייט פאַר די אייגענע צרות.

לעאָן האָט איצט צופיל צייט געהאַט פאַר די אייגענע צרות. ער האָט זיך אָפּגעריסן פון מענטשן, געלעבט ווי אַ נזיר און אַחוץ דער רעדאַקציע מיט קיינעם זיך נישט געטראָפן.

דער איינציקער, וואָס פלעגט אים ברענגען גרוסן פון דער וועלט, איז געווען — שייקע. שייקע האָט געטראָפן דעם וועג צו זיין איינזאַמער באַהעלטעניש.

בייז אויף דער גאַנצער וועלט, האָט לעאָן צום ערשטן מאָל אים אויפגענומען זייער נישט פריינטלעך:

— פון וואַנען קומסטו אַהער? ווער האָט דיר געזאָגט?

האָט שייקע תמימותדיק געענטפערט:

— באַסיע האָט מיר געזאָגט.

האָט אים לעאָן אַ כאַפּ געטאָן ביים אַקסל, ווי מיט אַן אייזערנער צוואַנג.

— צו באַסיען גייסטו? וואָס האָסטו עפּעס צו טאָן ביי באַסיען, האַ?

— לאָז אָפּ! לאָז אָפּ די האַנט, זאָג איך דיר!

שייקעס כינעזישע אויגעלעך זענען פלוצלונג רונד געוואָרן. מיט פאַרביסענע ציין האָט ער זיך אַ ריס געטאָן און זיך אַרויסגעריסן פון לעאָנס אייזערנער האַנט. ער האָט אָנגעקוקט דעם ליטעראַרישן נזיר מיט רונדע אויגן און אויסגעשריען:

— אידיאָט איינער! אין וואָס ביסטו מיך חושד?

און ער איז אַוועק צום פענסטער וויינען. לעאָן האָט אים לאַנג איבערגעבעטן.

אָט דער דאָזיקער אינצידענט האָט דווקא באַפעסטיקט זייער פריינטשאַפט. שייקע איז געווען ביי לעאָנען דער איינציקער אָפּטער איינגייער און דער איינציקער פאָדים, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט זיין פאַרלוירענער היים. שייקע איז אויך מיט באַסיען געווען באַפריינדעט און ער האָט נישט נאָר פון דעם קיין סוד נישט געמאַכט, ער פלעגט יעדעס מאָל ברענגען לעאָנען פרישע גרוסן פון זיין קינד. און לעאָן איז אים געווען דאַנקבאַר. וועגן באַסיען האָט ער נישט נאָכגעפרעגט. ער האָט געוווסט, אַז נישט שייקע איז דער מענטש וואָס מען קאָן געברויכן אויף אויסצושפּירן דעם ווייבס געהיימנישן. און אַז לעאָן האָט וועגן באַסיען נישט געפרעגט, האָט שייקע אויך געשוויגן.

ער איז פּלוצלונג פאַרלוירן געגאַנגען, שייקע. אַ טאָג צען זיך נישט געוויזן. און אויך אזוי פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעפונען. אַריינגעשפּרונגען מיט אַ צעשויבערטן, פלאַמענדיקן קאָפּ און מיט אַ פולן בויך גייעס.

— מזל טוב, לעאָן! ישראל איז אַ טאַטע געוואָרן!

— מזל טוב. וואָס? אַ זון? אַ טאָכטער?

— שטעל דיר פאָר אַ מזל פון אַ קבצן. אַ זון מיט אַ טאָכטער. כאַ־כאַ־כאַ! דאָס דינע ווייבעלע האָט אים באַשאָנקען מיט אַ צווילינג.

— אַ קשיא אויף די ווייבער!...

— מען זאָגט אָבער, אַ שווערער קימפּעט געווען. דינה איז שיער נישט אַוועק פון דער וועלט.

— איך שטעל מיר שוין פאָר!

לעאָן האָט זיך נערוועז פאַרקרימט. עס האָט אים אויפגעשוידערט. לעצטנס פלעגט ער אַ פּרעמדן ווייטיק זיך נישט פאַרשטעלן. ער פלעגט אים פיזיש דערפילן מיט די נאַקעטע נערוון.

— און צוליב דעם ביסטו דאָס אַזוי לאַנג נישט געקומען!

ניין, שייקע איז אין יענע פאָר מעת־לעת אַפילו נישט געווען אין וואַרשע. געקומען שוין נאָך אַלעמען. דאָ, אייגנטלעך, שטעקט די צווייטע גייעס. שייקע איז אַ העלד פון אַ ראָמאַנטישער געשיכטע. די העלדין איז... האַנקע.

— האַנקע גאָר?

— וואָס וווּנדערט עס דיך אַזוי?

לעאָן האָט נערוועז אויפגעלעבט.

— דערצייל, דערצייל! ס'איז דאָך גאָר אינטערעסאַנט! זעסטו, דאָס האָסטו דאָך מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס דו קענסט זיך מיט איר!

— אָבער די געשיכטע, ברודער, איז גאָר אַ וווּנדערלעכע, כ'האָב מורא, וועסט נישט גלויבן.

— פאַרוואָס עפּעס נישט גלויבן?

— צי גלויבסטו דען שמ"רן?

— המ... — לעאָן האָט זיך ווידער נערוועז פאַרקרימט, שוין פון אייגענעם ווייטיק. נישט קיין שמ"ר־העלדין האָט ער געדאַרפט.

## 18

# שייקע דערציילט זיין שמ״ריארע

...איך מוז דיר זאָגן, אַז דו קענסט נאָך נישט האַנקען. אַלץ וואָס זי טוט איז מיט אַ ברייטן פאַרנעם און מיט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג. מאַכט זי אַ סקאַנדאַל — איז דאָס איינער אין וואַרשע. פאָרט זי צו אַ חתן, נעמט זי מיט אַ באַגלייטער אויף כל צרה שלא תבוא. זי איז אַ מיידל מיט פאַנטאַזיע, געדענק מיין וואָרט: זי וועט נאָך מאַכן אַ קאַריערע!

אָבער לאָמיך דיר קודם כל דערציילן, ווי אַזוי קום איך גאָר צו איר. פאַרשטייסט: אַז גאָט וויל שטראָפן אַ מענטשן, נעמט ער ביי אים אַוועק דעם שכל. און ביי מיר איז דאָס געשען, אַז אין איין פרימאָרגן האָב איך אָפּגעטאָן דריי נאַרישקייטן, איינע גרעסער פאַר דער אַנדע־רער. כ׳האָב דאָס געהאַלטן בסוד. אָבער איצט איז דאָס מער קיין סוד נישט. געדענקסט יענע נאַכט ביי די מיידלעך דאָרט, נאָך דער ביבע ביי ריטאָוון? האָסט רעכט מיר נישט צו גלויבן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען מיין פוס האָט באַטרעטן די שוועל פון אַ שאַנד־הויז. כ׳האָב ווייניק געטרונקען. אָבער דער סקאַנדאַל ביי ריטאָוון און שפּעטער די סצענע ביי די מיידלעך האָבן מיך געמאַכט שיכור. כ׳האָב געפילט, אַז דער מאַרך ליגט מיר נישט אויף זיין שטענדיקן פלאַץ, אַז ער האָט זיך איבערגעדרייט אין מוח מיטן אונטערשלאַק אַרויף. פאַר־שטייסט? דאָס ווירקט אויף די אויגן אַזוי, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט ביז איצט געווען אַ פאָטאָגראַפישער נעגאַטיוו און ערשט איצט האָסטו דערזען דאָס עכטע, דאָס אמתע אין זייער ריכטיקן פאַרהעלטעניש. דאָס איז די העכערע ניכטערקייט פון שיכרות, ווען מען הויבט אָן פריש דער־קענען און פריש פאַרשטיין.

מיט אַזאַ רעוואָלוציע אין קאָפּ בין איך אַרויס פון די מיידלעך און דערזען דעם ליכטיקן פרימאָרגן.

וואָס הויבט מען איצט אָן צו טאָן? איז מיין ערשטער געדאַנק געווען: זיך אָפּטובלען אין דער ווייסל, פאַרטרייבן דעם שלאָף און אַראָפּ־שווענקען דעם שפּינוועבס פון דער משוגענער נאַכט מיינער. אַ געדאַנק, דאַכט זיך, אַ ניכטערער. טאָ הער־זשע די קאָנסעקווענצן. זיך אויסגעבאָדן — פיל איך: איך בין געוואָרן גאָר אַן אַנדערער, אַ נייער מענטש. ריין

ווי דער הימל און לייכט ווי דאָס וואָלקנדל. איז מיר געוואָרן אַ שאָד, אַז דער נייער מענטש זאָל זיך אַוועקלאָזן אויף פראַנצישקאַנער מאָלן סופיטן אין פוסטע הילכיקע ווינונגען. אַ נייער מענטש דאַרף כאַפּן אַ דרימל אין וועלדל, ביי דער ווייסל נאָך דער באָד. פאַרן נייעם מענטשן זינגען דאָך די פייגעלעך! הכלל, איך האָב געכאַפּט אַ שפּאָרן דרימל אויף אַ פייכטער, הילצערנער באַנק און זיך אויפגעכאַפּט, ווי ערשט פון אַ קרענק אַרויס. די זון האָט מיך אויסגעוואַרעמט. כ׳האָב געוואָלט אַרומנעמען די גראָבע וועלט ביי איר שווייסיקער טאַליע און כאַפּן מיט איר אַ טענצל אויף דער זון, גיין צו דער אַרבעט איז שוין געווען צו שפּעט. פאַרלוירן אַ טאָג. און דאָס איז געווען די ערשטע נאַרישקייט מיינע אין יענעם פרימאָרגן. דאַרף מען דאָך מיט עפּעס דעם טאָג אָנ־פילן. לאָז איך מיך גיין אויפן מאַרק. אויפן מאַרק, פאַרשטייסטו, איז וויל. ערשטנס — אַ סך מענטשן, ס׳איז דאָ אויף וועמען די אויגן אָפּ־צושטעלן. אַ גאַנצע ביבליאָטעק פון פּנימער. און צווייטנס — טויבן. דו פאַרשטייסט זיך עפּעס אויף טויבן? ס׳איז אַ באַזונדער וועלט און אַ באַזונדערע תורה. פאַר די באָרוועסע שקצים, וואָס האַנדלען מיט טויבן, דאַרף מען גרויס דרך־ארץ האָבן. ס׳איז נישט קיין קלענערע ספּעציאַ־ליטעט, ווי טראַנזאַקציעס מיט אַקציעס און אָבליגאַציעס, בפרט, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז די פאַרקויפטע טויבן דאַרפן קומען צוריק צו פליען צו זייער ערשטן באַלעבאָס און נאָך מיטברענגען מיט זיך פרעמדע טויבן. גיי איך מיר אַזוי איבערן מאַרק, קוויק זיך מיט די שווייסיקע פּנימער און זוך טויבן. דערזע איך גאָר העמדלעך. פאַר־שטייסט? אַזעלכע קליינינקע קינדישע העמדלעך מיט שפּיצן, אָנגעצויגן אויף אַ שטריקל, אויפן לאָדן פון אַ קראָם, צעלניק. פלאַטערן זיי, די ווייסע העמדלעך, ווי צוגענאָגלטע טויבן. טראַכט איך מיר: ווער דאַרף עס אַזעלכע פּיצינקע העמדעלעך פאַר קינפּעט־קינדער? פאַלט מיר איין, אַז איך אַליין דאַרף זיי. הכלל, אַ חרפּה אָן אַ זייט, שייקע האָט איינגע־האַנדלט אַ האַלבע טוץ קליינינקע, ווייסינקע העמדעלעך, טאַקע יענע, וואָס זענען געהאָנגען אויף אַ שטריקל פאַר דער טיר. קודם — זאָלן זיי נישט פלאַטערן, ווי די געקרייציקטע טויבן. האָב איך שוין הייסט עס, אַ שיינע מתנה, וואָס מאַכט מיר אַ לאָך אין מיין ביודזשעט. אָבער — עס שאַדט נישט. כ׳האָב, פאַרשטייסטו מיר, דערפילט אַ מאַטנס אַ פליכט. וואָרום ווען דאָס קינד האָט קיין מאַטן נישט, זענען דאָך אַלע

זיינע טאַטעס, גאַנץ וואַרשע. איך אויך. איך בין דאָך דאָרט אויך געווען ביי זיי, ביי די מיידלעך. הכלל, איך האָב אַוועקגעגעבן אַ שייגעצל דאָס לעצטע פון מיין קליינגעלט און אָפּגעוואָרט, ביז ער איז אַריין צו די מיידלעך מיט מיין מתנה. דאַן האָב איך געמאַכט פיס. איז דאָס געווען — מיין צווייטע נאַרישקייט. די דריטע קומט ערשט. עס קייטלט זיך איינס מיטן אַנדערן. דערזען, פאַרשטייסטו, אַז מען יאָגט אים נישט נאָך, שטייט שייקע — די גאָלדענע נשמה — אין מיטן אַלט־וואַרשע און זיינע אויגן זענען אים אויף אַ נאַס אָרט. ער איז געוואָרן סענטי־מענטאַל.

— אוי, שייקע, ס׳ארא האַרציקער מענטש דו ביסטו! זאָג נאַר, סערצע־לעבן, אפשר וועסטו זיך גאָר צעקושן מיט יענער גויע מיט דער בלויער נאָז און לעדערנע ארבל, וואָס שטייט דאָרט ביי דער טון הערינג? האָסט דאָך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל, וואָס דאַרף הייסן: דאָס הייליקע לעבן פון שייקע פייפער! נו, נו, מירן זען דיינע ווייטערדיקע טאַטן! איז דער ווייטערדיקער טאַט געווען: אַ באַזוך ביי ריטאָוון. פאַר־וואָס עפּעס אַהין? דאָס נעכטיקע בילד איז געשטאַנען פאַר די אויגן, ווי אַן איבערגעריסענע לענטע אויפן עקראַן: ריטאָוו שטייט אַ פאַרלוירע־נער און צופּט זיך דאָס בערדל, האַנקע — אַ נאַקעטע קאָרטשעט זיך אויף דער אָטאָמאַנע אין היסטעריקע, ווי אין קינפּעט און שרייט אַרויס זייער ביידנס חרפה פאַר דער וועלט. אַלע זענען אַוועק און זיי זענען פאַרבליבן אויג אויף אויג מיט זיך און מיט זייער גיהנום. אַ רחמנות. מיינסט, כ׳האָב נישט געטראָפן? פונקט ווי כ׳וואָלט דערביי געווען. זי — אין איר שאַלכל, אַ צעבראָכענע, אַ פאַרלוירענע, מיט אַ פּנים, ווי זי וואָלט אומגעבראַכט אַ קינד. ער — אַ צעקנייטשטער, אַ פינסטערער, דער קאָפּ איז אים אין די אַקסל אַריינגעקראָכן, די הענט — ציטערן. מען רעדט נישט, מען קוקט נישט, מען רויכערט. אַ גאַנצער האָגל פון אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן אויף דער פּאָדלאָגע. נו, געוויס האָבן זיי זיך דערפרייט מיט מיר. פאַרדינט אַ מצוה. אַרויסגעשלעפּט צוויי מענטשן פון דעם טורעם פון שווייגעניש. זיי האָבן זיך צערעדט. כ׳האָב נישט דערלאָזט דערמאָנען דאָס נעכטיקע. פאַרציילט באָבע־מעשיות, געהאַקט אַ טשייניק, געמאַכט קונצן און זיי אָנגעפּייפט אַ פולן קאָפּ. ריטאָוו האָט מיר פעסט געדריקט די האַנט, האַנקע איז אַראָפּ מיך באַ־גלייטן. אויף די שטיגן האָט זי מיך אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן.

— ביסט אַ האַרציקער בחור, קום צוגיין.

אַזוי בין איך, פאַרשטייסטו, דורך דעם טויער פון דריי נאַריש־קייטן אָנגעקומען צו האַנקען.

און איצט הער, ווי אַזוי איך בין געפאַרן מיט מיין דאמע הינטער פלאַצק, צו טרעפן זיך מיט איר חתן — דעם באַראָן. נישט קיין באַראָן, נאָר אַ גראַף אַ גאַנצער. דאָ, אייגנטלעך הויבט זיך אָן שמ״ר. ווילסט גלויבן — גלויב. נישט — איז אויך רעכט. אַבי מיין האַנקע האָט פאַנטאַזיע.

דאַרפסטו וויסן, אַז צוליב גרויס פריינטשאַפט האָט דאָס מיידל מיר פאַרטרויט אַ פּאָר איינצלהייטן פון איר יחוס. און געצויגן האָט זי איר יחוס אַזש פון בערעק יאסעלעוויטשן. דער זיידע אירער האָט גע־טראָגן אמתע שליאַכעטסקע וואָנצעס מיט באַקנבערד. אַזעלכע וואָנצעס מיט באַקנבערד מיט אַ ראַזירטער קין קאָנסטו זען אויף די בילדער פון די באַרימטסטע יידישע משומדים אין פוילן. דער טאַטע אירער האָט שוין קיין באַקן־בערד נישט געטראָגן, דערפאַר האָבן די וואָנצעס איבערגעשטיגן דעם זיידנס. ער איז געווען סרסר אין גראַפס וועלדער און געווינט געוועזן, אַז פויערים זאָלן ציען די היטלען פאַר אים, ווי פאַר אַ פּאַן. געוווינט האָבן זיי ביים גראַף אין הויף, אין איין הויז מיטן דייטש — דעם פאַרוואַלטער, און אַזוי ווי דער סרסר האָט געשטאַמט פון די יאָסעלעוויטשעס און דער פריץ אַליין, גראַף פלאַטען מאַיעווסקי, האָט געצויגן זיין יחוס פון די פראַנקיסטן, האָבן זיי ביידע געהערט צו דער גייער ראַסע פּאָליאַקן מיט יידיש בלוט. קיין וווּנדער נישט, אַז דער גראַף האָט זיין סרסר פּראָטעזשירט און אַז האַנקע האָט געכאַפּט דעם פריציש שניט, אפילו געלערנט זיך אין פלאַצק, אין אַ „פענסיע״ פאַר פריצישע מיידלעך. נו, דאָ, אייגנטלעך, הויבט זיך אָן דער ראָמאַן. פאַראַן אַ יונגער פאַן אַדאַם פלאַטען־מאַיעווסקי, אַ שילער פון רוסישן קאַדעטן־קאָרפּוס, — אַן אויסגעצויגענער בחור מיט קורצע אַרבל און מיט אַ פּנים — פול פרישטשיקעס, פאַראַן זיינע צוויי שוועסטערלעך, אַניעלציאַ און בראָנקאַ — האַנקעס חברטעס פון דער „פענסיע״ און נאָך צוויי שוועסטערלעך, אַ קיטי מיט אַ מיצי, מיט גראָבע פיסלעך און שטרויענע צעפּלעך — דעם פאַרוואַלטערס טעכטער. פון עלטערן דור — דער אַלטער גראַף מיט זיין טערקישער ליולקע, אַן אַלטע פאַננע מיט אַ שיטער פּלעכטל אויפן שפּיץ־קאָפּ און קיטי־מיציס מוטערקע, וואָס

איז זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז ווען זי קערט זיך אָפּ, דוכט זיך: אָט שטייען צוויי שוואַנגערע דייטשקעס. דער ראָמאַן צווישן האַנקען מיט פאַן אַדאַם האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פעריען־צייט, אין פינצטערן פּאַרק מיט פיל הונדערטיעריקע בוימער, ביי דער פאַרשימלטער סאַזשלקע אויף אַ שטיינערנער באַנק. אין דער סאַזשלקע זינגען זשאַבעס. זינגען פאַר־שידן: אַנדערע פּרווון געדולדיק, שעהן־לאַנג אָפּדרייען אַ פאַרזשאַ־ווערטע קליאַמקע. און אַנדערע האַלטן אין שווענקען דעם ברייטן האַלדז: א־ר־ר־ר־אָ־אָ! אַן אמתע וואַקכאַנאַליע פון לאַנגווייליקייט. האָבן צוויי קריסטלעכע נשמות זיך מרחם געווען איבער דער פאַרליבטער פּאָר און זיי אויסגעלייזט פון די זשאַבעס. די שמאָלע אַלטע פאַננע מיטן פלעכטל און די דאָפּלטע דייטשישע מוטערקע האָבן אונטערגעקוקט וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער שטיינערנער באַנק און פאַרמסרט דעם פּריץ מיט דער ליולקע. האָט פאַן אַדאַם געמוזט, נעבעך, זיך צואיילן צוריק אין קאַדעטן־קאָרפּוס און האַנקען האָט מען אויסגעריכט צו אַ מומען אין וואַרשע. דערווייל איז געשטאָרבן דער טאַטע מיט די וואָנצעס און דער פּריץ מיט דער ליולקע. האַנקען האָט זיך פּלוצלונג פאַרגלוסט צו פאָרן קיין פּלאָצק, זען זיך מיט איר אַמאָליקן חתן. עפּעס האָט איר עמעצער איבערגעגעבן, אַז פאַן אַדאַם איז אַראָפּגעקומען פון פּעטערבורג אַ פריש־געבאַקענער אָפיציר.

באַדאַרף, הייסט עס, שייקע זיין איר באַגלייטער און באַשיצער און ריטאָוו דאַרף אונדז בענטשן אויפן וועג. ריטאָוו האָט געבענטשט. ער האָט געבענטשט די שעה, ווען ער קאָן פּטור ווערן פון זיין בייז אָנשיקע־ניש אויף אַ פּאָר טעג. הלוואי — האָט ער געזאָגט — לאָזט זיך אויס אַן אמת פון אירע פאַנטאַזיעס און האַנקע בלייבט ביים חתן אין פּלאָצק. און איך האָב טאַקע געוואָלט וויסן, צי איך לעב, צי איך שוועב, בעת איך האָב גענומען האַנקען אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט מיט איר צום דאַמ־פּער אויף דער ווייסל. מיר זענען געשוומען צווישן טאָג און נאַכט, דאָס האָט מיך געפאַנגען אַ בת־מלכה און געפירט אין ערגעץ־לאַנד. האַנקע איז געזעסן שווייגנדיק, פאַרחלומט, ערנסט — אַן אמתע בת־מלכה. איך בין געווען איר געפאַנגענער קנעכט.

— שייקע, דערלאַנג דעם רידיקיול! שייקע, דעק מיר צו די פיס מיטן פּלעד! שייקע, ברענג מאַזאַגראַן פון בופעט.

דאָס איז אפשר געווען גאָלד קעגן דעם, וואָס איך האָב נאָך געהאַט

אויסצושטיין. פון פלאַצק דאַרף מען פאָרן מיט אַ פור אַ פּאָר צענדליק ווייאָרסט. הייסט זי דווקא דינגען אַ פאַעטאָן, פּאַר פופצן רובל. פאַרפאַלן. איך בין איר קנעכט. געזעסן בין איך אין מיין גרינעם זיידענעם העמדל נעבן שמייסער', אַזוי האָט מיין קיניגין פאַרלאַנגט. איך האָב מיך, אייגנטלעך, יעדע מינוט געקאָנט אויסלאַכן פון האַנקעס פייערלעכן ערנסט און פון דער גאַנצער קאָמעדיע. איך בין שוין אָבער אַריין אין דער ראָלע און איך האָב מיך געפּלייסט זי אָפּצושפּילן וואָס ערנסטער. איך בין האַנקעס לאָקיי. אַ „קאָזאַטשאָק" — אייגנטלעך. איך בין געווען אין מיינע הויכע שטיוול. געגלויבט אָבער האָב איך, אַז דאָס איז אַלץ אַ פאַרבלענדעניש, אַז די פערד זענען קיין פערד נישט און דער שמייסער — קיין שמייסער נישט. באַלד וועט ער מאַכן אַ קאָזיעליק, ווייזן אַ צונג און זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צאַפּ. און קיין „הויף" איז נישטאָ און פאָרן וועלן מיר עד סוף כל הדורות.

אַ הויף האָט זיך אָבער באַוויזן, נאָך צוויי שעה פאָרן מיטן שליאַך און אויפן טויער — אַ בפירושער שילדל: „דאָמיניום פון די גראַפן פלאַ־טען מאַיעווסקיס". פון האַנקעס פאַנטאַזיע האָט אָנגעהויבן זיך אויסצו־שיילן אַווירקלעכקייט. און אָט זענען מיר אין פאַרק. האַנקע לויפט פאָרויס אין איר קורצן זומערדיקן קליידל מיטן שירעמל. איך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גוט דערצויגענעם קאָזאַטשאָק, גיי איר נאָך באַשיידן, אויף אַ היפּשן מהלך. איך בין באַלאָדן מיט איר מאַנטל, מיט איר פּלעד און מיט איר טאָרבע.

האַנקע איז ערגעץ פאַרשוווּנדן און איך שטעל מיך אָפּ ביי דער טאַזשלקע מיט די זשאַבעס. זיי דערציילן מיר איבער די גאַנצע געשיכטע אויף זייער אַמעריקאַנער ענגליש. האַנקע האָט נישט אויסגעטראַכט. אָט איז די שטיינערנע באַנק.

— ניין, יאַסניע־וויעלמאָזשנאַ פּאַני, פּאַן אַדאַם האָט נישט געקאָנט קומען. ער איז אין דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס אין אויסלאַנד. באַווייזט אין די צימערן, יאַסניע וויעלמאָזשנאַ פּאַני!

האַנקע קומט אָן מיט דער אַלטע פון גרויע, פעלזיקע שטאַמען; זי קומט אין דער באַגלייטונג פון אַ גרינעם, אַלטן יעגער. אַפילו די באַקנ־בערד זענען אים גרין. און ער בויגט זיך אין דרייען פאַר איר. איז עס ווידער אַ פאַרבלענדעניש?

דער יעגער שטעלט אַן אויף מיר אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן און פרעגט מיטן בליק ביי האַנקען, צי האָב איך צו איר אַ שייכות.

— דער לאָקיי מיינער — באַרואיקט זי דעם אַלטן.

זי באַדאַנקט אים פאַר די אינפאָרמאַציעס מיט אַ קיניגלעכן זשעסט און גיט אים די האַנט אַ קוש צו טאָן. דער אַלטער פאַרבויגט זיך אין דרייען.

מיר פאָרן צוריק, אַזוי ווי מיר זענען געקומען. זי אין פאַעטאָן, איך נעבן שמייסער. פויערים שטעלן זיך אָפּ, שלעפּן אַראָפּ די היטלען, פאַר־נויגן זיך. האַנקע ענטפערט זיי קוים מיטן קאָפּ. געקומען אין פּלאַצק און ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו באַצאָלן פאַרן פאַעטאָן. מיין גרעפין מאַכט מיר אַ שטרענגן פאָרוווּרף, פאַרוואָס איך האָב נישט גענומען קיין געלט פון דער היים. שטיי איך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ ווי אַ שולדיקער. מיין גרעפין האָט אָבער אַ פאַנטאַסטישן אויסוועג. זי נעמט אַראָפּ אירע לאַנגע אָנגעבלאָזענע אויערינגלעך און הייסט מיר זיי אַריינטראָגן צום יידישן זייגערמאַכער. איך מאַך די לעצטע אָנשטרענגונג נישט אויסצו־שיסן דאָס גרויסע געלעכטער. אָבער איך פאָלג, איך מאַך זיך צום נאַרן.

אַ ייד מיט אַ שפּאַקטיוו אויפן שטערן באַטראַכט די מציאה און פרעגט וויפל וויל איך.

— די גרעפין — זאָג איך — פאָדערט פאַר דעם זעכציק רובל.

מיין ייד קוקט אַרויס צום פאַעטאָן, באַטראַכט נאָכאַמאָל די מציאה און — דרייסיק רובל גיט ער שוין.

איך האָב זיך איינגעשפּאַרט און גענומען פינפאונפערציק.

איך האָב נאָך הינטער זיך זיין טיר נישט פאַרמאַכט, הער איך:

— מ—מנאַ! אַ וועלט אַביסל! שרה! קום נאָר אַהער, שרה: ווּעסטו זען אַ שיינס!

מיין גרעפין האָט זיך געבייזערט, פאַרוואָס איך האָב זי געלאָזט לאַנג וואַרטן. דעם שמייסער גיט זי צוויי צענערלעך. ערשט אויפן דאַמ־פער אין דער קאַבינע פון ערשטן קלאַס, ווו חוץ אונדז איז קיינער נישט געווען, האָט מיך מיין גרעפין דערהויבן פון נידעריקן גראַד.

זי האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אָרעמס.

— אוי, שייקעלע, ס'אַראַ טייערער בחור דו ביסט! ווי מען קאָן מיט דיר שפּילן טעאַטער!

און מיר האָבן זיךביידע צעלאַכט דאָס גרויסע געלעכטער.

געשוווּמען אין דער נאַכט, צווישן הימל און וואַסער און איך האָב ווידער נישט געוווּסט, צי איך לעב, צי איך שווער. זי איז פאַרבליבן אין מיינע אויגן די גרעפין. אָבער אַליין בין איך געוואָרן אַ גראַף. און די גרעפין איז געווען דעם גראַפס געליבטע.

מיר זענען געשטאַנען אַרומגענומען אויפן באָרטן פון שיף אין דער וואַרעמער נאַכט און זיך צוגעקוקט, ווי אונדזער מעכאַניקער כישופט אַרויס מיט זיין העלן רעפלעקטאָר שטיקער פאַנטאַסטישעווירקלעכקייט דאָ פון רעכטס, דאָ פון לינקס פון פינצטערן כאַאָס. אַ זילבערנעם וואַלד, אַ ברעג מיט פאַרשטאַרטע מענטשעלעך מיט פיאָלעט־טויטע פנימער, אַ פאס זאַמד מיט אַן איבערגעקערט שיפל, וואָס איז געפאַנצערט אין זיל־בערנע שופּן. און אין ריזיקן ליכט־קאָנוס פון רעפלעקטאָר, וואָס איז נישט מיד געוואָרן אַרומצוטאַפּן די פינצטערניש, האָט עס אומאויפהערלעך געשנייט — אַ זילבערנער שניי: די נאַכט־פליגעלעך פון דער גאַנצער וועלט זענען זיך אָנגעפלויגן אויף אונדזער חתונה. עמעצער, וואָס איז געשטאַנען איבערן באָרט אָנגעבויגן, האָט מיט אַ שטאַנג דעם גרונט פון ווייסל געטאַפּט און פון דאָרט די בייזע גייסטער אַרויסגעטריבן: ער האָט רואיק־מאָנאָטאָן געזאָגט זיין שפּרוך:

— צוויי... אַנדערטהאַלבן... צוויי... צוויי אַ האַלבס...

אונדזער שיף האָט אונדז געוויגט און געטראָגן אין ערגעץ־לאַנד צו אַן אינדישער פּאַגאָדע, וואָס דער רעפלעקטאָר האָט פּלוצלונג אַרויסגע־ריסן פון דער פינצטערניש.

***

שייקע האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— ווילסט גלויבן — גלויב. נישט — איז אויך רעכט.

לעאָן האָט אויף אים געקוקט מיט חשד און מיט קנאה.

— וואָס איז די מעשה, שייקע, וואָס אַלע גליקן טרעפן מיט דיר? סיידן דו האָסט עס אויסגעטראַכט.

האָט שייקע זיך צעלאַכט און פאַרלוירן פון מויל דעם פּאַפּיראָס.

— כאַ־כאַ־כאַ! באַסיע מיינט אויך אַזוי.

צום ערשטן מאָל האָט ער הייַנט דערמאָנט באַסיעס נאָמען.

19

# געקומען זיך געזעגענען

נאָך שייקעס אַוועקגיין האָט לעאָן געטראַכט און איבערגעטראַכט וועגן די וווּנדערבאַרע וועגן פון אַ ראָמאַן. זאָל זיין, אַז שייקע האָט די מעשה מיט האַנקען אויף צוויי דריטל אויסגעטראַכט. נישט אַלץ האָט ער דאָך געקאָנט אויסזויגן פון פינגער. איז דען אָבער אַזאַ מעשה נישט אינ־טערעסאַנטער פאַר דער וואָגיקער און וואָכעדיקער גראָער שילדערונג? און ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַ ראָמאַן דאַרף זיין נישט אינטערעסאַנט?

יאָ, לעאָן האָט זיך אַריינגעלאָזט אין פּראָפעסיאָנעלע מחשבות, כדי צו פאַרטויבן זיין אייגענע טרויעריקעווירקלעכקייט. אָבער וועגן שייקען איז ער זיך טועה געווען. שייקע איז בטבע נישט געווען קיין ליגנער. ער פלעגט נאָר אַביסל פאַרשענערן די זאַך. האָט שוין במילא זיך באַקומען אַן אויסטערלישע געשיכטע, ווי אויסטערליש עס איז געווען די רויטע טשופּרינע זיינע. זיין אייגענער ראָמאַן מיט האַנקען האָט זיך באמת פאַר־קניפּט אַזוי, ווי ער האָט עס געשילדערט פאַר לעאָנען. האָט זיך פון דעמדאָזיקן פאַנטאַסטישן קניפּל געצויגן אַ דין פעדימל צו אים אין האַרצן אַריין, אַ פעדימל אַ רעאַלס, מיט די פינגער אָנצורירן. שייקען האָט זיך געדוכטן, אַז ער האָט זי טאַקע ליב, האַנקען.

אויב נישט, טאָ וואָס וואָלט אים געצויגן איצט אויף אַלט שטאָט, צו דעם אַלטן מאַרק, צו ריטאָוס אַטעליע, צו דעם גאַנצן אָפּגעשלאָסענעם וועלטל פון אַלט־וואַרשע? דידאָזיקע אַלט־וואַרשע האָט איצט אין זיינע אויגן אַ באַזונדערן חן, דווקא צוליב דעם, ווייל דאָרט ווינט האַנקע, די היסטערישע פאַנטאַזיאָרקע מיט דער שוואַרץ־זיידענער פּאַפּאַכע, מיט די פאַרגרעסערטע, ווי אונטערגעשלאָגענע אויגן, וואָס צוזאַמען מיט זייערע בלויע שאָטנס, פאַרנעמען זיי דאָס גרעסטע אָרט אויף איר קליין פּנימל.

אָבער געקומען אויפן אַלטן מאַרק און פאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף, צו ריטאָוס אַטעליע, דערפילט שייקע אַן אומעט אין האַרצן. פון דעם דינעם פעדימל, וואָס ציט זיך פון קוים־באַלויכטענעם אַטעליע — האַנקעס נעסט, אַראָפּ, צו שייקעס האַרץ, וואָס טרינקט זיך איצט אין אָוונט־שפּינוועבס פון אלטן מארק, פון דעם פעדימל איז געוואָרן אַ שטריקל, אַ גראָ און

שנײדיק צוקערשטריקל. דאָס שטריקל פֿאַרציט זיך און אין האַרצן ווערט ענג.

„וואָס איז די מעשה, שײקע, וואָס אַלע גליקן טרעפֿן זיך מיט דיר?"
„כאַ־כאַ־כאַ! באַסיע זאָגט אויך אַזוי!"

אָט דאָס איז דאָך די מעשה! מיט פֿיל פֿאַרגעניגן וואָלט ער זיך איצט געוואַלגערט אויפֿן טעפּיך, בײַ באַסיען אין שמאָלן קאַבינעט און געפּײפֿט אַ סערענאַדע און געקוקט אין די שטומע שוואַרצע אויגן צוויי, וואָס שטופּן דיך אָפּ און האַלטן דיך צו מיט זײער מענטשלעכן טרויער און ווײַבערישן סוד. אָבער צו באַסיען קאָן מען נישט גײן, ווען עס ווילט זיך, נאָר ווען זי באַשטימט אַלײן. און צו האַנקען איז דער וועג אַזאַ שווערער, אַזאַ ווײַטער. גאַנצע פֿינף שטאָק אַרויפֿצוקלעטערן.

שײקע קוקט נאָך אַרויף מיט פֿאַרזשמורעטע אויגעלעך און קראַצט זיך די טשופּרינע אין פֿוילער פֿאַרלעגנהײט. ענדלעך זיפֿצט ער אָפּ גאָר גוטמוטיק: „זײַט מיר געזונט, ווײַבער, מיט אײַערע חנדלעך און זיסקײטן. וואָס ווײַטער פֿון אײַך, אַלץ ליבער זענט איר מיר!..."

און פֿון גרויס ליבשאַפֿט צו האַנקען און צו באַסיען, פֿאַרנעמט ער זיך גאָר צו ישׂראלן, דערוויסן זיך וואָס מאַכט די קימפּעטאָרין. ווען ער איז אַראָפּגעשטיגן פֿון די פֿינצטערע, שטײנערנע טרעפּ, וואָס פֿאַלן צו דער ווײַסל, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז באַסיע האָט פֿאַרבײַגעשוועבט. בײַם שיטערן שײַן פֿון ווײַסן גאַז־לאָמפּ האָט אַ שוועב געטאָן אַ פּרויען־סילועט און פֿאַרשוווּנדן. אַ פּאָר ליניעס פֿון געשטאַלט, דער לײַכטער טראָט פֿון פּיסל האָבן דערמאָנט אָן באַסיען. אַ דין פּעדימל האָט זיך געצויגן פֿון זײַן האַרץ אַהין, וווּ די פֿרוי איז פֿאַרשוווּנדן אין דער פֿינצטער. אָבער ווי קומט באַסיע אין דעם דאָזיקן לאַבירינט פֿון אַלט־וואַרשע? שײקע וויל נאָכגײן און באַטראַכט זיך: ער דאַרף דאָס נישט טאָן. אפֿשר וויל זי גאָרנישט, אַז אַ באַקאַנטער זאָל זי דאָ טרעפֿן? ער איז דאָך לעאָנס פֿרײַנט, אַזוי ווי אירער. עס פּאַסט נישט ער זאָל נאָכקוקן אירע סודות. ער איז צופֿרידן, אַז ער ווייסט נישט פֿון זײ...

בײַ דער שמאָלער קאַטאַקאָמבע, וואָס פֿירט צו דער קאָמונע, וואַרט אַ פֿאַעטאָן. אַ האַלב געסל האָט ער פֿאַרנומען און ס'איז שווער צו פֿאַרשטײן, ווי אַזוי האָט ער זיך אַרײַנבאַקומען אַהער אין לאַבירינט. אַ פֿאַעטאָן אין די געסלעך איז אַן אויסנאַם. אַוודאי געקומען צו פֿאָרן פֿון אַנשטאַלט די קימפּעטאָרין מיטן צווילינג...

שייקע לויפט אַרויף אין דער הויף, פֿאַלט אַריין אין דער קאַמונע און פּלאַצט אויס, ווי אַ באָמבע:

— מזל־טוב!

האָט זיך דער עולם ביים טיש צעלאַכט און שייקע בלייבט פאַר־חידושט. אויפן טיש — אַן אמתער מזל־טוב, וויין, פּרוכט, לעקעכלעך. און אַלץ פון דער ברייטער האַנט. אַרום טיש — סאַמע מענער: ישראל, ביסטריצקי, פּינעס דער ליטוואַק, דער צווייטער ליטוואַק און, אויבן־אָן — עפּעס אַ פּריצישער ייד אין אַ רוסיש העמדל און מיט אַ הערצל־באָרד; אַ פינצטערע באָרד מיט אַ ליכטיקן שטערן.

שייקע שטויסט זיך אָן, אַז דאָס איז דער באַרימטער בערל פּאָדלאַסקי, וואָס סיי אייגענע, סיי פרעמדע רופן אים שוין: דער רייכער פעטער. ווי קומט ער אָבער אַהער?

שייקע האָט נישט געוווּסט, אַז בערלס וויזיט אין דער קאַמונע האָט דעם היימישן עולם פאַרחידושט נישט ווייניקער ווי אים אַליין. ישראל האָט זיך געפילט באַזונדערס אומגליקלעך צוליב דעם גאַסטראָנאָמישן מאַגאַזין פון ווייַנען און גוטע זאַכן, וואָס פּאָדלאַסקי האָט אָנגעבראַכט מיט זיך.

אָבער דער רייכער פעטער האָט אַרויסגעוויזן זיין גוטברודערישקייט אויף זיין אייגענעם שטייגער.

— זייט נישט קיין שוטה. איך בעט אייך! איך בין געקומען אָפּגעבן מזל־טוב. ווי קומט מען דאָך עפּעס מיט ליידיקן? דאָס האָב איך דאָך דער ערשטער אייך אָנגעזאָגט, אַז איר זענט אַ טאַטע געוואָרן. אגב — פאַר איך שוין אַוועק. געקומען זיך געזעגענען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין דאָ געווען אַ היימישער. אויך שייקע האָט זיך דערפילט מיט אים היימיש גלייך נאָך דער ערשטער באַקאַנט־שאַפט.

ער האָט מיט פאַרגעניגן אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער פעטער' בערלס ברייטן אַקסל און אָנגעטאַפּט דעם שטייפן מוסקול, וואָס האָט קאָקעטיש אַרויסגעשפּאַרט דורך דעם דינעם ברייטן אַרבל.

— אַ סיביריאַק! אַן אמתער סיביריאַק!

פּאָדלאַסקין האָט דער קאָמפּלימענט הנאה געטאָן.

ער האָט אָנגעקניפּט דעם שמועס, וואָס שייקע האָט געהאַט צעשטערט מיט זיין קומען.

— יאָ, קינדערלעך, איך בין נישט קיין טעאָרעטיקער. כ׳האָב דורכ־געמאַכט אַ שווערן חדר, נאָך פאַר סיביר. אַנטלאָפן פון אַ רייכן טאַטן, געווען אַ סטאָליער, אַ שלאָסער, אַ טרעגער, אַ משורר ביי אַ חזן; אין די זאַלץ־גרובן געאַרבעט, גוטע לערער געהאַט — נאַראָדאָוואָלצעס איצט...

ישראל האָט זיך שוין געפילט מיט אים געגוג היימיש, כדי אים איבערצושלאָגן.

— איצט זענט איר, חבר, אַ רעוואָלוציאָנער אין די מאַיאָנטקעס און אַ טריקאָטאַזש ־ פאַבריקאַנט אין וואַרשע.

— האָט איר טאַקע נישט געטראָפן — האָט זיך פּאָדלאַסקי צעשמייכלט — זאָל מיין פלימעניק אשר אַליין בויען פאַבריקן. פאַר מיר איז דאָס אַ פוילער ענין. איך פאַר אַוועק.

— טאַקע? —האָט זיך ישראל דערפרייט — כ׳האָב אים געזאָגט דעם חבר־באַלעבאָס, כ׳האָב אים געזאָגט, אַז גיכער וועל איך שוין ווערן אַ שותף מיטן פעטער בערל איידער ער.

— ס׳קאָן גריילעך געמאָלט זיין — האָט פּאָדאַלסקי ווייטער גע־שמייכלט. ער האָט געשמייכלט מאָדנע געלאַסן, צוריקגעהאַלטן, ווי ער וואָלט זיך נישט פאַרגונען קיין פולן געלעכטער.

— כ׳האָב אייך דאָך געזאָגט, חבר ישראל! קומט אַראָפּ צו מיר אין מאַיאָנטעק, וועט איר זען אַז מען קאָן מאַכן רעוואָלוציע מיט געלט. איר וועט ווערן אַ שותף. קומט אַלע, ווער עס וויל נאָר! — האָט ער זיך גע־ווענדט צו די איבעריקע. — אָבער פוילע זאָלן זיצן אין דער היים. און קיין טעאָרעטיקער באַדאַרף איך אויך נישט.

— אָט דאָס געפעלט מיר! אידעאַליזם און אַליין־הערשאַפט!

דאָס איז געווען די איינציקע באַמערקונג, וואָס דער שווייגנדיקער ביסטריצקי האָט געמאַכט ביים טיש. און עס האָט זיך געקאָנט דוכטן — ער איראָניזירט. אָבער זיין ברייטער מויל האָט נישט געוואָלט שמייכלען היינט. ביסטריצקי איז געווען שלעכט געשטימט און אויפגע־רעגט. ער האָט זיך געצוווּנגען צו זיצן ביים טיש און צו שווייגן. און אפילו אויף זיין איינציקער באַמערקונג האָט אים באַנג געטאָן. ער האָט פאַרפרעסט די ברייטע ליפּן און צונויפגעפלאָכטן די הענט אַרום די קני.

פּאָדלאַסקי האָט אים אָנגעקוקט מיט זיין געלאַסענעם האַלבן שמייכל.

— חבר... ביסטריצקי! איר וואָלט אויך געהערשט, ווען איר האָט די געלעגנהייט.

— איך? איך ווייס נישט...

זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. צוויי פרעמדע מענטשן, ביי זייער ערשטער און אפשר איינציקער באַגעגעניש. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט קעגנזייטיקן אומחן.

— אָבער ווי פאַרגינט זיך דאָס אַ ייד צו האָבן אַזעלכע מוסקולן?

— האָט שייקע נישט געקאָנט בײַשטיין זיין אַנטציקונג.

— איר האָט אפשר אַ קופערנעם צענער? — האָט פּאָדלאַסקי געפרעגט.

אַ צענער האָט זיך געפונען.

דער רייכער פעטער האָט געשעפטלעך און ערנסט גענומען די מטבע און מיט אַ קליינער אָנשטרענגונג זי צעבויגן, כמעט איינגעקנייטשט אויף העלפט.

— איר קאָנט אויסגלייכן — האָט ער צוגעוואָרפן דעם פאַרקריפּלטן צענער צו ביסטריצקין.

יענער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועק פון טיש.

אויך פעטער בערל האָט זיך אויפגעהויבן.

— נו, חבר ישראל, מירן זיך געזעגענען. איך דאַרף שוין פאָרן. לאָזט גריסן אייער פרוי און האָט נחת פון אייער צווילינג. באַזונדערס לאָזט גריסן די קליינע דאָרעטשקע. זאָגט איר, אַז איך האָב געוואָלט זי זען און זיך נישט דערוואַרט.

פּאָדלאַסקי האָט אַ ווײַלע נאָכגעדענקט.

— מאָדנע. כ׳האָב געזען דאָס פרײַלין איין מאָל, גערעדט מיט איר געציילטע ווערטער — דאָן אין „סאַוואָי“, בעת זי איז געקומען צולויפן נאָך אייך. און מיר דאַכט זיך, אַז מיר קענען זיך שוין פון לאַנג, אַלטע חברים.

פּאָדלאַסקי האָט זיך געזעגנט און ישראל האָט אים באַגלייט ביז צו ז׳ער טיר. ווייטער, פון טרעפּ אַראָפּ, האָט זיך דער רייכער פעטער נישט געלאָזט באַגלייטן.

ישראל איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און זיך צוגעהערט, ווי דער גאַסט גייט אַראָפּ פון די שטיגן. ער האָט געפילט אַ דערלייכ־טערונג. פונקט האָט אים אָנגעטראָגן אַהער, דעם רייכן פעטער, ווען אין דער היים איז קיין אייגן פרוי נישט געווען, וועלכע זאָל קאָנען ווי גע־

הערן דעם גאַסט אויפנעמען. פייגע־פּעסיע און דאָרעטשקע זענען ביי
דער קימפּעטאָרן אין אַנשטאַלט. באַלד דאַרפן זיי קומען צופאָרן מיט
דינהן און מיט די קינדער. סלאַווע איז אויך דאָרטן. זיי ווילן זיך אַריינ־
רייסן מיט זייער ווייבערישן טומל און מיט דער קוויטשעריי פון די פּיצ־
לעך קינדער. גוט וואָס דער גאַסט איז אַוועק באַצייטנס.

אָבער אָט דערלאַנגט צו ישראלן בערל פּאָדלאַסקיס האַרטלעכע שטים
פון אונטן, פון די שטיגן. אים ענטפערט אָפּ דאָרעטשקעס לויטערער
געלעכטער. זיי האָבן זיך געטראָפן אין דער קאַטאַקאָמבע.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין דאָרעטשקע אויבן, אַ צעפלאַמטע.

— אוי, אַ קאָמיקער דיין פריצישער חבר, ישראל! נישט אַנדערש
געוואָלט זיך מיט מיר געזעגענען, אַז איך זאָל אים אַ קוש טאָן. ב—רר!
סאַ׳שטעכיקע באָרד ער האָט!

— וווּ איז דינה? די מאַמע?

— זיי פאָרן. זיי פאָרן שוין. דאָס בין איך געקומען צולויפן צו־
גרייטן דאָס בעט, איבערציען די ציכלעך.

זי האָט אַראָפּגעריסן דאָס היטעלע פון איר הויכן שטערן און עס
אַ שלײַדער געטאָן אויפן הפקר.

זי איז אַריינגעלאָפן ברענגען אין אָרדענונג דער שוועסטערס צי־
מער און פאַר איין וועג געכאַפּט אַ קוק צו ביסטריצקין.

איז זי געבליבן שטיין פאַר דער טיר.

ביסטריצקי האָט געפּאַקט און געבונדן אין שטריק זיינע ביכער —
זיין איינציקע באַלעבאַטישקייט.

— וואָס... וואָס טוסטו, טאַדעק?

האָט ער פאַרשאַרט די האָר פון שטערן און שווער אָפּגעאָטעמט.

— זעסט דאָך. איך פּאַק זיך.

— טאַדעק!

— אָבער זיי דאָך נישט קיין קינד, דאָרעטשקע. איך מוז דאָך אַנט־
לויפן פון דאַנען. אַן ענגשאַפט... די שוועסטער מוז האָבן דאָס צימער...
און די פּיצלעך קינדער... ווער וועט עס קאָנען אויסשטיין זייער געשריי?
ווער וועט עס קאָנען לערנען זיך ווייטער?

אַלץ, וואָס ביסטריצקי האָט גערעדט, איז געווען זייער לאָגיש און
אַפּעלירט צום גלייכן פאַרשטאַנד. אָבער פון אַ הויכן באַרג, אַז עס פליען
שטיינער, פליען זיי אויך מיט אַ באַשטימטער לאָגיק. און ווי איז צו

דעם, וואָס שטייט אונטערן באַרג. דאָרעטשקע איז איצט געשטאַנען אונ־טערן באַרג און אויף איר זענען געפלויגן די לאָגישע שטיינער.

— הייסט עס... אַ סוף?

— ווו אַ סוף? וואָס אַ סוף? קינד איינע!

— האָסט מיר גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט דערציילט...

— אַז ערשט היינט האָב איך געקריגן אַ צימערל...

אין עס־צימער האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. ער איז אָנגעפילט גע־וואָרן מיט ווייבערשע שטימען. די ערשטע איז אַריין סלאַווע, מיט אַ קינד אין אַ קישעלע, מיט לויכטנדיקע אויגן.

— מיר זענען געקומען, חברים! גיט אונדז אָפּ מזל־טוב!

נאָך איר, מיטן צווייטן קינד, איז אַריין פייגע־פּעסיע מיטן שייטל אויף אַ זייט, גאָר אַ יונגע, אַ צעפלאַמטע.

— דאָרעטשקע. דאָרע! האָסט צוגעקליבן? צורעכט געמאַכט דאָס בעט?

ישראל, וואָס איז אַראָפּגעלאָפן אונטן, ווען ער האָט דערהערט זיי צופאָרן, האָט אַריינגעפירט דינהן אונטערן אָרעם. זי איז נאָך געווען זייער שוואַך. זי איז קוים געגאַנגען.

און אַז דאָרעטשקע איז אַרויס פון ביסטריצקין, פאַרטויבט פון איר אייגן אומגליק, האָט סלאַווע שוין באַוויזן דאָס קינד אין קישעלע אַוועק־צולייגן אויפן בעט און אין איבערפלוס פון גליקלעכקייט איז זי איר אויפן האַלדז געפאַלן.

— דאָרעטשקע! מזל־טוב דיר! ביסט דאָך שוין מיט מזל אַ מומע!

שייקע האָט זיך צעלאַכט צו דאָרעטשקען:

— אַזאַ פיטשינקע און שוין אַ מומע!

I

# אַ יום־טוב אַזאַ

אויף דער קראָקאָווער פאָרשטאָט, פון ביידע זייטן „זיאַזד״, האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם צו זען און צו באַגריסן די אויטאָמאָבילן מיט פאַרוווּנדעטע, וואָס מען האָט געפירט דירעקט פון שלאַכטפעלד אין שטאָט אריין. יעדע ווײַלע פלעגט קומען צופליען פון דער בריק אַ פריי־שער אויטאָמאָביל מיט קלאָרע לײַלעכער פאַרבעט מיט נאַקעטע הענט און פיס אין פאַרבלוטיקטע באַנדאַזשן. דאָס „טעאַטער פון קריגס־האַנד־לונגען״ האָט זיך צוגערוקט נאָענט צו וואַרשע און איצט האָט מען גע־פירט די אַקטיאָרן פון דער שפּיל — די העלדן.

אָבער די פּנימער פון די פאַרוווּנדעטע העלדן האָט מען כמעט נישט אַרויסגעזען. פאַרשטעלט האָבן זיי יונגעלײַט מיט פרײַלינס מיט בענ־דער פון רויטן קרײַץ אויף די אָרעמס — באַרמהאַרציקע שוועסטער און ברידער, וואָס זענען מיטגעפאָרן מיט די אויטאָמאָבילן, פון פאָרנט פון הינטן, אויף די טרעפּלעך. און זיי, די ברידער און שוועסטער, האָבן דאָס אַראָפּגעקוקט פון זייערע פלעצער מיט פלאַם־און־פאַראַכטונג פון אמתע העלדן.

און בעת דער עולם צושויער האָט באַגריסט די פאַרוווּנדעטע מיט געמאַכטער אָדער אמתער התפעלות, האָט אומאויפהערלעך געברומט אין דער ווײַט די שווערע אַרטילעריע, ווי פאַרטויבט פון שווערע דיקע פאָר־האַנגען. און אַט רײַסט זיך דורך דורכן טויבן פאָרהאַנג דער ציניש־נאַקעטער קנאַלן פון קאַרטעטש. יעדער איינער קוקט זיך **אום, צי די** מלחמה איז נישט הינטער זײַנע פּלײצעס.

און איבער דעם ברומען און קנאַלן און איבער די אויסגעשרייען פון המון שטײַגט אויף אַ טיפער, פלושענער אַקאָרד, פילט אָן הימל און ערד, דרינגט אַרײַן אין אַלע אויערן. איבער דער וועלט האָט זיך צעשפּילט אַן אָרגל. ער קאָן אָבער נישט אַרויסקריכן פון די ערשטע פּעכיקע טע־נער. דאָס איז הויך איבער די וואָלקנס געגאַנגען אויף וואַרשע אַ צע־

פעלין און שטאָלץ געטראָגן קעגן דער זון זיין באַלויכטענע רונדע ברוסט פון אַ פעטער גאַנדז.

קליינע רויכלעך ווערן געבוירן און צעשווומען אין די צענדליקער אויףביידע זייטן הימל־וועג פון דעם גייענדיקן צעפּעלין. דאָס יאָגט אים נאָך די רוסישע קאַרטעטש און טרעפט נישט.

ערגעץ ווו אויף דער גאַס קנאַלן די פּאַלנדיקע קוילן אָן ברוק, ווי אַ שפּיל אין ניס. און ווי אַ ריזיקע ניי־מאַשין שטעפּט ערגעץ אַ קוילן־וואַרפער.

דער עולם אויף דער גאַס פאַרמערט זיך. דער עולם ווייס נישט פון קיין שרעק. דער אויטאָריטעט פון פּאָליציי איז געפאַלן. אָט שטייט ער, דער פּאָליציי־מאַן, אין ווייסע הענטשקעס אליין צווישן עולם. אַ מענטש אַ פאַרחידושטער, ווי אַלע אַרום אים. שטייט אויף איין פאָר פיס, מאַכט מיט איין פאָר הענט, גאַפט מיט איין פאָר אויגן אויפן צעפּעלין אין דער הויך. פון וואַנען האָט זיך פריער גענומען די מורא פאַר דעם דאָזיקן פשוטן שטערבלעכן אין ווייסע הענטשקעס?

ניין, דער עולם ווייסט נישט פון קיין שרעק.

אַ קנאַל און נאָך אַ קנאַל. שוין נישט קיין וואָלקן־דונער, נישט קיין האַרמאַטן־שאָס. עפּעס אַ נייעס. ווי די שטאָט וואַרשע וואָלט איין מאָל נאָכן צווייטן באַקומען מיט אַ מעשענער פויסט אין די ציין אַריין. ווייסט מען נישט וואָס האָט אַזוי פאַרקלונגען, צי דער מעש, צי די ציין. די שטאָט וואַרשע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דאָס פאַלן באָמבעס פון צעפּעלין, דאָס ווערן מענטשן געהרגעט. און דער עולם גאַפט. גאַפט און שווייגט. מענטשן פאַלן אין מיטן געלאָף און בלייבן ליגן. אַז זיי איז ליב — איז דעם עולם ניחא. ס׳איז אַ יום־טוב אַזאַ, ווען די שרעק איז געשטאָרבן. ווען מענטשן מיט אָפּגעריסענע קעפּ טאַנצן פראַנק און פריי אין דער גאַס אַרום.

⁂

און אויב נישט איך פאַר זיך — טאָ ווער־זשע? און אויב נישט איצט — טאָ ווען־זשע? די שטאָט לעבט מיט אַ דאָפּלטן דופק, ווי באַקומען אַריינגעשפּריצט קאַנפער. די שטאָט איז פול מיט שפּע און לייכטע מלחמה־פאַרדינסטלעך. זיי נאָר נישט פויל!

ריזיקע פורן מיט מיליטערישע באַשטעלונגען שפּאַרן זיך קוים פון

די טויערן אַרויס אויף גענשע, אויף פּראַנציִשקאַנער. גרויסע שווערע
פֿעֶרד ברעכן דעם ברוק מיט די פּאָדקאָוועס, באַרירן דעם ברוק מיט די
גזשיוועס, צו רירן פֿון אָרט די איבערגעלאָדענע צווייִשטאָקיקע וועגע־
נער. און פֿאַרווילדעטע שמייסערס מיט בלוי־רויטע פּנימער, צו קיין יידן
נישט ענלעך, צו קיין מענטשן נישט ענלעך, טרייבן אָן די פֿערד מיט
נישט־מענטשלעכע הייזעריקע קולות. און די אָדערן — ווי בלויע שטריק.
און די שטריק אַרום גאַרטל ווי אַרויסגעקראָכענע קישקעס. אַ צעיושעטע
אָנשטרענגונג פֿון חיהשן ווילן ביי זיי. נישט פֿון אַ ווילן — פֿון אַ מוז.

לויפֿן לייכטע סוחרים אויף געיעג. אויף דראָזשקעס, אויף אויטאָס.
אַהאַ, מען פֿירט שוין פֿאַרוואונדעטע! עמעצן האָט דאָך אָפּגעגאָלטן צו־
שטעלן לייוונט פֿאַר די לאַזאַרעטן! אַזאַ מענגע לייוונט! ווו נעמט מען
דאָס שטיקעלע מזל! עס ליגט דאָך ביי דער האַנט ערגעץ. געלט וואַל־
גערט זיך אין דער בלאָטע. מען דאַרף נאָר קאָנען אויפֿהייבן. אָבער ווי
אַזוי? די סוחרישע מעטאָדן פֿון דער רואיקער צייט זענען אָפּגעשפּילט.
ערלעכקייט — בטלנות. פֿאַר אַ שווינדל קאָן מען מאַכן מיט אַ קאָפּ
קירצער. זיי ערלעך און שווינדלער גלייכצייטיק! צו דעם באַדאַרף מען
דאָך טאַלענט, טאַלענט פֿון אַ מלחמה־ספּעקולאַנט, אַ ברכה פֿאַר געצייל־
טע. זיי זענען איבער דער נאַכט אויסגעוואַקסן. נעכטן האָט מען זיי נישט
געקענט. היינט — בוקט מען זיך פֿאַר זיי, פֿאַר די נייע, סוחרישע
מלחמה־טאַלענטן.

היינט דאַרף מען זיין אַ ביסטריצקי. ווער איז ביסטריצקי? נו, ווער
קען אים דען נישט? אָט דער, וואָס איז אויסגעבונדן מיט אַלע אינטענ־
דאַנט־אָפֿיצירן, וואָס ווייסט אַלע גענג און הינטער־גענג, וואָס האַלט
אין זיינע הענט די שליסלען פֿון די צענדליקער פּאָדריאַדן. אַ פּשוטער
ליטוואַק, זאָגט מען. ווער זאָגט עס אַזוי? ביסטריצקי איז קודם אַ קאָפּ־
מענטש. און דאַן אַ געבילדעטער מאַן. אַליין אַ דאָקטער. און זיין טאַטע
איז געווען, זאָגט מען גאָר, אַ מיליטערישער דאָקטער, אַ פּולקאָווניק,
דעריבער האָט ער אַזאַ גרויסע פּראָטעקציע.

ווי די מעשה זאָל נישט זיין, אָבער איינס ווייס מען זיכער: ביס־
טריצקי האָט אָנגעהויבן דרייען זיינע געשעפֿטן אָן אַ פּרוטה אייגן געלט.
געלט דאַרף מען דען? אַ מענטש דאַרף מען זיין. געלט אין וואַרשע וואַל־
גערט זיך אין בלאָטע. מיט געלט בעט מען זיך ביי אים, מען שלאָגט
אים אָפּ די שוועלן. וואָלט ער נאָר וועלן נעמען אַזוי פֿיל! איז ער אָבער

אַ גרויסער מפונק, ביסטריצקי. דאָ געפעלט אים נישט דער שותף, דאָ שמעקט אים נישט דאָס געשעפט. און אַז ער וויל, לאָזט ער זיך גאָר נישט כאַפּן. נישט אין דער היים, נישט אין קאַנטאָר, נישט אין „סאַ־וואָי", ווו ער טרינקט מיט די אָפיצירן. וואַרשע איז אַ ים. און איבער דעם דאָזיקן ים שמייען אַרום יידן אויף דראָזשקעס. יידן פּאַרסאָפּעטע, מיט פולע פּאַרטפעלן קנאַקעדיקע פינפהונדערטער. דאָס יאָגט מען זיך נאָך ביסטריצקין מיט אַ גאָלדענער נעץ.

עס זענען שוין אַפילו אַריין אין חשיבות יענע יידן, וואָס מען זאָגט וועגן זיי, אַז זיי ווייסן ווו מען קאָן ביסטריצקין אויסגעפינען, אַז זיי קאָנען האָבן צו אים אַ שטיקל צוטריט.

צו פּאָדלאַסקין אין טריקאָטאַזש־פאַבריק, ווו מען אַרבעט איצט הענטשקעס און סוועטערס פאַר דער אַרמיי, לאָזט זיך אַריין אַ האַלבער מנין בכבודיקע יידן.

דער פאַבריקאַנט איז נישטאָ אין קאַנטאָר. מען בעט זיי צוּוואַרטן. אָבער זיי דאַרפן נישט דעם פאַבריקאַנט, זיי שפּאַרן אין צווייטן ציר־מער, פון צווייטן אין דריטן. ביז זיי געפינען ישראל דעם צושניידער.

— צו אייך דאַרפן מיר טאַקי, פּאַניע־לעבן!

— צו מיר? — ישראל האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו טאָן מיט אַזעלכע יידן.

— צו אייך, פּאַניע־לעבן, צו אייך.

יידן מאַכן עס בקיצור. נישטאָ קיין צייט. יידן לייגן זיך צוזאַמען צו פּופּציקער — צוויי הונדערט מיט פופציק קאַרבן, קנאַקעדיקע, ביי־מלחמה־באַנקנאָטן. עס טרעט אַרויס זייער ראש־המדברים.

— אויף אייך זאָגט מען, פּאַניע־לעבן, אַז איר זענט אַ שטיקל קרוב מיט ביסטריצקין, פּאַניע־לעבן. כאָטש, צוריק געשמועסט, לייגט זיך נישט אויפן שכל. וואָרן וואָס וואָלט איר דען געשטאַנען און געאַר־בעט, איר זאָלט זיין זיינס אַ קרוב?

ישראלן ווערט הייס אין די ביינער. ער מאַכט מיט דער שער, ווי אַ פריזירער, צווישן איין האָר־שניט און אַ צווייטן. ער באַמיט זיך צו רעדן קאַלט.

— יאָ, ליבע יידן, ביסטריצקי איז טאַקע מיינער אַ קרוב. אָבער ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? גייט און צעברעכט הענט און פיס! בלוט־זויגער! אַרויס, וואָרן איך וואָרף אייך די שער אין קאָפּ!

ישראל האָט געענדיקט מיט אַ קוויטש, ווי אַ כעסדיקע יידענע. די סוחרים האָבן זיך אַרויסגעשאַרט און זיך געישובט הינטער דער טיר, צי פּרוּוון דאָס מזל נאָך אַמאָל, מוסיף זיין אַ הונדערטער.

און ביי ישראלן האָבן זיך הענט און פיס געטרייסלט פאַר אויפ־רעגונג.

אָט דער ביסטריצקי, וואָס האָט אַ תל געמאַכט פון דער קליינער דאָרעטשקען, אין אַ קרענק זי אַריינגעטריבן און אַוועקגעוואָרפן, אָט דער ביסטריצקי, וואָס האָט פאַרביטן זיינע ביכער און אַנאַרכיסטישע טעאָריעס אויף דער געמיינער מלחמה־ספעקולאַציע — ער איז אין ישראלס אויגן געווען דער סימבאָל פון מלחמה און פון אַלדאָס בייז אויף דער וועלט. ביסטריצקי — דאָס איז דער צעיושעטער קאַפּיטאַל, וואָס ווייסט נישט פון קיין הייליקייטן, וואָס טאַנצט איבער ברידער־קברים, וואָס האָט אים, ישראלן, אָנגעשטעלט צושניידן מלחמה־סווע־טערס.

ער, ישראל, וויל דאָך נישט צוהעלפן צו דער מלחמה. און ער העלפט. ער מאַכט סוועטערס פאַר דער אַרמיי. מיט פיר יאָר צוריק האָט ישראל זיך באַפרייט פון מיליטער־דינסט צוליב דעם, ווייל עס האָבן אים געפעלט די פאָדערשטע ציין אין מויל. ערשט שפּעטער האָט ער זיך אַריינגעשטעלט גאָלדענע. ביים אויסברוך פון דער מלחמה איז ער גע־ווען זיכער, אַז ער וועט צו איר קיין האַנט נישט צולייגן. האָט אָבער ביסטריצקי אַנדערש באַשטימט: ישראל מוז מאַכן סוועטערס פאַר די זעלנער...

און וואָס זאָלן שוין זאָגן יענע אַרבעטער, וואָס מוזן מאַכן גראַנאַטן, וואָס מוזן מאַכן דום־דום קוילן?

אַמאָל האָט דאָך ישראל געגלויבט אין אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. אַמאָל? ווי לאַנג איז דאָס דען געווען? אין אַ רואיקער צייט האָט מען געקאָנט וועבן חלומות. איצט איז דער גלויבן אַוועק מיטן רויך. איצט האָט ישראל געזען, ווי מעכאַניש און פאַרהיפּנאָטיזירט, רייען־ווייז, פּולקן־ווייז, מיט אָפענע פאָנען, ביים מעשענעם ברום פון אָרקעסטער — גייען מענטשן צום טויט. איז אויף דעם אָרט פון אַמאָליקן גלויבן אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויסגעוואַקסן אַ וויסטעניש פון פאַרצווייפ־לונג. אין פּראָטעסט האָט ער דאָך געגלויבט.

ווען א טייל באוווסטזיניקע ארבעטער — האט ער געטראכט — זאלן זיך צוזאמענעמען און ארויס קעגן די אנגעלאדענע קוילנוואר־פערס: שיסט אין אונדז! מיר ווילן נישט קיין מלחמה! נו, וואלט מען זיי צעשאסן. זיי וואלטן אבער געווען אין ארדענונג, די ארבעטער, זיי וואלטן געהאט אפגעטאן זייערס. איצט... מאכן זיי סוועטערס און דום־דום־קוילן.

ער איז געווען פארביטערט, ישראל, און איבערגעמאטערט פון דער אנגעשטרענגטער ארבעט. אין שטוב איז געוואקסן די נויט. ס'איז שווער געווען אנצויאגן די הוצאה. דינה האט צוגעקרענקט. די קינדער זענען אויך נישט קיין איבעריקע גבורים.

ישראל איז איין מענטשן מקנא געווען. פינעסן דעם ליטוואק. יע־נער, אן עלטערער בחור, א פרייער מענטש האט פון אנהייב אן געהאט דעם מוט זיך צו שטעלן אין דער פאזע פון פראטעסט.

ווען פינעס האט געבראכט דעם ערשטן לייכט פארדינטן הונדער־טער פון מלחמה־מעקלעריי, האט ער אים ארויסגעצויגן פון קעשענע מיט צוויי פינגער און געהאלטן פון דער ווייט, ווי א שרץ.

— פייגע־פעסיע! — האט ער געזאגט — לאמיר מאכן א חשבון, וואס קומט אייך. דאס איז מיין לעצט געלט. מער וועל איך שוין נישט האבן.

און ער האט אמת געזאגט. מער האט ער שוין קיין געלט נישט פארדינט. ער האט זיך אפגעטרייסלט פון מלחמה־מעקלעריי.

— שלאגט אייך, קינדערלעך, איך וועל צו דעם ענין קיין האנט נישט צולייגן.

און עס האט זיך אנגעהויבן פאר פינעסן א צייט פון נסיונות. ער איז אנגעקומען אין א הענטשקע־פאבריק און זיך אפגעטרייסלט. ער האט איינגעפונען, אז אויך דא העלפט ער מיט צו דער מלחמה.

איז ער אינגאנצן פארשוווּנדן פון דער קאמונע. ישראל האט אים געפונען אין א קליין בית־המדרשל אויף נאלעווקעס. פינעס איז געשטא־נען מיט זיין גרינעם קאפעליוש איבער די אויערן און זיך געשאקלט אי־בער דער גמרא.

— איך זאל אפילו וויסן, אז איך וועל אויסגיין פון הונגער — האט ער געזאגט, — צו דער מלחמה וועל איך מיין האנט נישט צולייגן.

— אָבער ווו שלאָפסטו? ווו עסטו?
— גוטע מענטשן פאַרלאָזן נישט.

יאָ, באַלעבאַטים האָבן געוואָרפן אַן אויג אויפן ליטוואַק, אים אויס־געהאַלטן מיט „טעג". איז ער אָבער אין אַ וואָך אַרום געקומען, ווי אַן אָפּגעבריטער. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס עסט ער „טעג" ביי מלחמה־ספּעקולאַנטן.

זיין מנוחה האָט ער איצט געפונען אין אַ בעקעריי. הענט זענען אומעטום נייטיק. און ברויט איז אַ נייטראַלע זאַך. אַלע דאַרפן ברויט.

ישראל האָט אַפילו געוואָלט אונטערזעגן דעם צווייג, אויף וועלכן דער ליטוואַק האָט זיך אַרויפגעכאַפּט, געוואָלט אים דערקלערן, אַז דאָס פאַרבייט ער אייגנטלעך אַן אַרבעטער, וואָס איז אַוועק אין שלאַכט, און אַפילו דורך דעם העלפט ער צו דער מלחמה. ישראל האָט אים אָבער צו־רו געלאָזט. צופיל נאַאיווער ערנסט האָט אַרויסגעקוקט פון פּינעסעס קעלבערנע אויגן, אַז מען זאָל זיך קאָנען דערלויבן אויף אַזאַ שפּאַס מיט אים.

ענדלעך איז פּינעס געוואָרן אויפגעריכטס. אין וואַרשע האָט אַ שפּאַר געטאָן דער גרויסער שטראָם היימלאָזע. גוטע מענטשן האָבן איינגע־אָרדנט קיכן פאַר זיי. אַ קלוגע האַנט האָט דערטאַפּט פּינעסן, אים אַרויסגעשלעפּט פון דער בעקעריי און אָנגעשטעלט פאַר אַ משגיח איי־בער אַזאַ קיך. דער ליטוואַק האָט געפונען זיין ריכטיקן פּלאַץ.

אַהיים פלעגט ער איצט קומען ביי דער נאַכט, אַ פאַרהאָרעוועטער, אַן אויסגעשמירטער אין מעל און אין קרייטעכצער. ער פלעגט אַנידער־פאַלן ווי אַ סנאָפּ, כדי מיטן פרימאָרגן ווידער צו לויפן אין קיך אַריין.

ער האָט זיך אָבער נישט באַקלאָגט אויף זיין אַרבעט, כאָטש פון טאָג צו טאָג האָט ער אויסגעזען ווילדער, באַוואַקסענער. ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו רעדן ווי אַ מענטש, נאָר געברומט, ווי אַ בער אין רציחה, און זיין בליק האָט פאַרלוירן די קעלבערנע ווייכקייט. ישראל האָט אים איינמאָל געזען אין זיין קיך ביי דער אַרבעט. ביי די לאַנגע, רויע טישן איז געווען אַן אָנגעלויף. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ שלאַכט פאַר די ערטער. בערדיקע יידן, ווייבער, קינדער, אַרומגעריסענע, פאַרווילדעטע, פאַר־לוירן די בושה צוזאַמען מיט זייער היים האָבן געליאַרמט און געוואָלדע־וועט, געקראַכן מיט די פויסטן, מיט די נעגל אין פּנים אַריין. און העכער פאַר אַלעמען האָט געוואָלדעוועט פּינעס אַליין. ער האָט געאַרבעט מיט

די פויסטן אויף רעכטס און אויף לינקס. דאָס האָט ער געמאַכט אָרדענונג.

— זיצט, זאָג איך אייך! זיצט אויף די ערטער! אַז נישט וועל איך אייך... ר׳ ייד, אַרויס פון דאַנען, אַרויס! וואַרט אויף דער צווייטער פּאַרטיע!

— דו ליטוואַק איינער, ווערסט מיך גיין וואַרפן? דיין טאַטע האָט מיין מיסט נישט פאַרמאָגט! איך וועל דיך...

— אַרויס!

עס איז אָבער דאָך שטילער געוואָרן. פּינעס שלעפּט קוישן ברויט. פּינעס שרייט אין קיך אַריין.

באַרמהאַרציקע פריילינס אין ווייסע פאַרטוכער, פריילינס מיט רחמנות און עקל אויף זייערע פנימער טראָגן פונאַנדער שיסעלעך געקעכץ.

אַ שוואַרצע פּאַטראָנעסע מיט אַ ליאָרניאָן ביי דער נאָז שרייט אויף פּינעסן:

— איר האַלט נישט קיין אָרדענונג! ס׳איז שמוציק, ס׳איז אָנגעשפּיגן! פוי!

און פּינעס שרייט איר אין ליאָרניאָן אַריין:

— האַלט ס׳מויל!

און די צווייטע פּאַרטיע צעשויבערטע קעפּ, וואָס שפּאַרן אין דער אָפענער טיר און האַלטן זיך צוריק ביי דער שוועל ווי דורך אַ כּישוף, שרייט צו פּינעסן:

— גנבֿ! ליטוואַק! זויפסט אונדזער בלוט! לאָזט אונדז הונגערן!

און פּינעס שרייט צו אַ פּאָר בערדיקע גבאים:

— וואָס מישט איר זיך דאָ, וואָס מישט איר זיך? אין קיך אַריין גייט! זעט נאָר די גרויפּן, זעט נאָר! טוכלע גרויפּן. ווי פּאָר הינט! מנדבֿים!

ישׂראל האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער קיך, ווי פון אַ גיהנום, אַ פאַרטויבטער, אַ באַרוישטער.

אויף דער גאַס האָט געשיינט די זון. אַן עשאַלאָן דראַגונער האָבן געהאָגלט אויף דעם ווייסן ברוק מיט די פערדישע קאָפּיטעס. ווי צעררייצטע בולדאָגן האָבן געבילט אין אויער אַריין עלעגאַנטע אויטאָמאָבילן. און אָט גייט אַריבער די גאַס אַן אָפיציר מיט אַ דאַמע. ער איז אַ הויכער, זי — אַ קליינינקע, נישט קיין גלייכע פּאָר. און זיי גייען

זייער אומבאַהאָלפן. ער איז אַ דראַגונער, נישט געוווינט צו גיין צופוס. מיט איין האַנט האַלט ער צו די לאַנגע שווערד, זי זאָל זיך אים נישט פּלאָנטערן, מיט דער אַנדערער האַנט האַלט ער צאַרט געאָרעמט זיין קליינע דאַמעלע. די דאַמעלע איז אויף דער צייט. ער פירט זי פאָרזיכ־טיק אַריבער די גאַס און קוקט מיט שרעק אין אַלע זייטן, זי אָפּצוהיטן פון אַ בייז באַגעגעניש.

2

# ב י ס ט ר י צ ק י

— אַט־אַט־אָ! אַט פאָרט ער!

אַ כאָפּטע יידן אין קאַשקעטן און קאַפּעלושן האָבן זיך אַ לאָז גע־טאָן פון טויער צו דער דראָזשקע און זי באַלאַגערט פון אַלע זייטן.

— פּאַניע ביסטריצקי, צוויי ווערטער!

— פּאַניע ביסטריצקי, מיר וואַרטן אויף אייך!

— יידן! וואָס זענט איר באַפאַלן דעם הער ביסטריצקי, יידן! לאָזט מען צו, מען!

און אַז ביסטריצקי האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, זענען אַלע שטיל געוואָרן. ס'איז געווען נישט קיין פּשוטע האַנט, נאָר אין אַ לייקענער הענטשקע און געהאַלטן האָט די האַנט אַ זילבערן בייטשל און געווען איז זי איינגעפּאַסט אין אַ קלאָרן מאַנקיעט מיט אַ גילדערנער ספּינקע.

— יידן, דולט מיר נישט קיין קאָפּ און לויפט מיר נישט נאָך. ווער עס האָט צו מיר אַ געשעפט — זאָל זיך מטריח זיין אין קאַנטאָר אויף קרולעווסקע.

— אַז מען קאָן אייך דאָרט נישט כאַפּן!

— אַז מען קאָן זיך נישט דערשלאָגן!

— אַז מען לאָזט גאָרנישט צו!

ביסטריצקי האָט געשמייכלט מיט זיין ברייטן מויל, אַראָפּקוקנדיק צו דער בערדיקער, טומלדיקער חברה.

— אין דער היים נעם איך נישט אָן. ביי מיר איז איצט מיטיק. איר פאַרשטייט?

— ווען מיר וואַרטן.

— ווי איר ווילט.

ער איז אַראָפּ פון דער דראָזשקע און זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צו דער שווערער, דעמבענער טיר מיט דער מעשענער שמידאַכץ. די טיר האָט זיך געעפנט, זיך צעשמייכלט פאַר ביסטריצקין מיט די ווייסע מאַר־מאָרנע שטיגן און זיך צוגעמאַכט ביי די יידן פאַר דער נאָז.

די שטיגן זענען געווען פלאַכע און ברייטע. אין זיין לייכטן ספּאָרט־אנצוג האָט זיך ביסטריצקי געפילט אויף זיי גרינג ווי אַ פעדער. ער האָט געשוועבט אַרויף, פאָכנדיק מיט זיין זילבערן ריטל. אָבער אויפן צווייטן שטאָק האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלן.

— טאַדעק! וואָרט, טאַדעק?

דאָס האָט אים געפעלט! אים האָט דאָ אָפּגעוואַרט דאָרעטשקע מיט דעם היטעלע אין האַנט, נישט קיין פאַרקעמטע, דוכט זיך, נישט קיין געוואַשענע, אַ פאַרשטויבטע, אַ צעקנייטשטע — די אָפּגעלאָזנקייט אַליין איז פאַר אים געשטאַנען. און געשטאַנען איז זי נעבן דער גיפּסענער דיאַנע, וואָס האָט באַצירט די נישע אויף די מאַרמאָרנע שטיגן. די גיפּ־סענע פיגור איז געווען גרעסער פאַר דאָרעטשקען, האָט מיט פאַראַכ־טונג זיך אָפּגעקערט פון דאָרעטשקען ווי פון אַן אַלטער בעטלערין.

צוויי שעה איז זי געשטאַנען ווי אַ בעטלערין ביי דער נישע אויף די שטיגן און אָפּגעוואַרט ביסטריצקין. און אַז זי האָט אים דערזען, האָט איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם און זי האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. זי האָט קוים געשמייכלט:

— טאַדעק...

— נו?

— גיין, גאָרנישט, טאַדעק, אָן סצענעס. געקומען דיך זען. איך פאָר... איך פאָר אַוועק...

— הם...

— דאָס מעג איך דאָך... זען דיך. פרייע מענטשן... דו ביסט אַ פרייער מענטש, טאַדעק. גוט אַזוי.

דאָס זענען געווען ברעקלעך פון די רייד, וואָס זי האָט געהאַט צור־געגרייט, וואַרטנדיק. די געדאַנקען אַליין זענען געווען צעשאָסן, פרעמד, ווי אָפּגעשאָסענע הענט און פיס.

זי האָט גובר געווען די ערשטע, האַרטע טרערן און געשמייכלט. ביסטריצקי האָט אָפּגעזיפצט.

— ווי דו זעסט אויס, דאָרע! זע דיין הילוך! ווי אָפּגעלאָזט!...

— זאָרג נישט, טאַדעקל, זאָרג נישט... ס׳וועט איבערגיין. מען קומט זיך צוזאַמען, מען גייט זיך פונאַנדער. מענטשן זענען... ווי די פליגן. ס׳וועט איבערגיין. איך אַרבעט שוין אין אַ קינדערהיים.

פריער אַ רגע האָט זי געזאָגט, אַז זי פאָרט אַוועק, איצט — אַז זי אַרבעט, און לויט איר אויסזען און הילוך האָט ביסטריצקי פאַרשטאַנען, אַז ביידע זאַכן זענען נישט אמת. גיכער שלעפּט זי זיך אַרום איבער דער שטאָט און בלייבט ערגעץ ווו נעכטיקן אויף פרעמדע שטיגן.

— איז ווי זשע, טאַדעק? קיינמאָל זיך נישט זען? טאַקע קיינמאָל נישט?

— דאָרע, מיר מוזן זיך אויסהיילן איינע פון די אַנדערע.

— יאָ, זייער גלייך. זייער גלייך האָסטו געזאָגט. איך מוז זיך היילן, טאַדעק. איך בין משוגע.

— דאָרע!

— נו, איז דאָס נישט קיין משוגעת, אַז איך קום צו דיר אויף די שטיגן? זי קאָן נאָך אָנקומען, זי!

— דאָרע!

— נו, נו, איך גיי שוין. זיי געזונט. יאָ, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, קיין ליגן נישט?... גאָרנישט. זיי געזונט, טאַדעק!

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט אין דער הענטשקע, אַ קוש געטאָן און אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן. ביסטריצקי האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט נאָך איר און זיך אָפּגעשטעלט.

— בעסער אַזוי. זאָל שוין נעמען אַ סוף. וואָס וועט ער איר נאָכגיין? אַ פאַרגאַנגענע קרענק. אַמאָל האָט ער ליב געהאַט דאָס דאָזיקע אָפּגעלאָזענע באַשעפעניש. זי איז דאָך אַלעמאָל געווען אָפּגעלאָזט. ווי האָט ער זי געקאָנט קושן? ווי האָט ער געקאָנט זיין נאָענט צו איר? ביסטריצקין הייבט אָן איבלען ביי דעם געדאַנק. עס איבלט אים אָבער נישט פון זיין פאַרגאַנגענער ליבע. אַ פאַרטריקנט בלימל אין האַרצן. אַ חלום פון פאַרגאַנגענעם דופט.

ער איז האַסטיק אַרויף אַ שטאָק העכער, אַנגעקלונגען. געעפנט האָט אים אַ באַיאָרנטע פרוי אין אַ ווייסן טשיפּיק, אָפּגענומען זיין הוט און רוט אין פאָרצימער און זאָכלעך און פינקטלעך אים געמאָלדן פון אַ

פאַרשריבן צעטעלע, ווער עס איז געווען און ווער עס האָט צו אים גע־קלונגען. אַ פּאָר נעמען האָט ער אַריינגעשריבן אין נאָטיץ.

— די פאַני איז אין דער היים?

— יאָ, מיין הער, די פאַני איז היינט נישט אַרויסגעגאַנגען. קאָן מען דערלאַנגען צום טיש?

— באַלד.

ער איז דורכגעגאַנגען דעם עס־צימער, דעם קאַבינעט און שטיל זיך דערנעענטערט צו דער אָפענער טיר פון א י ר צימער.

ז י איז געזעסן נעבן דער אָפענער פּיאַנינאָ, מיטן רוקן צו דער קלאַוויאַטור און זיך געשפּילט מיט אירע אייגענע פינגער, ווי אַ קינד. האָט ער זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט אַ ברייטן צעשמייכלטן מויל, גע־וואָרן ערנסט און שטיל אַ הוסט געטאָן. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ — באַסיע.

זי האָט אים באַטראַכט מיט איר רואיקן טונקעלן בליק, וואָס האָט געהאַט די מאָדנע אייגנשאַפט צוצוציען און אָפּצושטויסן גלייכצייטיק און אַזוי לאַנג ווי זי האָט אים ערנסט באַטראַכט, איז ביסטריצקי גע־שטאַנען, ווי צום אָרט צוגעשמידט. אָבער אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן שמייכלען. דאַן איז ער צוגעגאַנגען, שוועבנדיק־שטיל, ווי אַ לעמפּערט. העפלעך אַ קוש געטאָן איר בלאַסע האַנט און דורשטיק־פאַרליבט צוגע־פאַלן צו אירע פולע ליפּן.

זי האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און אָפּגעשטופּט פון זיך. זיך. און האַלטנדיק זיין קאָפּ ביי די האָר, האָט זי אים באַטראַכט פון דערוייטן מיט פאַרווונדערונג, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטיין וואָס, אייגנטלעך, פאַר אַ שייכות האָט צו איר אָט דער מאָדנער שטאַרקער קאָפּ מיטן קאַנטיקן שטערן און ברייטן מויל.

— איך זיץ און טראַכט, ביסטריצקי, איך טראַכט און טראַכט... — זי האָט באַפרייט זיין קאָפּ פון געפאַנגנשאַפט.

— וועסט גאָרנישט איבערטראַכטן, באַסיע. דאָס לעבן איז צו קורץ.

— און געשעפטן — אַזוי פיל.

— און עסן ווילט זיך, האַרציקע...

— וואַרט, זיץ אַ ווײַלע. איך זע דיך אַזוי זעלטן.

האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביי אירע פיס און זיי אַרומגענומען — די צוויי שלאַנקע צווילינג־שוועסטער. און זי האָט אים ווידער אָנגע־

כאַפּט ביי די האָר, מיט אַ כאַפּ פון אַ רויב־פויגל. און געווען איז זי אַזאַ שטילע דערביי, אַזאַ צאַרטע.

— ביסטריצקי, ווער בין איך? איך וויל וויסן ווער איך בין. דיין ווייב?

— באַסיניו!...

— פאַרשטייסט? ס'איז מיר די שטוב אַ פרעמדע. איך אַליין בין זיך פרעמד.

— דיין שטוב, באַסיניו. מעגסט אַלץ איבערדרייען און אַרויס־וואַרפן וואָס דיר געפעלט נישט. נאָר מיך וואַרף נישט אַרויס.

און ער האָט זיך צוגעטוליעט צו אירע פיס. צווישן די ברעמען איז אים געלעגן אַ קנייטשל פון שווערן ערנסט.

— הם... מאָדנע. בין איך, הייסט עס: פרוי ביסטריצקי... גאָר...

זי האָט, ווייזט אויס, געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבן. אָבער — פאַר־שוויגן. ביסטריצקי האָט שטאַרק געוואָלט צעשלאָגן אירע רעיונות. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. ביי זיי ביידן זענען געלעגן אויף דער שפּיץ צונג די זעלביקע פּאָר ווערטער: דאָס קינד.

און די ווערטער זענען אַזוי פאַרבליבן דאָסמאָל נישט אַרויסגע־בראַכט.

ער איז אויפגעשטאַנען און זי געבעטן צום טיש. זי האָט געזאָגט: „באַלד", און איז געבליבן זיצן.

איז ער אַליין אַוועק צום טיש. ער האָט שוין געהאַלטן אין מיטן עסן, ווען באַסיע איז אַריין אין עס־צימער. אירע צעפּ זענען איצט גע־ווען פאַרלייגט אַרום קאָפּ אין שווערע רייפן און ס'איז געווען אַזוי נאַטירלעך, וואָס זי האָט ביי יעדער געלעגנהייט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן. אַזעלכע שווערע רייפן!

זי האָט נישט גלייך גענומען זיך צום עסן. לאַנג באַטראַכט אַ זיל־בערנע עסלעפל, ווי אַ פרעמדן זעלטענעם חפץ. מיט דרך־ארץ און אַביסל מיט מורא האָט זי געקוקט אויף דער באַיאָרנטער קעכין אין טשיפּיק, וואָס דערלאַנגט צום טיש אַזוי גענײט — באַלעבאַטיש.

ווען די קעכין איז אַרויס:

— זעסטו, ביסטריצקי, אַלץ וואָלט גוט געווען, ווען נישט די גע־שעפטן דיינע. זיי נעמען דיך אַוועק ביי מיר, נעמען זיי דאָך אַלץ אַוועק. איך האָב דאָך קיינעם נישט. איז אָפילו די היים נישט מיינע.

— ווידער דאָס אייגענע.

— ניין, ניין, זיי נישט בייז, ביסטריצקי. איך בלייב מיט זיך אַליין. פאַרשטייסט? איך דאַרף נישט בלייבן מיט זיך אַליין...

— אָבער די געשעפטן, מיין קינד, קאָן מען נישט אָפּלייגן און מען דאַרף זיי נישט גרינגשעצן.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די נייע סאָלידע מעבל פון עס־צימער, אויף די פיינע טאַפּעטן, אויף די פּאָר בילדער. ער האָט איר ווי פאַרבעטן מיטן בליק מיטצומאַכן דעם זעלביקן שפּאַציר שפּאַציר מיט די אויגן, כדי זי זאָל פאַרשטיין, אַז דאָס האָבן זיי בלויז צו פאַרדאַנקען די געשעפטן, וואָס זיי זענען ענדלעך צוזאַמען און סאָליד איינגעאָרדנט.

— איך בין אָבער, באַסיע, נישט קיין געשעפטסמאַן, ווי דו ווייסט. די צייט איז אַזאַ. אַ געלעגנהייטס־צייט. און איך בין אַ רענעסאַנס־נאַטור. איך קאָן אַלץ. איך קאָן אַפילו די צייט און די מענטשלעכע נאַריש־קייט אויסנוצן. און איך האָב הנאה פון דעם. וואָס דען? נישט אויסנוצן די מענטשלעכע נאַרישקייט און זייער אומשולדיקן דראַנג צו פאַרניכטן איינע די אַנדערע?

ער האָט צוזאַמענגעדריקט די סערוועטקע און זי אָפּגעוואָרפן אַן אַ זייט אויפן טיש.

— איך בין דורכגעגאַנגען אַ גיהנום און געלעבט ערגער ווי אַ הונט, אַזוי לאַנג, ווי זיי זענען געווען ביים שכל און זיך פרידלעך געטיילט מיטן אָנגערויבטן פאַרמעג. איצט, ווען זיי טיילן זיך פּעטש — לאָמיך קודם אַוועקנעמען פון גרייטן טיש דאָס מייניקע. זיי רואיק, באַסיע, דאָס געשעפט וועט מיך נישט אויפעסן.

— אָבער מיך!...

האָט ער זיך פאַרטראַכט.

— יאָ, דאָס איז נישט גוט, באַסיע. מען דאַרף זען עפּעס אַן עצה.

און די עצה איז ווידער געלעגן בייביידן אויף דער צונג: דאָס קינד. באַסיע דאַרף נעמען צו זיך דאָס קינד, כדי צו געווינען איר גאַנצ־קייט און גלייכגעוויכט.

ס׳איז אָבער געווען לייכטער צו טראַכטן, ווי אַרויסצורעדן, ווייל ביידע האָבן געוווסט, אַז פון רעדן ביז טאָן איז אַ גרויסער מהלך. נישט זי איז געווען די איינציקע בעל־דעה אין דער אָנגעלעגנהייט. און מיטן צווייטן צד, מיטן פאָטער פון דעם קינד, איז נישט לייכט דורכצוקומען.

און פאַרוואָס זאָל עפּעס לעאָן וועלן איר טאָן אַזאַ געפעליקייט, ווי אָפּטרעטן דאָס איינציקע קינד?

נאָכן עסן איז באַסיע אַוועק צו זיך, מאַכן איר טואַלעט אויף אַרויס־צוגיין. זי האָט בכיוון אָפּגעלייגט דעם טואַלעט־ענין אויף נאָך מיטיק, כדי ווי עס איז אָנצופילן די ליידיקע צייט.

און ביסטריצקי, פאַרבייגייענדיק די עלעגאַנטע ביבליאָטעק, האָט געעפנט דאָס מאַסיווע טירל און אַראָפּגענומען אַ פּראַכט־באַנד פון פּאָ־ליצע. דאָס איז געווען מאָליער אין אָריגינאַל.

איז ווידער געשטאַנען פאַר אים דאַרעטשקע, נישט דאָס דערשלאָ־גענע באַשעפעניש, וואָס ער האָט היינט געטראָפן אויף די שטיגן, נאָר דאַרעטשקע פון אַמאָל, מיט איר קלינגענדיקער אויסשפּראַך, מיט איר ־ויטערער שטים. זי האָט אים געלערנט פראַנצויזיש.

באַסיעס שטים איז אַ מאַטע, ווי די אויגן אירע. קיין פראַנצויזיש קען זי נישט.

ביסטריצקין האָט צוליב אַן אַסאָציאַציע אָפּגעקלונגען די מאַרסע־ליעזע אין די אויערן. ער האָט זי אָנגעהויבן אויסצופייפן. אָבער כמעט גלייכצייטיק דערהערט ער, צו זיין גרויסער פאַרוואונדערונג, די מאַרסע־ליעזע אין מעטאַלענע טענער אויף דער גאַס. ער וויל נישט גלויבן זיי־נע אויערן. ווי איז דאָס מעגלעך אַזאַ צוזאַמענטרעף? ער לויפט צו צום פענצטער, קוקט אַראָפּ.

נו, געוויס די מאַרסעליעזע. דאָס גייט מיליטער מיט אָפענע פע־נער צום פראָנט. דאָס שפּילט מען לכבוד דעם פראַנצויזישן פאַרבינדעטן.

## 3

## באַסיע

ווען ביסטריצקי איז נאָך מיטיק אַוועק אין קאַנטאָר, האָט נאָך באַ־סיע געהאַלטן מיט איר טואַלעט ביים סאַמע אָנהייב. זי איז געווען אויסגעטאָן, נישט אָנגעטאָן. אין דעם עצם קולט פון טואַלעטן איז זי געווען ווייניקער אַריינגעטאָן, ווי אין דעם פּראָבלעם צו פּטרן וואָס מער צייט. האָט זי לאַנגזאַם און אַפּאַטיש זיך געפּאָרעט צווישן די דריי שפּיג־לען, באַלעגערט פון אַלע זייטן מיט ווייבערשע קלייניקייטן. ביסטריצקי

האָט פאַרן אַוועקגיין אויסגענוצט איר לאַנגזאַמקייט און איז אויסגע־וואַקסן אין איר בודואַר אין דעם מאָמענט פון איר פולער אומבאַהאָלפנ־קייט, בעת זי איז געווען אויסגעטאָן. דאָס האָט נאָך פאַרלענגערט די פּראָצעדור פון מאַכן טואַלעט. און איצט, נאָך זיין אַוועקגיין, האָט באַ־סיע געהאַלטןביים סאַמע אָנהייב. זי האָט זיך געפּאָרעט אַביסעלע שנע־לער ווי פריער, ווייל פון ביסטריצקיס באַזוך אין בודואַר איז איר פאַר־בליבן אַ שנעלערער דופק און ס׳האָט הייסער געשלאָגן דאָס בלוט אין די שלייפן. עס האָט זיך אָבער אויך אינטענסיווער באַוועגט דער געדאַנק:

איז זי ביסטריצקיס ווייב? נו יאָ. אויף דעם געדאַנק האָט ברוטאַל עדות געזאָגט דאָס פריש צעקנייטשטע בעטגעוואַנט פון הינטער דער טיר, ווו זי וויל נישט אַריינקוקן. זי קען הייסן איבערשטעלן דאָס מעבל און טוישן די פאָרהאַנגען, לויט איר אייגן געשמאַק. זי קען זיך שאַפן מיט דער בכבודיקער קעכין אין טשיפּיק...

זי איז אָבער נישט פרוי ביסטריצקי. זי איז באַסיע ברוינער. אָדער נאָר — באַסיע, אָן אַ ביי־נאָמען, אַ פרייער מענטש, וואָס וויל זיך נישט בינדן. זי איז באַסיע. ער — ביסטריצקי. כל־זמן מען האָט זיך ליב — לעבט מען צוזאַמען.

איז זי, הייסט עס, אַ פרייער מענטש. גוט. פרייע מענטשן האָבן גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן. און זי — אָט האָט זי אַ פולן רידי־קול מיט נייאינקע מלחמה־באַנקנאָטן, טאַשן־געלט פאַר אירע ווייבערשע קלייניקייטן. עס באַטרעפט פיל מער, ווי איר אַמאָליקע הוצאה מיטן ערשטן מאַן און מיטן קינד.

ביסטריצקי וואַרט נישט ביז זי וועט דערמאָנען. ער באַמערקט, אַז איר רידיקול ווערט מאָגערער — שטאָפּט ער אים אָן מיט דער ברייטער האַנט. הייסט עס: ער צאָלט איר... פאַר איר גוטסקייט צו אים. פאַר די צעקנייטשטע קישנס דאָרט. יאָ, פאַר די צעקנייטשטע קישנס.

אָן עקל און אָן פּראָטעסט אַפילו מאַכט באַסיע דעם חשבון אַז פאַר דעם געלט, וואָס זי קאָסט אים אָפּ, וואָלט ביסטריצקי געקאָנט אויס־האַלטן דריי ערשטקלאַסיקע פּראָסטיטוטקעס. פאַרוואָס־זשע טוט ער עס נישט? ווייל ער האָט זי ליב. נו, יאָ, געוויס האָט ער זי ליב. און זי האָט אים אויך א פ ש ר ליב. ער האָט זי אָנגעצונדן מיט זיינע ביינאַכטי־קע ווילדקייטן. ווי צוויי וועלף אין פינצטערן וואַלד האָבן זיי זיך דער־

קענט לויטן ווייטן רוף און זיך צונויפגעקומען. פאַרוואָס זשע איז גע־שאַפן געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז ער צאָלט איר פאַר איר לייב?

ס׳איז אמת, אַז באַסיע איז פאַרסמט מיט אויסגעלאַסענע, ווילדע געדאַנקען, אַז עס האָט געטליעט און איצט האָט זיך העל אָנגעצונדן אַ גיהנום אין איר מוח. אָבער וואָס האָט עס צו איר לייב? צו איר אייגן לייב האָט באַסיע אַלעמאָל געהאַט אַ צניעותדיקע אַכטונג, זי האָט עס געהילט און צוגעדעקט, ווי אַ ספר־תורהלע. זי האָט אַליין געשעמט זיך צו זען איר אָפּגעדעקט לייב. איצט האָט זי עס פאַרקויפט.

באַסיע פאַררויכערט אַ דינעם פּאַפּיראָס. באַסיע וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם פּעניואַר און בלייבט שטיין פאַר דריי שפּיגלען אָנגעטאָן בלויז אין אירע שוואַרצע זיידענע צעפּ און שוואַרצע זיידענע זאָקן. אָט איז איר פאַרקויפט לייב. פאַר דעם צאָלט ביסטריצקי, אַ מענטש וועלכן זי האָט אפשר ליב. ס׳איז זיינס. אונטער דער לינקער ברוסט, אויפן בויך בלויע צייכנס פון זיינע נאָגנדיקע קושן. זי באַטראַכט זיך אין די שפּיג־לען מיט גרויס פאַרוווּנדערונג. זי איז שלאַנק, זי איז שיין. איר לייב איז טאַקע יונג. אָבער נישט נאַקעט. איר לייב איז נישט מסוגל צו אַב־סאָלוטער, אויגן־שטעכנדיקער נאַקעטקייט. אַ דין רויכל פון אויסגע־איידלטן יחוס־בלוט האָט אַרומגעוועבט איר הויט מיט אַ בלאַס־גרינעם שלייער, איינגעהילט איר לייב אין אַ פּאַנצער פון צניעות. שעמעוודיק האָבן זיך צוזאַמענגעפּרעסט אירע גלידער פאַר זייער אייגענער אָפּ־שפּיגלונג.

באַסיע דעקט זיך האַסטיק צו מיט אַ געפיל, ווי זי איז באַגאַנגען אַן עבירה דורך דעם, וואָס זי האָט זיך אָנגעקוקט. עס שלאָגט אַרויס אַ טונקעלע רויטקייט אויף אירע באַקן.

איר געדאַנק האָט זיך ביז איצט געדרייט אַרום דעם אמת, כדי זיך אַליין אָפּצונאַרן און דעם אמת אויסצומיידן. אָבער דער אמת ציט אַריין אין אַ קעסל־גרוב. זי האָט זיך נישט פאַרקויפט צו ביסטריצקין. און נישט צוליב דער גרויסער ליבע איז זי אַוועק צו אים. לעאָן איז שול־דיק. לעאָן האָט געוואָלט פון איר אויסבילדן אַ צאַרטע, היימישע חיה־לע, פאַר זיין אייגן געברויך, פאַר זיין אייגענער רואיקייט. האָט ער אָנשטאָט דעם קולטיווירט און פאַרשטאַרקט אירע פאַרבאָרגענע איך־געפילן, איר גרויסן פּראָטעסט. אויס פּראָטעסט איז זי אַוועק פון אים.

אויס פּראָטעסט האָט זי פאַרביטן איר פאַרשקלאַפטקייט אויף פאַרקויפט־קייט! און דאָ איז דער פּלאָנטער. איר איך איז ווידער אין סכנה. און דאָ איז נאָך אַ גרעסערער פּלאָנטער. ביסטריצקי האָט זי אפשר ליב. זי וואָלט שוין נישט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון זיינע צערטלעכקייטן. אָבער לעאָנען האָט זי נאָך זיכער ליב. און מיט פאַרגעניגן וואָלט זי, די אַנט־לאָפענע פרוי מיט די אויפגעוועקטע געבליטן פון ביסטריצקיס באַריי־רונג, מיט דעם זוימען פון הפקרות פון דער פאַרזוכטער פרייהייט, גע־קומען אויך צום געליבטן לעאָנען ביי דער נאַכט אויפן געלעגער.

זי האָט געוווסט, אַז זי וועט עס נישט טאָן און זי קען דאָס נישט טאָן. איר צניעותדיק לייב וואָלט דאָס ערשטע פּראָטעסטירט קעגן צו־זאַמענלעבן מיט צוויי מענער. זי איז אָבער מקנא געווען יענע פרויען, וואָס קאָנען דאָס יאָ.

און דאָס איז געווען דער שפּיל פון איר אָנגעצונדענעם מוח, דער שפּיל, וואָס האָט פאַרסמט אירע נעכט.

אירע טעג האָבן פאַרסמט די געדאַנקען וועגן קינד. און דאָ איז אויך געווען די זאַך נישט אַזוי פשוט, ווי ביסטריצקי האָט געקאָנט מיי־נען. ס׳איז נישט געווען קיין געוויינלעכע בענקשאַפט פון אַ מוטער. אויך דאָ איז די בענקשאַפט געווען פאַרמישט מיט שנאה און פּראָטעסט. ביסטריצקי אַליין וועט זיך קיינמאָל נישט דערוויסן, וואָס פאַר אַ ראָלע דער קליינער באַרינקע האָט אָפּגעשפּילט אין באַסיעס אָפענער דערנענ־טערונג צו אים.

באַסיע האָט דאָך נישט געמאַכט דעם ערשטן שריט זיך צו באַ־פרייען פון לעאָנס שווערער ליבע. לעאָן האָט דער ערשטער פאַרלאָזט זיין הויז, נאָך דעם ווי ער האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן פּיל פון אייפערזוכט. באַסיע איז פאַרבליבן מיטן קינד, האַלב געבונדן, האַלב באַפרייט. און דאָ איז באַסיען באַשערט געווען אַ ווייטיק, וועלכער האָט אינגאַנצן באַצאָלט פאַר דעם צער, וואָס זי האָט פאַרשאַפט לעאָנען.

באַרינקע האָט געבענקט נאָכן פאָטער. און וואָס מער ער האָט גע־בענקט נאָכן פאָטער, אַלץ קעלטער איז ער געוואָרן צו דער מוטער. ער האָט זי אָפּגעשטויסן פון זיך. ס׳איז געקומען אַ נאַכט, ווען דאָס קינד האָט נישט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל אים אויסטאָן און קושן פאַרן שלאָף. געטאָן האָט עס די דינסט. און באַסיע איז אַרומגעלאָפן איבער די צימערן אַ פאַרוווּנדעטע.

ענדלעך איז זי אַרײַנגעלאָפן צום קינד, אויפגעדרייט דאָס ליכט אין צימער.

באַרינקע איז געלעגן אויף זײַן בעטעלע, פאַרלייגט די הענטלעך הינטערן קאָפּ, ווי דער טאַטע און ערנסט געקוקט צום סופיט מיט צוויי גרויסע אויגן. באַרינקע האָט געטראַכט.

באַסיע האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן זײַן בעטעלע און האַסטיק, מיט אַ שניידנדיקן ערנסט, ווי מען רעדט צו אַ דערוואַקסענעם, אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, מײַן זון, צו וועמען ווילסטו בעסער? צום טאַטן אָדער צו דער מאַמען?

— צום טאַטן. — איז געווען די קלאָרע תשובה.

באַסיע האָט שוין אינדערהיים נישט געקאָנט נעכטיקן. זי האָט זיך געפילט אינגאַנצן באַפרייט, באַפרייט פאַר דעם טייערסטן פרייז. זי האָט זיך געפילט פריי און אויסגעלײדיקט.

זי האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק צום פעטער עוזר, וווּ איר שוועסטער סלאַווע האָט געוווינט.

— גיי דו צום קינד. איך קאָן נישט.

די שוועסטער האָט זיך געבעטן בײַ איר. די שוועסטער האָט געוויינט פאַר איר. באַסיע איז געבליבן בײַ דאָס איריקע.

איז סלאַווע אַוועק צום קינד. און באַסיע האָט אָנגעשריבן צו לעאָנען אַ קורץ בריוול, אַז ער פאַרשפּאָרט שוין איר שיקן געלט אין קאָנווערטן. ער קאָן קומען אַהיים. ער וועט אַלץ געפינען אין אָרדענונג.

די שוועסטער האָבן זיך געביטן מיט די ערטער. סלאַווע האָט געוווינט בײַ לעאָנען. באַסיע — ביים פעטער עוזר. מער ווי אַ יאָר צײַט איז אַריבער, ביז זי האָט באַשלאָסן צו באַטרעטן די שוועל פון ביסטריצקיס נײַער וווינונג.

אָבער איצט איז זי זיך אַליין חושד געווען, אַז ווען ביסטריצקי זאָל פאַרבלײַבן אַן אָרעמאַן, וואָלט זי נישט אַריבער צו אים וווינען.

## 4

# חברטעם

ישראל האָט געהאַט אַ שווער געפּיל. דינה און די קינדער האָבן כסדר צוגעקרענקט און זיך געניייטיקט אין דאָקטוירים און אין רפואות. אין די קליינע צוויי צימערלעך האָט געשמעקט ווי אין אַפּטייק און ישראל האָט זיך געפילט שלעכט אין דער היים. אָבער נישט בעסער איז געווען אין דרויסן. אויף דער וועלט האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שדים־טאַנץ, וואָס האָט געקאָנט אַוועקנעמען דעם מוט ביי דעם מוטיקסטן. דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן פון ליגנערישן קריגס־באַריכט און זיך אויסגעלאָזט מיט אַן עקסטראַ טעלעגראַם וועגן געהרגעטע און פאַרוווּנ־דעטע שונאים. דאָס פּאַרטיי־לעבן, וואָס האָט גלייך מיטן קריגס־צו־שטאַנד זיך פאַרבאָרגן אין די טיפסטע אונטערערדישע קעלערן, איז דאָרט דערשטיקט געוואָרן אָן לופט. די יוגנט איז געווען צעזייט און צעשפּרייט און דעזאָריענטירט.

שמואל, דער לידער, האָט זיך פאַרלאָזט אַ בערדל, אָנגעטאָן אַ האַרטן קראַגן און געגעבן העברעאישע לעקציעס אין אויפגעקומענע היי־זער. ישראל פלעגט זיך זעלטן מיט אים טרעפן. סיידן ווען ער פלעגט פילן, אַז ער ווערט דערשטיקט פון דער מלחמה־לופט, אַז ער מוז אויס־רעדן אַ וואָרט מיט אַן אַלטן חבר, דאַן פלעגט ער לויפן זוכן שמואלן.

און ביי דעם שווערן געמיט זיינעם, ביי די גרויע, אַלטעגלעכע דאגות האָט ישראל דאָך באַמערקט אַ זאַך, וואָס האָט אים תחילת שטאַרק פאַרחידושט.

ווי האָט עס געקאָנט פאַרלויפן, וואָס אַזעלכע צוויי האַרציקע חבר־טעס ווי דינה מיט סלאַווען זענען פלוצלונג געוואָרן אָפּגעקילט איינע צו דער אַנדערער? דעם לעצטן אויסדרוק פון זייער אידעאַלער גוט־פריינטשאַפט געדענקט ישראל פון יענער צייט, ווען דינה איז געלעגן אין קימפּעט.

סלאַווע איז דאַן פון איר נישט אָפּגעטראָטן. געפּועלט ביים דאָק־טער זי איבערצולאָזן ביי דער קימפּעטאָרין ווי אַ פלעגערין.

אין די געבורט־ווייען האָט דינה מיט אַ שמערצלעך אויסגעקרימ־

טער ליפּ און מיט רונדע, אויסגעבלייכטע אויגן, זיך געקלאַמערט אָן דער חברטע:

— סלאַוועשי! כ'האָב מורא איך וועל שטאַרבן!

און סלאַווע, אַ באַחנטע אין דעם ווייסן כאַלאַט פון אַ פלעגערין, אַ צעפלאַמטע פון מיטלייד, האָט זיך געטוליעט צו דער חברטע מיט איר בויגעוודיק־מיידלשן גוף, גרייט, דוכט זיך, איבערצונעמען אַ חלק פון אירע חבלי־לידה.

— שטאַרק דיך, דינהלע, שטאַרק דיך!

אַפילו ישראלן האָט סלאַווע אַרויסגעבעטן פון צימער.

— וואָס וועט איר א ו נ ד ז דאָ העלפן, ישראל? לאָזט אונדז בעסער אַליין און פאַרלאָזט זיך אויפן דאָקטער.

און אַלע האָבן שפּעטער געהאַלטן פאַר נאַטירלעך סלאַוועס נאַאיווע, שטאָלצע באַרימעריי:

— מיר האָבן געבוירן אַ צווילינג!...

קיינער אַ זייטיקער איז דערביי נישט געווען, ווען מיט אַ צען טעג שפּעטער, נאָכן קימפּעט, איז צווישן דינהן מיט סלאַווען פאַרלאָפן אַ קורצער אויסטויש פון ווערטער.

דינה: מיך האָסטו, סלאַווע, באַזאָרגט מיט צוויי פּיצלעך און אַליין ביסטו אַ פרייער מענטש.

סלאַווע (פאַרוווּנדערט): ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן, זעסטו!

זי האָט פלייסיק און מיט אַ דערוואָרבענער געניטקייט איבערגעלייגט דאָס אומבאַהאָלפן־שרייענדיקע קינד אין אַ פרישן קאָנווערט, בעת דינה האָט דאָס צווייטע קינד געהאַלטן ביי דער ברוסט.

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס קינד נעבן דער מוטער און עס נישט אַ קוש געטאָן ווי שטענדיק.

— סיי ווי סיי, וואָס איך וועל פאַר דיר נישט טאָן, וועסטו מיינען, איך צאָל דיר אַ חוב.

סלאַווע האָט געהאַט שאַרפע, שוואַרצע ברעמען. זיי זענען זיך איצט כמעט צוזאַמענגעקומען ביי דעם קנייטשל איבער דער נאָז.

און כדי דינה זאָל נישט מיינען, אַז סלאַווע צאָלט איר אַ חוב, האָט די חברטע אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ קאַלטקייט. אין האַרצן, איז זי זיכער געווען, האָט זי דינהן ליב, ווי פריער.

ס'איז אָבער געווען אַ טעות. פון דער בכיוונדיקער קאַלטקייט איז

אויסגעוואַקסן אַ נאַטירלעכע. סלאַווע האָט אויפגעהערט אַרויפצוקומען. און איינמאָל האָט ישראל געטראָפן דינהן וויינען, ווי אַ באַליידיקט קינד. ער האָט נישט געוווּסט ווי זי איינצונעמען.

— אפשר אַריבערגיין נאָך סלאַווען?

— לאָז געמאַך! זי איז אַ פאַלש מענטש. אַלע מאָל געווען אַ פאַלשע!

דינה איז געווען אַן אומבאַהאָלפענע מאַמע. מיט די קינדער האָבן זיך פאַרנומען פּייגע־פּעסיע, ישראל און אַפילו דאָרעטשקע, ווען זי איז געווען אין דער היים. דינה אַליין איז געלעגן און געטראַכט, ווי דאָס לעבן איז אַ מאַמע פאַר איינעם, אַ שטיפמאַמע פאַרן אַנדערן.

ישראל האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין. זי איז געווען צו אים צאַרט און דאַנקבאַר, ליגנדיק און טראַכטנדיק. דאַכט זיך, מער אין זינען געהאַט ישראלן, ווי די קינדער. וועגן שמואלן פלעגט זי קיין וואָרט נישט דערמאָנען. אָבער ישראל האָט זיך דאָך אָנגעשטויסן, אַז די שנאה צו סלאַווען שטאַמט ביי איר פון קנאה. זי האָט נישט פאַרגונען סלאַווען איר פרייהייט. זי האָט נישט פאַרגונען סלאַווען, וואָס יענע קאָן זיך זען מיט שמואלן, בעת זי — דאַרף זויגן די קינדער.

האָט זיך דער הימל אַליין אָנגענומען סלאַוועס קריוודע. דער דאָק־טער האָט איינגעפונען, אַז זי טאָר נישט נערן די קינדער מיט דער ברוסט, איר מילך איז פאַר זיי שעדלעך. האָט מען די קינדער אָנגעהויבן נערן מיט זויג־פלעשלעך און די מאַמע האָט באַקומען מער פרייע צייט. דינה האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין. דעם ערשטן לענגערן באַזוך האָט זי געמאַכט, פאַרשטייט זיך, ביי שמואלן. און געקומען איז זי גאָר אַן אויפ־געמונטערטע. אירע לאַנגזאַמע מלכותדיקע באַוועגונגען האָבן, דוכט זיך, פאַרשנעלערט זייער טעמפּ.

דינה איז געווען צופרידן פון איר באַזוך און צופרידן פון דעם, וואָס ביי שמואלן האָט זי סלאַווען נישט געטראָפן. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך סלאַווע איז ביי אים אַ זעלטענער גאַסט. אַז אויך סלאַווע האָט אויף זיך דעם עול פון אַ מאַמע. נישט איבער אַן אייגן קינד, איז איבער דער שוועסטערס. סלאַווע האָט איצט געוווינט ביי לעאָנען, דערצויגן באַרינקען און געפירט די ווירטשאַפט. דינה האָט טריאומפירט.

***

ביידע קינדער זענען איינגעשלאָפן. פייגע־פעסיע האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר ברילן און זיך גענומען צירעווען זאָקן. ווען זי זאָל לעבן צוויי לעבנס, וואָלט זי נישט געענדיקט פאַרצירעווען דעם באַרג זאָקן, וואָס זי האָט אָנגעוואָרפן אויפן טיש. פייגע־פעסיע האָט אָבער געהאַט אַ ברייטן פּאַרנעם. און איצט, ווען זי האָט זיך געפּאָרעט אַרום די פּיצלעך קינדער, האָט זי זיך דערמאָנט אָן אירע יינגערע יאָרן און זי איז טאַקע גאָר יינגער געוואָרן מיטן אויסזען אויך. איז זי פול געווען מיט ענער־גיע. און מיט גאָר אַ יונג־ווייבלשן שמייכל אויפן פּנים, האָט זי זיך פאַרמאָסטן אויף דעם באַרג לעכערדיקע זאָקן.

אויף מאיר־דודן, פאַרקערט, האָט מיט דעם קומען פון צווילינג אויף דער וועלט זיך אָנגערוקט די עלטער. ער האָט איצט מער געדרעמלט ווי געוואַכט. מער געקרעכצט ווי געגעסן. פון דעם גרויסן עסצימער פלעגט ער כמעט אויף דער גאַס נישט אַרויס. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ באָמבע פון אַן עראָפּלאַן.

די קאָמוגע האָט געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך. דאָס יונגוואַרג איז זיך צעלאָפן. פון די עלטערע האָבן אויך אַ פּאָר געפעלט. דער פלאַטשי־קער זייגערמאַכער האָט זיך אויף דער גאַס פאַרגאַפט אויף אַ משונה־דיקן משחית, וואָס האָט זיך אַליין באַוועגט און קיין מענטשן האָט מען נישט אַרויסגעזען — אַ טאַנק. ער האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט דער דאָזיקער מאַשינקע, אַז ער האָט נישט געהערט, ווי אַן אויטאָמאָביל איז אָנגעפאָרן. האָט דער אויטאָמאָביל אים געמאַכט נאָך פלאַטשיקער ווי געווען. איצט ליגט ער אין שפּיטאָל.

דער דאַרער ליטוואַק, שניאור, האָט זיך איצט געכאַפּט צו אַ מלחמה־געשעפט. ער האָט געהאַנדלט מיט צייטונגען אויף דער גאַס און פלעגט זעלטן אין שטוב אַריינשמעקן. איצט, ווען פייגע־פעסיע האָט זיך גענומען צו די זאָקן, איז שניאור גראָד אַריינגעקומען אויף אַ קורצער הפסקה צווישן צוויי עקסטראַ־טעלעגראַמעס. האָט ער קודם־כל געעפנט דאָס פענצטער: ער האָט זיך צוגעווינט צו פרישער לופט.

איז פייגע־פעסיע אויפגעשטאַנען און צוגעמאַכט דאָס פענצטער.

— משוגענער ייִד! איר וועט פאַרקילן מאיר־דודן!

ס'איז געווען אַן אויסרייד. זי האָט אַליין מורא געהאַט פאַר פריי־שער לופט.

האָט שניאור, אַן אויפגערעגטער, אַ הייזעריקער פון אויסשרייען די ביייעס פון טעלעגראַמעס, געגומען דערווייזן, אַז פרישע לופט איז גע־זונט, על פי שכל און על פי מעדיצין.

האָט פייגע ־ פּעסיע געגומען דערווייזן פאַרקערט.

האָט זיך אַריינגעמישט אין דער מחלוקת דאָס ווייטע געקלאָ־פּעריי פון אַ קוילנוואָרפער: ער ווייס אָבער, וואָס איז געזינטער.

ישראל האָט נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן. ער האָט געווענדט זיינע אויגן צו דינהן. זי איז געלעגן און געטראַכט, געלעגן און געוואָרט. זי האָט אויך נישט געהאַט ווו זיך אהינצוטאָן.

— קום צו שמואלן, דינה!

— גוט.

און אויף דער גאַס האָט געווימלט פון מענטשן. ישראל האָט פעסט געהאַלטן דינהן ביים אָרעם, כדי נישט צו פאַרלירן זי. איבערן טונקעלן הימל האָבן זיך אומגעדרייט און געקרייצט ריזיקע ליכט־שטראַלן. דאָס האָבן פּראָזשעקטאָרן געזוכט אַ דייטשן אַעראָפּלאַן. פון ערגעץ ווייט האָט דערלאַנגט דער צים־צאַם פון מעשענע טעלער: מיליטער איז געגאַנגען מיט מוזיק. אויף קראָקעווער פּאָרשטאָט איז געווען אַן אמתער יריד פון גאַסן־פרויען און דערנעבן, ביי דער מאַדאָנע, אויפן פּלאַץ, האָבן געברענט בלויע לאַמטערנעס און עטלעכע מנינים גלויביקע האָבן גע־קניט אויף דער גאַס און געזונגען תפילות. אַ קליין יוסיש זעלנערל, וואָס האָט ערגעץ דעם פּאַסיק פאַרלאָרן, האָט זיך געדונגען מיט די גאַסן־פרויען און געקנאַקט באַניקערן. ער איז נישט דורכגעקומען מיטן מקח און איז אַוועק צו דער מאַדאָנע קניען און מתפּלל זיין.

דינה האָט פּלוצלונג זיך מישב געווען: זי וויל נישט צו שמואלן, זי וויל צוריק אַהיים.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, דינה? וואָס מאַכסטו דיך נאַריש? קום!

— ווער? זי מאַכט זיך נאַריש? אַז זי איז אומרואיק פאַר די קינ־דער, מאַכט זי זיך נאַריש?

דינה איז אַריינגעפאַלן אין קאַרב פון באַליידיקונג און קאַפּריז, און צוליב אַ קלייניקייט. צוליב דעם, ווייל זי האָט זיך און ישראלן גע־

וואָלט איינשמועסן, אַז זי וויל צוריק אַהיים צוליב די קינדער. געוואָלט האָט זי צו שמואלן, אָבער אָן דעם באַגלייטער אירן. און ישראל האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין.

— אגב, אויב דיר איז עס נישט ניחא, דינהלע, קאָנען מיר גיין אַהיים.

ניין, איצט איז איר שוין אלץ איינס. זאָל זיין צו שמואלן.. מען גייט דאָך צו שמואלן.

ווען ישראל זאָל זיין אינטעליגענטישער, וואָלט ער זיך איצט גע־־אַרפּט איינשפּארן; דווקא אהיים. עס וואָלט געווען פיינלעכער, אָבער אַ גלייכע פּאָר וואָלט עס דאָך געווען. און אַ גלייכע פּאָר קאָן זיך אַמאָל אויפריידן. איצט זענען זיי געגאַנגען צו שמואלן, געגאַנגען געאָרעמט, טאַטע־מאַמע פון צוויי פּיצלעך קינדער און צוויי פרעמדע מענטשן.

ביי שמואלן האָבן זיי געטראָפן סלאַווען, די חברטעס האָבן זיך קאָלט באַגריסט. דינה מיט פאַרשנירלטע ליפּעלעך און סלאַווע מיט פאַרייניקטע שוואַרצע ברעמען ביים קנייטשל איבער דער נאָז.

אָבער סלאַוועס איצטיקע אומצופרידנקייט מיט דער חברטעס אָנקום האָט געשטאַמט גאָר פון אַן אַנדערן מקור. נישט פון דעם, וועגן וועלכן דינה האָט געטראַכט. סלאַווע האָט זיך באַשטעלט מיט שמואלן צוליב אַ וויכטיקן געשפּרעך, צוליב אַן עצה. און דינה מיט ישראלן האָבן מיט זייער אָנקום איבערגעריסן דעם וויכטיקן געשפּרעך אין דער מיט.

ישראל איז געקומען זיך אָפּרעדן דאָס האַרץ. גערעדט האָט מען, פאַרשטייט זיך וועגן דער מלחמה און וועגן איר מעגלעכן סוף. ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט מען זיך אָנגעברייט מיט געדולד אויף געציילטע וואָכן. איצט איז מען שוין פאַרקראָכן אין לאַנגע חדשים און מען זעט נאָך נישט קיין סוף. נישט נאָר פעלקער, רעגירונגען, אַלע קלאַסן זענען אריינגעצויגן אין דעם מלחמה־אימפּעט. דער אַרבעטער־קלאַס אויך. וואָס האָט דאָ צו טאָן דער אַרבעטער־קלאַס? ישראל האָט דאָס נישט געקאָנט תופס זיין און געזען די צוקונפט אין שוואַרצע פאַרבן.

שמואל איז אָבער געווען אָפּטימיסטיש. שמואל האָט געהאַלטן, אַז די מלחמה קאָן ברענגען צו גרויסע סאָציאַלע איבערקערענישן, צו רע־וואָלוציעס אַפילו. שמואל האָט גערעדט, ווי פון בוך אַרויס. ער האָט אַלעם ערשטן געלייגט האָפענונגען אויפן דייטשישן פּראָלעטאַריאַט.

סלאווע האָט זיך געזעגנט אַהיימצוגיין. באָרינקע וועט אָן איר נישט איינשלאָפֿן. און לעאָן קומט באַלד פֿון דער רעדאַקציע. שמואל האָט זי באַגלייט אויף די טרעפּ. דאָרט האָט ער זי ארומגענומען ביי דער טאַליע, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען ער האָט געשמועסט מיט אַ נאָענטער חברטע, און סלאווע, צוגעווינט צו דעם דאָזיקן שטייגער, האָט זיך נישט געוועהרט. זי האָט פֿאַרטרוילעך אים אַרויפֿגעלייגט די ווייכע האַנט אויפֿן אַקסל.

— נו, שמואל, וואָס וועסטו זאָגן וועגן דעם?

— איך האָב דיר שוין, אייגנטלעך, מיין מיינונג געזאָגט. דאָס פֿאַמיליען־לעבן איז אַן אָפּגעלעבטע אינסטיטוציע. עס ברענגט נישט קיין גליק, עס גיט נישט קיין פֿרייד.

שמואל האָט גערעדט ווי פֿון אַ בוך אַרויס, מיט דער פֿולער איבער־צייגונג, מיט אַ באַשטימטן דרוק אויף זיין צוהערערין.

דאָס געפֿיל פֿון זעלבסט־שוץ האָט אים צוגעגעבן דעם איבערצייי־גנדיקן טאָן, ווען ער האָט פֿאַרענטפֿערט סלאוועס האַרבע פֿראַגע וועגן פֿאַמילען־לעבן. גלאָט אין דער וועלט אַריין וועט דאָך אַ נאָענטע חברטע נישט שטעלן אים אַזאַ פֿראַגע. מסתמא האָט זי אַ מיין דערביי. מסתמא זיך מתקנא געווען אָן דינהס פֿאַמיליען־גליק. און, ווער ווייס, אפֿשר האָט זי איצט אַן אויג אויף אים, אויף שמואלן?

שמואלס פּרינציפּיעל־בחוריש הארץ האָט אַ ציטער געטאָן פֿאַר דער געפֿאַר. ער האָט באַשלאָסן אָנצונעמען אַ שטעלונג, און סלאווע האָט אויסגעהערט זיין נעגאַטיווע שטעלונג צום פֿאַמיליען־לעבן אָן איבעריקער קרענקונג. זי האָט געטראַכט, אַז דאָס רעדט ער אַזוי דערפֿאַר, ווייל ער האָט פֿארן אויג דעם טרויעריקן ביישפּיל פֿון איר שוועסטער מיט לעאָ־נען. אויף אַזוי פֿיל איז ער גערעכט, אָבער... זי האָט אויך געהאַט אַ שטעלונג.

און שמואל האָט דערווייל געטראַכט וועגן די גליקלעכע, אומגעפֿערלעכע צייטן, ווען זיי האָבן געשפּילט אַ ליבע זאַלבעדריט, ער סלאווע און דינה. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז דעם לאָמפּ פֿלעגט מען אינגאַנצן פֿאַר־דרייען און קושן זיך און האַלזן זיך אין דער פֿינצטער. ווי גוט עס איז געווען! דינהס צעבראָכן געלעכטערל אָדער סלאוועס אַן אָנגעגליט וואָרט, אַרויסגעשליידערט מיט אַ טיפֿער ברוסט־שטימע (אין אַזעלכע מינוטן פֿלעגט איר שטים באַקומען טיפֿע סאַמעטענע טענער) פֿלעגן ווי

זעלטענע שטיינער אין וואַסער אַריינפאַלן אין דער סודותדיקער שטיל־קייט. און אז דעם לאָמפּ האָט מען אויפגעדרייט, זענען געווען די פּנימער גליקלעך־צעפלאַמט, די אויגן האָבן געגלאַנצט אומהיימלעך ־ שטיפע־ריש און פאַרשעמט. ס'איז געווען פּיקאַנט און קרענקלעך, אָבער אָן סכנות. גליקלעכע, אומגעפערלעכע צייטן, ווען אַ פּרינציפּיעל־בחוריש האַרץ האָט פאַרשפּאָרט צו ציטערן פאַר דער געפאַר פון פאַמיליען־לעבן!

— שמואל! ווי מיינסטו, וואָס פאַר אַ מענטש איז לעאָן?

— לעאָן? וועלכער לעאָן? וואָס האָט דאָ לעאָן צו זאָגן?

ווידער האָט שמואלס האַרץ אַ ציטער געטאָן, דאָס מאָל — אָן אַנ־דער מין ציטער: אָט פאַרלירט ער עפּעס. אָבער מיטן פאַרלוסט באַ־פרייט ער זיך פון סכנה.

— הייסט עס: עס האַנדלט זיך גאָר וועגן דיר מיט לעאָנען? אזוי איז גאָר די מעשה?

— יאָ.

זיין האַנט האָט אומבאַהאָלפן זיך געקלאַמערט אַרום איר האַלז. אָט פאַרלירט ער זי! און ער וויל זי נישט פאַרלירן. אָבער זיין מויל האָט שוין געלויבט לעאָנען אין זיבעטן הימל אַריין. געוויס, טיילט ער נישט לעאָנס איבערצייגונגען, לעאָנס לעבלעכן, בירגערלעכן סאָציאַליזם. ער איז אָבער אַ מענטש מיט טאַלאַנט. יאָ, זיכער, און אַ מענטש מיט אַ ריינעם נאָמען. אָן צווייפל... און...

— הוראַ, לעאָן! האָסט מיך באַפרייט!

און:

— סטייטש, לעאָן! פאַרוואָס קומט עס מיר, זאָלסט עס באַרויבן?

די לעצטע געדאַנקען האָט שמואל, נאַטירלעך, נישט אַרויסגעזאָגט. אָבער סלאַווע האָט, ווייזט אויס, זיך אָנגעשטויסן אויף דעם ביטערן ויתרוצצו, וואָס ער האָט איצט אַדורכגעמאַכט. זי האָט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון איר האַלז צאַרט, אָבער אַנטשלאָסן. און שמואל, אָט דער באַלעזענער, אַלזייטיקער שמואל, וואָס האָט זיך לעצטנס פאַרלאָזט אַ בערדל, האָט זיך דערפילט מעשה יינגל קעגן איר. דוכט זיך אים: אַ צו טייערן פּרייז באַצאָלט ער פאַר זיין פּרינציפּיעלער בחורישער פרייהייט.

— האָסט אים ליב? יאָ? דו האָסט אים ליב?

ווען שמואל וואָלט בייגעווען אַמאָל די ביטערע סצענע צווישן באַ־

סיען מיט לעאָנען, וואָלט ער געזאָגט, אַז ער הערט איצט דאָס זעלביקע וואָרט מיטן זעלביקן ברוסט־טעמבר:

— אפשר...

סלאַווע האָט זיך געלאָזט פון שמואלן אַ קוש טאָן צום געזעגענען. זי האָט אָבער געבראָכן די טראַדיציע און נישט געענטפערט אויף זיין קוש.

5

# א מזלדיקער

שמואל איז צוריק אַריין אין צימער א צעקנייטשטער, אַ דענער־ווירטער. און אים האָט כמעט ווי באַליידיקט, וואָס ער האָט געטראָפן ישראלן מיט דינהן שטיין און לאַכן איינעם קעגן אַנדערן.

ישראל האָט געפּאָכעט מיט עפּעס אַ בריוו אין דער האַנט און דינה האָט געהאַט צו אים טענות:

— ווי איז דאָס אַ מענטש אַזאַ פאַרחושטער?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דעם בריוו האָט ישראל אָפּגענומען גייענדיק צו דער אַרבעט. ער האָט אים אַרומגעטראָגן צוויי טעג אין קעשענע און זיך ערשט דערמאָנט אין אים. דער בריוו איז געווען פון שייקען. ער האָט דעם בריוו געשריבן מיט אַ בלייפעדער, זיצנדיק אין ליימיקן שוץ־גראָבן. שייקע איז שוין געווען אַ געריבענער קריגס־מאַן. דריי שלאַכטן האָט ער שוין דורכגעמאַכט און איז נאָך געווען גאַנץ אויף אַלע אברים. ער האָט זיך געוויצלט און געוווּנדערט איבער דעם. דער עיקר האָט אים געוווּנדערט, וואָס ער קאָן בשום אופן נישט אָפּמשלען וואָס איז אַזוינס אַ שלאַכט. ער האָט זי נישט געזען, די שלאַכט. מען האָט געהייסן גיין אין אַטאַקע — איז ער געלאָפן. מען האָט געהייסן שיסן — האָט ער געשאָסן אויף גאָטס באַראָט. פאַרביין אויער האָבן געזשומעט בינען. זעלנער האָבן זיך אויסגעגליטשט און געפאַלן, אָבער שייקע האָט זיך אלץ געטראַכט: אויך מיר אַ שלאַכט! עס האָט לחלוטין געפעלט דאָס בילד פון דער באַ־טאַליע. עפּעס אַ וואָכעדיקע שלאַכט. און וואָס האָט אים געערגערט? וואָס אים איז באַשערט געווען צו פאַרגיסן זיין בלוט פאַרן פאָטערלאַנד אויף גאָר אַ מיאוסן אופן: אַ גרויסער פעלד־שטשור האָט אים אַ ביס געטאָן ביי דער נאַכט אין די ווייכע ערטער. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלד. מען

האָט געשמירט מיט יאָדינע און אויף מאָרגן איז ער געלעגן אויפן בויך, זעצן זיך נישט געקאָנט, און געדארפט צוהערן ווי עס לאַכט זיין באַטאַ־ליאָן, זיין ראָטע, זיין פּולק. ער איז געוואָרן פּאָפּולער אויף אַ האַלבן פראָנט... שרעק? פאר דער גאַנצער צייט האָט ער נאָר איין מאָל געזען די שרעק אין אַ פּאָר בלויע קאָזאקישע אויגן. דער קאָזאק איז נאָר וואָס געקומען פון אַ „ראַזוויעדקע״, ווו זיי האָבן איבערגעלאָזט צוויי חברים אויפן פעלד. אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ „קלאַפּטער אין די אַקסל״, ווי מען זאָגט ביי דעם רוס, איז געשטאַנען דער בלוי־אויגיקער קאָזאק און זיך געצלמט מיט אַ ציטערדיקער האַנט. צום ערשטן מאָל פאַר זיין לעבן איז ער געווען אין געפעכט. דער דייטשישער הוזאַר האָט זיך אים אונטער־געדרייט אונטער דער שווערד. האָט ער אַ פּאַך געטאָן מיט דער שווערד פון אויבן אַראָפּ און געבליבן נשתומם. פון הוזארישן פערד זענען אַראָפּ־געפאַלן צוויי האַלבע דייטשן. „האָספּאָדי פּאָמילוי!״ — ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט, דער קאָזאק, אַז אַ מענטש איז אַזוי ווייך...

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער וואַנט און דינה האָט אַ קוויטש געטאָן. מען האָט געהאַלטן אין מיטן לעזן שייקעס בריוו. שמואל איז אַרויס עפענען די טיר און צוריק איז ער אריין מיט דאָרעטשקען.

דאָס איז געווען אַ שטיקל איבעררײַשונג פאַר דינהן מיט ישראלן. ווי קומט עפּעס דאָרעטשקע אַהער? צי איז עפּעס אין דער היים נישט געשען?

ניין, דאָרעטשקע קומט נישט פון דער היים, זי קומט פון שטאָט. און אַן אויסזען האָט זי, ווי זי וואָלט געקומען פון דאָרף. פאַרשטויבט און אַרומגעצופט. זי זעצט זיך אַ מידע, זי פילט זיך גאַנץ היימיש. ווייזט אויס, אַז ביי שמואלן איז זי נישט צום ערשטן מאָל.

כדי אַ סוף צו מאַכן צו דינהס אָפענער פאַרוואונדערונג, הויבט שמואל אָן צו ריידן געשעפטלעך.

— איר האָט מיך טאַקע געפאָלגט, דאָרע. איר לאָזט זיך איבעררײדן. זייער גוט. ס׳איז אַ שווערער פּאָסטן, אָבער אַ גוטער. דער עיקר: מער דיסציפּלין סיי פאַר זיך, סיי פאַר די קינדער. דאָס זענען דאָך כמעט גאָסן־קינדער.

— גוט, שמואל, מיר וועלן נאָך ריידן וועגן דעם. אפשר האָט איר אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער. איך בין הונגעריק.

דינה מאַכט איר אַ פאָרוואורף:

— האָסט נישט געקאָנט גיין אַהיים אָפּעסן?

— כ'האָב נישט געוואָלט.

דאָרעטשקע זיצט אויף אַ הויכן טאַבורעט. אירע פיס אין די אויס־געקרימטע שיכלעך הענגען אַראָפּ, דערלאַנגען נישט צו דער פּאָדלאָגע. זי וואַרפט מיט די פיס, ווי אַ קאַפּריז קינד.

— כ'האָב נישט געוואָלט, בין איך נישט געגאַנגען.

שמואל האָט אַרויסגענומען פון שענקל ברויט מיט פּוטער, געשטעלט אויפן טיש. דאָרעטשקע האָט געגעסן מיט אַפּעטיט און געוואָרפן מיט די פיסלעך.

מען האָט געענדיקט לעזן שייקעס בריוו.

ישראל האָט געמאַכט אַ באַמערקונג.

— נישטאָ קיין העלדן ביי יידן. אָט, שייקע...

האָט זיך דינה הייס אָנגענומען שייקעס קריוודע. אין אירע אויגן איז ער אַ העלד. אין דריי שלאַכטן געווען. ווייסט נישט פון קיין שרעק...

— ניין, דינה, דאָס איז נישט קיין העלדישקייט. דאָס איז אפשר דרייסטקייט, אָבער נישט קיין העלדישקייט.

צו דינהס פאַרווונדערונג, האָט שמואל געהאַלטן מיט ישראלן.

— דאַרפסט וויסן, דינה, אַז יידן שלאָגן זיך אויף אַלע פראָנטן. שלאָגן זיך מוזן זיי. מען צווינגט זיי. אָבער די גאַנצע מלחמה האָט אין זייערע אויגן אַ פּנים פון חוזק. יידן זענען נישט קיין קריגס־פאָלק. ישראל איז גערעכט.

און ישראל האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל ער אַרויסזאָגן דעם געדאַנק, וואָס האָט אים געדריקט.

— איך וואָלט וועלן, איר זאָלט מיך פאַרשטיין, שמואל. דאָס זענען נישט קיין פּראָלעטאַרישע געדאַנקען. איך פיל, אַז איך בין קאַליע גע־וואָרן. איך וויל אָבער רעדן, ווי אַ ייד. מלחמה איז טאַקע אַ ווילדע זאַך. אמת. ווען אַ ייד אָבער זאָל האָבן פאַר וו אָ ס צו שלאָגן זיך, פאַר וו אָ ס צו קריכן אין פייער... דאַן, דאַן וואָלט עס געווען אַ גוטע זאַך. דאַן וואָלט אַזאַ שייקע געווען אַ העלד, נישט קיין ליץ, וואָס שפּילט זיך מיטן טויט. דאַן... איך אַליין וואָלט דאַן געלאָפן זיך שלאָגן.

— איר זענט מיליטאַריסטיש געשטימט, ישראל. אַ סכנה מיט אייך.

ישראל איז געווען ראָז, פאַרשעמט. איצטער איז ער בייז געוואָרן.

— מלחמה איז אַ ווילדע זאַך. יידן לאַכן פון מלחמה און זיי זעען נישט ס׳אַרא ווילדע ברואים זיי זענען אַליין.

— מיר זענען קינדער פון אַ דרייטויזנטיאָריקער קולטור.

— אַ ליגן! — ישראל האָט אַ זעץ געטאָן אָן טיש מיטן פויסט און מיט שנאה געקוקט שמואלן גלייך אין די אויגן אַריין. אויף די שלייפן האָבן זיך אים אָנגעגאָסן בלויע אָדערן. — אינטעליגענטישע בטלנות זענען אייערע רייד! דאָס גאַנצע פאָלק — אַן אינטעליגענטישער בטלן! דער ייד לאַכט, ווייל ער איז אַן אויסגעוואַרצלטער. עס פעלן אים די רויע, פּרימיטיווע חושים, וואָס ציען זיך, ווי וואָרצלען פון דער ערד. גיט מיר פּאַר וו אָ ס — גיי איך זיך שלאָגן!

ישראל האָט ווירקלעך געהאַט אַן אויסזען, ווי ער וואָלט זיך שיין די מינוט פאַרמאָסטן צו שלאָגן זיך און שמואל האָט זיך אַביסעלע אָפּגע־רוקט פון אים.

סיי דינה, סיי דאָרעטשקע האָבן געקוקט אויף ישראלן, ווי אויף גרויסע חדושים. פון וואַנען נעמט זיך דאָס צו אים אַזאַ כעס?

ס׳איז געוואָרן אומאַנגענעם שטיל. צי איז דאָס געווען אַ גרינג־שעצונג, צי אַ טאַקטישקייט. שמואל האָט נישט געוואָלט מער דעבאַטירן. דינה מיט ישראלן האָבן זיך געקליבן אַהיים.

— דו גייסט? — האָט דינה געפרעגט ביי דאָרעטשקען.

— כ׳האָב געטראָפן אַהער אַליין, איך וועל אַליין אַהיים טרעפן.

אויף דער גאַס האָט זיך געצויגן דער המשך פון אומאַנגענעמען, הילכיקן שווייגן.

דינה האָט דאָס שווייגן איבערגעריסן.

— ווי איז דאָס אַ מענטש אַזוי ווילד?

— שווייג!

איז דאָס געווען איין איינציק געשריי אויף איר, אפשר צום ערשטן מאָל, וואָס זיי קענען זיך.

און דינה האָט אַ ציטער געטאָן און זיך צוגעטוליעט צו איר מאַן, ווי אַ דערשראָקן קינד. צום ערשטן מאָל האָט זי דערפילט, אַז ער איז עלטער און חשובער פאַר איר. צום ערשטן מאָל האָט זי דערפילט, אַז זי האָט אים טאַקע ליב.

אויך ביי שמואלן אין צימער האָט נאָך זייער אָוועקגיין זיך געצויגן

דער המשך פון אומאַנגענעם שווייגן. שמואל האָט אומגעשפּאַנט איבערן צימער און דאַרעטשקע איז אים נאָכגעגאַנגען מיטן בליק.

ענדלעך האָט ער זי באַמערקט אין ווינקל אויף איר הויכן טאַבורעט. ער האָט זיך האַרטלעך צעלאַכט.

— וואָס... וואָס זיצט איר, ווי אַ כינעזישער מאַנדארין? פאַרוואָס רעדט איר נישט.

שמואל איז אַריבער אין אַ קריג־שטימונג. דער היינטיקער אָוונט איז געווען פאַר אים אַן אָוונט פון מפּלות. פריער סלאַווע, גאָר נישט די, וואָס אַמאָל. אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. האָט אים אָפּגעשטויסן... איצט דער... ישראל. אויך אַ גאַנצער קענער געוואָרן. וואָס טוט זיך דאָס?

— נו, דאָרע, איר נעמט אָן דעם פּאָסטן, צי נישט?

נאָך איר אויסדרוק האָט ער געזען, אַז נאָכן פּאָסטן אין דעם קינ־דער־היים יאָגט זי זיך נישט, נאָר זי וויל הערן ווי ער רעדט. אים איז אָנגענעם געווען דער בליק פון אירע בלויע אויגן, וועלכע האָבן זיך אָנ־געלענט אָן אים, ווי אויף דער לעצטער רעטונג.

דאָרעטשקע האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אָן טיש. דער אַרבל פון איר מאַנטל איז טאַקע געווען פאַרפּעצט און אַרומגעביסן, אָבער פון דעם דאָזיקן אַרבל האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַ האַנט אַ פּרעכטיקע, אַ האַנט — אַ געטאָקטע מיניאַטור, יעדעס פינגערל אויסצוקושן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען זי צורעדן צום פּאָסטן. און, רעדנדיק, האָט ער גענומען איר קליינע האַנט אין זיינע און זיך געשפּילט מיט אירע פינגערלעך. דאָס האָט אים מאָדנע באַרואיקט.

אַז ער האָט זיך שטאַרק צערעדט, איז ער אויפגעשטאַנען און גענו־מען זי גלעטן איבערן נישט פאַרקעמטן קאָפּ. דאָרעטשקע האָט זיך אַלץ אָנגעהאַלטן אָן אים מיט איר בלויען בליק.

און פּלוצלונג האָט זי אַ ציטער געטאָן און געזאָגט הייזעריק:

— שמואל, מיט מיר טאָר מען נישט אַזוי.

— וואָס — אַזוי?

— איר קענט מיך נישט, שמואל. מיך טאָר מען נישט אָנרירן. איך שעם מיך. איך בין אַ ווילדע.

— פאַרוואָס עפּעס, דאָרעטשקע? וואָס איז דען פאַר אַ חטא? זענט איר דען אַ צנועה?

— ניין, שמואל. איר קענט מיך נישט. איך קאָן אַריבערכאַפּן די מאָס. איך קאָן זיין גראָב, ציניש.

— וואָס? איך וואָלט עס וועלן זען.

— עס וועט אייך אָפּשטויסן פון מיר.

— אַ מאָדנע זענט איר, דאָרעטשקע. — און ער האָט זי אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

האָט זי פאַרהאַלטן זיין ליפּ מיט די ציין, אויסגעשטרעקט אַ האַנט און דעם לאָמפּ פאַרדרייט.

און איר שטים האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ זילבערנער לויטערקייט:

— שמואל׳, צערטל מיך!

6

## געשעפטן! געשעפטן!

דער חבר־באַלעבאָס האָט אָפּגעגאָלט זיין רונד בלאָנד בערדל, וואָס האָט זיך אַמאָל אַזוי פּלאַטשיק געוויקלט אַרום זיין פּנים, ווי אַ געל טיכל קעגן צאָן־ווייטיק. ער האָט איצט באַקומען דעם אויסזען פון אַן אָפּגעריסענעם שייגעץ מיט אַ טשוב. ער האָט שוין יאָ געהאַט אַ צוטריט צו ביסטריצקין און דווקא אין דער פּריוואַט־וווינונג און נישט אין די אויפנאַמשעהן. ער האָט געאַרבעט מיט ביסטריצקין בשותפות און חוץ דעם זענען זיי גלאַט געוואָרן גוטע פריינט.

— אַ. מאַיע אושאַנאַוואַניע, פּאַני באַסיאַ! וואָס האָט איר זיך אַזוי אויסגעפּוצט? אין דער אָפּערע אריין, וואָס?

באַסיע האָט אים אויסגעשטרעקט איר בלאַסע האַנט אַ קוש צו טאָן. זי איז געווען געצירט אין שוואַרצן סאַמעט.

— מיר גייען אויף אַ קאָנצערט, פּאַניע פּאָדלאַסקי. ביסטריצקי טוט זיך אָן. ער וועט באַלד אַריינקומען. זעט, פאַררעדט זיך נישט לאַנג. מירן פאַרשפּעטיקן.

— הם, אַ שאָד. כ׳לעבן. איך גיי אין דער אָפּערע. מען מוז אומעטום זיין. ס׳געשעפט פאָדערט.

— ביסטריצקי האָט אויך עפּעס געברומט, אַז ער מוז עמעצן טרעפן, אַ גראַף עפּעס...

— אַט, אַט... איצט איז די צייט, פּאַני באַסיאַ, איצט איז די צייט.

און, מאַכנדיק מיט די הענט, ווי אַ ווינט־מיל, האָט פּאָדלאַסקי זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעטאַנצט פון צימער — אַן אויסגעפּוצטער שייגעץ מיט אַ ווייסן גאַרס און מיט אַ טשוב.

מיטן שותף האָט ער זיך געטראָפן אין קאַבינעט. ביסטריצקי איז אויך געווען גאַלאַ, מיט אַן אויסגעשניטענעם וועסט און האָט אויסגעזען ווי אַ דיפּלאָמאַט און ווי אַן אָבער־קעלנער גלייכצייטיק.

זיין פּירקאַנטיק פּנים מיטן ברייטן מויל, מיט די אויגן פון אונטערן שטערן אַרויס האָט געהאַט גאָר ווייניק אַריסטאָקראַטישעס אין זיך. דאָס איז אין פּאַס. אָבער דערפאַר האָט ביסטריצקי געהאַט אַ פיינעם פּראָפיל. קורץ געשניצט, דער שטערן — ווי אַ דאַשיק איבער די אויגן, די קין רונד און שאַרף אַרויסגעשטעלט — אַן אדלער.

פּאָדלאַסקי אָבער האָט זיך מיט קיין פּראָפיל אויך נישט געקאָנט באַרימען. אַרום און אַרום — אַ קיילעכדיקער שייגעץ, מאָדערן אַרומגענייט, ווי אַ נייע פוטבאָל־פּילקע.

— אָ, דו ביסט עס, אשר? — ער האָט זיך געפּאָרעט מיט די שליסעלעך ביי דער קליינער אייזערנער קאַסע — נו, וואָס ווערסטו זאָגן?

— וואָס זאָל איך זאָגן? מען טראַסקעט. איך גיי אין דער אָפּערע. דו אין קאָנסערוואַטאָריום. ווו טרעפן מיר זיך?

— אין קאַפע, מיין טייערער. יאָ, אַ גוטע נייעס. מיט די זאָטלען גייט עס אויף אַ דרך. איך האָב שוין געהערט, אַז זיי טויגן נישט.

— טאַקע? זעסט שוין, אַז איך האָב אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, האַ?

באַסיע האָט אָנגעקלאַפּט און געעפנט די טיר.

— ביסטריצקי, מירן פאַרשפּעטיקן.

ס'איז געווען צווישן בקשה און באַפעל.

— באַלד, באַלד, מיין טייערע!

און די שותפים האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שנעלן סודותדיקן שמועס מיט האַלבע, נישט דעררעדטע ווערטער, ווי די וואָלטן געהאַט אויערן.

באַסיע האָט דערוויייל זיך אָנגעקוקט אין שפּיגל. זי האָט געקאָנט צופרידן זיין פון איר לייכטע, מיידלשע פיגור, נעט אַרומגענומען מיט שוואַרצן סאַמעט. פון דעם אויסשניט איז איר פולער האַלדז אַרויסגעוואַקסן, ווי אַ בלאַסע מאַרמאָרנע וואַזע. דער מאַרמאָר האָט נישט גע־

בלאַנקט, ער האָט געטראָגן זיין גרינלעכן שאָטן אין זיך. איינס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן: די לאַנגע בריליאַנטענע אויררינגלעך, וואָס זי האָט היינט אָנגעטאָן צום ערשטן מאָל.

מיט זייער הוצפּהדיקן גלאַנץ האָבן זיך אָנגעשטעקט אירע אויגן און אויך אָנגעהויבן הוצפּהדיק צו גלאַנצן.

— ביסטריצקי! צייט צו גיין!

דאָס איז שוין געווען אַ באַפעל.

ביידע שותפים זענען אַריין צעפּלאָמטע און צופרידענע פון זייער שמועס. ביסטריצקי האָט אַ בליק געטאָן אויף באַסיען און זיין שטערן האָט זיך אויף אַ רגע פאַר גדולה אַ הויב געטאָן איבער די אויגן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר ברייט געשמייכלט. פון די שטיגן איז מען אַראָפּ זאַלבעדריט און אויף דער גאַס זיך געזעגנט מיט פאָדלאַסקין.

באַסיע האָט זיך נישט געמישט אין ביסטריצקיס געשעפטן. ער האָט אָבער געהאַלטן פאַר העפלעך אַליין איר זאָגן עפּעס.

— פאַרשטייסט, באַסיניו, עס רוקט זיך אָן אַ גרעסערע זאַך, איך דאַרף זיך נאָך היינט זען מיט אים נאָכן קאָנצערט.

— אפשר שטער איך דיר? אפשר ווילסטו גאָר נישט גיין?

— חלילה!

אָבער באַסיע איז שוין געווען באַליידיקט. איז שוין דער אָוונט אויך נישט אינגאַנצן אירער. נאָר אַ געבאָרגטע פּאָר שעה. און ווייל ביסטריצקי איז געווען ווי אַ ווינטש־פינגערל, נישט צו כאַפּן אים, ניט איינצוהאַלטן נעבן זיך, האָט זיך באַסיען אויסגעוויזן, אַז זי וואָלט געווען פיל גליקלעכער, ווען זי קאָן אים וואָס לענגער נעבן זיך איינהאַלטן, הייסט דאָך עס: זי האָט אים ליב! אָבער צוליב איר וואָלט ער אַפילו אויפן קאָנצערט נישט געגאַנגען. שוין לאַנגע חדשים, אַז זי האָט קיין מוזיק נישט געהערט. און זי האָט דאָך אַזוי ליב בעטהאָווענען. זי האָט אַזוי זיך געפרייט מיטן היינטיקן קאָנצערט. איצט איז שוין די פרייד אויך פאַרסמט. זי גייט אויפן קאָנצערט, ווייל ביסטריצקי דאַרף דאָרט האָבן אוודאי עמעצן, וואָס איז אים נויטיק צום געשעפט.

און פונקט צו איר איצטיקער שטימונג האָט אָנגעהויבן רעגענען נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו כאַפּן אַ פיאַקער.

אין קאָנצערט־זאַל זענען געווען מיליטער־לייט מער ווי ציווילע. עס האָט זיך געדאַכט: אַלע אָפיצירן פון פראָנט האָבן זיך דאָ געראַטעוועט פון

געפאר און פון שלאקס־רעגן. אויף דער גאס האט געגאסן א מבול. און דא זענען געווען די ריזן־פענצטער פארהאנגען, נישט ארויסצולאזן אויף דער גאס די אנגענעמע ליכטיקייט פון עלעקטרישע קאנדעלאברעס. דא האט מען געשפילט בעטהאווענען און פליכן זענען געזעסן רייענווייז און זיך צוגעהערט, פארכישופטע. אויף דער וועלט איז אנגעגאנגען א פאר־פלייצונג. מענטשן האבן זיך געווייקט אין די פינצטערע, פארגאסענע שויך־גרובנס, מענטשן האבן זיך געווייקט אין דער פינצטערער וויסטעניש, אויף אנגעלאדענע פורלעך מיט בעטגעוואנט, מיט בעבעכעס, פארטריי־בענע, פאריאגטע פון זייערע היימען; בהמות, וואס האבן פארלוירן דעם שטאל, זענען געשטאנען אין פינצטערן פעלד, מיטן אויסגעבויגענעם רוקן צו די רעגן־בייטשן און נידעריק געדעדט צו דער ערד. אויף דער וועלט איז אנגעגאנגען א מבול. און דא איז געווען ליכטיק אין זאל, ליכטיק און פייערלעך. א זאל — א תיבה.

און געשווומען איז די תיבה איבערן מבול און אנגעפירט מיט דער תיבה האט בעטהאווען. וווהין פירט ער זי און וווהין וועט ער זי ברענגען — דער נוצלאזער גאון?

ביסטריצקי האט די גאנצע צייט געזוכט ווענען מיט די אויגן. ענד־לעך האט ער זיך צעשמייכלט.

— זעסט, באסיע! יענער אין די ברילן, דער גרויער, דאס איז גענע־ראל רודזסקי, און דער, פון רעכטס, מיט די באקן־בערד, דער אדיוטאנט זיינער, גראף...

דעם נאמען האט באסיע נישט דערהערט. זי האט געמאכט אן אומ־געדולדיקע באוועגונג, ער זאל איר נישט שטערן הערן די מוזיק.

אין פאיע, בעת דער פויזע, האט ביסטריצקי געהאלטן אויפן אויג רודזסקין מיטן אדיוטאנט.

ער האט פלוצלונג א צי־געטאן באסיען ביי דער האנט:

— זע!

און ס'איז טאקע געווען וואס צו זען. נישט זיי אליין האבן זיך גע־צויגן מיטן בליק צו דער אויסטערלישער סצענע.

נאך פריער האט זיך געהאט זיי געווארפן אין די אויגן א שלאנקע דאמע מיט א קליין פנימל און ווילד־צעקרייזלטע האר. קינדיש האט ארויסגעקוקט איר אויסגעטאקט פנימל מיט די גרויסע אויגן פון ריזיקן האר־געמאך. עס האט אויסגעזען: דער קאפ וועגט אריבער איר שלאנ־

קע פיגור. די דאַמע האָט געגלאַנצט מיט בריליאַנטן און געבלאַנקט מיט די גאָלדיקע אַקסלען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויקלט פון גרין־פאַרוועלקטן בראָקאַט. זי איז געשוועמען איבערן פאָיע אין דער באַגלייטונג פון אַ עלטערן הער מיט אַ פּליך פון אַ פּראָפעסאָר און מיט אַ נאַקן פון אַ קצב. ער איז איר נאָכגעגאַנגען הכנעהדיק, ווי אַ קו נאָך אַ קאַלב. און ס'איז געשען, אַז אין אומאויפהערלעכן שפּאַציר איבער דעם לאַנגן פאָיע האָט זיך דאָס דאָזיקע פּאָרל צוזאַמענגעטראָפן מיט רודזסקיס אַדיוטאַנט. און דאָס איז געווען די סצענע, וואָס האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט. סיי די דאַמע, סיי דער אַדיוטאַנט האָבן זיך פּלוצלונג אָפּגע־שטעלט, אָנגעקוקט, זיך צוריקגעצויגן און זיך אַ וואָרף געטאָן איינער צום צווייטן. זיי האָבן, דאַכט זיך, קוים זיך באַהערשט נישט צו פאַלן איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס. זיי האָבן ביידע עפּעס אויסגעשריען און האַרציק זיך געדריקט די הענט. דערביי איז געשטאַנען דער הער מיטן פּראָפעסאָרישן פּליך און געזוכט זיינע קעשענעס ווו די הענט אַהינצו־טאָן, זיין קצבישער קאַרק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בראַנד.

ביסטריצקי האָט פון אָנהייב געקוקט אויף דער גליקלעכער פּאָר און ברייט צוגעשמייכלט. פּלוצלונג איז אים פאַרלאָפן אַ קנייטשל צווישן די ברעמען. די דאַמע מיט די גאָלדענע אַקסלען האָט אים אויסגעוויזן באַ־קאַנט און ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווו ער האָט זי געזען. אויך האָט אים פאַרדראָסן, וואָס צוליב דער דאַמע וועט ער מוזן אָפּלייגן זיין באַגעגעניש מיטן אַדיוטאַנט, וואָס ער האָט אים נויטיק געהאַט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

שוין אָפּפירנדיק באַסיען אַהיים, האָט ער זיך פּלוצלונג אין דער קני אַ פּאַטש געטאָן און זיך צעלאַכט:

— צום טייוול! דאָס איז האַנקע!

— וועלכע האַנקע? — האָט באַסיע זיך פאַרוווּנדערט.

— נו, די הויכע דאַמע, וואָס האָט זיך אַזוי דערפרייט מיטן אָפיציר.

— קענסטו זי?

— אָ, איך קען זי זייער גוט, אויב דאָס איז זי. — ער האָט ווידער געצווייפלט. — אָבער ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין? ווי קומט אַהער האַנקע?

פּאָדלאַסקי האָט געוואַרט אויף אים אין קאַפע ביי דער אָפּערע. ווען ביסטריצקי איז, נאָכן באַגלייטן באַסיען אַהיים, אַריינגעקומען אין קאַפע,

האָט ער געטראָפן זיין שותף ביי אַ בעכער מאַזאגראַן מיט אַ פאַרשעמ־טער מינע, איבערן צעבראָכענעם שטרוי.

— נו, אשר, ווו איז דאָס די דאמע דיינע?

— זי האָט מיר אַנגעפייפט, ברודער. איך זאָל דיר בפירוש, זי האָט געזאָלט זיין אין דער אָפּערע. צוזאמען האָבן מיר געדארפט פאָרן אין „סאוואָי״. אַזוי האָבן מיר אָפּגעשמועסט מיט גאַריעלאָוון.

— און ווער איז גאַריעלאָוו?

— אַך, גאָט מיינער, ס'ארא קורצער זכרון ביי דיר! כ'האָב דאָך געזאָגט, אַז גאָריעלאָוו — דאָס איז איר מאַן, אַז זי הייסט מאַדאַם גאָ־ריעלאָווא. העלענא אָסיפּאָוונא גאָריעלאָווא, פון פעטערבורג.

— ווי אזוי? העל... העלענא! וואַרט נאָר. איר מאַן האָט אַ געשוירן בערדל.

— יאָ.

— אַ פּליך?

— איבער די אויערן.

— המ... ווי מען וואָלט אים אויסגעפּליקט די האָר פון קאָפּ און צו־געקלעפּט צו דער גאָמבע?

— דו קענסט אים?

— אשר, ביסט אַ טיפּש. זיי זענען געווען אויפן קאָנצערט.

— וואָס רעדסטו?

— איך ווייס וואָס איך רעד. געווען אויפן קאָנצערט און זיך גע־טראָפן מיט אונדזער חברה־מאַן.

— מיטן גראף פלאטען־מאיעווסקי?

— יאָ, און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דיין העלענא מיט אים זענען אַלטע באַקאַנטע.

ביסטריצקי האָט פאַר זיין שותף אָפּגעמאָלט די סצענע אין פאָיע פון קאָנצערט־זאַל. פאָדלאסקי איז פון אָרט געשפּרונגען. עס איז אים באַ־פאלן אַ נערוועזע איילעניש.

— קום... קום פאָרן אין „סאוואָי״! אפשר זענען זיי דאָרטן. איך מוז עס זען מיט מיינע אויגן...

ביסטריצקי האָט אַנגעקוקט זיין שותף שאַרף און פאַרדעכטיק.

— זאָג נאָר, בחור! צי ביסטו אַמאָל נישט פאַרליבט אין דער דאָ־זיקער העלענע?

— המ... רעדסט נאַרישקייטן. — פּאָדלאַסקי האָט אויסגעמיטן זיין בליק. און פּלוצלונג איז ער אַריין אין גרימצאָרן.

— און אויב פאַרליבט איז וואָס? קומט דיר אַרויס אַ חלק? ליבע, ברודער, איז נישט שותפות, און צום געשעפט וועט עס אונדז נישט שאַטן.

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין „סאַוואָי" און אַריין אין דער סאַמע געדיכטעניש פון רוסישן פּראַנט.

די טישן זענען געווען באַזעצט דורך מיליטער־לייט פון אַלע ראַנגען און פאַרמען, וועלכע האָבן זיך דאָ „באַפעסטיקט אויף די פריער־צוגעגרייטע פּאָזיציעס". אַ קליינע צאָל ציווילע, ווי אַן עקס־טעריטאָריע־לע מינדערהייט, און געווען צעשפּרייט און אויף קעסט ביי די מיליטערישע טישלעך. אייניקע ציווילע האָבן אויסגעזען ווי איבערגעטוענע מי־ליטער־לייט, אייניקע מיליטער־לייט — די רעזערוו־אָפיצירן, ווי איבער־געטוענע קרעמער און באַאַמטע. דאָמינירט האָט אָבער די עכט מיליטערישע ראַסע, אָנהויבנדיק פון די אנגליזירטע שטאַב־אָפיצירן מיט האַלב־פּראָפעסאָרישע, באַברילטע פּנימער און אויסגעלאָזט מיט די בערדיקע אַרמיי־קאַצאַפּעס מיט אָפּגעברענטע פּנימער און אויסגעבלייכטע, אָפּגע־פּאָלירטע שפּיציקע באַקן־ביינער. די ארמיי האָט געפּרעסן, געזויפן און גע־לאַכט אַ הילכיק־רוסישן געלעכטער, וואָס האָט דערמאָנט אָן קנאַקנדיקע קוילנוואַרפערס. ביי אייניקע טישלעך איז מען געגאַנגען אויף אַטאַקע און געשריען הורא. דער „סאַוואָי" ־ אָרקעסטער האָט געשפּילט דעם רו־סישן הימן און געצווונגען די הונדערטער פּאָר באַשטיוולטע, באַשפּאָ־רנטע פיס זיך צוזאַמענצוציען מיט אַ גערויש, און די נישט־ניכטערע גיפּים זיך אויפצוהויבן און אויסגלייכן. אַן אַלטער שיכורער פּאָלקאָווניק האָט נאָכדעם מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביים קאַפּעלמייסטער:
„גאָלובטשיק, טו דאָס נישט! וועסט קאָמפּראָמיטירן מיין עלטער!"

ביסטריצקי מיט פּאָדלאַסקין האָבן זיך געשאַרט צווישן די טישלעך מיט אַ היימישן „פּאַרדאָן", זוכנדיק די באַקאַנטע קאָמפּאַניע. די גאָריע־לאָווס האָבן זיי געפונען אין אַ זייטיקן פּאַווילאָן, ווייט פון דער מוזיק. מיט זיי איז געזעסן דער אַדיוטאַנט פלאַטען־מאַיעווסקי — אַ פּרעכטיקער קאָפּ קאַשטאַנען־האָר און צוגעשווירענע באַקן־בערד אַלאַ פּאַניאַטאָווסקי. נאָך אַ פּאָר מיליטער־לייט זענען געזעסן ביי דעם זעלביקן טיש.

פּאָדלאַסקי איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרלוירענער, געשטאַנען פאַר אַ האַרבן פּראָבלעם: מסחר אָדער ליבע? צו דער שיינער מאַדאַם גאַריע־לאָוואַ איז ער געווען גאָר נישט גלייכגילטיק פון ערשטן טאָג אָן, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט איר. אָבער מיט דער הילף פון דער דאָזיקער שיינער פרוי, וואָס האָט געוווּסט אַלע גענג און הינטערגענג אין די מי־ליטערישע הויכע פענצטער האָט ער שוין דורכגעפירט אַ פּאָר פיינע מסחרים. לעצטנס איז אים איינגעפאַלן, אַז דעם ענין מיט די זאַטלען, וואָס איז שטאַרק אָפּהענגיק פון פּלאַטען־מאַיעווסקיס עקספּערטיזע, אַז דעם דאָזיקן ענין וועט מען קאָנען דורכפירן מיט דער הילף פון מאַדאַם גאַריעלאָוואַ. פּלאַטען־מאַיעווסקי איז אַ גוטער ברודער און אַ גרויסער קאָרטן־שפּילער. אָבער אַמאָל צינדט זיך אָן אין אים דער האָנאָר און ער ווערט איינגעשפּאַרט ווי אַ נאַראָווויסטער פערד.

קלאָר ווי דער טאָג, אַז וואָס אַזאַ פּלאַטען־מאַיעווסקי וועט נישט טאָן צוליב קאָרטן, וועט ער זיכער טאָן צוליב די שיינע אויגן פון אַ מאַדאַם גאַריעלאָוואַ. און טאָן דאַרף ער אַ קלייניקייט, נישט קיין פעלשונג חלילה. אַלס איינער פון די ווינציקע עקספּערטן דאַרף ער זען צו פאַר־בראַקירן די ריזיקע פּאַרטיע יאַפּאַנישע זאַטלען, וואָס די פירמע „הער־קולעס" האָט צוגעשטעלט. די פירמע „הערקולעס", דאָס זענען אייגנט־לעך ביסטריצקי, פּאָדלאַסקי און נאָך אייניקע סוחרים. צו וואָס טויג דאָס דער פירמע צו האָבן היזק פון אַ פאַרבראַקירטן ריזן־טראַנספּאָרט — דאָס איז שוין איר זאַך. די זאַטלען זענען פּרעכטיקע, זיי האָבן אָבער אַ פלאַכע קאָנסטרוקציע און די רוסישע רייטער זענען צו זיי נישט געוווינט. דאָס איז דער מאָטיוו צום פאַרבראַקירן פאַר דער עקספּערטיזע. דאָ קאָן מען געהאָלפן ווערן דורך פּלאַטען־מאַיעווסקיס וואָרט און מאַדאַם גאַריע־לאָוואַס שיינע אויגן. ווען איז דאָס גערעדט? — ווען די באַקאַנטשאַפט פון דעם אַדיוטאַנט מיט דער דאַמע קומט דורך אים, דורך פּאָדלאַסקין.

אָבער דער אַדיוטאַנט מיט דער מאַדאַם גאַריעלאָוואַ — זעט ער — זיצן גאָר ביים טיש איבערגעבויגן איינער צום אַנדערן, ווי אַ פּאָר אַלטע, האַרציקע גוטע פריינט. זיי רעדן צווישן זיך אַזוי אינטים, זיי שמייכלען זיך איבער אַזוי אָפן, ווי דערביי וואָלטן גאָר קיין זייטיקע נישט געווען.

שטייט טאַקע פּאָדלאַסקי אַ פאַרלוירענער, געפּרעסן פון פאַרדרוס און פון אייפערזוכט און טראַכט זיך:

— אָט דאָס הייסט שלעכטע פיש געגעסן און פון שטאָט אַרויס־געטריבן.

גאַריעלאָוו האָט אים דערזען און פרייַנטלעך צוגערופן. זיי האָבן זיך געדריקט די הענט, ווי צוויי אומגליקס־חברים. פּאָדלאַסקי האָט פאַרגע־שטעלט זייַן שותף און די דאַמע האָט אים באַגריסט מיט אַ פרעמד־העפלעכן אויגן־שמייכל. ביסטריצקי האָט שוין מער נישט געצווייפלט, אַז דאָס איז האַנקע, אַזוי ווי ער איז אָבער געקומען אַהער נישט צוליב דער דאַמע, נאָר צוליב געשעפט, האָט ער זיך קודם־כּל פאַראינטערע־סירט מיט דעם געשעפרעך, וואָס גאָריעלאָוו האָט געפירט מיט די אַנדערע צוויי אָפיצירן. גאָריעלאָוו האָט גערעדט באַזאַכט און צעצויגן, ווי אַן אַלטער, גענויער געשעפטסמאַן, וואָס זייַן וואָרט דאַרף זייַן פעסט און דעמאָנסטראַטיוו ערלעך ווי אַ זיכערער ווינקלשטיין אויף צו בויען אַ קלויסטער. ער האָט צייַט געהאַט זיך צו פאַרציען, ער האָט צייַט געהאַט צו שוועבן איבער האַנקעס גאָלדענע אַקסל מיט אַ פאַרליבטן, פאַר־שמאָלצענעם בליק און דעם פאָדים פון געשפרעך האָט ער נישט אַרויס־געלאָזט. ער האַלט, אַז די צעשאָסענע בריק אויפן נאַרעוו איז נאָר אַ שטערונג פאַר די מיליטערישע באַוועגונגען. די אַקציען־געזעלשאַפט, וואָס ער איז איר פאָרשטייער, וואָלט זיך גערן געלאָזט אין אונטער־האַנדלונגען אַראָפּצונעמען די בריק אויף שמעלץ.

דאָס וואָס זייַן ווייַב קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון דעם שייַנעם אָפי־ציר האָט אים, אין גרונט גענומען, הנאה געטאָן. ער האָט נאָר געמאַכט אַן אָנשטעל פון באַליידיקטן אומשולד, ווען צו זייַן אויער זענען דער־גאַנגען זייַער פאַמיליערע: פאַניע אַדאַסיו, פאַני האַנקאַ!

ס׳ווערט טויגן צום געשעפט. צוליב געשעפט איז ער דאָך אַראָפּגע־קומען אַהער מיט זייַן רוסישער ברייטקייט און פעטערבורגער קאָרעקט־קייט. צוליב געשעפט דאַרף ער אַרויסווייזן צו זייַן ווייַב די פולע טאָלע־ראַנץ.

גאָריעלאָוו האָט מיט אַ רחבותדיקער גראַציע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום אָבערקעלנער און באַשטעלט שאַמפּאַניער. אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך אין גרויסן זאַל אָנגעהויבן אַ גערודער, אַ טופּען און שאַרן מיט די פיס און ס׳איז דאָרט פּלוצלונג שטיל געוואָרן ווי אין אַן אויער. די מוזיק האָט זיך איבערגעריסן אין מיטן שפּילן, און אין דער שטילקייט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט איין שטים, וואָס האָט געקלונ־

גען, ווי אַ געפּלאַצטער מעש. די שטים האָט פאַרקלונגען מיט אַ העפ־טיקן רוסישן מי שברך. ביסטריצקי האָט אָנגעקוקט זיין נייע באַקאַנטע. די אָפיצירן זענען געזעסן פאַרגליווערט און בלאַס. ביי דער טיר, וואָס פירט צום זאַל, איז שוין אויסגעוואַקסן אַ געזעמל.

אויך ביסטריצקי האָט אַ שפּרונג געטאָן צו דער טיר. אַ מאָדנע בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער איבערפולטער זאַל. אַלע מילי־טערישע געסט זענען געשטאַנען אויסגעצויגן ביי זייערע טישלעך, אַלע מיטן פּנים צום הויפּט־אַריינגאַנג, אַלע פאַרשטייפט, ווי פאַרצויבערטע. און אַ הויכער גענעראַל מיט אַ גראָ בערדל האָט געשפּאַנט אויף אַ פּאָר לאַנגע פיס, געמאַכט גרויסע טריט, ווי אַ שפּין פון איין אויסגעצויגע־נעם אָפיציר צום צווייטן און מיט דער לאַנגער האַנט אין דער ווייסער הענטשקע געטיילט פּעטש אין די פאַרשטייפטע באַקן.

— וואָס טוט איר דאָ, הינטישע זין, אין אייער מאַמען אַריין! אויפן פראָנט! די מינוט אויפן פראָנט!

— איך האָרך, אייער דורכלויכט!

און דער געפּאַטשטער אָפיציר איז ווייטער געבליבן שטיין אַ פאַר־גליווערטער.

ביסטריצקי האָט געהערט, אַז דער הויפּטקאָמאַנדיר, ניקאָלאַי ני־קאָלאַיעוויטש מאַכט פון צייט צו צייט רעוויזיעס אין די וואַרשעווער נעסטן פון שיכרות. געזען אָבער האָט ער עס צום ערשטן מאָל. און ער איז געווען אַנטציקט, ווי פון אַ זעלטענער מיסטעריע.

ווען ער האָט זיך אומגעקוקט אויף די הינטערשטע טישלעך, האָט ער דערזען, אַז דער פּאַווילאָן איז כמעט ליידיק. די אָפיצירן זענען אַנט־לאָפן דורך דער הינטער־טיר, און די עטלעכע ציווילע לייט זיצן ביי אַ פרידלעכן שמועס, ווי מענטשן זייטיקע, וואָס ווילן זיך נישט מישן אין מיליטערישע ענינים.

אונטער דעם רושם פון דער עפעקטער סצענע האָט ביסטריצקי זיך צוריקגעקערט צום טיש פון די גאַריעלאָווס אַ פאַרשיכורטער. מען האָט געשוויגן און געשמייכלט. נאָר האַנקעס גרויסע אויגן זענען געהאָנגען אין רוים, ווי פאַרהיפּנאָטיזירט. גאַריעלאָוו האָט מיט אַ רחבותדיקן זשעסט צוגערופן דעם „אָבער" און געבעטן אַ רעכענונג.

שפּעט ביידערנאַכט איז נאָך ביסטריצקי געזעסן ביי זיך אין קאַבי־נעט און שטום געשמייכלט. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען דאָס

פּרעכטיקע בילד מיט אויסגעצויגענע אָפיצירן און געשעפטלעך־פּאַטשנ־דיקן לאַנגן קריגס־קאָמאַנדיר. געפעלט האָט נאָר די מעשענע שטים. האָט ביסטריצקי זיך אויפגעהויבן, זיך אומגעקוקט און זיך אָפּגעשטעלט מיט די אויגן אויפן איינציקן בילד, וואָס איז ביי אים אין קאַבינעט געהאָנגען. דאָס איז געווען באַקונינס פּאָרטרעט.

האָט ער געמאַכט אַ פּאָר לאַנגע טריט צו באַקונינען, אויסגעצויגן די האַנט, אויף ווי ווייט ער האָט געקאָנט און זיך פאַרמאָסטן אויף אַ פּאַטש.

— אויפן פראַנט, הינטישער זון, אין דיין מאַמען אַריין! וואָס טוסטו דאָ?

## 7

## פאַרוואָס וויינט טאַטעשי?

לעאָן ברוינער האָט געהאַלטן אויף דער קני זיין זעקס־יאָריקן זון, אַרומגענומען און צוגעטוליעט צו זיך.

פון דעם קינדס קערפּערל האָט אינאיינעם מיט דער וואַרעמקייט זיך אַריינגעגאָסן אין זיין האַרץ אַ שטילע, נאָגנדיקע טרייסט. ווען ער זאָל וועלן דאָס געפיל איבערגעבן אין ווערטער, וואָלט זיך אומגעפער אַזוינס באַקומען:

אַ קינד איז אַ וועלט. אַ קינד איז — האָפענונג. אַ ניי לעבן. נישטאָ קיין אייביקע פינצטערניש, ווען עס בליט אַ פונק פון אַ ניי לעבן. עס קייטלט זיך דאָס לעבן. נעכטן — ליכטיק, היינט — פינצטער. מאָרגן קאָן ווידער אויפשיינען די זון. דער, וואָס גייט אַוועק, פילט נישט. דער, וואָס בלייבט — דאַרף זיך ווענדן צו דער האָפענונג.

באָרינקע איז געזעסן שטיל און ערנסט, איבערגעגעבן דעם תענוג פון זיין פאָטערס טרויעריקער צערטלעכקייט. אינאיינעם מיטן פאָטער האָט ער זיך לאַנגזאַם געוויגט הין און צוריק און געטראַכט האָט ער וועגן די ווונדערבאַרע אַעראָפּלאַנען, וואָס פליען אַזוי הויך און ברומען אַזוי ווייט, און לויטן ברום איז שווער זיי אויסצוגעפינען אין הימל. פלוצלונג האָט באָרינקע דערפילט אויף זיין בעקעלע אַ וואַרעמען טראָפּן. ער האָט אַ ווישׁ געטאָן מיטן הענטעלע — נאַס. ער האָט זיך אומגעקוקט

אויפן טאַטעשי.ביים טאַטעשי איבער דער נישט־ראַזירטער באַק איז גערונען אַ טרער. דער טאַטעשי וויינט. באַרינקע האָט נישט געגלייבט, אַז אַ טאַטע קאָן וויינען. ער האָט האַסטיק אַראָפּגעצויגן ביים טאַטן די גאָלדענע פּענסנע פון דער נאָז און פאַרקראָכן מיטן הענטל צו די אויגן, זיך דערקונדיקן. נאַסע אויגן, דער טאַטעשי וויינט. האָט דאָס קינד זיך איבערגענומען מיט שרעק:

— טאַטעשי! טאַטעשי! וואָס וויינסטו?

אָנשטאָט צו באַרואיקן, האָט אים דער טאַטעשי געענטפערט:

— דער טאַטעשי וויינט, מיין קינד... ער וויינט, ווייל... אַ פעטער איז אַוועקגעפאָרן. אויף אַלע מאָל...

— ער וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען?

— ניין.

— און ווער איז ער, דער פעטער? איך קען אים נישט?

לעאָן האָט צוגערוקט צום קינד דאָס בילד, וואָס איז געשטאַנען אויפן שרייבטיש אין אַ ראַמעלע.

דעם פעטער מיט די גראָבע וואָנצעס האָט באַרינקע געקענט. ער האָט זיך נישט געקאָנט גלויבן, אַז דער פעטער איז אַוועקגעפאָרן אויף אַלעמאָל.

— טאַטעשי, וויין נישט. פעטער פּרץ וועט צוריקקומען. פעטער פּרץ איז אַ גוטער.

— ניין, מיין קינד, ער וועט שוין נישט צוריקקומען. ער קאָן שוין נישט צוריקקומען.

איצט האָט באַרינקע צוגעדריקט דאָס בילד צו זיך און אויך גע־וויינט. און לעאָנען איז געוועזן טרייסטיק־ליב, וואָס זיין קליינער זון העלפט אים באַוויינען דעם גרויסן פעטער פּרץ.

ער האָט געגלעט און געצערטלט דעם קינדס קעפּעלע און געטור־ליעט עס צו זיך, געפּרוווט באַרואיקן:

— מיין קינד! וויין נישט מער, מיין קינד!

נענדיק איבער פּרצעס בילד, האָט זי זיך אָפּגעקערט צו דער וואַנט און

ס׳איז אַריינגעקומען סלאַווע, און דערזען לעאָנען מיטן קינד וויי־נענדיק איבער פּרצעס בילד, האָט זי זיך אָפּגעקערט צו דער וואַנט און גענומען שטיל צוקן מיט די אַקסל. לעאָן האָט איר איבערגעגעבן דאָס קינד, אויסגעווישט די אויגן און זיך פאַרנומען אַוועקצוגיין. דער לוויה־

קאָמיטעט האָט געזאָלט אָפּהאַלטן אַ זיצונג אין דער וווינונג פון פאַר־שטאָרבענעם דיכטער.



אויף אַ הויכן שוואַרצן פּיעדעסטאַל, צווישן טראָפּישע געוויקסן און ברענענדיקע ליכט, איז געלעגן דער טויטער פּרץ אין זיין גרויסן קאַבי־נעט, וועלכער איז איצט אַזוי ענג געוואָרן. די שווער־פאַרהאָנגענע פענצ־טער און די ברענענדיקע ליכט האָבן דאָ גענומען אין געפענגעניש אַן אַלטע יום־כיפור־נאַכט. אַ פּאָר פריינט קינסטלער האָבן ערפורכטיק גע־צייכנט דעם טויטן, פאַראייביקנדיק אויפן פּאַפּיר צוזאַמען מיטן דיכטער די טראָפּישע געוויקסן און די ליכט. און אַן אַלטער ייד איז געזעסן אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע, וואָס האָט אים געפּלאַצט אויפן ברייטן הויקער. געזעסן און געשאָקלט זיך מיט דער ווילדער באָרד איבערן תהלים. און די באָרד און דער ייד און זיין געפּלאַצטע קאַפּאָטע — אַלץ איז גע־ווען גרין, ווי פון לאַנג שוין געשימלט אין קבר און איצט אַרויסגעצויגן אויף דער שיין פון יום־כיפור־ליכט.

אַן ערנוואַך איז געשטאַנען ביי דער טיר און אַריינגעלאָזט די יידי־שע גאַס, וואָס איז געקומען זיך געזעגענען מיטן דיכטער. לעאָן, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר אומאָרדנונג, האָט די יידישע גאַס נישט דער־קענט. אַ שטילע, אויף די שפּיץ פינגער, האָט זי פּאָרכטיק פאַרבייגע־טראָגן פאַרביי דעם הויכן פּיעדעסטאַל אירע דאַנקבאַרע אויגן און פאַר־ווייטיקט האַרץ. פון צייט צו צייט אַרויסגעטראָגן אַ פאַרשטיקטע טרער. די גאַס האָט זיך געצויגן דורכן צימער ווי אַ שאָטן. די גאַס האָט זיך אויסגעלערנט צו טרויערן אין דער שטיל. און ווי אַ זעמדעלע פון דער יידישער גאַס, האָט לעאָן זיך פאַרשטעקט אין אַ פינצטער, זייטיק חדרל און אונטערן שטילן געררויש פון די אומאויפהערלעכע טריט זיך אויך אין דער שטיל אָפּגעגעבן מיט זיין טרויער. געטרויערט האָט ער נאָך אַ פריינט. אָט אין דעם קליינעם חדרל איז דאָס געשען, ווען פּרץ האָט אים אַריינגערופן, די טיר פאַרמאַכט און אָנגעשטעלט אויף אים זיינע פאַרשנדיקע קלוגע אויגן.

— זאָגט מיר לעאָן, וואָס איז אייך געשען? מיט אייך איז עפּעס געשען אַ שלעכטע מעשה. איך האָב עס דערקענט גלייך, ווי איר זענט אַריינגעקומען.

און געווען איז עס דאָן, ווען לעאָן איז אַוועק פון דער היים. ווער ווייסט, ווי ער וואָלט עס איבערגעלעבט, ווען נישט אַ פריינטס אויפ־ריכטיקע מיטלייד. דאָס האָט ער פרצן פּאָרטרויט זיין שווער געמיט. דאָס האָט אים פרץ געהאָלפןליידן. איצט ליגט ער דאָרט אַ שטייפער אויפן הויכן פּיעדעסטאַל, דאָס פּנים איינגעקנייטשט פון דער גיפּסענער טויטן־מאַסקע, וואָס מען האָט פון אים אַראָפּגענומען, צוגעפלאַטשיקט די וואָנצעס און אָפן דאָס מויל מיט די גאָלדענע ציין. לעאָן דערמאָנט זיך עמעצנס אומהיימלעכן הונגער־בליק אויף די דאָזיקע גאָלדענע ציין, וואָס קוקן פון טויטן מויל אַרויס...

ער ציטערט אויף און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים. אַפילו מיט זיין טרויער קאָן ער זיך איצט נישט אָפּגעבן אינגאַנצן. עס דריקט אים די גראָע זאָרג, אַז די לוויה זאָל דורכגיין בשלום, עס זאָל נישט זיין קיין אומכבוד פאַרן מת. לעאָן גלויבט פּאָרט נישט, אַז די יידישע גאַס, וואָס האָט הונדערטער יאָרן געלעבט אָן פאָרם, זאָל איבער דער נאַכט ווערן אַן אַנדערע און קאָנען באַגלייטן איר דיכטער מיט ווירדע.

די לוויה איז אָבער צוגעגאַנגען כשורה, יוגנט מיט רויטע און מיט ווייס־בלויע בענדער אין קרעפּ האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט אין אַ ריזן־קייט פוןביידע זייטן גאַס. און פון ביידע זייטן אַ וואַנט פון יידישע פּנימער, אַ וואַנט פון שוואַרצע קאַשקעטן, צוגעשמידט צום אָרט. לעאָן האָט אָפּגעלייגט זיין טרויער אויף שפּעטער, ווען ער וועט קומען אַהיים. ער איז געווען צווישן די אָרדנער. ער איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין אויג און אין אויער, אינגאַנצן אָנגעשטרענגט ווי אַן אָנגעצויגענער בויגן.

ער האָט יעדע רגע דערוואַרט, אַז די פאַרשטיינערטע ווענט וועלן אַ ציטער טאָן, אַז די קייט וועט זיך איבעררייסן, די לוויה וועט זיך אָפּשטעלן, עפּעס וועט געשען. עפּעס מוז געשען.

און ס׳איז געשען דאָס, פאַרוואָס ער האָט אַזוי מורא געהאַט. די עגלה האָט זיך פאַרהאַלטן אין פלוצלונגן געדראַנג, די קייט פון פייער־לעכער שטילקייט האָט געפּלאַצט. עס האָט זיך דערנענטערט אַ האָגל פון טומל און געשרייען.

לעאָן האָט זיך געלאָזט לויפן צו דעם טומל און געדרענג, צו דעם אָרט, וווּ די קייט איז געווען איבערגעריסן. און ער האָט דערזען:

אַ גרויסער מיליטערישער אויטאָמאָביל מיט אָפיצירן און ציווילע

האָט זיך איינגעקנאָטן אין דער שוואַרצער יידישער מאַסע און זיך דורכ־געשגיטן אַ וועג אין דער קוועך. די אָפּיצירן זענען געווען טויט־שיכור. זיי האָבן געזדראָט מיט רעוואָלווערן פאַר וועלן פאַרהאַלטן דעם שאָפער. לעאָן האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דאָס לשון האָט אים אָפּגענומען. ער האָט זיך געטראָפן מיט די אויגן מיט דער דאַמע, וואָס איז געזעסן אין אויטאָמאָביל. דאָס איז געווען באַסיע. נעבן איר — ביסטריצקי. ביידע שיכור.

אויף אַ רגע האָט אין באַסיעס אויגן אויפגעבליצט אַ ניכטערקייט און שרעק. זי האָט אָנגעכאַפּט ביסטריצקין ביי דער האַנט. געוואָלט, דאַכט זיך, אַראָפּשפּרינגען. און אפשר האָט זיך דאָס לעאָנען אויסגע־וויזן. ער האָט גאָרנישט מער געדענקט. מען האָט אים געבראַכט אַהיים צופירן אַ פאַרחלשטן. און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער נאָר געקאָנט שרייען:

— אוי־אוי! אוי־אוי־אוי! — און זיך שלאָגן מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט און זיך רייסן דאָס העמד אויף דער ברוסט.

ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט מען אַריינגעפירט באַריג־קען. האָט זיך לעאָן פאַרשטעלט דאָס פּנים און אָנגעהויבן שרייען:

— נעמט אים אַוועק!

דאָס קינד מיט די מאַטע בעקעלעך און גרויסע, שווייגנדיקע אויגן איז געווען אַזוי ענלעך צו באַסיען. לעאָן האָט גאָר ביז איצט נישט גע־פילט, ווי שטאַרק עס קאָן זיין אין אַ מענטשלעך האַרץ די האַס און שנאה.



שייקע האָט צוגעשיקט פון פּראָגט אַ לידל אַזאַ:

אַריבער די שלאַכטן, ס'איז שטיל אויף דער וועלט.
מען הערט נאָר די ווערים אין קבר ביים שכן,
דאָס שפּראָצן פון גרעזער פון אויבן, אין פעלד...

ווהין ביסטו, יידל, אין קבר פאַרקראָכן?
מען קאָן דאָך דאָ אויסגיין צו הערן אַ וואָרט.
און אפשר אַ קלאַפּ טאָן אין קבר צום שכן?

אַ קלאַפּ און אַ פרעג און מען ענטפערט אים: טשאָרט!
אַ קלאַפּ אין אַ צווייטן — באַ ניץ ניע ראַזומיעם!
אין דריטן — אַ בת־קול: פאַרפלוכטער, גיי פאָרט!

און ליגן אַזוי, ביז משיח וועט קומען?

8

## געהאַנדלט אַ מציאה

אידע, דערזען אַז אשר גייט אַוועק:

— פליסט שוין ווידער?

— ס'געשעפט, מיין טייערע!

— פוסטע גליקן, נעכטיקע טעג. די פאַבריק וועט גיין צו גרונט, געדענק מיין וואָרט!

— ע—עט!

— און וואָס מיינסטו דיר: איך וועל דיר היטן די פאַבריק און דו זאָלסט אַרומלויפן שדים ווייסן ווו און מיט וועמען? מיין כפרה איז עס!

פאָדלאַסקי, וואָס האָט איצט שוין געהאַט אַ פּנים נישט פון אַ שייגעץ, נאָר פון אַן אָפּגעפרעסענעם אַמעריקאַנער, האָט געפּרוּווט מאַכן אַן ערנסטע מינע.

— מיט וועמען, אַ שטייגער, זעסטו מיך דאָס אַרומלויפן?

אידע האָט זיך פאַרגאַלאָפּירט. זי האָט געוואָלט זיך איינהאַלטן און שוין נישט געקאָנט.

— לויף, לויף צו דער מאַדאַם גאַריעלאָוואַ דיינער — אַז ברענען זאָל די ערד אונטער אייך אינאיינעם — האָט זי צוגעגעבן אַ יידישן פּירוש צו דעם רוסישן פאַמיליען־נאָמען.

אידע איז געווען אויפגעבראַכט און אייפערזיכטיק ביז גאָר. און ערשט איצט האָט איר ליידנשאַפטלעך־זוניק פּנים מיט זיין כעסדיקן אויסדרוק געהאַט די פולע פאַרענטפערונג. ערשט איצט איז אידע געווען אידע. און דאָס רויכל פון די קאַפּריזנע האָר, וואָס זענען געפלויגן אַרום איר קאָפּ אין אַלע זייטן, האָט אונטערגעשטראָכן אין איר דאָס מכשפהלע. זי האָט אָבער צורעכט געמאַכט די האָר מיט אַ צאַרטן, אויפריכטיקן זשעסט:

„אַזאַ בין איך שוין. נעם נישט פאַר אומגוט...״

אשר האָט זיך געחידושט. אידע, זיין קלוגע אידע, זיין פירערין און דעה־זאָגערין, די מאַמע פון זיינע קינדער! וואָס איז געוואָרן מיט איר? ער האָט דאָך פון איר קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געהערט?

אשר האָט אָבער איינגעפונען, אַז איצט איז די צייט זיך צו באַ־ליידיקן, נישט צו חידושן זיך. האָט ער זיך געצוואונגען אַ געשריי צו טאָן, און אַ טופע צו טאָן מיטן פוס.

— רעד נישט אַזוי וועגן אַ מענטשן, וואָס דו קענסט אים נישט, הערסט?

איז זיין געשריי אַרויסגעקומען מער דערשראָקן ווי שרעקנדיק און זיין טופע מיטן פוס איז שוין געווען גאָר מעשה חדר־יינגל. ער האָט עס אַליין געפילט און האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט פון צימער, דער ניי־געבוירענער אַמעריקאַנער.

יאָ, אידע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן מאַנצבילשן יאָך פון טאַקט און אויסגערעכנטקייט. זי האָט געהאַט אַ כוח יאָרן־לאַנג נישט אויסצוטאָן די מאַסקע פון אַ געזעצטער פרוי. כאָטש דאָס פנים האָט זי פאַרראַטן. געוויס איז אידע געווען אַ מענטש פון שטאַרקער ליידנשאַפט. זי האָט אָבער מיט זיך נישט געפּעלשט. איר ז אַ ט ק יי ט האָט איר צוגעהאָלפן צו פירן אַזאַ לעבן ווי זי האָט געפירט. אַנשטאָט געשליידערט צו ווערן אויף די כוואַליעס פון בלינד'ע ליידנשאַפטן, האָט זי איר גאַנצע ליידנשאַפט אַריינגעטאָן אין ווילן. זי האָט געבויט פאַר זיך אַ הויז, געשאַפן פאַר זיך אַ ווילשטאַנד, דערצויגן קינדער. אַפילו אַ מאַן פאַר זיך דערצויגן, איבערלאָזנדיק אים זיינע אייגענע געניג אויף אַזויפיל, אַז זי זאָל נישט דאַרפן צו זיך קיין טענות האָבן: זי האָט אים צעבראָכן.

הינטער זיין אייביקן פּלאַנעווען פּלענער און ליפּטיקע סוחרישע קאָמבינאַציעס איז אָבער שטענדיק געשטאַנען אי'ר פּראַקטישער שכל און אויסגעפירט דאָס, וואָס מען האָט געדאַרפט און נאָכגעגעבן דאָרט, ווו עס האָט געלוינט... און אַז עס האָט געלוינט, איז פון דער אַמאָליקער פאַנטאַסטישער ציוניסטקע, וואָס האָט אַפילו געענדיקט העברעאישע פּרעבל־קורסן, אויסגעוואַקסן אַ פּראַקטישע סוחרטע פון די פּראָזאַאישע באַלעבוקעס. אידעס מאָס פון עס לוינט און עס לוינט נישט איז נישט גע־לעגן אין דער שמאָלער געלט־גייציקייט. זי האָט געבויט פאַר זיך אַ

הויז, זי האָט איינגעאָרדנט פאַר זיך אַ לעבן, ווי אַ מענטש מיט אַ גע־זונטן אַפּעטיט. ס'איז אָבער געגוג געווען, אַז אין דער גאַנצקייט פון איר געביידע זאָל ווערן אַ שפּאַרע, אַז איר אשר, וועלכן זי האָט פון אַ יינגל געמאַכט פאַר אַ בכבודיקן מענטש, אַז איר אשר זאָל פאַרלירן דעם קאָפּ נעבן עפּעס אַ הפקר־פּרוי, נעבן אַ מאַדאַם גאַריעלאָוו — און שוין איז זי ליידנשאַפטלעך גרייט געווען צעברעכן מיט אירע אייגענע הענט אַלץ, וואָס זי האָט אויפגעבויט. אויף קאָמפּראָמיסן איז זי נישט איינגע־גאַנגען. צוליב אַ זאַטן מיטיק און אַ רייכער וווינונג זיין אַ פאַבריקאַנ־טין — וויל זי נישט. אַפילו צו די קינדער איז זי געוואָרן קאַלט. אידע האָט געדאַרפט האָבן אָדער אַ גאַנץ לעבן, אָדער אַ גאַנץ אַנדער לעבן.

ווען אשר וואָלט עס פאַרשטאַנען, וואָלט ער זיכער זיך דערשראָקן. אשר האָט אָבער נישט דערשאַצט אידעס אויפרעגונג. ער האָט זיך נאָר געוווּנדערט:

— אַזאַ קלוגע... אַ מאַנצבילישער קאָפּ, דאַכט זיך. היינט גיי ווייס, וווּ די יידענע שטעקט. נישקשה! זי וועט זיך איבערבעטן! אַ יידענע בלייבט אַ יידענע!

אָבער פאַר דער „יידענע" האָט ער מורא געהאַט אַפילו הינטער די אויגן. ס'איז נישט געווען קיין טעמפּע מורא, ס'איז געווען דרך־ארץ. ס'איז געווען די מורא זיך צו קאָמפּראָמיטירן אין אירע אויגן. און אויפן וועג צו די גאַריעלאָווס איז אים אין לעבן געגאַנגען זיך איינצושמועסן, אַז ער גייט, דער עיקר, צוליב געשעפט.

און פאַרוואָס זאָל אים טאַקע נישט געלינגען מיט דער הילף פון זיין שיינער באַקאַנטער, וועלכע ווייסט אַלע געגנ און הינטערגענג, — פאַרוואָס זאָל אים טאַקע נישט געלינגען דורכזעצן זיין פּראָיעקט.

זיין פּראָיעקט — אָט איז ער: אַ געשטריקטער אנצוג פאַר לופט־פליער לויטן פינלענדישן פאַסאָן.

אַ שפּרונג אין אנצוג — און דער לופט־פליער איז באַקליידט. זאָקן, הויזן, אַ סוועטער, אַ היטל, הענטשקעס, אַלץ פון איין שטיק. אָן אנצוג — אַ זאַק. אַ צי אַראָפּ דעם זאַק — און דער לופט־פליער שטייט אַ נאַ־קעטער. דער פּראָיעקט האָט זיך אשרן אַליין אויסגעוויזן פאַר פּראַקטיש און עקאָנאָמיש.

אויסגעטאָן — אָנגעטאָן. וועגן איין זאַך האָט ער פאַרגעסן צו

טראַכטן: צוליב וואָס דאַרף עס דער לופט־פּליער אַזוי אײַליק זיך אָנ־טאָן און אויסטאָן? וואָס האָט ער, אײַגנטלעך, קיין צײַט נישט?

דאָס האָט ער, פּאָדלאַסקי, קיין צײַט נישט געהאַט. ס'איז אים גע־גאַנגען אין לעבן אויפצוהייבן די פאַבריק, וואָס האָט לעצטנס גאָר שוואַך געאַרבעט. נאָך די ערשטע מיליטערישע באַשטעלונגען, ווען די פאַבריק איז געווען אין פולן גאַנג, האָט ער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די טויטע אומבאַוועגלעכקייט פון גרעסטן טייל מאַשינעס. אַ מאַשין לעבט, אַ מאַשין דאַרף זיך באַוועגן! און אַחוץ דעם וויל ער טאַקע אידען דערוויייזן.

— זעסטו שוין? אַהאַ? ווער איז געווען גערעכט?

און אפשר וועט ער נאָך, מעשה ייִנגל, איר אויסשטעלן אַ צונג.

מיט דער אויסגעשטרעקטער צונג האָט זיך פאַרענדיקט זיין פאַ־בריקאַנטישע זאָרג. איצט האָט זיך אָנגעהויבן זיין אייגענע. ער האָט גע־גומען פּלאַנעווען פּלענער, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון אַלע די שלעק, וועלכע דרייען זיך אַרום דער מאַדאַם גאַריעלאָוואַ און קושן זי און גלעטן זי, ווי עפּעס אַ קהלישע זאַך.

מילא, מיט דעם אַלטן גאַריעלאָוו וואָלט ער דורכגעקומען. מען קאָן בכלל מיטן אַלטן דורכקומען. אַ ווילער ייִד. פאַרן גראַף, ווידער, האָט ער נישט וואָס מורא צו האָבן. הייַנט איז ער דאָ — מאָרגן אויפן פראָנט.

אגב, האָט ער קיין געלט נישט, דער גראַף. פאַרדינט און פאַר־שפּילט. און אָן געלט איז מיט דער מאַדאַם גאַריעלאָוואַ קיין שפּיל נישט. וואָס טוט מען אָבער מיט די איבעריקע שלעק?

פּאָדלאַסקי האָט שווער אָפּגעזיפצט.

ער איז אַרויף צו די גאַריעלאָווס אין זייער פּראָוויזאָרישער וווי־נונג אין האָטעל. ער האָט קודם אָנגעקלאַפּט צום אַלטן.

— אַריין!

גאַריעלאָוו האָט אַרומגעשפּאַנט אין שטעק־שיך, אין דער קרים פון צימער, פאַרמוחט — אַן אמתער פּראָפעסאָר.

ער האָט מיט אַ ברייטן זשעסט אָנגעוויזן אשרן אַ פאָטעל און ווײַ־טער געשפּאַנט. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַלטן אין באַטראַכטן אַ וויכ־טיק פּראָבלעם.

— איך שטער אייך אפשר?

— ניין, ניין... — און גאַריעלאָוו האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם אַרויס־צושיילן זיינע געדאַנקען.

— איך רעכן... איך רעכן... אַז מען דאַרף זיך קלויבן אין וועג אַריין, מיין יונגער פריינט פּאָדלאַסקי!

— וואָס הייסט עפּעס?

— נו, פאַרשטייט זיך, קיין פּאַלעסטינע נישט, דערוויילע... ביז... ביז די ענגלענדער וועלן נישט ברענגען אין אָרדנונג... איך בין דאָך, אין גרונט גענומען, אויך אַ ציוניסט. אָבער... נישט אין דער מלחמה־צייט, איך מיין, יונגער פריינט פּאָדלאַסקי, אַז מיר דאַרפן זיך צוריקציען... אויף די פריער צוגעגרייטע פּאָזיציעס...

— וואָ... וואָס הייסט עפּעס?

— אָך, גאָט מיינער! קיין מאָסקווע, נו קיין מאָסקווע! אָדער קיין פּעטערבורג, לאָמיר זאָגן. קיין פּעט—ראָ—גראַד! זענט איר ווען גע־פאָרן אויפן ים, מיין יונגער פריינט?

— ניין נאָך.

— אַ שאָד. אַ גרויסער שאָד. איר וואָלט פיל געלערנט, יונגער פריינט פּאָדלאַסקי, פיל געלערנט! וואָס ווייסט איר, צום ביישפּיל, וועגן די שטשורעס אויף אַ שיף?

— שטשורעס?

— יאָ, מיין פריינט, שטשורעס! זיי האָבן אַ זעלטענע אייגנשאַפט, די שטשורעס. זיי דערשפירן די ערשטע, אַז די שיף איז אין געפאַר. — און... זיי טראָגן זיך אָפּ, אויב ס'איז מעגלעך.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט פאַרלייגטע הענט, סאָליד און גו־פיק, ווי אַן אַלטער בוהאַי, וועלכער האָט נאָך גענוג כוח אין די ביינער.

— פאַר אונדז איז די צייט זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען, פריינט פּאָדלאַסקי! און, מיר דאַכט זיך, אַז אין קורצן וועט זיין צו שפּעט.

— פאַרוואָס עפּעס?

— כע־כע־כע! איר זענט נאָך גאָר אַ יונגער שטשור! איר ווילט, נישט אַנדערש, ווי פאַסטן תעניתים ביי די דייטשן!

— איר מיינט אַזוי?

— און אפשר קאָנט איר נאָך ריזיקירן. איר זענט יונג. אין אייערע יאָרן האָב איך אויך ריזיקירט. אָבער איצט — דאַרף איך וויסן מיין אָרט. פאַרדינט — און באַסטאַ. טראָג דיך אָפּ.

— איר פֿאָרט אינגיכן, הער גאָריעלאָוו?

ביי פּאָדלאַסקין האָט די פֿראַגע זיך אַרויסגעריסן צו איילּיק. דער אַלטער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ ווייטן, איינגעפּאַלענעם דונער.

— איר ווילט, זע איך, וואָס גיכער פֿון מיר פּטור ווערן?

— חלילה.

— זאָגט, זאָגט, יונגערמאַן, שעמט זיך נישט. אָפֿנהערציקייט איז אַ גוטע מידה. מיר, אין רוסלאַנד, האָבן עס ליב.

— איך האָב נישט וואָס צו זאָגן, באמת!

— נישט אמת, יונגערמאַן, נישט אמת! איר האָט יאָ וואָס צו זאָגן. איך ווייס, אַז איר האָט עפּעס צו זאָגן.

— דהיינו?

— הם... איר ווילט טאַקע, איך זאָל רעדן פֿאַר אייך? גוט... איר פֿאָרט טאַקע אַוועק, פּאַניע גאָריעלאָוו? און די מאַדאַם גאָריעלאָוו פֿאָרט אויך מיט, צי זי בלייבט?

— פּאַניע גאָריעלאָוו?

— אָפֿענע קאָרטן, יונגער פֿריינט, אָפֿענע קאָרטן. זי געפֿעלט דאָך אייך.

— אייער פֿרוי!

— ווער זאָגט עס? זי איז מיין פֿרוי, ווען זי איז מיט מיר. אייערע — ווען מיט אייך. איך האָב מיט איר קיין תּנאים נישט אויסגענומען, אַז זי זאָל קיינעם נישט קושן.

— אָבער... ווי רעדט מען דאָס אַזוי וועגן אַ... ווייב? — פּאָד־לאַסקי איז געווען איבערראַשט און אויפֿגעבראַכט.

— אַ ווייב, אַ ווייב! זייט נישט קיין מויל־אייזל, יונגער פֿריינט פּאָדלאַסקי. אַן אַקטיאָר האָט אויך אַ ווייב. די, וואָס מאַכט מיט אים מיט דעם סעזאָן. אַ טעאַטראַליש ווייב — הייסט עס. מיין טעאַטער איז, נאַטירלעך, הינטערן פֿראָנט.

— איז העלענאַ אָסיפּאָוונאַ אייער מלחמה־ווייב?

— אָט, אָט, אָט!

דאָ האָט פּאָדלאַסקיס איבערראַשונג אויסגעגאָסן אין אַ פֿרייד־געשריי:

— און זי בלייבט נאָך אייער אַוועקפֿאָרן?

— קיין ראיה נישט, יונגערמאַן. איך האָב דאָס נישט געזאָגט. ס׳איז

המ... ס'איז אָפּהענגיק פון אייניקע סיבות. איך, צום ביישפּיל, האָב גאָרנישט קעגן דעם, אַז זי זאָל מיטפאָרן.

דאָ האָט שוין פּאָדלאַסקי געשטוינט. אַזאַ סוחרישן קאַלטבלוט האָט ער אַפילו פון דעם אַלטן גאַריעלאָוו נישט דערוואַרט. דאָס איז געווען אויף חידושים. גאַריעלאָוו האָט געהאַלטן ביים ליקווידירן זיינע פּראָגעשעפטן און פאַר איין וועגס אַרויסגעשטעלט אויף ליקווידאַציע זיין צייטווייליק ווייב.

וואָס באַטייט שוין פּאָדלאַסקי מיט זיינע טריקאָטענע לופט־פּראָיעקטן קעגן דעם אַלטנס געניאַלער סוחרישער פשטות?

און גאַריעלאָוו האָט אָפּגענויגט פון זיין גלייכן מאַרשרוט אין דער קווער' פון צימער. ער איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ גרויסע, גאָלדענע ראַם מיט שוואַרצן טיול פאַרהאָנגען. די דאָזיקע ראַם האָט פּאָדלאַסקי באַמערקט נאָך ביי איינעם פון זיינע פריערדיקע באַזוכן. זי איז אָבער דאַן געשטאַנען פאַררוקט אין אַ ווינקל און פון איר איז קיין רייד נישט געווען. איצט האָט זיך די ראַם אַרויסגערוקט אויבן אָן, ווי ביי אַ ליציטאַציע.

— זעט, יונגערמאַן. אייך מעג איך עס ווייזן. איר האָט אַ באַציאונג. איר וועט עס אָפּשאַצן.

גאַריעלאָווס פעטער באַריטאָן האָט די ווערטער אַרויסגעזונגען מיט אַ צעצויגענער זעלבסטווירדע. אַזוי רעדן דיפּלאָמאַטן און קונסט־מעצענאַטן.

ער' האָט אָפּגעשפּיליעט די אויבערשטע קנאָפּקעס און דער טיול האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון ראַם.

דאַן האָט פּאָדלאַסקין אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן זיין אייגענער חלום, דער חלום פון זיינע אויסגעהונגערטע נעכט. מאַדאַם גאַריעלאָוואַ איז געשטאַנען אין דער גאָלדענער ראַם אַ נאַקעטע.

אמת, אויפן בילד האָט זי אויסגעוויזן יינגער, לייכטער און מיידלשער'. אירע גרויסע אויגן האָבן דאָ געהאַט אַ פרום־פאַרחלומטן אויסדרוק, וואָס אין לעבן האָט אים פּאָדלאַסקי נישט געזען; אָבער דאָס איז געווען דאָס אייגן רייך און גאָלדיק לייב, וואָס ער האָט ביי יעדער באַגעגעניש אַרויסגעבענקט פון אירע קליידער. און ווי גוט האָט דער קינסטלער פאַרשטאַנען אונטערצושטרייכן דעם גאָלד פון איר לייב, די רייפע

רונדיקייט פון אירע היפטן און די קאַפּריזנע, צעקריגטע האַלבע מיל־גראַמען פון אירע ברוסטן!

אויך איר האַנט האָט געהאַלטן אַ מילגראַם. ניין, אַן עפּל. אין צו־געטראַכטן טונקעלן הינטערגרונט, אַרום אַ צוגעטראַכטן בוים האָט זיך געוויקלט אַ בלאַסע שלאַנג. דאָס איז געווען די „חוה", פאַר וועלכע דער קינסטלער ריטאָוו האָט פאַר דער מלחמה גענומען דעם פּריז.

— פאַרן בילד האָב איך באַצאָלט — האָט גאַריעלאָוו געברומט מיט צעצויגענער זעלבסטווירדע — פאַרן בילד האָב איך באַצאָלט פיר טויזנט רובל. כ׳האָב נישט געוואָלט, אַז עס זאָל הענגען פאַר דער עפנטלעכקייט.

ער האָט עטוואָס צוגעמאַכט דאָס לינקע אויג, באַטראַכטנדיק דאָס בילד. פאַר איין גאַנג האָט ער אויך געכאַפּט אַ קוק אויף פּאַדלאַסקין. ער האָט אָפּגעשאַצט דעם איינדרוק, וואָס דאָס בילד האָט געמאַכט אויף זיין יונגן פריינט און פאַרגעלייגט אין פּשטות:

— איר קאָנט עס אָפּקויפן אין קאָסטן־פּרייז. טייער? בין איך גרייט צו פאַרלירן אַ טויזנטער. וואָס טוט מען נישט צוליב אַ פריינט, וואָס איז אַ מבין אויף שיינקייט?

פּאַדלאַסקי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער גאַריעלאָוו האָט שוין ווייטער גערעדט:

— איר פאַרשטייט? וווהין זאָל איך מיטפירן דאָס דאָזיקע בילד? אַ מאַשין אַ גאַנצע. נישט באַקוועם, אָבער איר זענט אַ היגער. נו, אויב נישט איר, וועט זיך שוין געפינען אַ בעלן. דריי טויזנט איז אַ מציאה. אָט, ביסטריצקי צום ביישפּיל...

פּאַדלאַסקי איז געווען אין אַ געדריקטער שטימונג פון די דריי טויזנטעו׳, וואָס וועלן באַלד ביי אים פלאַצן. דערהערט אָבער דעם נאָמען ביסטריצקי, האָט ער זיך צעשמייכלט.

— נו, ביסטריצקי וועט נישט אויסכאַפּן. אַן אייגענער מענטש.

און ווו,אייגנטלעך, וועט ער אַליין אַהינטאָן דאָס בילד, ווען ער זאָל עס אַפילו קויפן?

ער האָט זיך אַפילו פאַרגעשטעלט, ווי ער הייסט אַוועקטראָגן דאָס בילד צו זיך אַהיים און אידע ציט אַראָפּ דעם טיולענעם צודעק, אַ קוק צו טאָן אויף דער מציאה...

צוליב אַ סאַמאָוואַר האָט אַ קאַצאַפּ חתונה געהאַט. געווונען אַ סאַ־מאָוואַר אויף דער לאָטעריע און נישט געהאַט ווער עס זאָל אים אָנ־

שטעלן. ער, פּאָדלאַסקי, וועט צוליב דעם בילד מוזן דינגען אַ צימער, אַז דאָס בילד זאָל האָבן ווו צו הענגען. אויך אַ הוצאה. אָבער אַבי אין וואָס פאַר אַ צימער קאָן מען נישט אויפהענגען אַזאַ רייך בילד. הייסט עס, אַז אַ צימער וועט ער מוזן דינגען אַ גרויסאַרטיקן און פיין אים אויסמעבלירן. טאַ וואָס־זשע קאָן שוין שאַדן, ווען העלענאַ אָסיפּאָוונאַ אַליין וועט זיך אַרומדרייען אין צימער אַ לעבעדיקע?

— סעמיאָן לאַווורענטיעוויטש! (אַזוי האָט זיך געהייסן רופן גאַריעלאָוו און פּאָדלאַסקי האָט גאָר זעלטן ריזיקירט אַרויסצוטראָגן דעם נאָמען מיט זיין פאַרפּוילישטער צונג.) — סעמיאָן לאַווורענטיעוויטש! זאָגט מיר דעם אמת: אויב העלענע זאָל דאָ בלייבן, בלייבט איר אויך?

— ניין.

— דאָס בילד איז געקויפט. צוויי טויזנט גיב איך.

— קיין צוויי טויזנט מיט ניינהונדערט אויך נישט. איר האָט צו טאָן מיט אַן ערן־מאַן.

ווען מען איז נאָך אַ לאַנגן דינגעניש געקומען צו אַן אויסגלייך און גאַריעלאָוו האָט באַקומען אויף דער האַנט אַ לעבעדיקן טויזנטער, האָט פּאָדלאַסקי זיך ערשט אַרומגעזען וואָס פאַר אַ מציאה ער האָט דאָ אַריינגעכאַפּט. געקויפט אַ בילד און באַקומען די לעבעדיקע מאָדעל פאַר אַ צולאָג.

בעת ביי גאַריעלאָוון איז אָנגעגאַנגען דער סימבאָלישער מסחר מיטן בילד, איז אין צווייטן צימער פאָרגעקומען אַן אינטימער שמועס. געשמועסט האָבן האַנקע מיט איר יוגנט־פריינט, פּלאַטאָן־מאַיעווסקי.

דער יונגער גראַף מיטן פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ האָט נעכטן ווידער פאַרשפּילט אין קאָרטן אַ גרויסע סומע געלט. און כאָטש זיין כבוד איז געווען געראַטעוועט, אָבער פאַרבליבן איז ער אָן אַ גראָשן. דער גראַף האָט געהאַט איין גרויסע מעלה און דערמיט איז ער געווען אַן אויסנאַם צווישן קאָרטןשפּילער. זיין האַזאַרד האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער האָט געשפּילט פאַר אייגן געלט. דער קאָפּ פּלעגט אים ווערן אָפּגעקילט מיט די אויסגעליידיקטע קעשענעס. געקומען איז ער צו האַנקען אַ שמעק צו טאָן, צי האַלט עס נישט ביי עפּעס אַ נייער באַשטעלונג, ווו ער זאָל קאָנען אָפּלעקן אַ פּעט ביינדל קורטאַזש. ער האָט איר אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז ער האָט קיין געלט נישט. קיין טראַגעדיע דערפון נישט געמאַכט. אָבער איר

האַרץ האָט דערשפּירט, ווי באַליידיקט ער דאַרף זיך פילן פון זיין צייט־ווייליקער אָרעמקייט. זי האָט געוואָלט נעמען פאַר אים אַ סומע געלט ביי גאַריעלאָוון.

האָט ער זיך אויפגעהויבן גאָר אַן ערנסטער און פאַטעטיש געזאָגט:

— וועסט דאָס נישט טון, האַנקע!

— ניין, פאַרוואָס? איידער דו זאָלסט אַרומגיין אָן אַ גראָשן...

— האַנקע, וועסט מיך באַליידיקן.

— ביסט צו שטאָלץ, אַדאַסיאָ!

— צו שטאָלץ. ביסט גערעכט. אויף מלחמה — ווי אויף מלחמה.

און ער האָט פאַרבראָכן זיינע לאַנגע, אַריסטאָקראַטישע פינגער און פאַרבויגן זיין שיינעם פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ.

— וואָס איז געוואָרן פון אונדז, האַנקע?

— און וואָס האָט דען געזאָלט ווערן?

ער האָט געוואָלט אויסשרייען: איך — אַ קאָרטן־שפּילער, אַ שווינד־לער, דו — אַ...

ער האָט נישט אויסגעשריען. כמעט מיט שנאה האָט ער זי אָנגע־קוקט. און אויך מיט צער.

די זעלביקע האַנקע, נאָר אויסגעוואַקסן, אויפגעבליט. אַ פרוי אין פו־לער בליאונג. אַ שיינע פרוי, אָבער — אַ גראָבע הויט אויף איר. ס'איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש די איידעלע גאָלדיקייט.

— געדענקסט, האַנקע, די זשאַבעס אין וואַסער?

— יאָ, אַדאַסיאָ, איך געדענק. זעץ זיך אָט דאָ, נעבן מיר. איך וועל ז'יר אַלץ דערמאָנען.

אויף מלחמה — ווי אויף מלחמה.

פלאַטען־מאַיעווסקי איז געקומען אַהער, כדי זיך צו דערוויסן וועגן עפּעס אַ לייכט פאַרדינסטל. איצט זיצט ער מיט ליידיקע קעשענעס ביי האַנקעס פיס און דאַרף אויסהערן אירע נאַרישע דערינערונגען, זי געדענקט אַלץ, וואָס ער האָט איר געזאָגט, וואָס זי האָט אים געזאָגט. ווי זיי זענען געווען אָנגעטון, ווי זיי האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. איינס געדענקט זי נישט: זיי זענען דאַן געווען קינדער. זיי האָבן דאַן געטראָגן אַ הייליקייט אין האַרצן. און די הייליקייט איז בייביידן פאַרלוירן געגאַנגען. מילא ער, פלאַטען־מאַיעווסקי, ווייסט וואָס ער איז איצט. ער האָט אָבער אַ בענקשאַפט צו דער פאַרלוירענער הייליקייט פון זיין קינדהייט. זי אָבער,

האַנקע, איז ווי אַ לעבעדיקער פאַרוווּרף, ווי אַ דאָרן אין אויג. מיט איר רייפן, שיינעם און אומריינעם גוף רייסט זי זיך אַריין אין די ווייטע דערי־נערונגען. זי געדענקט אַלץ, אָבער נישט די הויפּטזאַך. זי זעצט אַוועק אויף דער אַלטער שטיינערנער באַנק די איצטיקע האַנקע!...

— האַנקעלע, האַנקע! פאַרשטיי דאָך! מיר זענען דאָך קינדער געווען!

— נו יאָ. אָבער די קינדער האָבן פאַרשטאַנען צו טון ווי די גרויסע...

זי נעמט אים אַרום און ער שטויסט אַוועק אירע הענט.

— ריר מיך נישט אָן! דו! באַשמוץ נישט דאָס ביסל ריינקייט. מיר זענען דאָך איצט... פּראָסטיטוטקעס!

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט בייטאָגיקע סאָווע־אויגן. קיילעכדיק און בלינד.

— יאָ, יאָ! פּראָסטיטוטקעס. איך האָב דיך פיינט, ווייל איך האָב זיך פיינט. איך האָב דיך ליב, ווייל איך האָב ליב דאָס אַמאָליקע, דאָס ריינע. אָבער דו ביסט דאָך נישט דו. וואָס מיינסטו לאָקט מיך אין דיר? אָט די צוויי שיינע פיס דיינע? די בריליאַנטענע זאָקנבענדלעך, וואָס גאַ־ריעלאָוו האָט דיר אָנגעטון? זע!

ער איז צוגעפאַלן און דראַסטיש פאַרריסן איר דין זיידן קליידל. זי האָט צוגעכאַפּט די פיס מיט אַ פאַרשטיקטן, דערשראָקענעם קוויטש.

— פּאַרדאָן, מאַדאַם!

און ער איז אָפּגעטראָטן אַ בלאַסער.

עפּעס האָט זי דורכגענומען. עפּעס האָט זי דערפילט אין זיינע רייד. נישט נאָר זי האָט ער געמיינט צו באַליידיקן. עפּעס האָט ער אויך צו זיך אַ טענה געהאַט.

האָט האַנקע פאַרשטעלט אירע אויגן מיט די הענט און געציטערט מיט איר גאָלדיקן רונדן אַקסל, וואָס האָט זיך אַליין אַנטבלויזט. איז פּלאַ־טען־מאַיעווסקי געשטאַנען פון דער זייט, צוגעקוקט זיך און געשאָקלט מיט זיין שיינעם פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ. ער האָט נישט געגלויבט, אַז דער דאָזיקער לעבעדיקער גאָלדענער קבר פון דער אַמאָליקער האַנקע זאָל עפּעס קאָנען פילן, זאָל עפּעס קאָנען באַוויינען. ס'איז אַן אָנשטעל.

ער האָט געפילט צו איר אַן עקל און גלייכצייטיק אַ רחמנות. וואָס האָט ער צו איר פאַר אַ טענות? פאַרוואָס האָט ער איר דאָס קליידל פאַר־ריסן, געשטאָכן איר די אויגן מיט איר אייגענער חרפּה, ווי מען טוט עס

מיט אַ הינטל בעת מען שטויסט אים מיטן פּיסקל אין זיין אייגענער אומ־ריינקייט?

פּלאַטען־מאַיעווסקי האָט חרטה געהאַט. פּלאַטען־מאַיעווסקי איז גע־גאַנגען זי איבערבעטן.

— פאַרגיב מיר, האַנקע, איך בין היינט שטאַרק אויפגערעגט. נו, פאַרגיב.

ער האָט געקושט איר האַנט און זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע רונדע, שיינע און פראַזאַיש כעסדיקע אויגן.

— אַז דו האָסט פאַרשפּילט אין קאָרטן, בין איך שולדיק? כ'האָב דאָך געזאָגט: כ'וועל נעמען געלט ביי גאָריעלאָוון!

עס האָט נישט פיל געפעלט, אַז דער גראַף מיטן פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ זאָל אַרויסכאַפּן זיין רעוואָלווער און אַריינשיסן, פריער אין איר, נאָכהער אין זיך. זיי האָבן אָבער ביידע אָפּגעשפּילט מיט חסד, ווייל ער האָט זיך באַצייטנס איינגעהאַלטן. ער האָט נאָר אַרויפגעשלעפּט אויפן קאָפּ זיין ברייט מלחמה־היטל און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

און ס'איז אים נאָכגעלאָפן איר פאַרצווייפלטער געוויין:

— אַדאַסיאָ!

ווי אַ קינד האָט זי אים נאָכגעוויינט. און ביים אויסגעשפּילטן ראָ־מאַנטיקער האָט אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ.

*
**

איצט איז אַריין גאָריעלאָוו. פון דעם קורצן געוויין האָבן די אויגן אירע זיך אויסגעוואַשן און זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ לויטערן בליק.

— ווילסט עפּעס, פּאַפּקאַ?

זי איז האַלב געלעגן, האַלב געזעסן אין טיפן פאָטעל אין אַן אומע־טיקער פּאָזע. בלויז דער קערפּער אירער האָט געדענקט וועגן דעם או־מעט. איר האַרץ איז שוין געווען אויסגעוואַשן ווי אירע אויגן.

זי האָט געמיינט, אַז ער איז געקומען זי רופן צו מיטיק. אָבער ס'איז נאָך צו פרי געווען:

— ווילסט עפּעס, פּאַפּקאַ!

— איך וויל... איך וויל דיר אויסקושן די גלידער דיינע!

גאָריעלאָוו האָט עס געזאָגט מיט אַ ציטער און מיט אימפּעט, גאָר נישט דער רואיקער, געזעצטער גאָריעלאָוו, וואָס געשעפטס־לייט האָבן גע־

קענט. אפילו זיינע הענט האָבן געציטערט. אַביסל, אמת, פון די יאָרן, אָבער נאָך מער פון שטורעמדיקער ליידנשאַפט.

אַבי מען רופט אים: דער אַלטער גאַריעלאָוו. יינגערע האָבן זיך גע־מעגט ווינטשן זיין טעמפעראַמענט און זיין קאָנען ליבן. ער האָט גע־קאָנט ליבן און געקאָנט געניסן פון ליבע. פון דעם ביסעלע, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויף זיין חלק, האָט ער קיין טראָפן נישט געוואָלט פאַרלירן.

האַנקען איז ער געווען צום האַרצן. עס איז געווען פיקאַנט אַרומצו־נעמען דעם באַיאָרנטן פּראָפעסאָרישן קאָפּ, וואָס גליט מיט יונגע ליידנ־שאַפטן. נישט איין מאָל פלעגן זיי זיך בייטן מיט די ראָלן, זי פלעגט אָננעמען אַ פאַרזאָרגטן, מוטערלעכן טאָן:

— אין דיינע יאָרן, פּאַפּקאַ, דאַרף מען זיך נישט היצן אַזוי. דו קאָנסט, חלילה, אויסברענען, ווי אַ סטעאַרין־ליכט.

— וואָס דערמאָנסטו מיר אָן מיינע יאָרן, וואָס? אַז נעבן דיר ווער איך יינגער?

ס'איז אמת געווען, אַז נעבן איר האָט ער זיך געפילט יינגער און ווען נישט זיין קאַלטער סוחרישער קאָפּ אויף די פּלייצעס, וואָלט ער אויסגעברענט נעבן האַנקען מיט זיין לעצטן פלאַם.

גאַריעלאָוו האָט אָבער געוואָלט לעבן מיט אַ תכלית. גאַריעלאָוו האָט נישט געוואָלט אויסגיין ביי אירע פיס, ווי אַ סטעאַרין־ליכט. האָט ער זיך אויסגעלערנט קאַלטבלוטיק צו קוקן אויף האַנקעס זייטיקע באַ־קאַנטשאַפטן מיט דעם און מיט יענעם. און אפילו דאָס לעצטע געשעפט, וואָס ער האָט געמאַכט מיט פּאָדלאַסקין, איז געווען מיט אַ טאָפּלטער אויסרעכענונג. אמת טאַקע: צוריקנעמען כאָטש אַ טייל פון זיינע הוצאות. אָבער הויפּטזעכלעך, איינהיטן און פאַרלענגערן, ווי ווייט מעגלעך, דאָס רעשט פון זיין לעבנס־קאַפּיטאַל. ער וויל נישט אויסגיין ווי אַ ליכט. ער האָט נאָך פיל אַנדערע אינטערעסן. ארץ־ישראל, צום ביישפּיל... אָבער מען דאַרף נישט דרינגען פון דעם, אַז ער האָט זי נישט ליב, האַנקען. נישט מער: ער האָט זי אויך ליב. און ביי דער איצטיקער באַגעגעניש גיסן זיך צוזאַמען דיביידע ליבעס אין איין פייערדיקן שטראָם:

— די גלידער דיינע וועל איך אויסקושן. אַלע דיינע גאָלדענע גלי־דערלעך... די הענטעלעך, די פיסעלעך...

— טייערער פּאַפּקאַ! — זי האָט אַרומגעכאַפּט זיין פּראָפעסאָרישן קאָפּ און זיך איינגעזויגן אין זיינע גראָבע ליפּן מיט אירע זאַפטיקע. זי

האָט געקוקט נאָגנדיק, בייסיק, וואַמפּירייש, אַזוי ווי ער האָט ליב, אַזוי ווי ער האָט זי געלערנט. און דער אַלטער האָט זיך געדרייט אין אירע גאָלדענע אָרעמס, ווי אַ רשע אויפן פייער־פאַן.

— אַ־אַ־אַ־אַה! — ער האָט געליבט אַזוי. שפּעטער איז ער אַרויס־געגאַנגען.

---

איצט איז אַריינגעקומען פּאָדלאָסקי מיט זיין גאונישן פּראָיעקט וועגן אַ געשטריקטן פליער־אַנצוג. ער האָט זיך געריבן די הענט, ווי די באַשטעלונג איז שוין ביי אים אין קעשענע.

— אַ, פּאַני האַנקאָ! מאָיע אושאַנאָוואַניע!...

9

# וועגן דער שלעכטער קאָנסטרוקציע פון פּאַרטעפּיאַן

אידע האָט זיך אָנגעטון אַ כוח אויפצופּאַסן די פאַבריק. זי האָט, אמת, געזאָגט: „מיין כפרה איז עס!" ס'איז אָבער נישט אַזוי לייכט, אָפּצושלאָגן כפרות מיט דעם, וואָס די אייגענע הענט האָבן אויפגעבויט. זי האָט אַרויסגענומען פון שווערס צעקראַכענע הענט אַ באַשיידענעם שטריקער־וואַרשטאַט און אין איינע פינף זעקס יאָר, צווישן איין קימפּעט און אַ צווייטן, דערפירט דעם וואַרשטאַט צו דער מדרגה פון אַן ערשט־קלאַסיקער טריקאָטאַזש־פאַבריק, וואָס קאָן באַשעפטיקן צוויי הונדערט מענטשן. אמת, לעצטנס האָבן געאַרבעט קוים פערציק־פופציק מאַן, אָבער דערין איז שוין שולדיק געווען סיי די צייט, סיי אשר מיט זיינע לופט־פלענער און מלחמה־געשעפטן. אשר האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון דער אַר־בעט. ער פלעגט אַריינקומען אין פאַבריק, ווי אַ פרעמדער. ער פלעגט אַריינקומען נאָר דאַן, ווען ער האָט געדאַרפט האָבן געלט פאַר זיינע זייטיקע געשעפטן. אין אַן אַנדער צייט וואָלט אידע זיך אויסגעצייכנט אַן עצה געגעבן אַליין. אָבער איצט האָבן זיך ממש די הענט נישט גע־הויבן. זי האָט פאַרלוירן דעם מוט און דאָס גלייכגעוויכט, געמאַכט איין פעלער נאָכן אַנדערן, פאַרשפּעטיקט מיט צאָלונגען, איבערגעדרייט באַ־שטעלונגען, אויסגעשטעלט וועקסלען, נישט דאָרט, וווּ מען דאַרף. זי האָט

זיך אַרומגעדרייט איבער די ריזיקע צימערן ווי אַ לייכטע כעסדיקע בין, איינגעטונקט אין זוניקן ציגל־שטויב, זי האָט אויסגעלאָזט איר כעס צו די מענטשן, וואָס זענען איר אונטער דער האַנט געקומען.

— טאַבעגקין! — האָט זי געשריען אויפן אַלטן בוכהאַלטער — טאַבעגקין! מען האָט ווידער נישט געשיקט פאַרבן די וואָל! שוין צוויי וואָכן ווי איך האַלט אין איין שרייען! וואָס טוט זיך דאָ?

ער האָט פאַרלייגט די פען אונטערן אויער און אָנגעשטעלט אויף איר זיינע מידע, פישענע אויגן.

ערשטנס, איז דאָס נישט זיין זאַך צו שיקן פאַרבן די וואָל. אויף דעם זענען אַנדערע אָנגעשטעלטע. צווייטנס, איז די וואָל שוין העכער אַ וואָך אַן אָפּגעפאַרבטע. נישט מער, מען האָט זי פאַרשטופּט אין אַ ווינקל און געאַרבעט נישט פון דעם נויטיקן קאָליר און נישט פון דעם נויטיקן מוסטער.

און די בייזע בין פליט שוין צו די נייטאָרינס און שרייט אויף זיי, כאָטש זי ווייסט, אַז זי שרייט נישט אויפן ריכטיקן אַדרעס.

מינע האָט אָװעקגעװאָרפן די אַרבעט און איר פשוט געזאָגט:

— הערט זיך איין, אידע! אויב איר זענט לעצטנס נישט אויפגע־לייגט, טאָ לאָזט־זשע נישט אויס אייער כעס צו זייטיקע מענטשן. ס'איז פשוט נישט שיין!

האָט זיך אידען אויסגעוויזן, אַז מינע מאַכט פון איר חוזק. מינע ווייסט, וווּ דער שוך קוועטשט איר. זיי ווייסן אַלע — די נייטאָרינס. אָן זייער שמייכל דערקענט זי, אַז זיי ווייסן. עס שלאָגט איר צום האַלדז אַ גאַנצער שטראָם פון אומגערעכטע געשרייען, אָבער אידע באַהערשט זיך:

— הערט, חברטע מינע, איך בין אַ דערוואַקסענער מענטש. איך ווייס אַליין וואָס איז שיין און וואָס איז מיאוס. איר הערט?

און זי שאַרט אַוועק דאָס רויכל פון אירע צעפלויגענע האָר מיט אַן אָפּנהאַרציקן זשעסט.

— אָבער — איך קאָן מיר נישט העלפן.

און אַ זיפץ און אַרויסגעפלויגן — די כעסדיקע בין.

ישראל זיצט ביי אַ ליידיקן טיש. ער זיצט אָנגעלענט דאָס פנים אויף דער האַנט, פאַרזאָרגט און פאַרמוטשט. דאָס פנים איז אים פינסטער. זעט אויס, ווי אָפּגעברענט פון דער זון.

— פאַרוואָס אַרבעט איר נישט, ישראל?

ער האָט היינט געהאַט אויף אַ האַלבן טאָג אַרבעט.

— טאָ וואָס וואַרט איר? פאַרוואָס גייט איר נישט אַהיים?

— און וואָס איז מיר דאָ שלעכט?

זי פאַרשטייט אַז זיין וויטיק־שמייכל, אַז ווי ס׳זאָל אים נישט זיין דאָ — אין דער היים איז אים נאָך ערגער. אידע איז שוין מער נישט קיין בעסדיקע בין, דעם צווייטנס צרות שטילן אירע אייגענע, זי לענט זיך אָן אָן ליידיקן טיש, פרעגט מוטערלעך און האַרציק:

— דינה איז טאַקע אַזוי קראַנק, ישראל?

ער מאַכט מיט דער האַנט אַ פאַרצווייפלטער.

— מיטאַמאָל, אידע, מיטאַמאָל האָט מיך דאָס אומגליק געטראָפן.

ציגנדט זי זיך אָן, ווי אַ ציגל אויף דער זון. איר מיטגעפיל טראָגט אויך אַ כעסדיקן שטעמפּל.

— אַז איר זענט אַן עקשן, ישראל! רעד צו אייך — רעד צו דער וואַנט. דער פעטער האָט דאָך געבעטן, געשריבן צו אייך. אַזעלכע חולאים ווי דינה דאַרפן האָבן לופט — זייער איינציקע רפואה. ווילט איר דאָך נישט. שטייט אייך דאָך נישט אָן צו שיקן די קראַנקע צום פעטער אין מאַיאַנטעק. וואָס דען — איר וועט זיך דערוואַרטן אויף אַן אייגענעם — יאָ?

— ווי זעצט מען דאָס אַוועק אַ ווייב מיט קינדער ביי אַ פרעמדן מענטש אויף קעסט, אידע? און מען קאָן זי דאָך אַליין נישט לאָזן. די שוועסטער אָדער די מוטער — עמעצער וועט דאָך מוזן מיטפאָרן.

— אַ פרעמדער! בערל איז אייך אַ פרעמדער! דאַכט זיך, אידעאיש איז ער נענטער צו אייך, איידער צו אונדז. איר זעט דאָך, ווי ער ענטפערט אויף זיין פּלימעניקס געשעפטלעכע בריוו. איר זעט דאָך די געשעפטן, וואָס ער האָט מיט אונדז. אייך האָט ער אַליין אָנגעשריבן.

— יאָ. ער האָט טאַקע געשריבן. אַ חרפה אָן אַ זייט, אידע. איך וועל מוזן אַזוי טון. מיטן לעבן פון אַ מוטער מיט צוויי קינדער שפּילט מען זיך נישט. איך וועל זען, אידע.

— וואָס איז דאָ צו זען? אויב איר ווילט נישט, וועל איך אַליין אָנשרייבן. קיין צימערן פעלן נישט ביי אים. אַ מענטש — אַליין.

ישראל האָט שוין געוואָלט זיך צוריקציען.

— איילט זיך נישט, אידע, שרייבט נאָך נישט. מען דאַרף גוט באַ־

רעכענען, איר זענט דאָך אַלעמאָל געווען אַזאַ געלאַסענער, באַרעכנטער מענטש.

— אַי, מיין פריינט, וואָס האָב איך פון מיין באַרעכנטקייט? נאָר אַ בינטל אייגענע צרות!...

וואָס איז מיט אידען? ווי קומט עס צו איר?

פאַר ישראלס אויגן איז פאָרגעקומען די גוואַלטיקע ענדערונג אין דער חברטע־באַלעבאָסטע. זיינע אייגענע צרות האָבן אים נישט בלינד געמאַכט.

און צוזאַמען מיט דער ענדערונג וואָס איז אין איר פאָרגעקומען האָט זיך אויך געענדערט זיין באַציאונג צו איר.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער אַרבעט ביי די פאָדלאַסקיס, האָט ישראל קיין צוויי האַרבע ווערטער נישט איבערגערעדט מיט דער באַלעבאָסטע. אַלץ איז פאָרגעקומען העפלעך און קאָרעקט, אין די גוטע מינוטן — מיט אַ קליין ביסעלע שפּאַס. ישראל האָט זי געזען אויסצומיידן. ער האָט פשוט צו אידען קיין צוטרוי נישט געהאַט. אַז אַ פרוי קאָן אַרומגיין מיט אַזאַ לײדנשאַפטלעך היציקן פנים און רעדן אַזעלכע קאַלטע, קלוגיטשקע רייד — איז זי אַ פאַלשע פרוי און מען דאַרף זיך היטן פאַר איר.

אַזוי האָט אין זיינער צייט געפסקנט ישראלס לאָגיק און אידע האָט נישט געקאָנט צעברעכן דעם אייז פון זיין קאַלטער גוט־פריינטשאַפט. ס׳ איז איר, אגב, נישט געגאַנגען אין לעבן. זי האָט געקאָנט איר שטעטל באַשטיין, ווען מענטשן זענען אפילו געווען קאַלט צו איר. אַבי זיי זאָלן נישט האָבן קיין גערעכטע טענות.

איצט אָבער איז דער אייז געבראָכן געוואָרן. ישראל האָט זי דערזען אַרויסגעשטויסן פון איר גלייכגעוויכט. אַ כעסניצע, אַן אויפגערעגטע, אָבער אַן אויפריכטיקע. דאָס איז איר געשטאַנען צום פנים. איצט האָט ער זי פאַרשטאַנען, איצט האָט ער איר געגלויבט. זי איז טאַקע אַ מרשעת. זי איז אָבער קלוג ווי דער טאָג און מען קאָן זיך מיט איר דורכרעדן. דער עיקר, זי טראָגט קיין מאַסקע נישט, זי איז אויפריכטיק. וואָס געמיינט — דאָס געזאָגט.

און צום ערשטן מאָל האָט די חברטע־באַלעבאָסטע באַקומען חן אין זיינע אויגן. ער האָט באַמערקט איר יונגע, לייכטע פיגור, איר זוניק פנים. ער האָט באַמערקט, אַז אידע קליידט זיך מיט אַ פיינעם געשמאַק, כאָטש איינטאָניק. אירע שיכלעך, אירע זאָקן, איר קלייד, איר טאָרבעלע

אפילו — אַלץ שלאָגט אָפּ מיטן קאָליר פון רויטלעכן ציגל און פאַרזשאַ־
ווערטן אייזן, אַלץ איז ווי אָנגעגליט פון אַ שטאַרקן אינערלעכן פלאַם.

— זי איז אַ גאַנץ פיינע פרוי — האָט ער באַשלאָסן נאָך דעם, ווי
ער האָט באַמערקט אין איר די ענדערונג. און נאָך אַ צוויי־דריי אָפּגע־
האַרציקע געשפּרעכן מיט איר האָט ער צוגעגעבן: — און אַ גאַנץ ווילער
חבר.

אידע האָט אים נאָכאַמאָל אויסגעמוסרט, פאַרוואָס ער שיקט נישט
זיין ווייב מיט די קינדער צום פעטער בערל אין דאָרף. זי האָט זיך גע־
זעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען. ערשט דאַן האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער
פּטרט צייט, אַז ער וועט דאָ גאָרנישט אויסזיצן ביים ליידיקן טיש. די
צרות האָבן אים געמאַכט מיד און אָפּהענטיק. ער האָט געדאַרפט זיך אָנ־
טון אַ כוח פון אָרט אויפצושטיין. ער האָט זיך אויסגעקנאַקט די ביינער,
ווי נאָך אַ לאַנגן שלאָף.

צייטנווייז האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער דאַרף פון זיך אַראָפּטרייס־
לען עפּעס אַ שווערע קייט און ער וועט ווערן פריי, ער וועט איבערקערן
וועלטן. דאַן האָט ער געפילט, אַז די מוסקולן ווערן אים אָנגעדראָלן, ווי
האַרטע קאַרטאָפל אויף זיינע דאַרע הענט. זיי האָבן געבענקט נאָך עפּעס
אַ שווערער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

אָבער נאָך אַ רגע מוט און שפּאַנונג פלעגט ער ווידער אַריינפאַלן
אין אַ הינערפלעט.

— אַז מיין גאַנץ ביסל כוח דינט מיר נאַר, כדי צו קאָנען די צרות
פאַרטראָגן. וואָס איז דאָס פאַר אַן אויפטו, אומשטיינס געזאָגט!

דער דאָקטער האָט פעסטגעשטעלט ביי דינהן אַ לונגען־קראַנקייט
און זי איז אָפּגעקומען פון טאָג צו טאָג.

דער דאָקטער האָט בויטיק געדאַרפט וויסן, צי שטאַמט זי פון געזונ־
טע עלטערן. דאַן איז טאַקע אַרויסגעשוואומען פון יענער וועלט דער פאַר־
געסענער טאַטע — דער חזן ,וואָס איז אַוועקגעפאַלן אויפן האַלדז. ווי אַ
געשפּעגסט איז ער געשטאַנען איבער דינהן און די קינדערלעך. וויל,
אויב אַ ירושה־קרענק, זענען אויך די קינדער אין געפאַר. פייגע־פעסיע
איז פלוצלונג געעלטערט געוואָרן. פייגע־פעסיע רייסט פון זיך די האָר,
זי האָרעוועט אַרום דער קראַנקער איבער די כחות. זי פילט זיך גאָר פאַר
די הויפּט־שולדיקע אין דער טאָכטערס אומגליק. און ווייניק האָט ישראל

מיט ווייב און קינדער צו טאָן, קאָן ער נישט צוזען דעם צער פון דער שוויגער. זי לאָזט זיך גאָרנישט טרייסטן.

ניין, ער מוז אַראָפּטרייסלען פון זיך דעם הינערפּלעט. מען מוז עפּעס טאָן, זען, לויפן. ישראלן איז באַפאַלן אַ קרענקלעכער אַטאַק פון ענערגיע. אָבער וואָס צו טאָן האָט ער נישט געוווּסט. פּונקט היינט האָט ער באַקו־מען אין קאָנטאָר אויסגעצאָלט פאַר אַ וואָך שכירות. די סומע איז געווען אַ קליינע, אַ נישטיקע אין פאַרגלייך מיט דער נויט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט זיין באַרעכנט. די אויסערגעוויינלעכע לאַגע האָט געפאָדערט אויך אויסערגעוויינלעכע הוצאות. מען טאָר זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך! איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו קויפן פאַר דער קראַנקער אַ קילאָ וויינטרויבן, ווען עס זאָל אפילו קאָסטן דאָס גאַנצע געלט. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, אַז איין קילאָ וויינטרויבן וועט נישט ברענגען צו קיין פּעולה, אַז אויף מאָרגן וועט אפשר פעלן אויף ברויט. די ישועה האָט זיך אויסגעמאָלט פאַר זיינע אויגן אין דעם געשטאַלט פון אַ שווערן צווייג מיט זאַפטיקע טרויבן. ער איז אומגעלאָפן זוכן דעם דאָזיקן צווייג. ער האָט דאָך געהאַט די מעגלעכקייט אים צו קויפן. אָבער וואָס מער ער האָט געזוכט, אַלץ ווייטער האָט דער געגאַרטער צווייג וויינטרויבן פון אים זיך אויסבאַהאַלטן. ער איז געלאָפן פון איין פּרוכט־געשעפט צו דעם צווייטן, אריינגעקוקט אין די גרויסע פענצטער, זיך נאָכגעפרעגט אינעווייניק.

די פאַרקויפערינס האָבן אים אָנגעקוקט, ווי משוגע, געצויגן מיט די אַקסל.

— וויינטרויבן? פון וואַנען קומען איצט וויינטרויבן?

ישראל האָט אויף אַזוי ווייניק געהאַט צו טאָן מיט וויינטרויבן, אַז ער האָט אפילו נישט געוווּסט, אַז די דאָזיקע סחורה האָט איר סעזאָן. אַז איצט, אין פרילינג קאָן מען זי נישט באַקומען, פאַר קיין שום געלט. אָבער וואָס שווערער ס'איז געווען זיי צו באַקומען, אַלץ וויכטיקער זע־נען זיי געוואָרן אין זיינע אויגן. וויינטרויבן! געוואָלט וויינטרויבן! ווו נעמט מען זיי? ווו קריגט מען זיי?

ער איז אויסגעלאָפן האַלב וואַרשע און נישט געפונען די נויטיקע לעבנס־זאַך — וויינטרויבן. ענדלעך האָט ער געפּרוווט זיך נעמען אין די הענט אַריין, באַקעמפן זיין ווילד לויפעניש.

— ווי קומט עס צו דיר, ישראל? ביסט אַן אינטעליגענט? האָסט

זיך דערשראָקן פאַרן לעבן? דאָס איז דאָך דאָס לעבן, דאָס רויע, ביטערע לעבן. נישטאָ קיין וויינטרויבן, נישטאָ!

וואָס זשע האָט אים פאַרהאַלטן דאָ, ביי דעם גרויסן פענצטער? אַז דאָ איז גאָר נישט קיין פּרוכטן־געשעפט. אַ מאַגאַזין פון ביזשוטעריע. גאָלד, זילבער, פּערל, קרעלן. בריליאַנטענע רינגען. ניין. דאָס קוקט ער אָן אַ בייטשל בלויע פּאַטשערקעס. ער ווייס נישט וואָס פאַר אַ שטיינער דאָס זענען. ער וויל ברענגען פאַר דינהן דאָס בייטשל בלויע פּאַטשער־קעס. ער ווייסט, אַז ס'איז נישט פאַר זיין קעשענע. אָבער ער איז שוין ווידער אין די נעגל פון דער היסטעריע. ער לויפט אַריין, ער פרעגט אויף דעם פּרייז. ער שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן. ער גלויבט זיך נישט. וואָס? זעכציק רובל?

ניין, די פּאַטשערקעס קאָסטן זעכציק קאָפּיקעס. עכטע פראַנצויזישע אימיטאַציע.

ישראל קומט אַהיים מיט פּאַטשערקעס. ער שעמט זיך פאַר זיין האַרצקלאַפּן. ער שעמט זיך פאַר זיין מציאה.

אין דער היים האָט ער זיך באַרואיקט. דינהן איז נישט ערגער נישט בעסער. קיין פרישן דאָקטער דאַרף מען נישט. ער העלפט דער שוויגער לייגן די קינדער שלאָפן.

— זיפצט נישט, שוויגער, זאָרגט נישט. אַלץ וועט גוט זיין, אַלץ...

— הלוואי!

און דינה שפּילט זיך, ווי אַ קינד, מיט די בלויע פּאַטשערקעס.

צו אים איז צוגעגאַנגען פּינעס. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער אַרבעט אין קיך, האָט זיך דער ליטוואַק אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פּאָר נייע שיך, אַ פּאָר העמדער און איין קראַוואַט. אָבער דאָס נייע העמד איז שוין גאָרנישט פריש און דער קראַוואַט האָט שוין אַ פּנים פון אַ שטריקל. די שיך — שאַנעוועט ער, אָבער זיי כאַפּן שוין ביסלעכווייז דעם אָנבליק פון זייערע פאָרגענגער. זיי ווערן העלפאַנדיש.

פּינעס האָט געשטיגן אויף זיין אַמט. ווען ער האָט זיך איבערגע־אַרבעט און געפאַלן קראַנק, האָט ער באַקומען אַ געהילף. איצט איז ער פריי אין די אָוונטן. ער גייט נאָר אין קיך אַריין עסן אָוונטברויט און כאַפּט אַריין אַן איבעריקע שעה אַרבעט, צוליב דער אַלטער געוווינהייט.

— זאָג נאָר, ישראל, צי האָסטו נישט געזען ערגעץ דאָרעטשקען?

ניין, ישראל האָט זי נישט געזען. ער וויל אָבער וויסן צוליב וואָס דאַרף זי פּינעס.

דינה דרעמלט, דאַכט זיך, איבער די פּאַטשערקעס. זי עפנט אָבער אירע גרויס־געוואָרענע, לויז־געוואָרענע אויגן און מאַכט הערן איר אָפּ־געשוואַכטע שטים:

— גייט צו שמואלן, פּינעס. ביי אים טאָגט זי און זי נעכטיקט.

פייגע־פּעסיע מישט זיך אַריין:

— צו וואָס זאָלסטו רעדן נאַרישקייטן, דינה? רכילות אויף אַן אייגענער שוועסטער? דאָס קינד קומט דאָך יעדע נאַכט אַהיים; איך עפן איר אַליין די טיר.

אויף פייגע־פּעסיען האָבן זיך אויסגעגאָסן די צרות פון דער גאַנצער וועלט. ווייניק האָט זי פון דינהן מיט די קינדער. דאַרף נאָך די יינגערע טאָכטער איר פאַרשאַפן אַזויפיל עגמת־נפש.

אָבער צו דערעטשקען האָט זי קיין טענות נישט. זי פילט זיך קעגן איר נאָך מער שולדיק ווי קעגן דינהן. עפּעס דאַכט זיך ישראלן, אַז די שולד פון דער גאַנצער וועלט האָט די צעטראָגענע מאַמע מיטן פאַר־פּודערטן קרומען שייטל גענומען אויף אירע אָרעמע פּלייצעס און שלעפּט דעם יאָך מיט אַ זיסער פליסיקייט, ווי אַ פאַרדינטן עונש. צייטנווייז דאַכט זיך ישראלן, אַז זיין צעטראָגענע שוויגער איז אַ הייליקע. צייטנווייז — אַז זי איז אַן אויפגעקלערטער מענטש, אַז זי פילט די שולד און אחריות פון אַ מוטער, וואָס האָט געבראַכט קינדער אויף דער וועלט און זי קאָן זיי נישט פאַרזאָרגן מיט דעם מינימום גליק. אָט שטייט זי שוין אין אַ ווינקל און זי ווישט זיך די אויגן אין דער שטיל.

— קינדערלעך מיינע, עופהלעך!

ישראל קאָן איר צער נישט צוזען. אין דער גאַנצער פאַרטעמפּטער, פאַרווילדעטער קאָמונע איז די שוויגער איצט דער איינציקער מענטש, וואָס פילט און וואָס לייטערט זיך אין די אייגענע ליידן. ישראל רעדט איצט צו איר מיט אַ שטילן דרך־ארץ:

— וויינט נישט, שוויגער. ס׳וועט גוט זיין. ס׳וועט אַלץ גוט זיין.

און פּינעס איז געגאַנגען זוכן דערעטשקען. ער האָט זי אַרומגעזוכט פון נאָכמיטאָג אָן; ער איז שוין געווען ביי שמואלן אויך און נישט גע־טראָפן זי. איצט האָט ער אַוועקגעשפּאַנט אין אַ באַקאַנטער גאַס, אין דער גאַס, וווּ ביסטריצקי וווינט. אינסטינקטיוו איז ער אַהין געגאַנגען און

דאָרט האָט ער זי טאַקע געטראָפֿן, דערקענט אין דער פֿינצטער איר קליי־נע, קינדישע פֿיגור. זי איז געשטאַנען אויפֿן ברעג טראָטואַר מיטן הוט אין דער האַנט און אַריבערגעקוקט צו ביסטריצקיס הויכע, באַלויכטענע פֿענצטער אויפֿן פֿערטן שטאָק. פֿינעס האָט זיך אָפּגעשטעלט האַרט נעבן איר און אויך פֿאַררײסן דעם קאָפּ אַרויף. הינטער די אַראָפּגעלאָזטע פֿאָר־האַנגען אויפֿן פֿערטן שטאָק האָבן פֿאַרבייגעשוועבט שאָטנס פֿון פּאָרלעך. פֿון דעם אָפֿענעם פֿענצטער זענען געפֿאַלן די קלאַנגען פֿון קלאַוויר.

— מען טאַנצט — האָט ער שטיל, ווי צו זיך אַליין געזאָגט.

דאָרעטשקע האָט זיך אומגעקוקט און אפֿילו זיך נישט פֿאַרוווּנדערט. זי איז שוין לאַנג צוגעווױנט, אַז פֿינעס זאָל פּלוצלונג אויסוואַקסן נעבן איר.

— יאָ, מען טאַנצט — האָט זי באַשטעטיקט.

— מען הוליעט.

— און מען טאַנצט און מען הוליעט און מען גייט אַ קאַראַהאָד — האָט זי שטיל צוגעזונגען.

— זיי ווילן זיך דערהוליען — האָט ער אויפֿגעהויבן אַ פֿויסט צו די פֿענצטער — און איר, דאָרעטשקע, דאַרפֿט דאָ נישט שטיין.

— און איר, פֿינעסל, דאַרפֿט דאָ נישט גיין. בכלל וויל איך נישט, איר זאָלט מיר נאָכגיין.

— פֿאַרוואָס?

— ווייל איך בין אַ דערוואַקסענער מענטש. וואָס איך וויל קאָן איך צו יעדער צייט טאָן מיט זיך.

— איך זאָג אייך דען דעות?

— אָבער איר גייט מיר נאָך.

— איך בין געקומען אייך דערמאָנען, דאָרעטשקע. איר האָט גע־נומען אַ פֿליכט אויף זיך.

— איך האַלט נישט פֿון קיין פֿליכטן.

— איך בין פֿאַר אייך ערוב געווען. איך און שמואל.

— האָט איר נישט געזאָלט.

— אַ לערערין זענט איר אַ גוטע, דאָרעטשקע. די קינדער האָבן ממש אויפֿגעלעבט פֿון אייערע לידלעך און שמועסן. אָרעמע גאַסן־קינדער! פֿאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפֿן?

— ווייל זיי האָבן לייז.

— דאָרע, שעמען וואָלט איר זיך געדאַרפט!

— איך האָב נישט קיין בושה.

ער האָט זי שווער אַ גלעט געטאָן מיט זיינע בולטע קעלבערנע אויגן און צוגעשאָקלט פאַרצווייפלט מיטן רונדן קאָפּ. דאָס נייע היטל איז געזעסן אויפן קאָפּ ווי אַ שוואָם, ווי אַ יאַרמלקע.

— אוי דאָרע, דאָרע. מיט וועמען קריגט איר זיך, דאָרע? מיט מיר?

ער האָט פּלוצלונג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך צעלאַכט:

— נו, לאָמיר בעסער ריידן וועגן פריילעכערע זאַכן. איר געפינט נישט איין, דאָרע, אַז אַ פּאַרטעפּיאַן איז אַ פּאַסקודנער אינסטרומענט? הערט נאָר, ווי ער גרימפּלט. אַ נאַרישער אינסטרומענט, כ׳לעבן!

זי האָט זיך אויך צעלאַכט.

— אַ נייער מבין אויף מוזיק! דאָרט שפּילט דווקא אַ גוטער אינסטרומענט. אַן עכטער „בעקער״.

— אַזוי? אַ בעקער? נו, מה רעש? כ׳האָב שוין ביי אַ בעקער, גאָט צו האַנקען, אויך געאַרבעט. און זעצט אַוועק ביים פּאַרטעפּיאַן רובינשטיינען און לישטן — וועלן זיי אייך סיי־ווי־סיי שפּילן ווי די בעקער... ווייל אַ פּאַרטעפּיאַן איז קיין אינסטרומענט נישט.

זי האָט זיך פונדאַסניי צעלאַכט — אַ זילבערן גלעקעלע אין מיטן דער גאַס.

— ער איז פּרעכטיק, דער ליטוואַק! אַט רעדט ער גאָר וועגן פּאַרטעפּיאַן און טוט אים עפּעס. אויף אַלץ זענען זיי מבינים, די ליטוואַקעס!

— אויף אַלץ? גאַרנישט אויף אַלץ. איר הערט מיך פריער אויס. דאַן וועט איר לאַכן.

ער נעמט זי אונטערן אָרעם און זי לאָזט זיך פירן.

— איר פאַרשטייט, דאָרע, מיטן פּאַרטעפּיאַן איז געשען אַ גרויס מיספאַרשטייעניש... אָבער, זאָגט מיר, איר האָט שוין געגעסן אָוונטברויט?

— ניין.

— טאָ קומט מיט מיר אין אונדזער קיך אַריין, וועלן מיר צו־

זאַמען אָפּעסן. אָבער קומט גיכער, וואָרום מען שליסט שוין באַלד.

— נו, און דער פּאַרטעפּיאַן?

— יאָ, דער פּאַרטעפּיאַן. איך דערצייל דאָ אייך. לויט מיין טיפ־סטער איבערצייגונג איז עס נישט קיין אינסטרומענט. עס קאָן נישט זינגען, נאָר קלינגען. אַ קאָמפּאָזיציע קאָן נישט באַזירן אויף קיין גלאָקן־קלאַנג, וואָס איז אונטן ברייט און אויבן שפּיציק. איר פאַר־שטייט, פּאַרטעפּיאַן גיט אונדז בלויז קלאַנגען־קאַנוסן. דאָס איז אַלץ איינס, ווי מען זאָל וועלן מאָלן אַ בילד מיט אַן אויסגעקרימטן פּענזל.

דאָרעטשקע האָט זיך באַמיט צו כאַפּן זיין אומגעלומפּערטן גע־דאַנק. עס האָט דאָך געשטעקט אין דעם אַ ווילדע לאָגיק.

לויט פּינעסעס ווייטערדיקע רייד איז אויסגעקומען, אַז דער פּאַר־טעפּיאַן גיט אונדז נישט קיין ריינעם טאָן, נאָר אַ רמז פון אַ טאָן, ווי דער גרויער בלייפעדער גיט אונדז אַ צייכענונג דעם רמז פון אַ פאַרב. דעריבער איז די גאַנצע פּאַרטעפּיאַן־טעכניק — אַן איבעריקע מאַ־טערניש, כדי צו פאַרשטעלן די פּוסטקייט, די נישט זינגעוודיקייט פון אינסטרומענט. און די גאַנצע פּאַרטעפּיאַן־ליטעראַטור — אַ געניאַ־לער בלאָף.

געענדיקט האָט פּינעס מיט דעם, אַז מען מוז דעם אינסטרומענט רעקאָנסטרואירן און אַז ער, פּינעס, האָט דערצו אַ פּאַרטיקן פּראָיעקט, וואָס שטיצט זיך אויף די נייסטע פיזיקאַלישע דערגרייכונגען.

מאָדנע אומהיימלעך האָט אויסגעזען דער וואַרשעווער ליטוואַק מיטן שווענקל אויפן קאָפּ און מיט זיין שנאה צום פּאַרטעפּיאַן. דאָ־רעטשקען האָט זיך געדאַכט אַז אין טעמפּל פון דער בורזשואַזער קונסט האָט זיך אַריינגעריסן אַ ווילדער אַנאַרכיסט מיט אַ באָמבע.

זי האָט געפּרוווט באַשיצן איר באַליבטן אינסטרומענט. דערווייל זענען זיי אָנגעקומען צו דער קיך. זיי זענען געקומען פּונקט צו דער צייט. די יידענע, וואָס האָט אויפגעראַמט, האָט שוין געענדיקט איר אַרבעט און געהאַלטן ביים אַוועקגיין.

פּינעס האָט ביי איר צוגענומען דעם שליסל. ער וועט מאָרגן פריער אויפשטיין און אַליין עפענען די קיך. די יידענע איז אַוועק און פּינעס האָט זיך גענומען צו דער באַלעבאַטישקייט. אויף אַ ברעג טיש האָט ער פאַרשפּרייט אַ טישטוך, אַוועקגעשטעלט ברויט מיט זאַלץ מיט קאַלטן שטשאַוו און צוגעשטעלט טיי אויף דער מאַשינקע. אין ווינקל

פון דער גרויסער, שמוציקער קיך, ווו די יידענע האָט נאָר אויבער־פלעכלעך צוגעראמט, האָט דער ליכטיקער עלעקטרישער לאָמפּ אויס־געזען, ווי אַ רייכער אַמעריקאַנער, וועלכער איז געקומען באַקוקן די פרעמדע נויט און דערווייל זיך צוגעהערט צו דעם מאָדנעם וויכוח פון די צוויי מענטשן, וואָס האָבן געשטילט זייער הונגער מיט ברויט און מיט שטשאוו. די מעטשן האָבן זיך געאמפּערט איבער דער קאָנ־סטרוקציע פון פאַרטעפּיאַן.

די ריזיקע פּליטע און קעסל־אויוון האָבן זיך צעלייגט אויף אַ האַלבע קיך, ווי אַ דינאַמאָ־מאַשין. דער ווינט האָט געברומט אויפן ליידיקן פּלאַץ הינטער דער טיר, געפּייפט אין קוימען אריין און דער אויוון האָט אים אָפּגעענטפערט ווי אַן אָרגל. דער גרויסער ליידיקער עס־צימער האָט ווי אַ הונגעריק מויל ברייט געעפנט זיינע טירן. די הונדערטער אָרעמעלייט, וואָס האָבן אין משך פון טאָג אין דעם ריזיקן עס־צימער געשטילט זייער הונגער, האָבן נישט אַלץ מיטגענומען מיט זייער אַוועקגיין. זיי האָבן איבערגעלאָזט אין צימער אַ טייל פון זייער נאָגנדיקער בענקשאַפט נאָכן ביסן ברויט. און איצט איז די פינצטערע ליידיקייט פון עסצימער פול געווען מיט קנאה צו פינעסן און דאָ־רעטשקען, וואָס עסן אין דער קיך ברויט מיט שטשאוו.

פינעס האָט פאַרשלאָסן די דרויסנדיקע טיר, אז דער ווינט זאָל זי נישט עפענען. ער האָט אָנגעגאָסן טיי אין צוויי בלעכענע — גע־גלעזטע טעפּעלעך. דאָרעטשקע האָט דורשטיק געזופּט דעם בריענדיקן טיי, געוואָרפן מיט די פיסלעך און אַלץ פאַרטיידיקט דעם פאַרטעפּיאַן.

פינעס האָט מיטאמאָל איבערגעריסן די דיסקוסיע. דאָרעטשקען האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער איז געוואָרן בלאַס.

— וואָס איז אייך, פינעס?

ער האָט נישט געענטפערט. ער איז אויפגעשטאַנען. זיך געפּאָרעט אַרום אויוון און צוריקגעקוקט צום טיש מיט אַ פאַרנומענער האַנט. ער האָט געהאלטן אַ שטריק אין דער האַנט.

איצט איז שוין זיין פּנים אינגאַנצן פאַרענדערט געוואָרן. נישט רונד, נאָר פירקאַנטיק.

דאָרעטשקע האָט אינסטינקטיוו זיך אַ רוק געטאָן אויף צוריק. זי האָט נישט געהאַט וווהין. זי איז געזעסן אין ווינקל. פינעס איז צוגע־טראָטן צו איר מיט דער שטריק.

— זאָג נאָר, דאָרע, דו גייסט מאָרגן אין דער שולע צו דער אַר־בעט, אָדער נישט?

— פּינעס! וואָס איז מיט אייך?...

— איך פרעג דאָך דיך! דו גייסט צו דער אַרבעט?

האָט זיך אויך געענדערט דאָרעס פּנים, געוואָרן שפּיציק. זי האָט האַרט אָפּגעהאַקט:

— ניין!

— דו, פּאַסקודניצע! — האָט זיך פּינעס צעשריען — מיינסט, אַז דו האָסט קיין טאַטן נישט, איז שוין הפקר? ווערט מען אַ ציגיי־נערין? שוין זאָלסטו מיר צוזאָגן...

און ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער שטריק.

זי האָט געפּרוּווט אים אַ לאַך טאָן אין פּנים אַריין, אָבער איר גע־לעכטער האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ געשריי.

די שטריק האָט אַ וואָיע געטאָן און אַ שניט איבערן גוף ווי צע־שניטן אים אויף צווייען.

— פּינעס! וואָס טוט איר? כאַם!

— נאַ! נאַ! האָסטו דיר! האָסטו!

און די שטריק האָט געשניטן איבער די הענט, איבער די אַקסל, איבערן רוקן, איבער די פיס.

דאָרעטשקע האָט שוין נישט געשריען. זי האָט זיך געקנוילט ווי אַ וואָרעם, זי האָט געבּרומט, זי איז אומגעפאַלן אויף דער באַנק, אַראָפּ־געפאַלן אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע.

ענדלעך האָט זי אויסגעשטרעקט אַ ציטערדיקע האַנט. זי האָט פאַר־לוירן דאָס קול, זי איז געווען הייזעריק.

— פּינעסל, שלאָגט מיך נישט! איך בין דאָך אַ קראַנקע.

אָבער ביי פּינעסן זענען די אויגן אַרויסגעקראָכן אין דרויסן. אַ מענטש מיט אַזעלכע אויגן ווייסט נישט פון רחמנות.

— ענטפער! דו גייסט צו דער אַרבעט?

— איך גיי! איך גיי!

— שווער דיך!

זי האָט שוין געוויינט און געלאַכט, זיצנדיק אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע.

— טאָ ווי זאָל איך שווערן?

— שווער דיך ביי דעם, וואָס דיר איז ליב.

— נאַרישער פּינעס! אַז מיר איז קיין זאַך נישט ליב!

— דאָס לעבן איז דיר ליב, בהמה!

— אַי! שלאָגט נישט מער! איך שווער! איך שווער! — און זי האָט זיך ערשט רעכט יאָמערדיק צעוויינט.

פּינעס האָט געוואָלט אַרויסלויפן אויפן ליידיקן פּלאַץ און ווי אַן אַקס האָט ער זיך אָנגעשטויסן מיטן קאָפּ אָן דער פאַרשלאָסענער טיר. ער האָט קוים דעם שליסל געפונען. קוים די טיר געעפנט.

— נו, קומט, דאָרע, קומט. אַ סוף. אַ סוף! איך וועל שוין מער נישט... מער קיינמאָל נישט... אָט... די עלעקטרי, באַלד!

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער זיך גענומען פאַרדרייען דעם לאָמפּ און דאָס גלעזל האָט געפּלאַצט. זיי זענען פאַרבליבן אין דער פינצטער. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאָדנע יאָגעניש צווישן אים און דאָרעטשקען. אים האָט זיך געדאַכט: זי וויינט. אים האָט זיך געדאַכט: זי לאַכט. און אַלץ פון פאַרשידענע זייטן. דאָרט אויף דער פּאָדלאָגע, ווי זי איז פריער געלעגן, איז זי איצט נישט געווען.

— דאָ־דאָרע! דאָרעטשקע! רופט זיך אָפּ!

האָט זי געשוויגן. האָט פּינעס ווידער מיטן קאָפּ זיך אָנגעשטויסן אָן דער טיר. זי איז געווען אָפן. איז ער געלאָפן איבערן וויסטן ליידיקן פּלאַץ הינטער דער טיר און געטאַפּט מיט די הענט, ווי אין שטאָק פינצטערניש. האָט ער זיך פאַרטשעפּעט און אומגעפאַלן. ביי זיינע פיס איז געלעגן דאָרעטשקע. ער האָט זי דערטאַפּט מיט די הענט. ער האָט זי ענד־לעך דערזען. זי איז געלעגן שטייף, איינגעקאָרטשעט, אומבאַוועגלעך, ווי די האַרטע קליינע פליגעלעך אויף דער לאַנקע, וואָס מאַכן זיך טויט בעת מען רירט זיי אָן.

— דאָרע! דאָרעטשקע! טייערע, איינציקע דאָרעטשקע! האַרציקע מיינע! ליכטיקע מיינע!

לאַנג האָט געדויערט, ביז פּינעס האָט ענדלעך פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען.

דאָרעטשקע איז פאַר ווייטיק און איבערראַשונג אַריינגעפאַלן אין איר טיפן, שטיינערנעם שלאָף.

ער האָט זי אַוועקגעטראָגן צוריק אין דער קיך אַריין.

***

אויף מאָרגן האָט איר זילבערן גלעקל געקלונגען אין קינדערהיים.

10

## אַ מאָדנער ייִד

איבערן ברייטן סטאַוו סאַטשי האָט די זון צעריסן די פרימאָרגנדיקע נעפּלען און זיך יונג צעלאַכט. דער סטאַוו האָט אַ ציטער געטאָן מיט זיין זילבערנעם שופּן־פּאַנצער, זיך באַרואיקט און זיך אויסגעצויגן אין דער לענג און אין דער ברייט — איין גוס פּאָלירטער שטאָל.

זענען געבליבן שטיקער צעריסענע נעפּלען הענגען אויף די צווייגן פון געדיכטן היכן וואַלד. איבערן היכן ברעג פון דעם טייכל איז געגאַנגען מיטן שטעגעלע אַ באָרוועסער שייגעץ אין אַ זעלנעריש היטל און געפּייפט אויף אַ פּייפל אַ ניגון אַ נאַרישן און אַן אומעטיקן. דאָס איז געווען דער פּאסטוך פון הויף. ווען דער שייגעץ איז געקומען צום בריק נעבן וואַסער־מיל, דאָרט ווו דאָס טייכל פאַלט אַריין אין גרויסן סטאַוו, האָט ער אַוועקגענומען דאָס פּייפל פון מויל און אייסגעגלאצט אַ פּאָר אויגן אויף בייז וואונדער:

ביי דער בריק, ווו דאָס וואַסער האָט געברושט און געשוימט, האָבן זיך אין דער מיט פון ברייט געוואָרענעם טייכל געטויכט און געראַנגלט דריי משונהדיקע באַשעפענישן. עס האָט אויסגעזען ווי איינער דעם אַנדערן וויל דערטרינקען. אַלע דריי האָבן, דאַכט זיך, געריטשעט און אַלע דריי האָבן געלאַכט.

נאָר אָט איז איין קאָפּ אויסגעוואַקסן איבערן ווייסן שוים פון וואַסער. אַ קאָפּ, אַ באָרד, אַ ווייסער גוף מיט שוואַרצע פלעקן. פון דער בלאָטע פון די טיפענישן האָט, דאַכט זיך, דער ווייסער גוף אויף זיך מיטגעשלעפּט די שוואַרצע פלעקן. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין בלאָטע. דער ווייסער גוף איז באַדעקט געווען מיט שוואַרצע האָריקע אינזעלעך. אויף דער ברוסט, אויף די אַקסל, אויפן רוקן, אומעטום. און דאָס וואַסער האָט איצט געשנירלט פון אים אין זילבערנע פעדעמלעך.

אין די הענט האָט ער געהאַלטן צוויי אָנגעצויגענע קייטן. און פּאָר

די קייטן האָט ער געשלעפּט די אַנדערע צוויי קודלאַטע קעפּ פון וואַסער אַרויס. זיי האָבן געריטשעט — די צוויי קעפּ, ווי חזירים אונטער דער שפּיז, זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט, נישט געוואָלט אַרויס פון וואַסער. האָט דער בערדיקער מענטש נאָכגעלאָזט די קייטן, אַ כאַפּ געטאָן איין קאָפּ ביי די קודלעס, דעם צווייטן און זיך געלאָזט שפּאַנען צום ברעג.

דאָס פּאַסטוכל האָט געמאַכט אַ ויברח, ווען ער האָט דערזען, ווי פּאַן פּאָדלאַסקי שלעפּט פון וואַסער אַרויס זיינע צוויי אויסגעהאָדעוועטע גרויס־געוואָרענע בערן.

— האַ, חזירים, הינטישע זין! — האָט ער זיי געזידלט. און זיי האָבן זיך געוואַקלט, ווי די שיכורע פּויערים, אַרויסגעקראָכן אויפן ברעג, כמעט אויפן בויך, געפּאַכעט מיט די פּיסקעס און געהאַלטן אין איין ניסן.

פּאָדלאַסקי האָט זיי צוגעבונדן מיט די קייטן צו אַ דראָנג, וואָס איז געווען פעסט אין דר׳ערד אַריינגעשלאָגן.

— זיצט רואיק, חברהלייט! איך וועל גיין זיך אָנטאָן.

די בערן האָבן גלייכצייטיק גענומען זיך אָפּטרייסלען, קלינגענדיק מיט די קייטן.

פּאָדלאַסקי איז אָפּגעשפּרונגען, זיך אויסגעזידלט און אַוועקגע־שפּאַנט אונטערן בריק צו זיינע זאַכן.

כדי די בערן זאָלן אין וואַסער אים נישט אָנטרעטן אויף די פיס, האָט פּאָדלאַסקי זיך געבאָדן אין סאַנדאַלן. ווייכע רימענדלעך האָבן, ווי אַ טאָפּל נעץ פון רצועות, געדיכט אַרומגעוויקלט זיינע פיס ביז די קני. אַזוי האָט ער געשפּאַנט צו דער בריק מיט פאַרפּאַנצערטע פיס און אַ נאַקעטער.

אָבער איידער ער האָט באַוויזן זיך אָנצוטאָן איז אויפן צווייטן ברעג געקומען צולויפן אַ גויע מיט אַ פּאָר ברייטע זייטן, ווי די קישעלעך. זי האָט צוגעשטעלט די הענט ווי אַ טרובע צום מויל און געברומט:

— פּאַניע גאָספּאָדאַזשו!

איז פּאָדלאַסקי אַרויסגעקראָכן פון אונטערן בריק, איינגעהילט פון קאָפּ ביז די פיס אין אַ ריזיקן באָד־ליילעך.

די בערן האָבן אַ קלונג געטאָן מיט די קייטן און זיך אַ הויב געטאָן פאַרדעכטיק פון אָרט. זיי האָבן נישט דערקענט פּאָדלאַסקין אין ווייסן ליילעך.

— וואָס רעוועסטו, אַקולינע?

— קומט גיכער, קומט! די רויטע מאַנקיע האָט זיך דערוואָרגן מיט אַ קאַרטאָפל!

— מיט אַ גאַנצן קאַרטאָפל?

— יאָ!

— ברואים וואָס איר זענט! וויפל מאָל דאַרף מען ריידן צו אייך, אַז קיין גאַנצע קאַרטאָפל...

אָבער בערל האָט זיך געכאַפּט, אַז צו רעדן איז גאָר קיין צייט נישטאָ. די בהמה קאָן דערוואָרגן ווערן. וועגן אָנטאָן זיך — איז אָפּגעד רעדט. ווי ער שטייט און גייט, אין די סאַנדאַלן און באָד־ליילעך, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אויף דער בריק און אין אַ רגע אַרום איז ער שוין געשטאַנען אינמיטן הויף. אַ מאַן צען האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דער רויטער מאַנקיע מיטן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ און אויפגעבלאָזענעם בויך. מען האָט אונטערגעשפּאַרט די בהמה פון אַלע זייטן, זי צוגעהאַלטן פעסט און איציק דער מילנער האָט, שטייענדיק אויף די קני, און סאָפּענדיק, זיך באַמיט אַרויסצושפּאַרן איר מיט מאַסאַזש דעם קאַרטאָפל פון האַלדז. פּאָדלאַסקי האָט איציקן אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט. די בהמה האָט זיך געוואַקלט, ווי אַ שיכורע. פּאַרלאָפּענע פינצטערע אויגן.

— האַלט, חברה! שטויסט זי אויף מיר, אויף מיר!

מיט איין האַנט האָט ער אָנגעכאַפּט די בהמה פאַר דער צונג און מיט דער אַנדערער איז ער איר פון דער זייט, הינטער די ציין, אין מויל אַריינגעפאָרן.

ער האָט געשטופּט די האַנט, ווי אין אַ שמאָלן אַרבל, צו דער בהמה אין האַלדז אַריין. מאַנקיע האָט זיך געטרייסלט און געריסן.

— האַלט! האַלט! צו מיר שטופּט זי! צו מיר!

מאַנקיע האָט זיך געצויגן מיטן קאָפּ צו דר׳ערד און מיט איר צוזאַ־מען — בערל, מיט די אָנגעשטרענגטע נישט פינטלענדיקע אויגן.

— אָט! אַ־אַ־אָט! אָט־אָ! און ער האָט אַרויסגעריסן די האַנט מיטן פאַרבלוטיקטן קאַרטאָפל צווישן די פינגער.

מאַנקיע האָט זיך איצט אַרויסגעריסן און איז אַרומגעלאָפן מיטן קאָפּ ביי דר׳ערד, פאָכנדיק מיט די זייטן.

בערל איז צו צו לוקיאַנען און אים אונטערגערוקט דעם פאַרבלוטיקטן, קאַרטאָפל אונטער דער נאָז.

— זעסט?

דאָס איז געווען לוקיאַנס שולד, וואָס אין דער פּאָילע איז אַריינגע־פאַלן אַ גאַנצער קאַרטאָפל.

אָבער מער האָט אים בערל גאָרנישט געזאָגט. נאָר אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און דער קאַרטאָפל איז פאַרפלויגן ווייט הינטערן פּלויט.

— מאַנקיעץ האַלטן אין שטאַל. געבן בלויז צו טרינקען ביז פאַרנאַכט. הערסט?

ער האָט זיך אָפּגעווישט די הענט אָן גראָז, פאַרוואָרפן דעם באָד־ליילעך איבערן אַקסל און, מעשה בערדיקער גריך, געלאָסן אַוועקגע־שפּאַנט פון הינטערשטן הויף.

דער עולם האָט איצט געלאַכט. צופרידן געווען פון בערלס געשיקט־קייט. די געראַטעוועטע בהמה האָט מען געפּאַטשט אין די זייטן און אַרומ־געטריבן איבערן הויף, זי זאָל אַביסל קומען צו זיך. לוקיאַן האָט גע־קראַצט די פּאַטיליצע און זיך געקלאָגט פאַר איציק דעם מילנער:

— וואָלט ער מיר בעסער געגעבן אין די ציין. וואָס רוקט ער מיר דעם קאַרטאָפל אונטער דער נאָז? איך פאַרשטיי דען נישט? אַ בהמה בין איך, וואָס? עך, מען דאַרף מאַכן אַ שנאַפּס! עס וועט שוין גאָרנישט העלפן.

פּאָדלאַסקי האָט געשפּאַנט צוריק צו דער בריק, ווו זיינע זאַכן זענען פאַרבליבן. נאָר דאָ איז אים אַנטקעגנגעלאָפן אַ שייגעץ ווי אַ דעמב מיט פלאַקסענע האָר און איבערגעדרייטע אויגן. ער איז געלאָפן און זיך געצלמט און זיך אַלץ אומגעקוקט אויפן בערגל און געשריען:

— אָ, יעזו!

פּאָדלאַסקין האָט ער אויך אַנגעוויזן אויפן ווייטלעכן בערגל. בערל האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען. די בערן זיינע האָט דערעסן צו זיצן נעבן טייך. האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון דראַנג און געמאַכט אַ שפּאַציר. זאָלן זיי האָבן צעשעדיקט וועמען?

ער האָט זיך געלאָזט לויפן דעם היפּשן מהלך צום בערגל ביי דער הוטע. קופּקעלעך מענטשן זענען געשטאַנען פון דער ווייט, גרייט יעדע רגע זיך פונאַנדערצולויפן. אין ניי־שטעטל ביי דער הוטע איז אַנגעגאַנגען אַ קוויטשעריי. מאַמעס האָבן געשלעפּט זייערע קינדער, וואָס זיינען אין איינע העמדלעך אַרויסגעלאָפן פון שטוב, מען האָט געהאַלטן אין פאַרהאַקן די טירן. הינט האָבן זיך געריסן די קעל.

ביי דער אָפענער הוטע האָט דער אַלטער אַנטאָני זיך געקליבן שיסן

פון אַ ביקס צום בערגל אַרויף, כדי אָפּצושרעקן די בערן. פּאָדלאַסקי האָט אים ביי דער האַנט אָנגעכאַפּט.

— משוגע ביסטו, אַלטער! וואַרט!

ער איז געלאָפן אַרויף אויפן בערגל און זיך צוגעקוקט צו זיינע צוויי היהלעך. די בערן זענען געשטאַנען שטאַרק פאַרמוטשט, זיי האָבן אים אַפילו נישט באַמערקט. זיי האָבן אַראָפּגעקוקט צו דער הוטע, ווו אין דער טיפער טונקלקייט האָבן ווי די גליי־ווערים אַרומגעשוועבט אויסגעצויגענע פייערלעך. די בערן האָבן געקוקט ווי מען מאַכט פלעשלעך.

ער האָט זיי אָנגענומען ביי דער קייט און ווילד־וואַלדיש אַ געשריי געטאָן. די בערן האָבן זיך אַ ריס געטאָן און פאַר שרעק באַקומען לויזע מאָגנס.

דאָן איז ער פאַרפאָרן מיט דער פויסט אין פּיסק אַריין איינעם, דעם צווייטן, זיי אָנגעכאַפּט ביי די קודלעס אויפן קאַרק און אַוועק מיט זיי אַהיים. די בערן האָבן דאָסמאָל געשפּאַנט זייער פלייסיק מיט די קרומע פיס. זיי האָבן אליין געפילט, אַז זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט.

און בעת פּאָדלאַסקי האָט געשפּאַנט מיט זיינע בערן, — ער, אין דער מיט, זיי פון ביידע זייטן; — פריער פאַרביי דער הוטע, דערנאָך דורכן ניי־שטעטל — האָט דער עולם אים נאָכגעקוקט מיט אַ היפּשן דרך־ארץ.

— אַ טייוול! — האָט זיך אַנטציקט דער פלאַקסענער שייגעץ.

— אַ טייוול זאָגסטו? — האָט געשאַמקעט דער אַלטער אַנטאָני און געקייט מיט די יאַשלעש. — מיר ווייסן. ער האָט דעם טייוול די נשמה פאַרקויפט. אָט פרעג יענע יידן דאָרט. יאָ, די בערן. ס'איז אַ קליייניקייט. נעמען צום ביישפּיל, די לעקסטריטשעסטווע וואָס ער האָט איינגעפירט. וואָס? פייער איז דאָס? אפשר פייער? ס'איז גיהנום־פייער. עס ברענט און עס ברענט נישט. קאַלטער פייער. רירסט עס אָן — ווערסטו פאַרכאַפּט, ברודער. מיר ווייסן.

און די יידן פון ניי־שטעטל, בערדיקע בעלי־מלאכות אין לעדערנע פאַרטוכער מיט פאַרקאַשערטע ארבל, זענען געשטאַנען ביי די טירן און זיך איבערגעשמועסט.

— דאָס איז אַ ייד אַביסל! אַ מזיק!

— ער איז גאָר קיין ייד נישט. בערן גאָר! טפו!

— און דער הילוך זיינער!

— אַז מען שמועסט — פון די שדימלעך. קאָן דען זײַן עפּעס גוטס?
די אַלע געשפּרעכן האָט שוין בערל נישט געהערט.

מיט אַ צעקעמטער באָרד, אין אַ ווייכן, טערקישן כאַלאַט איז ער אַרײַן אין עסצימער צו פרישטיק. ווען די יידן פון ניי־שטעטל וואָלטן אים איצט אָנגעקוקט, וואָלטן זיי געפּסקנט, אַז בערל איז אַ ייד שב׳ייד. אַפילו ענלעך צו שלמה־המלך. האָט דאָך שלמה־המלך אויך געהאַט צו טאָן מיט חיות.

אויפן טיש האָט מיט דעם ניגון פון אַ פליג אין שפּינוועבס געוויינט אַ ברייטבייכיקער זילבערנער סאַמאָוואַר. און בערלס פריינט, חיים לוריע, איז געזעסן איינגעטונקט דעם גרויען קאָפּ אין אַ גרויסן זשורנאַל און נישט געהערט ווי ער איז אַרײַנגעקומען.

— גוט מאָרגן, חיים!

— אַ! אָט איז ער דער בערן־טרייבער! וואָס מאַכט עפּעס מאַנקיע?

— שוין? דו ווייסט שוין אַלע נייעס?

— אָקולינע, זאָל געזונט זײַן, ברענגט מיט דער ערשטער פּאָסט.

חיים לוריע האָט געהאַט גאָר אַ יונג און פריש פּנים און זײַן גרויע שעוועליורע זעט אויס צו זײַן אַ מיספּאַרשטייעניש. דאָס בערדל, די וואָנצעס און די ברעמען זענען נאָך עכט שוואַרץ.

ער איז בערלס עלטערער חבר און אידעען־ברודער, אַ טיפּישער פּאַרוואַלגערטער עקזעמפּלאַר פון די נאַראָדניקעס מיט די טראַדיציאָנעלע לאַנגע האָר און אונטערגעשוירן בערדל. דאָס פאָלק פלעגט זיי אַמאָל רופן: כריסטאָסי.

איצט איז ער געווען בערלס גאַסט. ער איז אַרומגעפאָרן דעם פראָנט, אַלס אַן אָפיציר פון זיעמסקי סאָיוז. ער האָט אַפילו געטראָגן אָפיצירן־קליידער. געקומען איז ער צו בערלען זיך אָפּרוען, ברענגען אין אָרדענונג זײַנע נאָטיצן און אָנשרייבן אַ בוך וועגן די ווילדקייטן פון מלחמה.

לכבוד דעם גאַסט האָט בערל געענדערט דעם סדר, געפרישטיקט מיט אַ שעה שפּעטער, ווי ער איז געוווינט געווען און געפרישטיקט ביי זיך אין עסצימער, נישט מיט דער כאַליאַסטרע אין דער קאַנטינע פון הויף. אָבער פון זײַן שטענדיקן פרישטיק האָט ער זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

אָקולינע האָט אַרײַנגעטראָגן פאַר אים פון דער אַלגעמיינער קיך אַ שיסל קאַרטאָפל מיט הערינג. חיים לוריע האָט אינטעליגענטיש געשמירט פּוטער אויף זעמל און פאַרביסן מיט פּיינקוכן.

— וואָס לאַכסטו, אַקולינושקע?

געפרעגט האָט עס חיים לוריע און פונקט אין דער געפערלעכסטער מינוט, בעת אַקולינע האָט געצאַפּט טיי פון סאַמאָוואַר. איר מצה־פּנים איז נאָך ברייטער געוואָרן, די קישעלעך ביי די זייטן האָבן זיך אָנגעהויבן טרייסלען און נישט געקוקט אויף איר קאָמפּלעקציע, האָט זי אָן גערויש אַ שוועב געטאָן צו דער טיר, דאָרט אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער.

— אַלע מאָל אַזוי — האָט חיים צוגעשאָקלט מיטן גרויען קאָפּ.

— צוואָס באַדאַרפסטו זי פאַרשעמען, אידעאַליסט מיינער?

— אַז זי האָט פון דעם הנאה, מענטש! ווייז איר אַ פינגער — לאַכט זי. אוי־אוי־אוי! דער קראַן! דער קראַן!

אַקולינע האָט פאַרגעסן צו פאַרדרייען דעם קראַן און דאָס הייסע וואַסער האָט זיך געגאָסן איבערן טישטוך.

לוריע האָט זיך צעלאַכט. בערל האָט זיך צעשמייכלט. מיט מענטשן, אַפילו מיט די נאָענטסטע, האָט בערל קיינמאָל נישט געלאַכט מיט אַ פולן מויל.

ער האָט שנעל זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט זיין שיסל קאַרטאָפל און פאַרטרונקען מיט טיי.

— נו, דו שטער דיך נישט, חיים. עס, טרינק, לעז, שרייב דיין בוך, טו וואָס דו ווילסט, ברודער. און מיך — אַנטשולדיק: איך מוז לויפן צו דער אַרבעט... אגב, יאָ, איך בין נעכטן איינגעשלאָפן אין מיטן גע־שפּרעך. נאָך אַ טאָג אַרומלויפעניש, פאַרשטייסטו מיך... וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט? הם, די אייביקע טעמע וועגן ליבהאַרציקן פאָלק ישראל...

פּאָדלאַסקי איז איצט געשטאַנען איך מיטן צימער מיט אַ ציגאַר אין דער האַנט און זיך צוגעהערט מיט אַ שמייכל צו זיינע אייגענע לאַנגזאַמע געדאַנקען.

— זעסטו, חיים, איך ווייס אַפילו נישט ווהין דו האָסט אָנגע־שפּאַרט מיט דיין געדאַנק פאַר די לעצטע פּאָר יאָר. אַ וועג האָסטו דורכ־געמאַכט אַ היפּשן, אַן אומרואיקן אַלנפאַלס. פון די ס—רן, זאָגסטו, צו די ציוניסטן, שפּעטער צו די טעריטאָריאַליסטן און געבליבן הענגען צווישן זיי און פּועלי־ציון... הם! און איך בין, ברודער, געזעסן, מעשה־פּויער, אויף מיינע קאַרטאָפל און געטריקנט מיינע זומפּן.

— אויך אַן ענין.

— כ'מיין אַזוי. אָבער פאַרשטייסטו מיך, איך בין געבליבן אָפּגעריסן

פון די אַלע טעאָריעס, פון דער מאָדע אַרויס. מען האָט געדאַרפט זיך אַוועקזעצן און אַ שמועס טאָן. איז אָבער — קיין צייט נישטאָ.

חיים לוריע האָט אויך פאַררויכערט אַ ציגאַר. ער האָט זיך צעלייגט אין פאָטעל, ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. פּלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען, מיט עפּעס פון בערלס רייד איז ער נישט מסכים געווען, האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן, ווי אַן אָפּגעבריטער און געטרייסלט מיט דער גרויער שעוועליור.

— דו, דו ביסט אַ אידעאַליסט אַ פּראַקטיקער, בערל! ביסט אפשר אָפּגעשטאַנען, אָבער דו האָסט, פאַרשטייסטו, אַ היים. דיין אַרבעט איז דיין היים. איך בין עפּעס אַנדערש. איך האָב איצט קיין היים נישט, ברודער. פאַרבליבן מיט מיינע אידעאַלן ווי אַ סוחר אין מאַרק. צו וועמען און מיט וועמען? פאַרשטייסט? די רוסישע טעאָריעס צום יידישן לעבן קלעפּן זיך נישט. לעב איך אויף צוויי גאַסן. אין דענקען — אַ רוס, מיטן האַרצן — אַ ייד. איינס איז מיר קלאָר: אַ פאָלק איז אַזוי ווי אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם: אַ קאָפּ, אַ האַרץ, אַ מאָגן, הענט און פיס... קאָפּ האָבן מיר איבערגענוג. אָט האָב איך געמאַכט אַ רייזע איבער גאַליציע. יידן — בלויז קאָפּ. האָסטו געזען אַמאָל אַזאַ באַשעפעניש? זעסטו, מיט הענט און פיס איז ביי אונדז צרהדיק. הענטלעך — אויסגעדאַרטע. אומשטיינס געזאָגט די יידישע מלאכה. און פיס, פיס, וואָס זאָלן שטיין אויפן באָדן — געוואַלד געשריגן! מיר האָבן דאָך קיין פיס נישט!

— האָסטו דיר ערשט, הייסט עס, אַרומגעזען, אַז עס פעלט ביי אונדז דער פּויערים־שטאַנד?

— אָן דעם פּויער — זענען מיר פאַרלוירן!

— און דו ווילסט אים, הייסט עס, באַשאַפן?

— און דו נישט?

בערל איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך נישט געאיילט צו טראַכטן. אַ געדאַנק פלעגט ביי אים שפּראָצן און אָנוואַקסן לאַנגזאַם.

אָקולינע האָט אַריינגעטראָגן די פּאָסט. בערל האָט געריסן קאָנווערטן און געלעזן בריוו. צווישן אַנדערע אַ קורץ בריוועלע פון ישראלן און אַ לאַנגן בריוו פון אידען. אַלץ צוליב איין ענין: צוליב דער שוואַכער דינה מיט די קינדער, וואָס דאַרפן קומען אַהער.

בערל האָט זיך אומצופרידן אַ קנייטש געטאָן.

— וואָס מאַכן זיי מחזקות, וואָס אַ פּראָבלעם אַביסל! מען נעמט און מען קומט.

— האַ? זאָגסט עפּעס?

דאָס האָט חיים לוריע אַרויסגענומען דעם גראָען קאָפּ פון דעם ים פרישע צייטונגען.

— ווער? איך זאָג? גאָרנישט זאָג איך. — פאַר דער צייט איז ביי אים אָנגעוואַקסן דער געדאַנק — אָנטקעגן דעם, וואָס דו רעדסט וועגן פויערן־שטאַנד ביי יידן. איך האָב ספקות. די גריכן, פאַרשטייסטו, האָבן געדאַרפט צו האָבן דעם באַרבאַרישן שקלאַף. די אַמעריקאַנער — דעם ניגער'. די פעאָדאַלן — זייער היימישן שקלאַף. דער איצטיקער פויער איז דאָך זיין געזעצלעכער אוראייניקל. איבער יידן, וואָס דו זאָגסט אַליין, אַז זיי זענען אַ קאָפּ־פאָלק, ווילסטו מאַכן אַ קליינע אָפּעראַציע: גיי ווער פּיס. ס'איז נישט קיין תכלית פאַר קיינעם. אַ נידעריקע מדרגה צוליב אַ הויכן אידעאַל. אדרבה, ווייז, וועלכן טייל פון קאָפּ זאָל מען אויסשניידן? אפשר נעמען די חיים לוריעס און געבן זיי אַ רידל אין דער האַנט? אָבער די חיים לוריעס דאַרפן שרייבן אַ בוך וועגן דעם ענין. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק דאַרף זיצן און שרייבן אַ בוך איבער דער וויכטיקייט פון פויערן־שטאַנד.

— נו, דאָס טרייבסטו איבער!

— קיין האָר נישט. ביי דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער טעכניק פון לאַנדווירטשאַפט, ביי דער איצטיקער קלאַסן־פאַרטיילונג איז דאָך דער פויער — אַ פויערישער פויער. און האָט אַ פאָלק די ברירה — וועט עס גיכער זיך אַ וואָרף טאָן צום מאַרך, איידער צו די פיאַטעס.

— אַזאַ פעסימיסט ביסטו?

— נו, נישט אַזאַ פעסימיסט, חיים. מיין איינציקע האָפענונג, אַז דאָס רעדל וועט זיך איבערדרייען און דאָס פאָלק וועט קיין ברירה נישט האָבן. עס וועט דאַרפן אָנהויבן פון בראשית אָן טעאָריעס. אַ גוטן טאָג... מירן נאָך שמועסן אין אָוונט, אויב כ'וועל נישט איינשלאָפן.

וואָס רעדט ער, דער ייד? וואָס הייסט: קיין ברירה נישט האָבן? און מעגלעכקייט? ווו נעמט עס אַ קבצן די מעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך צו ערד? ווער וועט אים געבן?

חיים לוריע האָט גערעדט צו זיך אַליין, ווייל בערל איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען. אַקולינע איז אַריין אָפּרוימען פון טיש. דעם סוד פון איר

שטילן אָנקומען האָבן אויסגעזאָגט די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, וואָס האָבן זיך שטארק צעסקריפּעט. אירע קישעלעך ביי די זייטן האָבן געציטערט, ווי קאַלטער פיש־יויך, איר מצה־פּנים ברייט־צעגאָסן.

— וואָס לאַכסטו, אָקולינושקע, וואָלט איך וועלן וויסן?

ער האָט עס אַ זאָג געטאָן מעכאניש, לויט דער געוווינהייט און איז אָוועק אין זיין אויבערשטיבל שרייבן זיין בוך איבער יידישע מלחמה־צרות.

פון פענצטער האָט ער דערזען בערלען. יענער איז געשטאַנען אויפן נאַענטן שוואַרצן פעלד און גערעדט מיטן אַגראָנאָם אין שטרויענעם קאַפּעליוש. אַ חברה יונגעלייט אין שטאָטישע קליידער האָבן געקניט אויפן פעלד רייענווייז און געקראָכן אויף אַלע פיר, צווישן די שורות יונגן גרינס. דאָס האָבן חלוצים זיך געלערנט ערד־אַרבעט.

שפּעטער אַ ווײַלע האָבן בערלס ברייטע פּלייצעס זיך שוין געוויגט אויפן שמאָלן רייט־וועגל, געשפּאַנט מיט אַ ווייס געפּלעקט פערדל. און בערל אין זיין ווייס העמדל און דאָס פערדל האָבן אויסגעוויזן — איינס. בערל־פערדל איז געשוווּמען מיטן ווייכן שמאָלן וועג צו די ווייטע, בלאָע וועלדער.

חיים לוריע האָט אים נאָכגעקוקט פון זיין אויבער־שטיבל מיט אַ גוטס־גינעריש שמייכל. ער האָט געהאַט נחת פון זיין תלמיד. אַ מענטש איז נישט פאַרבליבן ביי טעאָריעס. אַ מענטש האָט דעם גאַנצן ריזיקן ירושה־פאַרמעגן פאַרוועגדט אויף איין פּראַקטישן ציל — אַרבעט. דאָרט ווו עס גרינט און שוואַרצט זיך דאָס שאַכמאַט־ברעט פון פעלדער זענען דאָך געווען זומפּן; דאָרט ביי דער הוטע, אויפן בערגל, ווו דאָס ניי־שטעטל האָט זיך אויסגעצויגן אין אַ רייע ווייסע הייזלעך מיט בלומען־געריטלעך, מיט סלופּעס פון עלעקטרישע לאָמפּן — דאָרט איז דאָך געווען וויסטער סטעפּ. יידישע פראַצע און יידישע ענערגיע. וואָס־זשע דרייט ער אַ מוח, אַז נאָר באַין ברירה וועלן יידן זיך נעמען צו שווערער אַרבעט?

איז דער תירוץ: בערל איז טאַקע אַן אידעאַליסט. ער האָט אָבער פּריצישע פליגן אין דער נאָז. ווי עס פאַרדרייט אים זיין פּריצישער קאַפּריז — אַזאַ טעאָריע מאַכט ער.

## 11

# שדימלעך

יידישע גבירישקייט קאָן נישט לאַנג אָנהאַלטן. דאָס איז אַן אַלטער כלל. אָבער די פּאָדלאַסקיס זענען געווען אַן אויסנאַם און דאָס האָט לייטן די אויגן געשטאָכן. ווי קומט עס, אַז יידן זאָלן זיין גבירים־אדירים נאָך פון זיידן און פון עלטער־זיידן? מסתמא איז דאָ עפּעס נישט גלאַט, נישט כדרך הטבע. האָבן טאַקע זקנים געוווּסט צו דערציילן אַ פיינע געשיכטע וועגן דער גבירישער משפּחה. און די געשיכטע האָט זיך אַזוי צוגעפּאַסט צו דער משפּחה פּאָדלאַסקיס, אַז זיי האָבן שוין כמעט אַליין אין איר געגלויבט.

אַמאָל, אַמאָל, נאָך אין נאַפּאָלעאָנס צייטן האָט געוווינט אין אַ שכנישן דאָרף אַ ייד — אַ קרעמער, אַ גרויסער אָרעמאַן. האָט ער געקויפט ביי אַ גוי אַ זעקל אַרבעס. געקומען אַ גוי מיט אַרבעס — האָט ער עס געקויפט אין גלייכן געלט. הייסט ער דעם גוי אַראָפּשטעלן דאָס זעקל אַרבעס אין קראָם און אַליין נעמט ער אַראָפּ אַ מעסטעלע אַרבעס אָפּצו־קאָכן לכבוד שבת. דער גוי איז שוין לאַנג אַוועק זיין וועג, עס קומט שוין באַלד אָן דער הייליקער שבת אויף דער וועלט און דער אַרבעס קאָכט און קאָן זיך נישט אָפּקאָכן. אפשר צום צענטן מאָל שעפּט אָן דעם קרעמערס טאָכטער פון גרויסן טאָפּ מיטן הילצערנעם לעפל, בלאָזט אויס, פּרוווט צעקייען — וואָרע שטיינדלעך.

— טאטע, וואָס פאַראַ אַרבעס האָסטו געקויפט? נאָך פון מלך סאָ־ביעסקיס צייטן, אוודאי!

— אַ גנב אַ גוי! — קלאָגט זיך דער ייד — אויסגענאַרט מיינע אָרעמע פאַר גראָשן און גיי שיט אים זאַלץ אויפן עק. — און פאַר כעס כאַפּט ער דעם זודיקן טאָפּ אַרבעס און גיסט אויס פאַר דער טיר. וואָס דען? אין טשאָלנט וועט ער זיי פאַררוקן?

ערשט — עס גיט אים עפּעס אַ בלאַנק פאַר די אויגן, דעם ייד. די אויסגעגאָסענע אַרבעס בלאַנקען. ער בויגט זיך אָן, ער הויבט אויף אַ פּאָר. ער איז מבולבל. דאָס זענען נישט קיין אַרבעס — סאַמעראָדנע פּערל. לויפט ער, דער קרעמער, צום זעקל אין קראָם, בינדט אויף — אויך פּערל.

— שרה! — שרייט ער צו דער טאָכטער — שרה! פאַרמאַך די לאָדן, גיכער! פאַרמאַך די טיר!

מיט וואָס פאַר אַ געמיט דער ייד איז מקבל־שבת געווען קאָנט איר אייך שוין פאָרשטעלן. פון סידור האָבן זיך געשאָטן שורות שוואַרצע פערל, פון סידור האָט אַרויסגעקוקט דער גוי. עפּעס אַ מאָדנער גוי מיט קאָלטענעס. ווי האָט ער עס פריער נישט באַמערקט, וואָס פאַר אַ גוי דאָס איז?

און אָט קלאַפּט מען שוין אין די לאָדנס. אָט זעצט מען שוין אין דער טיר. דער ייד ענטפערט נישט. ער קלאַפּט מיט די ציין. ער האָט דען ציין? ביי אים זענען פערל אין מויל.

שרה האָט פאַר שרעק איינגעגראָבן איר ליכטיק פּנים אין קישן אַריין.

און אָט קוקט שוין אַרויס דער גוי נישט פון סידור, נאָר פון געעפנטן אויוון. מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט דורך דער טיר, דעם גאַסט, איז ער געקומען דורכן קוימען. ער קוקט פון אויוון אַרויס און שמייכלט, שוואַרץ, ווי אַ רוח, אין סאַזשע אויסגעשמירט און פון זיין ברייטן מויל בלאַנקען די ציין — פערל.

— דו ווילסט מיך טאַקע נישט אַריינלאָזן?

און אַ שפּרונג און אַ קלאַפּ, ווי מיט פערדישע קאָפּיטעס און ער שטייט שוין אין שטוב.

דאָס היטל האָט ער איבערגעלאָזט אין קוימען און דעם פעלץ טראָגט ער אויף דער לינקער זייט. און עפּעס קלאַפּט זיך ביי אים פון הינטן וואָס שטעקט פון אונטערן פעלץ אַרויס, קלאַפּט זיך אָן דר׳ערד מיט תקיפות און מיט רוגזה, ווי מען קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש אַריין.

— שוין זאָלסטו מיר אָפּגעבן די אַרבעס, דו הערסט? ס׳איז נישט מיין זעקל אַרבעס, ס׳איז דער באָבעס זעקל אַרבעס. די באָבע האָט פאַר די האָר מיך אַרויסגעוואָרפן, איך זאָל ברענגען די ארבעס צוריק.

נעמט זיך אָן דער ייד מיט גבורה און צעלאַכט זיך:

— פאַרקויפט איז געקויפט! —

שרייט דאָך יענער:

— מקח־טעות!

ענטפערט אים דער קרעמער:

— טעות גוי — מותר — און לאַכט אים אין פינצטערן פּרצוף

אַרייַן, פון וואַנען האָט זיך צום יידן גענומען אַזאַ איינשטעלעניש איז טאַקע חידושים. אָבער דער ייד גייט נאָך ווייטער:

— הנה — זאָלסט וויסן, אַז שבת פיר איך נישט קיין מסחרים. און נאָך שבת, אַז דו וועסט אַראָפּקומען, וועל איך ערשט מיט דיר לערנען בלק. און דיין באָבען זאָלסטו איבערגעבן — נאַ — אָטאָ דעם כתב.

און, פאַרגעסן אַז ס'איז פּרייַטיק־צונאַכט, גיט ער אַ ריס אַראָפּ פון דער וואַנט איבערן בעט אַן אַלטן שיר המעלות, וואָס איז דאָ געהאַנגען קרוב אַכצן יאָר, פון דער צייט, ווען זיין יידענע, עליה השלום, איז דאָ געלעגן מיט שרהלען אין קימפּעט.

— נאָ! זע! קענסט עברי? מכשפה לא תחיה, לא תחיה מכשפה...

דער שוואַרצער פאַרשוין האָט זיך מיטן קאָפּ אָן דר'ערד אַ זעץ געטאָן, ווי אַ פינצטערער זאַק.

— לאָז אָפּ! לאָז אָפּ! שעלט נישט מיין באָבען!

און ערשט איצט, רחמנא לצלן, איז געוועזן צו זען, וואָס ביי אים פון הינטן, פון איבערגעקערטן פעלץ האָט אַרויסגעשטעקט פאַר אַ שייַנדל.

אין אַ ווייַלע אַרום איז ער פאַרקראָכן אין אַ ווינקל, ווי אַ קאַץ.

— גוט — האָט ער געזאָגט — איך שענק דיר די אַרבעס, אָבער אַהיים קאָן איך שוין נישט גיין. איך טאָר פאַר דער באָבען די אויגן נישט ווייַזן. איך בלייַב דאָ ביי דיר.

— וואָס הייסט עפּעס ביי מיר? — און דער ייד איז פּלוצלונג בלאַס געוואָרן, אָפּגעפאַלן דער קוראַזש. עס קלאַפּן אים די ציין אין מויל — פּערל.

דער גאַסט אָבער זיצט שוין ביים טיש, ביי די חלות. ער פּאַטשט מיט די לאַפּעס אָן ווייסן טישטוך — און דער טישטוך איז שוין באַדעקט מיט אָפּגעשטעמפּלטע שוואַרצע הענט. די ליכט ציטערן.

— איך בלייַב דאָ ביי דיר, ביי דיר אין שטוב. איך וועל זיך מיט דיר מתחתן זיין. כ'וועל נעמען פאַר אַ ווייַב דיין שרהלען.

שרהלע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, דער ייד — אַ געשריי. דער גאַסט האָט זיך צעהירזשעט, די ליכט האָבן זיך פאַרלאָשן. די חלות זענען אַרויסגעפלויגן פון אונטערן טישטוכל און אַרומגעשוועבט איבערן פינצטערן צימער, ווי די צוויי ווייסע טויבן, נע־ונד. ס'האָט זיך געטאָן חושך. אָבער, ווייַזט אויס, אַז דער קרעמער מיטן בעל־דבר זענען צווישן זיך דורכגעקומען און געשלאָגן בלאַט. אַ שפּילכעלע — אַ זאַק פּערל!...

אַזוי האָבן דערציילט זקנים די געשיכטע פון דעם פּלוצלונגן גבירישן אויפקום פון דער משפּחה פּאָדלאַסקי מיט יאָרן צוריק. די משפּחה איז זיך צעוואַקסן און די געשיכטע האָט זיך געשטאַרקט. די פּאָדלאַסקיס מיט זייער עשירות, מיט זייער הנהגה, מיט זייער יעדן נייעם דור זענען מיט דער געשיכטע אַלץ מער זיך צונויפגעוואַקסן. אין דער געגנט ווייט אַרום האָט מען זיי גערופן נישט אַנדערש ווי די שדימלעך.

און די שדימלעך האָבן אויפגעבויט זייער ישוב אויף יענער זייט טייך, הינטער דער שטאָט ליאָסאָוע. פון דאַנען שטאַמט עס דער ביי־נאָמען פּאָדלאַסקי. דער ישוב איז זיך צעוואַקסן אין אַ רייך שטעטל מיט גערטנער, מיט פּריצישע מויערן, מיט מילן און מיט טאַרטאַקעס אַרום, איבער דעם טייך איז אויסגעוואַקסן אַ מעכטיקע בריק אויף ריזיקע פּאַ־ליעס, וואָס פון ווייט פלעגט מען פאָרן אויף חדושים זי אָנקוקן און נישט פאַרשטאַנען אויף וואָס זי האַלט זיך. זי האָט אינגאַנצן נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר אין דער מיט און איז דאָך געווען אייזן־שטאַרק. ווייזט אויס, אַז אויך צו דער בריק האָט דער טייוול צוגעלייגט אַ האַנט. אָבער אין דעם רייכן שטעטל האָט קיין זייטיקער, אַחוץ דער פאַרמערטער משפּחה פּאָדלאַסקי נישט געוווינט. זיי האָבן פּיינט געהאַט צו מישן זיך מיט זייטיקע. און די שנאה איז אַריבער אויך אויף שידוכים פון דער פרעמד. די פּאָדלאַסקיס זענען געווען שטאָלצע, פאַריסענע נגידים. גע־האַלטן נאָר פון אייגענעם יחוס און אייגענער עשירות און זיך מתחתן געווען נאָר מיט אייגענע. קאַרג זענען זיי נישט געווען. געשאָטן מיט נדבות פון דער ברייטער האַנט. ווייזט אויס, די גאַנצע קאַרגשאַפט זייע־רע איז נאָר אַריין אין דער מורא, אַז זייערע גרויסע פאַרמעגנס זאָלן ניט פאַרפרעמדט ווערן. און אפשר האָבן זיי געהאַט אַ שטר אַזאַ מיטן ערשטן בעל־דבר, אַז קיין זייטיקע שידוכים זאָלן זיי נישט טאָן. סיי־ווי־סיי דאָס נישט גוטע בלוט פון דעם ערשטן שידוך זייערן האָט זיך אָנגעהויבן אַרויס־צווייזן אַלץ מער און מער. מאָדנע מענטשן זענען געוואַקסן ביי די שדימלעך. עס האָט ביי זיי פאַרפעלט דער געוויינלעכער מין מענטש. זיי האָבן געהאַט געראָטענע קינדער, מיידלעך און ייִנגלעך, וואָס האָבן אויף מיילן־ווייט געשמט נישט נאָר מיט זייער שיינקייט, נאָר אויך מיט זייער חכמה. און זיי האָבן געהאַט קינדער מיאוסקייטן אַזעלכע, וואָס שוואַנ־גערע פרויען אין ליאָסאָווע האָבן מורא געהאַט אין גאַס אַרויסצוגיין, אַז אַזוינס זאָל זיי נישט אַנטקעגן קומען. און ווייבער — גרויס ווי די דעמ־

בעס און ווייבער מיט וואָנצעס און מיט אַ מאַנסבילישן קול. און מענ־טשעלעך קליינינקע מיט לאַנגע הענט און גרויסע שטערנס, און הויכע דאַרע מאַנספאַרשוינען מיט שטערנס פאַרוואַקסענע אָן אַ סימן באָרד און וואָנצעס. דאָס זענען אַלץ געווען די שדימלעך. אָבער די שיינע פון צווישן זיי זענען געווען שיין מיט אַלעמען. ס׳איז געווען די אויגן נישט אָפּצור־רייסן פון זייערע שאַרף־געטאָקטע גרויסע פּנימער. קוקנדיק אויף אַזאַ פּנים האָט זיך געוואָלט אויסשרייען: אָט אַזוי באַדאַרף אויסזען אַ מענטש־לעכע נאָז! אָט אַזעלכע באַדאַרפן זיין מענטשלעכע ליפּן, אויגן, ברעמען! פאַרוואָס זענען אַלע מענטשן נישט אַזוי! און עס האָט זיך שוין געדאַכט, אַז אין די פּנימער ליגט מער כּישוף, ווי שיינקייט. און אַז מ׳האָט לאַנג אויף זיי געקוקט איז געוואָרן אומהיימלעך. ווייל מען האָט געפילט — מען קאָן זיך נישט אָפּרייסן. און דאָס דאָזיקע געפיל פון נישט קאָנען זיך אָפּרייסן האָט נישט ווייניק עגמת־נפש פאַרשאַפט דער שטאָט ליאַ־סאָווע. און אומגליקן אַפילו.

מען דערציילט וועגן גטן און דבוקים, רחמנא לצלן, צוליב די שדימלעך, וואָס יידישע טעכטער פון ליאַסאָווע און דער אומגעגנט זענען פאַרכישופט געוואָרן פון זייערע פּנימער. און אַז דער אַלטער פּריץ פון זאַצישיע האָט זיך אַרייַנגעשאָסן אין קאָפּ אַריין צוליב אַ שיינער שדיכע איז אויך אַ באַוווסטע זאַך. יאָ, ווער עס האָט געהאט צו טאָן מיט זיי, מיט די פאַדלאַסקיס, האָט געציטערט פאַר זייער שיינקייט, פּונקט ווי פאַר זייער מיאוסקייט, געווייכט פון זייער גוטסקייט, אַזוי ווי פון זייער אכזריות.

ווייל ווי אין שיין און מיאוס האָט געפעלט ביי זיי די מאָס, אַזוי האָט זי אויך געפעלט ביי זיי אין גוטס און שלעכטס.

וועגן איינער פון די שדיכעס — אַ יידענע מיט וואָנצעס (זי איז, דאַכט זיך, געווען בערל פאַדלאַסקיס אַן עלטער־באָבע) דערציילט מען, אַז דאָס איז געווען אַ ווייבל — אַ קאָזאַק, איין סוחרטע אין דער וועלט. דער מאַן אירער האָט געהאַט דאַרינקע הענטעלעך, דינינקע פיסעלעך און אַ גרויסן שטערן. ער האָט געקענט טויזנט בלאַט גמרא אויף אויסנווייניק און איז געווען אַ שותק, אַ שווייגער, אין דער ווייבס געשעפטן זיך נישט געמישט. ווער־זשע האָט איר געהאָלפן אין די מסחרים? פאַרשטייט זיך, די פיינע קרובים אירע נאָך פון ערשטן זיווג, די לאַפּיטוטן. ווייל דער בעל־דבר, זאָגט מען, האָט אַריינגעשריבן דעם קרעמער אין נדן נישט נאָר

דעם זאק פּערל, נאָר זיינע ברידער און גליד־שוועסטערקינדער האָט ער אַוועקגעשענקט צו די פּאָדלאסקיס פּאַר אייביקע קנעכט. זענען זיי געשטאנען — די שיינע קרובים ביי איר איבערן קאַרק, ביי דער יידענע מיט די וואָנצעס. מחותנתטע! גיט אונדז אַרבעט! עס האָט געברענט אונטער זייערע הענט. איז די יידענע זיך מיישב: זי דאַרף שוין נישט זייער טריפהנע הילף. זי האָט שוין, ברוך השם, פון כל־טוב. אָבער אָפּמאַך איז אָפּמאַך. לאָפּיטוטן מוזן אַרבעטן. לאָז זיי גיין ליידיק, קאָנען זיי נאָך, חס־ושלום, עמעצן שעדיקן. ווער ווייס? אפשר אונטערצינדן די שטאָט. האָט זי זיי אַוועקגעשטעלט ציילן מאָן. בערג מיט מאָן האָבן זיי איר אויסגעציילט אין איינציקע קערנדלעך. און וואָס אמת איז אמת: די געגנט האָט אויפגעלעבט. אַז די לאָפּיטוטן זענען פאַרנומען ביים ציילן מאָן, קאָנען זיך יידן פאַרנעמען מיט זייערע געשעפטן און עס גייט זיי כשורה...

אָט די דאָזיקע סוחרטע, די באָבע מיט די וואָנצעס — דערציילט מען — איז אויף די עלטערע יאָרן אַריינגעפאַלן אין אַ מיחוש פון גוטסקייט. גוט צו גוט איז דאָך נישט גלייך. מען באַדאַרף דאָך נישט אַרויסווייזן דעם נגידישן אונטערשלאַק. נאָך איצט, אַז די זקנים דערציילן דאָס, שפּייען זיי פאַר אויפּרעגונג.

וואָס האָט זי געטאָן? נישט מער, נישט ווייניקער, זי האָט גענומען אירע דרייצן בייטשן פּערל, וואָס יעדער פּערל איז געווען די גרויס ווי אַ שפּאָרער אַרבעס, געגאַנגען איבער די דערפער און פאַרטיילט פּערל צו די פּויערים. וועמען דריי פּערל, וועמען פינף פּערל — אויסגעטיילט. טפו! עס קערט צו דער גאַל! און אַז עס האָבן זיך אויסגעלאָזט די פּערל (דרייצן בייטשן!) האָט זי זיך גענומען צו פאַרטיילן די זילבערנע כלים...
האָט איר, הייסט עס, אַ ביישפּיל פון זייער גוטסקייט.

און געווען ווידער אַ פּעטער יקותיאל פּאָדלאָסקי (אַז די ערד זאָל אים אַרויסוואַרפן!), איז דאָס געווען שוין איינמאָל אַ פּעטער. (אין וואָס פאַר אַ קרובהשאַפט ער איז געווען צו בערלען קאָן איך, אסור, נישט זאָגן. סיי ווי סיי, אַלע פּאָדלאסקיס זענען געקניפּט און געבונדן מיטאנאנד).

האָט דער דאָזיקער פּעטער יקותיאל געהאַט אַ טבעלע, ווי, להבדיל, אברהם אבינו, צו זיצן ביי זיינע געצעלטן און אָפּוואַרטן אָרעמע־לייט. צום טיש, וואָס אמת, פלעגט ער זיי נישט פאַרבעטן, דערפאַר אָבער

פלעגט ער שענקען פיינע נדבות. וואָס שייך — שענקען? אַז גאָלד וואַל־גערט זיך ממש אין דער בלאָטע. קום און נעם. געווען ביי אים אַן איי־זערנער פּאַרקאַן, צווישן איין פרענט און צווייטן קוים די האַנט אַריינצו־שטעקן. האָט דער נגיד נאָך געהייסן די אייזערנע פרענטן אַרומוויקלען מיט שטעכערס פון דראָט. און אויף יענער זייט פּאַרקאַן האָט ער אויסגע־שאָטן גאַנצע און האַלבע אימפּעריאַלן, ווי צום טריקענען אויף דער זון. נעמט, קינדערלעך! וואָס איר וועט אַרויסציען — איז אייערס! האָבן גאַנצע טעג פאַרן פּאַרקאַן זיך געשטופּט קבצנים מיט קינדערלעך. צו וואָס — קינדערלעך? ווייל אַ קינדיש הענטל וועט זיך גיכער אַריינבאַקומען צווישן די פרענטן און שטעכערס. און דער פּעטער יקותיאל איז געזעסן ביי זיינע געצעלטן און צוגעזען, ווי קינדישע הענטלעך ווערן צעבלוטיקט, זיך ציענ־דיק צום גאָלד. און ער האָט געלאַכט.

— וואָס דען האָט איר געוואָלט, קינדערלעך? אַזוי גרינג זאָל עס אייך אָנקומען?

די צייט גייט זיך איר גאַנג. די שדימלעך האָבן זיך פאַרמערט און זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט. אין דער געגנט פון ליאָסאָווע זעענען שוין גאָר ווייניק פּאָדלאַסקיס פאַרבליבן. אָבער די לעגענדע וועגן זייער אויפקום און הנהגה האָט נאָך אָנגעהאַלטן פעסט. און אַז מיט צען יאָר צוריק איז אָנגעקומען בערל פּאָדלאַסקי, דער סיבירניק און גענומען באַ־לעבאַטעווען אין זיין טאַטנס גרויסע מאַיאָנטקעס און אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא: קומט, יידן, ווער עס ווילו! לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען און מאַכן אַ לעבן בשותפות — איז געוואָרן אַ פריילעכער געמורמל:

— אַהאָ! די עלטער־באָבע האָט זיך אין אים אָפּגערופן. די טריפהנע שדישע גוטסקייט. יענע האָט צעטיילט אירע פּערל (דרייצן בייטשן!) און דער גייט פאַרטאַכלעווען דעם טאַטנס מאַיאָנטקעס!

בערלען איז אָנגעקומען נישט שווער אַריינצונאַרן צו זיך די ערשטע פופציק יידישע משפחות, אָבער ווען אין דער געגנט האָבן זיך פאַר־שפּרייט גרוסן פון פּאָדלאַסקיס ניי־שטעטל, אַז אין שטעטל און אין דער הוטע אַרבעט מען שווער און ביטער, אַז חוץ דער אייגענער מלאכה דאַרפן נאָך יידן ׀ פלאַנצן גערטנער, אַז יידן — ווי גערשיגן — דאַרפן אינאיי־נעם מיט די פויערים קריכן טריקענען זומפּן — דאַן האָט מען זיך גע־כאַפּט אין דעם ביטערן טעות.

נישט די עלטער־באָבע מיט די וואָנצעס האָט זיך אָפּגערופן אין

בערל דעם סיבירניק, נאָר דער באַרימטער פעטער יקותיאל (אַז די ערד זאָל אים אַרויסוואַרפן).

ער האָט אַ זאַג געטאָן: קומט, נעמט, קינדערלעך, און אַליין האָט ער געמאַכט אַ דראָטענעם פּאַרקאַן. און ער לאַכט, דער סיבירניק.

— וואָס דען האָט איר געוואָלט? אַזוי גרינג זאָל עס אייך אָנקומען?

אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט שוין לאַנג אויפגעגעבן אַלע ברייטע פּלענער און פונאַנדערגעלאָזט דעם חדר. בערל האָט אָבער געשטאַמט פון די שדימלעך. און ווי זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיטן צווישן שיין און מיאוס, גוט און שלעכט, אַזוי האָט זיי אויך געפעלט דער מיטן צווישן ווייכקייט און עקשנות. בערל האָט געהערט צו די עקשנים פון די שדימלעך, ער האָט זיך איינגעגעבן אין פאָטער זיינעם און די דאָזיקע מעלה זיינע האָט אים געגעבן צו פילן איר אמתן טעם נאָך אין די קינדערשע יאָרן. ס'איז נישט מעגלעך געווען, אַז ער זאָל אין עפּעס נאָכגעבן דעם פאָטער, פונקט ווי ס'איז נישט מעגלעך געווען, אַז דער אַלטער זאָל אים נאָכגעבן, ווי צוויי מילשטיינער האָט זיך געריבן זייער עקשנות איינע אָן דער אַנדערער און נישט איינמאָל פלעגט דער אַלטער אויסשרייען אין שרעק:

— ווי צו מיינע יאָרן! דאָס וואַקסט דאָך אַ בלוטיקער שונא אויף מיין קאָפּ!

אַן עלטערן ברודער האָט בערל געהאַט אַ הויכן און אַ דאַרן, אַ געניאַלן בעל חשבון, אָבער אַ יינגל אַ שמאַטע. אַן אַ ווילן, אָן אַ כאַראַקטער. דער איז דאָס געווען דעם טאַטנס שיינדל. מיט אים פלעגט זיך דער אַלטער באַרימען פאַר די אומצאָליקע געסט, סוחרים, רבנים, און, להבדיל, גענערעלער (נאָך פון דער טערקישער מלחמה, ווען דער אַלטער האָט פאַרדרייפאַכט זיין פאַרמעגן, האָט ער געפירט אַ גוטפריינדשאַפט מיט אַ פּאָר דימיסיאָנירטע גענערעלער). פאַר די געסט פלעגט דאָס אויסגעצויגן, דאַר בחורל דאַרפן באַווייזן זיין בקיאות אין חשבון אין כופל און חילוק פון ריזיקע צאָלן און בראָך־צאָלן. די געסט האָבן געגאַפט און דער אַלטער האָט זיך געשמאָלצן. אָבער ביי בערישן האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט פועלן, ער זאָל אַ זינג־טאָן פאַר די געסט. באָטש ווען קיין זייטיקע זענען נישט געווען, פלעגט דאָס יינגל פאַרהילכן די צימערן מיט זיין זילבערנעם אַלט, און נאָכמאַכן דעם

שטאָט־חזן מיט אַלע שטיקלעך. קיין צולהכעיסניק איז בערל נישט געווען. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ליידן ווען מען באַפעלט אים. און דער טאַטע האָט נישט געקאָנט אַנדערש ווי באַפעלן.

— פון אייזן זאָלסטו זיין, הערסט? וועל איך דיך צעברעכן!

מיט וואָס האָט בעריש געענטפערט אויף דעם טאַטנס וואָרנונג? ער איז אַנטלאָפן פון דער היים. פון פערצן יאָר אָן האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע גלגולים, פון אַ יינגל ביי אַ מינסקער שלאָסער — ביז דעם פאַרשיקטן רעוואָלוציאָנער, בערל פּאָדלאָסקי.

דער דאַרער ברודער — דער בעל חשבון האָט שוין לאַנג נישט געלעבט. דער אַלטער אַליין איז פּאַראַליזירט געוואָרן און אין שרעק פאַר דער שלעכטער עלטער און אין מורא, אַז זיין פאַרמעגן זאָל נישט פאַרפרעמדט ווערן, האָט ער שלום געמאַכט מיט זיין ווידערשפּעניקן זון.

— נו — איצט וועלן מיר זען ווי דו וועסט פירן — האָט ער שווער אַרויסגעשטאַמלט מיט זיין געליימטער צונג און געפּרווווט דערביי אַ בייזן שמייכל טאָן. איז איין האַלבער פּנים פאַרבליבן שטייף און קאַלט צו דעם ענין. דאָס אַנדערע האַלבע פּנים האָט זיך צעוויינט. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט אין זיין גרויסן הויז הינטער דער בריק אין ליאַסאָוועַ כדי מער שוין פון דאָרט נישט אַרויסצוקריכן. און בערל האָט זיך באַזעצט אין ריזיקן ווילדן מאַיאָנטעק, אין די זומפּן ביי דער מיל. די הוטע ביי דער סאָטשי (ווייסער זאַמד געווען) און דאָס ביי־שטעטל, ווי אויך די דריי גייע דערפער אויפן אָרט פון די אויסגעטריקנטע זומפּן — דאָס איז שוין געווען בערלס אייגענער אויפטו. אָבער די ערשטע פאָר יאָר פון זיין אַרבעט זענען געווען די שווערסטע פאַר אים. אים האָט געטראָפן אַ שווערער קלאַפּ פון דער זייט, וו ער האָט זיך אַמווייניקסטן געריכט.

לויטן מנהג פון די פּאָדלאָסקיס, האָט בערל חתונה געהאַט מיט אַ קרובה. דער אַלטער האָט נאָך צוגעאיילט די חתונה, כדי דעם זון צוצוביינדן צו דער היים. פון דעם זונס פּלענער האָט דער אַלטער קיין אַנונג נישט געהאַט. און אַז דער זון האָט אַרויסגעזאָגט זיין פאַרלאַנג חתונה צו האָבן — איז דאָך מה־טוב. ווערט ער דאָך אַ געזעצטער מענטש.

פאַרוואָס האָט בערל נאָכגעטאָן דעם משונהדיקן מנהג פון די אַלע פּאָדלאָסקיס און גענומען פאַר אַ ווייב אַ ווייטע קוזינע? ס'איז שוין,

ווייזט אויס, געווען ביי זיי אין בלוט. פון דער פרעמד האָבן זיי נישט געקאָנט זיך צוקלייבן קיין ווייבער. און געקענט האָט ער דאָס מיידל נאָך פון קינדווייז. אמת, דאָס איז שוין נישט געווען די קליינע שוואַרץ־חנוודיקע בערטע מיט די צעפּלעך, נאָר אַ דערוואַקסענער, זעלבשטענ־דיקער מענטש, אַ פרוי מיט העכערער בילדונג, אַ באַקטעריאָלאָג אין פּענסנע און מיט צונויפגעוואַקסענע ברעמען. אָבער בערלען איז געפעלן געווען דווקא דער ערנסט אירער, דער קנאַפּער שמייכל ביי די פריילעכ־סטע שמועסן, די אומאָפּהענגיקע מאַניער צו פאַרריכטן די פּענסנע, ווען זיי האַלטן ביי אַראָפּגליטשען זיך און דאָס גאַנצע פּנים אירס. גרויס און פּיין געשניצט, מיט דעם קאַלט־בלוט פון אַ העלדישן סאָלדאַט אויפן פראָנט, האָט די דאָזיקע בערטע דורכגעמאַכט אַ שווערע כאָלערע־קאַמ־פּאַניע אין די ווייטע רוסישע געגנטן. מיט אַזאַ פרוי קאָן מען זיך אָוועקלאָזן אויסטריקענען זומפּן און איינפירן אַ גרויסע קאָלעקטיווע לאַנדווירטשאַפט. בערל האָט קיין טעות נישט געהאַט. זיין פרוי האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט זיינע פּלענער. אַ גוט, חבריש לעבן האָט זיך אָנגעפעדעמט ביי זיי, אָבער דאָס אומגליק איז געקומען אומגעריכט. אין דאָרף איז בערטע אַראָפּגעקומען שוין אויף דער צייט. און אין גיכן האָט זי געבוירן אַ קינד. אָט דאָס ערשטע קינד זייערס האָט אַריינגעטריבן בערלען אין פאַרצווייפלונג. ס'איז אים אַנטקעגן געקומען די גאַנצע שדים־לעגענדע פון זייער משפחה. דאָס קינד איז געווען נישט נאָר מיאוס — עס האָט אַרויסגעוויזן בולטע סמנים פון אידיאָטיזם. אין קיין לעגענ־דעס האָט אָבער בערל נישט געגלויבט. די אַלע פּאָדלאַסקיס, וועלכע ער האָט געקענט, זענען געווען שיין אָדער מיאוס, אָבער קערפּערלעך און גייסטיק געזונטע, פּעאיקע מענטשן. אַפילו דער פאַרשטאָרבענער ברו־דער מיט די לאַנגע, אויסגעצויגענע ביינער איז געווען אַ גענײאַלער בעל חשבון.

נו יאָ, אָבער דער ברודער האָט געהאַט אויסגעטריקנטע ביינער. און דער פאָטער — איז געווען אַ פּאַראַליטיקער. און בערלען איז באַפאַלן אַ מוראדיקער חשד, אַז אין זיינע אָדערן פליסט קראַנק בלוט, אַז ער קאָן ווערן אַ פאָטער בלויז פון אידיאָטן און קאַליקעס.

דאַרף מען זיך, הייסט עס, איבערשניידן דעם וועג און וואָס גיכער — אַליין זיכערער. ווי אַזוי? אויפשניידן זיך די אָדערן, אָדער אַריינ־שיסן זיך אין מויל — אַלץ איינס. דער געדאַנק וועגן נעמען זיך דאָס

לעבן איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. ער האָט אָנגעהויבן אויסבאַ־האַלטן פון זיך שטריק, מעסערס, דעם רעוואָלווער. ער האָט דאָך ליב געהאַט דאָס לעבן און געקאָנט לעבן. ער האָט ליב געהאַט צו אַרבעטן און איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון אַ גרויסער, שיינער אַרבעט. נישט שוין־זשע איז קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ?

אָבער אַ טאַטע פון אַ אידיאָט? גוט, זאָל זיין ער וועט מער שוין קיין קינדער נישט האָבן. אָבער ער האָט דאָך שוין! און אין אַ פינצ־טערן געוויטער־אָוונט איז ער געקומען צו אַ פינצטערן באַשלוס.

בערטע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ שטויס אין האַרצן. זי האָט דערזען בערלען און אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי. ער איז גע־שטאַנען פאַר דעם קינדס וויגעלע:

— וואָס שרייסטו, בערטע? ס׳איז דאָך נאָך קיין זאַך נישט געשען?

ס׳איז אָבער זייער פיל געשען. פאַר אַ האַלב יאָר צייט איז ער צום ערשטן מאָל געשטאַנען פאַר זיין קינדס וויגעלע. ער האָט די גאַנצע צייט אויסגעמיטן צו קוקן אויף דעם. ער האָט אַפילו נישט געקאָנט הערן ווי דאָס קינד שרייט. אים האָט זיך דאַן אויסגעוויזן, אַז דאָס שרייט פון קבר דער טאַטע דער פּאַראַליטיקער. ער האָט זיך אַפילו אָפּגעוווינט צו רעדן מיט זיין ווייב, זינט דאָס אומגליק איז געשען. און פּלוצלונג — בערל נעבן קינד.

זי איז שוין געשטאַנען אין איין העמד נעבן דעם וויגעלע.

— וואָס טוסטו דאָ, בערל?

— איך טראַכט. איך שטיי און איך טראַכט, בערטע. אַזאַ קינד טאָר מען נישט לאָזן לעבן. ס׳איז אַ פאַרברעך!

זי האָט געקוקט אויף אים מיט אירע דערשראָקענע, קורצזיכטיקע אויגן, באַשיצנדיק דאָס וויגעלע.

— אַזוי רעדט אַ טאַטע?

— יאָ. ס׳איז מיין זון. מיין ערשטער זון. און איך זאָג דיר, בערטע, אַז ס׳איז גלייכער, ער זאָל נישט לעבן.

— אָבער ס׳איז מיינס! מיינס!

פון איר געשריי האָט דאָס קינד זיך אויפגעכאַפּט און זיך צעוויינט, נעבעכדיק און קעציש.

בערל האָט זיך פאַרשטעלט די אויערן און איז אַרויסגעלאָפן. דעם

קינדס געשריי האָט געשטעקט אין די אויערן. אויף דער וועלט האָט דאָן געשפּילט דאָס געוויטער. דער רעגן האָט גערוישט. פון יעדן דונער האָט זיך בערלען געדאַכט, אַז דאָס הויז, מיט אים אינאיינעם, פאַלט אין אַ פינצטערן תהום אַריין. פון יעדן בליץ איז דער תהום געוואָרן באַלויכטן ביז אין ווייטסטן ווינקעלע. די בליצן האָבן באַלויכטן דעם תהום פון זיין געמיט. אַ סך זאַכן זענען אים קלאָר געוואָרן. ס'איז נישט נאָר זיין קינד, ס'איז אויך אירס. ס'איז נישט נאָר זיינע אחריות — אויך אירע. זי וועט נישט לאָזן דאָס קינד אומברענגען. ער וועט נישט וועלן — עס זאָל בלייבן לעבן. זייער צוזאַמענלעבן איז צעריסן, צעריסן אויף אייביק. אויב זי וויל — זאָל זי טראָגן די אחריות.

— טו, בערטע, ווי דו פאַרשטייסט.

און בערטע איז אַוועקגעפאָרן מיטן קינד קיין אויסלאַנד. געהייסן האָט עס, אַז זי פאָרט זיך אַן עצה האַלטן מיט פּראָפעסאָרן. אָבער אין אויסלאַנד איז זי שוין פאַרבליבן. בערל האָט פאַרקויפט דאָס גרויסע הויז וואָס איז פאַרבליבן פון פאָטער אין ליאַסאָווע און דאָס געלט פאַר־זיכערט אין אַן אויסלענדישן באַנק אויף בערטעס נאָמען.

ערשט איצט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שווערן שלאָף און מיט נייער עקשנות זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. ער איז פאַר־בליבן דער אייגענער בערל, וואָס געווען, מיט אַ ליבע צום לעבנס אַל־טעגלעכע פריידן און זאָרג, אָבער מיט איין קליינער ענדערונג.

בערל האָט פאַרגעסן ווי מען לאַכט צווישן מענטשן מיט אַ פולן מויל.

ווי ער וואָלט איבערגענומען בערטעס אייגנגעהאַלטענעם, קנאַפּן שמייכל.

## 12

# בערל אין ליאַסאָווע.

ס'איז מער ווי זיכער, אַז ליאַסאָווע וועט אויף אייך קיין שום רושם נישט מאַכן. ס'איז אַ הילצערנע שטאָט, וואָס קאָן ווייזן אַ קונץ: צוויי מאָל אין יאָר טרינקט זי זיך אין דער בלאָטע און ווערט נישט דער־טרונקען. איין מאָל אין זיבן יאָר גייט זי אַוועק מיטן רויך (פאַראַ

רחמנא לצלן ווייסע טויבן אַזעלכע, וואָס טראָגן פונאַנדער דאָס פייער און בויט זיך אויף אויף דאַסניי. ליאַסאָווע האָט נאָך מיט פערציק יאָר צוריק באַוויזן אַ קונץ אַוועקצופליען פון דער באַן־סטאַציע אויף גאַנצע צוויי מייל, כדי דאָס קלאַפּן פון די רעדער און דאָס פייפן פון דער באַן זאָלן נישט שטערן איר שבתדיקן שלאָף. איז טאַקע ליאַסאָווע איבערפולט מיט פורמאַנעס. ביים שבת איז זי נישט געבליבן. אַלע יידן טראָגן דאָרט וואָכעדיקע, פּאַריסענע קאַלטענעוואַטע בערד. אַזאַ באָרד קען די מלאכה צו דערשפּירן פון דער ווייט אַ פּנים חדשות. און דערשפּירט זי שוין — נעמט זי גלייך דעם גאַסט אין דער אַרבעט.

— שלום עליכם אַ ייִד! וואָס קויפן זיי? פערד? לעדער? חזיר־האָר?

דאָס זענען אַלץ אַרטיקלען, פון וועלכע ליאַסאָווע ציט איר חיונה, אַחוץ דעם געהילץ, וואָס גייט מיטן טייך, דאָס רוב פון פּאָדלאַסקיס באַגענטע וועלדער. ליאַסאָווע האָט גוטע פליסערס, וועלכע גייען נעבעך איצט אַרום ליידיק. מלחמה־צייט.

אָבער אין ליאַסאָווע קאָנט איר אויך פון צייט צו צייט באַמערקן אַ שיינעם ייִד. אַ ייִד אין אַ שטריימל און מיט געקרייזלטע פּאות, אַ ייִד מיט אַ ברייטן שטערן און אַ שמאָל פּנים, פאַרשפּיצט ביי דער קין מיט אַ קליין ספרדיש בערדעלע. גייט זיך אַזאַ ייִד, די הענט אין די אַט־לעסענע אַרבל פאַררוקט און איר וואָלט שווערן: ער ציילט זיך געלאָסן די צייט נישט מיט שעהן, נאָר מיט לאַנגע יאָרהונדערטן. דער ייִד איז אַראָפּ פון אַן אַלטן קופּערשטיך. פון וואַנען נעמען זיך אַזעלכע ראָמאַנטישע יידן צווישן די פּראָזאַאישע, אויף שנעל אויפגעבויטע הילצערנע הייזער? איז דער תירוץ: ליאַסאָווע איז אַן אַלטע יידישע שטאָט. יחוס איז דאָ נישט קיין שפּילכעלע. אַפילו דער מסחר מיט חזיר־האָר פירט דאָ זיין יחוס־בריוו. שוין הונדערט מיט זיבעציק יאָר, אַז דער מסחר ליגט דאָ אין יידישע הענט, גייט איבער פון טאַטע צו קינדער.

און ווילט איר וויסן, אַז ליאַסאָווע איז באמת אַן עיר ואם בישראל — גייט אַריבער, זייט מוחל, הינטער דער שטאָט, אויפן באַרג, אויפן אַלטן בית־הקברות. דאָרט איז ערשט די אמתע שטאָט. דאָרט, אין דער פאַרשימלטער פעסטונג פון דער שטיינערנער וואַנט, וווּ ביים פונדאַמענט ווימלען זיך טויזנטער קליינע, פריש־גרינע זשאַבקעלעך, — דאָרט וועט איר ערשט זען, ווי דער יידישער יחוס ליגט צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט און גיין איילן אין דר׳ערד באַגראָבן.

מצבות מיט לייבן און מצבות מיט בענטש־ליכט. און מיט ספרים און מיט קרוינען אַפילו. פֿאַראַן אַ מצבה מיט אַ מענטש, וואָס האַלט אַ פייל און בויגן. אַ זעלטענע זאַך. געווען, הייסט עס, אַמאָל אַ ייד אַ שי־סער אויף דער וועלט. היינט די גרויסע מצבה פֿון אַלטן צדיק ז״ל, וואָס האָט געהאַט קפיצות הדרך. היינט די אויפשריפֿטן אויף דער שטיינערנער וואַנט, וואָס מען קאָן זי שוין נישט איבערלייענען, נאָר מ׳איז זיך משער, אַז דאָס האָבן קדושים אַליין זייערע נעמען פֿאַרצייכנט איידער כאַמעלוק, ימח שמו, האָט זיי צעשאָסן. און איין אוהל און אַ צווייטער, ווו עס ברענען נר־תמידס און עס דאַווענען מנינים דריי מאָל אַ יאָר. די ערד איז דאָרט אויסגעבעט מיט קוויטלעך. און דאָס קליינע, קרומע מצבהלע פֿון דער גרויסער צדקת, וואָס ווייבער גיסן אויס דאָס האַרץ און פֿאַרשטעקן אין די שפּאַלטן פֿון שטיין־פֿאַרביקע בענדעלעך.

דער בית־הקברות איז גרויס. נישט אַלץ קאָן מען אויסרעכענען און געדענקען. פֿאַראַן דאָרט, למשל, אַ טאָל, ווו די שטרויכן צערייסן אייך די קליידער און אייערע פֿיס פֿאַרזינקען אין לאַנגע, פֿעטע ווילד־גראָזן. דאָרט זענען קיין מצבות נישטאָ. זיי זענען אָבער פֿאַראַן. זיי באַווייזן זיך איין מאָל אין יאָר, ערב ראש השנה. דאַן שטעקן זיי אַרויס זייערע גראָע יאַרמלקעס פֿון טיפֿן ווילד־גראָז. דאָס זענען מצבות פֿון ל״ו. די שטאָט האָט זיי אַמאָל פֿאַרמאָגט אַ גאַנצן מנין. עטלעכע זענען דאָ צו קבורה געקומען און זיי וואַרטן אויף די איבעריקע חברים. שטאָט האַלט פֿון זיי שטאַרק. מען איז אָבער אויך אַביסל אויפגעבראַכט אויף די ל״וניקעס:

געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן און זיך צוגעאיילט. אָפּגעטאָן די זאַך מעשה־יינגלעך — און מיאוס דורכגעפֿאַלן.

אויך זייערע מאָדערנע תלמידים האָבן קיין בעסער מזל נישט גע־האַט. נאָך מיט פֿינפֿאונצוואַנציק יאָר צוריק אין אַ פֿינצטערן פּרייטיק־צו־נאַכט האָבן די נייע משיח־ברענגער, די אַרבעטער ביי חזיר־האָר, גע־מאַכט אין דעם טאָל אויפֿן בית־עולם זייער ערשטע פֿאַרזאַמלונג צו אָר־גאַניזירן אַ שטרייק. דאַן האָט נאָך געלעבט דער אַלטער זונדעלע, זונ־דעלע מסור, וואָס דאָס מסרן איז געווען ביי אים אַ טבע־זאַך, אַזוי ווי ביי אַ פֿויגל דאָס זינגען. פֿיל אַרבעטער האָבן זיך דאַן געראַטעוועט פֿון דער בהלה מיט בלוטיקע וווּנדן. עטלעכע זענען אויפֿן אָרט געבליבן ליגן. איבער אַ צענדליק האָבן אַוועקגעוואַנדערט קיין סיביר. אויף מאָרגן

האָט מען געזען פון בית־עולם אַראָפּקומען בעריש׳ן דעם נגידס בחורל פון הינטער דער בריק. ער איז געווען אויסגעשמירט ווי אַ רוח. אַ גאַנצע נאַכט איז ער אָפּגעלעגן צווישן אַלטע מצבות. ער איז אָבער געגאַנגען און צוגעטאַנצט און קונציק נאָכגעמאַכט דעם שטאָט־חזן מיט זיין אַלט:

ישמח משה במתנת חלקו!

בעריש האָט שוין דאַן דערשפּירט, אַז רעוואָלוציע איז זיין סטיכיע.

יאָ, דער בית־הקברות זאָגט עדות, אַז ליאַסאָווע איז אַן אַלטע יידי־שע שטאָט. אָבער אַ גרויסע משפּחה מוז האָבן אירע מנוולים. ווער זע־נען דאָס די יעניקע, וואָס האָבן זיך צעלייגט אין דריי רייען נעבן פּאַר־קאַן, ווי די זעלנער אויף צו שיסן? דאָס זענען די יעניקע, וואָס קהל האָט מיט זיי אַ גרויס חסד געטאָן, וואָס מען האָט זיי אַריינגעלאָזט אַהער. געדאַרפט זיי באַגראָבן הינטערן פּלויט. פּאַראַן דאָ אַלטע אַפּיקורסים, וואָס האָבן געפרעסן חלבנע ליכט און אַזעלכע, וואָס די וועלט איז זיי געווען נישט צו דער האַנט און זיי האָבן אָפּגעטאָן אַ מעשה נורא: דאָס לעבן זיך גענומען. פּאַראַן דאָ אויך מיוחסים. ווי, צום ביישפּיל, דער איי־געגער זונדעלע מסור, וואָס האָט געמסרט די שטאָט אַפילו האַרט פאַרן טויט — אַ מעשה צו באַשרייבן. זיין קבר האָט מען צוגעקוועטשט מיט אַ גרויסן קיזל־שטיין; למען ידעו. אַ שאָד נאַר, וואָס דאָ פעלט דער באַ־רימטער פּעטער יקותיאל פון די שדימלעך (אַז די ערד זאָל אים אַרויס־וואַרפן!). יענער ליגט אַן דער זייט, ווי אַ פּריץ. די פּאָדלאַסקיס האָבן ווי ביים לעבן אַזוי אויך נאָכן טויט נישט געוואָלט זיך צוזאַמענמישן מיטן ערב־רב.

אַ גרויס שטיק בית־עולם האָבן זיי אָפּגעדונגען אויפן באַרג. דאָרט מקבר געווען זייערע טויטע. אין פּנקס איז אַפילו געווען פאַרשריבן, אַז פאַר דעם זכות צו האָבן אַן אייגן שטיק בית־עולם האָבן זיי אויפגעבויט די ריזיקע שטיינערנע וואַנט, וואָס ווער אַוודאי בלייבן שטיין, ווען פון דער שטאָט וועט שוין קיין זכר נישט בלייבן. אָבער גיי גלויב דעם פּנקס, אַז ער איז מיט דרייסיק יאָר צוריק אַוועק מיטן רויך, אינאיינעם מיט דער שטאָט.

אָט דאָס שטיק בית־עולם אויפן באַרג, וואָס האָט געהערט צו די פּאָדלאַסקיס, האָט איצט אַן אויסזען אַזוי, ווי די שדימלעך וואָלטן אַרויס־געקראָכן פון זייערע קברים און זיך גענומען צום בויען פּתאום ורעמסס. דאָ איז געוואַקסן אַ קונציקע געביידע פון בעטאָן, מיט מאַרמאָר־זיילן

און דורכגענג. צענדליקער אַרבעטער האָבן זיך געפּאַרעט אויף רושטאָ־וואַגיעס און אונטן ביי די שטיינער. אויבן איז געשטאַנען בערל פּאָד־לאַסקי, אין זיינע ברוינע שטיוול, מיטן ווייסן העמדל. דער מייסטער, אין אַ ברייטן איטאַליענישן קאַפּעלוש, האָט פּאַר אים פונאַנדערגעוויקלט דעם פּלאַן און אים אויפגעקלערט דעם גאַנג פון דער אַרבעט. דער מייסטער האָט זיך גאַנץ גוט אַן עצה געגעבן מיט דעם האַרבן ענין. ער האָט גע־דאַרפט פאַרייניקן אַלע צעוואָרפענע קברים פון די פּאָדלאַסקיס אונטער איין משפחה־מאַוזאָליי. איז געוואַקסן אַ פאַנטאַסטישע געביידע, אַ פּאַר־בישופטער לאַבירינט פון זיילן און דעכלעך, פול מיט קאַפּריז און אייגנ־אַרטיקע פאָרמען. און טאָמער האָט נאָך עמעצער נישט געוווסט די לע־גענדע פון די שדימלעך, וואָלט זי אים זיכער אויפן זינען געקומען ביי דעם ערשטן בליק אויף דעם פאַנטאַסטישן מאַוזאָליי.

בערל האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן אויף דעם מייסטער. דאָס איז געווען עפּעס אַ באַרימטער סקולפּטאָר פון פּאַריז, אַ צווייטער אַנטאָ־קאָלסקי, וואָס איז געבליבן שטעקן אין לובלין, דאָרט חתונה געהאַט און אַזוי ווייט פאַרקראָכן אין יידישקייט, אַז דער שניפּס איז אים פאַרשווונדן פון זיין אָפּגעלייגטן קראַגן און די פּאָלעס פון זיין ראָק האָבן זיך אויס־געצויגן ביז די קני. פון לובלין האָט דאָס פּאָדלאַסקי אים אויסגעשריבן.

בלוט איז נישט קיין וואַסער. און בערל איז פאַרבליבן אַ פּאָדלאַסקי בן פּאָדלאַסקי. אין זיין רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַטיזם האָבן זיך איינ־געפלאָכטן פּריצישע געגנג און קאַפּריזן, נישט אויסצוראָטן, נישט גובר צו זיין. ער האָט געצאָלט אַ חוב דער משפּחה זיינער. ער האָט געוואָלט אַז פון איר זאָל אַן אָנדענק פאַרבלייבן. און טאַקע וועגן זיך האָט ער אויך געטראַכט. ער לאָזט דען איבער קינדער?

די מענטשלעכע שוואַכקייט צו וועלן כאָטש מיט עפּעס זיך פאַר־אייביקן האָט אים אַרויפגעבראַכט אויף דעם געדאַנק צו בויען אַ מאַו־זאָליי. האָבן דאָך די פּרעהס פאַר זיך פּיראַמידן געבויט.

איבער יעדן קבר צווישן די זיילן איז איצט געווען אַ ברוינער מאַר־מאָר־טאָוול מיט גאָלדענע אותיות — אַלץ פּאָדלאַסקיס, פּאָדלאַסקיס, פּעטערס, מומעס, באָבעס. צווישן די צוויי קברים פון בערלס פּאָטער און ברודער איז געווען איין טאָוול אַ ליידיקער. בערל האָט לאַנג אויף דעם טאָוול געקוקט און געשמייכלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער בלינדער

טאָוול בעט זיך, מען זאָל אים עפּענען די אויגן מיט גאָלדענע אותיות.
— דאָ איז, הייסט עס, מיין אייגענער קבר?

דער מייסטער האָט נישט געוווּסט ווי זיך צו פאַרהאַלטן צו דעם דאָזיקן נגידישן קאַפּריז.

— נו, אַז גאָט העלפט און מען קאָן זיך פאַרזאָרגן אויף איבער הונ־דערט און צוואַנציק יאָר...

— צו לאַנג, פּאַניע מייסטער, אַביסעלע צו לאַנג.

— וואָס? דער קבר איז צו לאַנג? — האָט זיך דער מייסטער דער־שראָקן און אריינגעקראָכן מיט די אויגן אין פּלאַן.

אַ נאַיוווער מענטש דער מייסטער. אַ קינד מיט אַ באָרד. און אין זיין ברייטן איטאַליענישן קאַפּעליוש, מיט דעם קראַגן אָן אַ שניפּס, האָט ער אויסגעזען ווי אַ בוי־מייסטער פון רענעסאַנס.

— ניין, פּאַניע מייסטער, צו וואַרטן איז צו לאַנג. און, דער עיקר, ווען רעכנט איר פאַרטיק צו ווערן מיט דער אַרבעט?

— אין פיר וואָכן אַרום, הער פּאָדלאַסקי.

„אַביסל צו שפּעט זיך געננומען צו דעם" — האָט בערל געטראַכט מיט פאַרדרוס. ער האָט פאַר עפּעס מורא געהאַט.

פון בית־עולם־בערגל האָט זיך געזען דער ווייסער שאָסיי, וואָס האָט דורכגעשניטן ווי אַ סטרונע די זומפּיקע געגנט הינטער ליאַסאָווע. דאָס איז געווען אַ סטראַטעגישער שאָסיי. איבער אים האָט זיך איצט געצויגן איין לאַנגע קייט פון שווערע, באַדר׳ערדיקע באַשעפענישן מיט אַ ווייטן אייזערנעם געקלימפּער.

דאָס זענען געווען ווייט־שיסנדיקע האַרמאַטן. און געצויגן האָבן זיי זיך פון פראָנט צו טיף־רוסלאַנד, דערציילנדיק דער וועלט וועגן דער היץ און וועגן זייער שווערקייט.

— מיר טרעטן אָפּ — האָט זיך בערל געטראַכט — מיר טרעטן אָפּ.

און ער האָט זייער געוואָלט, אַז דער מאַוזאָליי זאָל פאַרטיק ווערן, נאָך איידער דער דייטש וועט אַריינקומען.

אָבער אַז בערל איז אַרויס פון בית־עולם־טויער, פאַרלאָזן די יידישע געשטאָרבענע שטאָט מיט איר באַגראָבענעם יחוס — איז דער גאַנצער אויפטו זיינער מיטן מאַוזאָליי שוין געווען קליין און נישטיק אין זיינע אויגן. אַ נאַרישע באַרימעריי, לייטן די אויגן צו שטעכן. דאָס איז גע־

ווען אַ מינוט, ווען בערל האָט זיך קלאָר געזען אין שפּיגל פון זיינע אייגענע נגידישע חסרונות.

ביים טויער האָט אים אָפּגעוואַרט די ווייסע, געפּלעקטע בעלאַ, איינגעשפּאַנט אין לייכטן רייט־וואָגן. נעבן איר איז געזעסן, ווי אַן אָפּ־גוס פון שטאָל, דזשעק מיט די גאָלדענע אויגן און לאַנגע אויערן, ווי איידעלע, לייקענע טיכער. דאָס פערד און דער הונט האָבן זיך דערפרייט מיט זיין צוריקקומען פון דער געשטאָרבענער שטאָט. בעלאַ האָט געשיקלט מיטן בלויען ווייסל און באַוועגט מיט די אויערן.

דזשעק האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און געלאָזט זיך לויפן אין אַ קרייז אַרום ליידיקן פּלאַץ. דזשעקס לויפן איז געווען אַ קונסט־ווערק, ער האָט זיך, דאַכט זיך, געטראָגן, ווי אַ וויכער, אַן אייל איבער דר׳ערד.

— נו, גענוג שוין, גענוג — האָט זיך בערל אויף אים אָנגעבייזערט.

זיין האַרץ האָט אָבער אַ ציטער געטאָן פון דער חיהשער פּריינט־שאַפט.

דאָ מוז מען אויסזאָגן דעם סוד פון די צוויי נעמען, בעלאַ און דזשעק. עס וועט אויסוייזן רעכט חוצפּהדיק, ווען לייט וועלן זיך דער־וויסן, אַז דאָס זענען נישט קיין דערזאָגטע נעמען פון בעלאַמי און דזשעק לאָנדאָן, בערלס צוויי באַליבטע שרייבער. ווען מען דערמאָנט זיך אָבער, אַז צווישן מענטשן האָט בערל איינגעהאַלטן געשמייכלט און מיט זיינע חיות האָט ער האַרציק און מענטשלעך געלאַכט — קאָן מען אים אויך די דאָזיקע חוצפּה מוחל זיין.

בערל איז געפאָרן דורך דער שטאָט. ביי דער פּאָסט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געגעבן אַ טעלעגראַמע צו ישראלן קיין וואַרשע:

„ווען וועט שוין אָנקומען אייער ווייב מיט די קינדער, גודניק איינער?".

אַרויס פון דער פּאָסט, האָט ער געטראָפן ביי זיין רייטוואָגן צוויי חשובע בירגער פון ליאַסאָווע, שאַסקעסן און ראָזענקראַנצן. שאַסקעס, דער אַפּטייקער, אַ קליין, רונד מענטשעלע מיט אַ שוואַרץ פּלאַסטערל אונטער דער נאָז, אָנשטאט וואָנצעס, האָט מיט דרך־ארץ געשמועסט מיט דזשעקן, וואָס איז איצט געזעסן אויפן רייטוואָגן.

ראָזענקראַנץ, דער צאָנדאָקטער, אַ סאָלידער ברונעט מיט אַן עספּאַ־ניאָלקע, האָט בפירוש אַריינגעקוקט דעם פערדל אין די ציין.

— אַ דעלעגאַציע — האָט בערל זיך אָנגעשטויסן. און ער האָט טאַקע געטראָפן.

געקומען זענען זיי אין נאָמען פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר היימ־לאָזע. ליאַסאָווע איז פאַרפלייצט מיט היימלאָזע, וואָס מען האָט אָנגעטריבן פון פוילן. מען בויט אַ קיך. מען דאַרף צורעכט מאַכן די אַלטע באַראַקעס, וואָס געדענקען נאָך די צייטן פון כאָלערע. מענטשן האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן. זאָל ער זיך פאַראינטערעסירן.

„שיקט זיי צו מיר קאַרטאָפל גראָבן" — איז געלעגן ביי אים אויף דער צונג. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן. מען דאַרף קענען דעם עלע־מענט. זיין פריינט חיים לוריע, וואָס איז אַרומגעפאָרן דעם פראָנט און שרייבט איצט אַ בוך, האָט אים אָנדערציילט אַ באַרג מיט מעשיות פון די היימלאָזע, פון זייער שוידערלעכער נויט און שוידערלעכער געפאַלנ־קייט. אַזעלכע מענטשן איז גאָר שווער איינצושפּאַנען אין דער אַרבעט. מען וועט זען. אַלנפאַלס וועט ער זיך נישט רוקן מיט קיין אפּותיקא צו די דאָזיקע צוויי בירגער. בערל וויל נישט גילטן פאַר קיין נדבן. מען וועט זען.

דאָס איז געווען זיין תשובה: מען וועט זען. און די צוויי חשובע בירגער האָבן מיט אַ חניפהדיק שמייכעלע געדריקט די האַנט, וואָס קאָן און וויל נישט געבן. זיי זענען אַוועק. און אויף זייערע רוקנס האָט ער איבערגעלייענט דעם גאַנצן כעס און אויפרעגונג פון זייער פאַרשפּילטער האָפענונג ווייך צו מאַכן זיין האַרץ.

דערווייל איז אין מאַרק געווען פריילעך פון בערלס אָנקומען, ער איז געקומען נישט מיט ליידיקן. ער איז אַראָפּגעקומען אין ליאַסאָווע איינהאַנדלען פערד פאַרן הויף.

יידן מיט פאַרריסענע בערד האָבן געשמייעט איבער די גאַסן, געזוכט סחורה, געזוכט שותפים, אָנגעבאָטן מקחים. עס האָט זיך געדרייט אַ לע־בעדיקער קערבל. מען האָט ממש געזען ווי ער דרייט זיך, פון איין האַנט אַרויס — אין אַ צווייטער האַנט אַריין.

אין גרויס חשיבות זענען היינט געווען אויפן מאַרק צוויי פאַרשוי־נען: דער רויטער לוקיאַן, וואָס בערל האָט אים מיטגעבראַכט פון הויף. ביי אים איז שוין די נאָז אויך רויט געוואָרן פון אָפּטע כבודים וואָס יידן פערד־הענדלער האָבן פאַר אים נישט געזשאַלעוועט.

דער צווייטער איז געווען מאָטיע דער טומטום — אַ ייד אַ ריז,

אָבער אָן באָרד און וואָנצעס, דאָס פּנים גלאַנצנדיק און קאַרבירט, ווי גוטער׳, ברוינער לעדער. ער האָט געטראָגן זיינע פערדישע הייל־מכשירים אין לעדערנעם גאַרטל מיט קעשענעס. אָבער געווען איז ער נישט אַזוי פיל אַ דאָקטער׳, ווי אַ מבין אויף פערד. אָן אים פלעגט ניט געמאַכט ווערן קיין גרעסערע קניה.

די פערדלעך האָט מען דורכגעטריבן דורכן מאַרק אויף איציק דעם מילנערס השגחה. מאָטיע האָט זיי אַריינגעקוקט אין די ציין, געטאַפּט ביי די פיס, געפּסקנט: קויפן, נישט קויפן. מאָטיע האָט נישט געלאָזט רעדן צו זיך אַ וואָרט, ווי ער וואָלט נישט געטאָרט מפסיק זיין. איציק האָט קורצזיכטיק פאַרשריבן אין ביכעלע און לוקיאַן האָט די געקויפטע פערדלעך אָפּגעפירט אָן אַ זייט.

אַ האַלבע שטאָט מיט ליידיק־גייענדיקע פורמאַנעס האָבן זיך אַריינגעלייגט אין דעם עסק און צוגעהאָלפן טומלען. שוין נישט צוליב פאַר־דינסט, נאָר אויס ליבע צו די פערדלעך מיט זייער געיעג.

ערגעץ ווו אויף אַ זעקסטער גאַס האָט איצט איין ייד מיט אַ בייטש אַנגעיאָגט דעם צווייטן און אים מכבד געווען מיט אַ מוראדיקן פּלעם איבער דער פּלייצע. יענער גלאָצט.

— וואָס איז דאָס די שמחה מיט דיר?

— פּאָדלאָסקי איז דאָ!

— טאָ קום טאַקע נעמען אַ טרונק בראָנפן.

און ביי שאַסקעסן אין אַפּטייק האָט זיך פאַרזאַמלט אַ האַלבער קאָמיטעט.

— ער וועט געבן.

— ער וועט נישט געבן, זאָג איך אייך!

— פערדלעך דאַרף ער.

— אַ קבר בויט ער זיך, אַז אין גיכן זאָל ער אים אויך דאַרפן!

— אַ השגה פון אַ גביר! גענומען און אָפּגעדונגען אַלע פורמאַנעס אויף צוויי שעה און איצט האָבן פּריצים נישט מיט וועמען צו פאָרן צו דער באַן.

— ווער?

— פּאָדלאָסקי. וועמען דען זאָל איינפאַלן אַזאַ משוגעת?

— איר שפּילט אייך מיט די שדימלעך?

---

און אין אַלטן בית־המדרש, הינטערן אַלטן אויוון, איז געזעסן אַן אַלט יידעלע אין אַ ווייס כאַלאַטל און אַליין ווייס ווי אַ טויב. אפילו די ליפּן ווייס, נאָר געהאַט האָט דאָס יידעלע שאַרפע אויגעלעך, זייער לע־בעדיקע און אַ לעבעדיק קינדיש שמייכעלע. איז דאָס יידעלע געזעסן איבער אַן אָנגעבויכטן תהלים. דאָס איז געווען זיין טאָן: תהלים זאָגן. שוין העכער צוואַנציק יאָר איז דאָס יידעלע געזעסן הינטערן אויוון און געזאָגט תהלים. אַמאָל איז ער געווען אַן אַרבעטער ביי חזיר־האָר און געלעבט מיט ווייב און קינד אין גרויס דחקות. איז ער אַוועק אין בית־המדרש תהלים זאָגן און שוין מער נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן פון תהלים. עס האָבן נישט געהאָלפן נישט דעם ווייבס געוויין, נישט דער מוסר פון די גוטע, פרומע יידן ביז דער רב האָט געזאָגט: לאָזט אים. איז טאַקע זיין ווייב געוואָרן אַ בעקערין און ס'איז איר אַוועק כשורה. און ער האָט געלעבט פון דעם, וואָס גוטע לייט האָבן געבראַכט. ער האָט זיך אויס־געלערנט אַ פאַך: בודק זיין מזוזות. נדבות פלעגט ער אויך נעמען און אַריינשאַרן דאָס געלט מיט אַ געגזזענער פּען אין טיש־קעסטל. דאָס געלט פלעגט ער פאַרטיילן צווישן נאָך גרעסערע אָרעמע־לייט, ווי ער אַליין איז.

איצט איז ער געזעסן איבערן תהלים, אָבער געקוקט האָט ער אויף פּאַדלאַסקין און זיינע שוואַרצע אייגעלעך האָבן לעבעדיק געשמייכלט:

— נו, וואָס ווילסטו זאָגן, בערעלע?

— אַ טובה, רב נחומשי, איך וויל פון אייך אַ טובה.

— נו, לאָמיר הערן.

— איר וועט נעמען ביי מיר אַ גרעסערע נדבה.

— פאַרוואָס נישט, בערעלע, פאַרוואָס נישט? כ'האָב דיר דען ווען אָפּגעזאָגט? אָרעמע לייט ברוך־השם פעלן נישט.

— און איר קענט זיך אויף צורת־המטבע, רב נחומשי?

— כ'לעבן, בערעלע, דו באַליידיקסט מיך. איך בין ברוך־השם אַ גאַנצער באַנקיר, בערעלע, אַ גאַנצער באַנקיר.

בערל האָט אָפּגעציילט אין פינפאונצוואַנציקערס פינף הונדערט און צוגערוקט דאָס פּעקל צום אַלטן.

— אַי־וואַ־וואַ! — האָט דאָס ווייסע יידעלע געשעפּט נחת, אַראָפּ־שאַרנדיק דאָס פּעקל מיט דער געגזזענער פּעדער אין טיש־קעסטל אַריין. און ער האָט אויסגעשטרעקט צו בערלען אַ דאַר, ווייס הענטעלע.

— דער אויבערשטער זאָל דיר העלפן זאָלסט מצליח זיין. האָסט געראַטעוועט מענטשן פון הונגער.

— אַז איר וועט דאַרפן, וועט איר מיר געבן צו וויסן, רב נחומשי?

— אַ שאלה אַביסל, געוויס. דורך פלטיאלן.

## 13

# אין וואַלד

מלחמה־צייט. דאָס האַרץ פון דער וועלט הענגט אויף דער פרישער ידיעה פון דער צייטונג. קאָן זיך די וועלט נישט אָננעמען מיט קיין צייטונגען. קאָן זיך די צייטונג נישט אָננעמען מיט פאַפיר. האַקט מען פאַפּירוואָקעס ביי בערלען אין וואַלד. ליגן זיי, די קורץ געזעגטע, ווייס געשונדענע פאַפּירוואָקעס איינע אויף איינער, כאַאָטיש אָנגעוואָרפן אין וואַלד ביים וועג און, איר וואַלט שווערן, זיי בענקען נאָך דער נאַכט, צו באַהאַלטן אין איר פינצטערניש זייער ווייסע נאַקעטקייט. פיניע דער סאַרסער ציילט און שטעמפּלט. אויף די אָפּגעזעגטע רונדע הערצער פון די פאַפּירוואָקעס ברענט ער אויס די שוואַרצע איניציאַלן ב. פּ. (בערל פּאָדלאַסקי).

און בערל פּאָדלאַסקי שטייט אָנגעלענט מיט דער האַנט אָן זיין ווייס געפלעקט פערדל און פייפט מיט דער בייטש אין דער לופט.

— וואָס זשע הערט זיך, פיניע־סערצע, ווי גייט עס מיט דער אַרבעט?

— וואָס זאָל זיך הערן? אַלדאָס גוטס, כע־כע־כע! באַשטעלט אויף מאָרגן נאָך צען פורן.

דזשעק שמייעט, שנאַפּט צווישן די בוימער, ביי די וואָרצלען, פאַר־רייסט דעם פּיסק און לויפט ווייטער מיט אַ פאַרדראָסיקן, איינגעהאַל־טענעם בויך־קוויטש. פיניע קוקט נאָך דעם הונט מיט צופרידענער פאַר־שטענדעניש און אַליין האָט ער אַן אויסזען פון אַן אַלטן צאַפּ, פיניע מיט זיין בערדל און מיט די ווייסע אויגן, און ער לאַכט מעשה צאַפּ.

— כע־כע־כע! ער האָט דערשמעקט דער כלב! אַנוסטן האָט זיך דאָ אומגעדרייט אַ וואָלף אַ בורער אויף הויכע רגלים, ווי אַ קעלבל.

— נו?

— גאָרנישט. אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט — איז ער אָפּגעטראָטן. ביי דער גאַווריליכען דעם שוואַרצן הונט פאַרשלעפּט. נישט פּאַר אים געדאַכט — ווינקט פּיניע מיטן קאָפּ אויף דזשעקן. — אַ מציאה אַביסל! הויט און ביין. נישט געפּונען עפּעס בעסערס.

— געדאַרפט מאַכן אַן אַבלאַווע.

— פּראַווילנאָ!

דאָס איז ווי אַ שאָטן אָנגעקומען דער אַלטער אַרכיפּ אין די ווייכע פּאַסטאַלעס. ער האָט אַריינגעלאָזט זיין העקל אין אַ בוים און דער בוים האָט אָפּגעהילכט פון אונטן ביז אַרויף.

— וועגן דער אַבלאַווע — דאָס איז ריכטיק. שלעפּן זיך דאָ אַרום די שדים, טפו!

ערשט איצט האָט ער אַראָפּגענומען זיין קאַפּעלושל מיט די אָפּגע־ביסענע ראַנדן, זיך נידעריק פאַרנויגט, געלאָזט דעם פּאַן פּאָדלאַסקי גוט באַטראַכטן זיין פּויערישן ראָזן פּליך און ווידער אָנגעטאָן דאָס קאַפּעלושל. אויסגעזען האָט אַרכיפּ ווי אַ וואַלד־שוואָם, ווי אַ באַראָוויק.

די זון זעצט זיך. און אַ טייל פון דער וואַלד־געדיכטעניש זעט אויס ווי אַ באַלויכטענער לאַבירינט פון קופּערנע זיילן, וועלכע האַלטן אונטער אַ ריזיקן באַרג. ערשט איצט האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן די העק און די זעגן אין וואַלד. אין דער געוואָרענער שטילקייט דערפילט בערל ווי אַלט און סודותדיק דער וואַלד איז דאָ. און ווען פון קופּערנעם לאַבי־רינט זאָל אַרויסגיין דער בורער וואָלף אויף די הויכע פיס און אויס־וואָיען: — וואָס טוט איר דאָ, מענטשן? — וואָלט פּאָדלאַסקי נישט געוווּסט וואָס אים צו ענטפערן, ווייל אין דער רגע פילט ער, אַז יענער, דער בורער, איז דאָ דער אמתער באַלעבאָס.

בערל האָט אַ פייף געטאָן צו דזשעקן, וואָס האָט ערגעץ הילכיק זיך צעבילט אין דעם ים פון וואַלד־שטילקייט. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן רייטוואָגן. ער וויל נאָך כל־זמן ס׳איז ליכטיק, אָנשפּאַרן אויף דער סמאָליאַרניע.

— פּלטיאל איז אין דער היים, איר ווייסט נישט?

פּיניע צעלאַכט זיך.

— ווו דען וועט ער זיין, דער ווילקאָלאַק?

און אַרכיפּ צעלאַכט זיך אויך, הייזעריק־קנאַקעדיק, ווי מען וואָלט ברעכן צווייגן אין וואַלד.

— ליעשי! זיצט און כישופט אויף דער סמאַלע.

אַרכיפּ האָט פאַרויכערט זיין ליולקע מיט אַ פייער־שטיין און זיינע אויגן אונטער די שיווע ברעמען האָבן אויפגעבליצט מיט רויטע פונקען.

און דאָס בילד פון אַרכיפּן מיט זיין פייערשטיין און זיין צווייגן־ברעכנדיק געלעכטער האָבן בערלען נאָכגעיאָגט, ווען ער איז שוין געווען ווייט אָפּגעפאָרן. דאָס איז געווען אַ שפּיצל פון וואַלד, אויפצווועקן פאַר־לאָפענע קלאַנגען און בילדער. בערלען האָט זיך געדאַכט: ער דאַרף זיך נאָך אומקוקן אָן אַ זייט און אָט שטייט הינטער אַ בוים אַרכיפּ מיט דער ליולקע און קלאַפּט אויס פייער פון זיין פייערשטיין. בערלס וואַלד־מאַיאָנטעק איז געווען גרויס און פאַרטיילט אויף קוואַרטאַלן, אָמגע־דיכטסטן און אַמווילדסטן איז געווען דער וואַלד אַרום דער סמאַליאַר־ניע. בערל האָט קיינעם נישט אויסגעזאָגט אַז פאַרקערנדיק פון שליאַך צו דער סמאַליאַרניע, פאַרלירט ער אָפטמאָל דעם וועג און בלאָנקעט זיך איבער שמאָלע וואַלד־וועגן אָדער אינגאַנצן אָן אַ וועג, אַמאָל אַן איבעריקע שעה צייט ביז ער דערזעט דעם רויטן רעזערוואַר מיטן לאַנגן קוימען גאַרנישט אין דער זייט, ווו ער האָט זיך געריכט. בערל האָט ליב דעם פּלאָנטער אונטערוועגנס, אין זיין אייגענעם, דאַכט זיך, גוט באַ־קאַנטן וואַלד. אָבער דאָסמאָל האָט ער כמעט נישט געבלאָנדזשעט. דעם רויטן רעזערוואַר דערזען אין דער ריכטיקער צייט און שוין פון אויג נישט אַרויסגעלאָזט. בעלאַ איז געגאַנגען פוסטריט. דזשעק איז אַרויפ־געשפּרונגען אויפן רייטוואָגן און זיך צוגעטוליעט צום באַלעבאָס. געווען מיד פון אַ טאָג אַרומלויפעניש. בערל האָט געטראַכט, צי האָט ער גוט געטאָן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויף דער באַן־סטאַציע לוקיאַנען מיטן קאָטש, טאָמער קומט אָן ביי דער נאַכט ישראלס ווייב מיט די קינדער. כאָטש פון ישראלס לעצטער טעלעגראַמע האָט מען נישט גע־קאָנט אַרויסדרינגען ווען זיי קומען. לוקיאַן איז אַ זיכערער מענטש. אַז מען הייסט אים וועט ער וואַרטן. ער האָט אָבער היינט צופיל געטרונ־קען, ער קאָן נאָך פאַרשלאָפן די באַן. בערל איז געווען אַביסל אומרואיק. און ער האָט זיך אַליין אויף זיך געוווּנדערט, פון וואַנען נעמט זיך די אומרו? פון וואַנען נעמט זיך די פאַרזאָרגטע מחשבה וועגן אַ פרוי מיט קינדער, וועלכע ער האָט קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען? בערל האָט נישט געהאַלטן פון דער מידה פון גוטסקייט און ער האָט נישט געהאַלטן, אַז ער איז אַליין געכאַפּט אין דער דאָזיקער מידה. גוטסקייט

איז נאַרישקייט — האָט ער געטראַכט — פאַרשטעלטער עגאָיזם. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער סצענע מיטן ווייסינקן רב נחומשי אין בית־המדרש הינטערן אויוון און איז רויט געוואָרן. ער האָט זיך אפילו אומ־געקוקט, ווי עמעצער אין וואַלד וואָלט געקאָנט נאָכזען זיינע מחשבות.

פלטיאלן האָט ער געפונען אין סמאָליאַרניע פאַרן אויוון. דער ייד האָט זיך געפּרעגלט אין דער ווילדער היץ אין פאַרויכערטע גאַטקעס, אין אַ טלית־קטן און אין אַ שפּיציקער יאַרמלקע. די פּיס האָט ער אין גרויס תענוג אַראָפּגעשטעקט אין ציגל־גרוב, איבער די גליענדיקע קוילן, וואָס זענען געפאַלן איינצייכזווייז פון אָפענעם גיהנום־אויוון. און דער אָפענער אויוון האָט אים געדינט פאַר אַ לאָמפּ. ער האָט געשמאַק אַריינ־געקוקט אין אַ ספר.

— משוגענער! וועסט דאָך פאַרברענט ווערן!

— אַ, דאָס ביסטו, בעריש? האָב נישט מורא, איך בין נישט קיין ברענענדיקער. פלטיאל האָט געהאַט אַ שטים אַ זינגענדיקע.

ער האָט איצט אָפּגעקערט צו בערלען דאָס פּנים, אַ לאַנג, שמאָל פּנים, ווי פון אייזערנע צוואַנגען איינגעקלעמט. און דער שטערן אַ הויכער און די פינצטערע באָרד אַ לאַנגע. בערל האָט איצט געקאָנט זען אין פלטיאלן זיין גאַנצן משפחה־יחוס. ווייל יענער איז אויך געווען אַ פּאָדלאַסקי און אויסגעזען פאַרן פייער ווי אַן אמתער שד. די ברעמען שפּיציק, די נאָז ווי אַ שנאָבל און די ווינקלען פון שטערן — אַ רמז אויף הערנער. אָבער די באָרד! די באָרד האָט זיך געצויגן וואָס טיפער, אַלץ שמעלער און זיך גאָרנישט געוואָלט אויסלאָזן. פלטיאל האָט גע־פרעגט:

— משקה האָסטו געבראַכט?

— יאָ.

— ביסטו אַ גוטער ברודער. זיץ.

— ווער קאָן דאָ אויסהאַלטן? ווו איז סטעפאַן?

— סטעפאַן איז אַוועקגעפאָרן אין לאָסאָווע נאָך ברויט. עס פעלט שוין אויס. בין איך, פאַרשטייסטו, אַ ממלא מקומו. אָט איז די קאָטשע־רע. אינאיינעם מיט זוהר איז דאָס ווי אָנגעמאָסטן.

— דו פאָרעסט זיך שוין ווידער מיט קבלה? אַוועקגעוואָרפן שעקס־פּירן?

דער שד איז אין כעס געוואָרן.

— בעריש פויערוק! וואָס פאַרשטייסטו אין קבלה, וואָס? אויף קבלה שטייט די וועלט.

— און אויף שעקספּירן?

— וואָס מיר שעקספּיר? נאָך אַלע מעשׂיות איז דאָך שעקספּיר ניט מער ווי אַ קלוגער גוי.

— און אויף בראָנפּן?

— וואָס פאַר אַ בראָנפּן?

— גוטן בראָנפּן.

— פויערוק! עס גיבט דען שלעכטער בראָנפּן? בראָנפּן קאָן זיין שטאַרקער, שוואַכער. קום, לאָמיר נעמען צו קאַפּ.

זיי זענען אַרויס פון רויטן גיהנום אויף דער טונקעלער גראָקייט פון דער וועלט. דאָ האָט שוין פּלטיאל אויסגעוויזן ווי פון פעך און קרייד אויסגעקנאָטן. אין ראַם פון דער באָרד דאָס שמאָלע פּנים בלאָס. די געזיכט־שטריכן גרויס און טיף געשניצט — אַ טיפּישער פּאָדלאַסקי. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פופציק. אין דער שוואַרצער באָרד האָבן זיך געפּלאָנטערט ווייסע בענדעלעך.

— און דו שעמסט דיך נישט מיט דעם הילוך דיינעם, וואָס?

— און דו, בעריש, האָסט קיין גרעסערע חכמה נישט געקאָנט אויפטאָן, ווי זיך איבערטאָן פאַר אַ פויער, רחמנא לצלן? פאַר וועמען האָב איך זיך צו שעמען? פאַר גאָט סיידן. איז נאָך אַ קשיא, צי ער טראָגט עפּעס אַליין, אַחוץ אַן ארבע כנפות.

פּלטיאל האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס, צוגעשטעלט די ווייסע הענט צו דער שוואַרצער באָרד ביים מויל, אויסגעשריען הילכיק־ווייט:

— קי ־ רי ־ לי ־ כאַ ־ אַ!

איז דאָס געווען אַ מעכטיקער אויסגעשריי וואָס האָט געשמעקט אי מיט ווילדן וואַלד־האָרן אי מיט בית־המדרש. יידן שרייען אַזוי ווילד צו סליחות אין דער נאַכט אַריין: ויקרא בשם ה׳!

פּלטיאל איז אַוועקגעלאָפן אין שטיבל אָנטאָן די הויזן; בערל איז אַוועק אויסשפּאַנען.

און ווידער האָט אים געפּייניקט דער געדאַנק, צי האָט ער גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיך פאַרלאָזן אויף לוקיאַנען. עס קאָן אויסברעכן

אַ רעגן. דער הימל איז פֿאַרצויגן. צי וועט ער שכל האָבן זיי איינצו־דעקן, פֿאַרשטעלן ווי געהעריק?

און ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אָן ווייסינקן ר׳ נחומשי און זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיין אייגענער נישט נויטיקער גוטסקייט, וואָס איז אין גאַנצן געווען קעגן זיין פּראָגראַם.

— בערל, דו ווערסט אַ יידענע, בערל!

ווייל איז געווען צו זיצן מיט פלטיאלן אין דער רויער, סאָסנאָווער שטוב. און ביי אַ גלעזל שטאַרקן בראָנפֿן פירן אַ ווילדן שמועס (מיט פלטיאלן קאָן מען דען רעדן גלייך?) צוקוקנדיק ווי קיריליכע, די יונגע געזונטע סאָלדאַטקע מיטן קאָקעטיש־פֿאַרדרייטן רויטן טיכל אַרום קאָפּ טופּעט מיט די שטאַרקע ווייסע פיס (דאָס קליידל קאָקעטיש אונטערגע־שטעקט), צוגרייטנדיק דעם סאַמאָוואַר און דאָס צובייסן. אויפֿן הויף איז פֿינצטער, אויפֿן טיש — אַ נאַפט־לעמפּל. דער וואַלד רוישט און אַ ווייטער דונער רוקט זיך נענטער.

— קיריליכע, אַ גלעזל בראָנפֿן!

— אָ—יעי!

— דיינער שיקט דיר עפּעס בריוו פֿון פֿראָנט?

— אָ—יעי, באַרין, ער פּוטיעט זיך שוין אודאי לאַנג מיט אַ דייטש־קע דאָרט!

די אויגן אירע גלאַנצן, די ציין בלאַנקען, דאָס פרישע פּנים האָט זיך אָנגעצונדן פֿון די ערשטע צוויי גלעזלעך בראָנפֿן. און פלטיאל איז פֿינצטער ווי די נאַכט. זיין פּנים איז אין גאַנצן אין דער שוואַרצער באָרד פֿאַרזונקען. צי איז ער אייפֿערזיכטיק אויף קיריליכען, וואָס קאָקעטירט זיין ווייטן קרוב? (אַ קרובהשאַפֿט, וואָס ביידע האָבן זיך שוין לאַנג אויפֿגעהערט ברעכן דעם קאָפּ, צו דערגיין אַ שטיקל טאָלק). צי געפֿעלט אים נישט דער פֿאָרשלאַג וואָס בערל האָט אים געמאַכט? גוט, אַ טובה. טובות דאַרפֿן אָבער אויך האָבן אַ גרענעץ!

— זאָג מיר נאָר, בעריש, פֿון ווען אָן ביסטו דאָס אַזאַ חכם גע־וואָרן?

— אַ שטייגער?

— דו ווילסט נישט קריכן אין דער בלאָטע און מיך שטופּסטו פֿאַר דיינעטוועגן. אַ שיינעם דאַנק. וואָס בין איך פֿאַר אַ קאָמיטעטשיק, וואָס? וואָס פֿאַר אַ עסקים האָב איך מיט זיי? אַז איך פֿריי זיך, ווען איך דאַרף

די טריפהנע שטאָט נישט אָנקוקן. אפשר וועסטו מיך גאָר בעטן פאַר דיין טובה וועגן זיך אומקערן צוריק צו מיין פלוניתטע?

— דאָס זעסטו, איז שוין דיין זאַך. אָבער פאַר די היימלאָזע דאַרף מען עפּעס טאָן. וועסט נעמען וויפל דו וועסט דאַרפן, אויף דיין אייגזען.

— לאָז מיך געמאַך, איך בעט דיך!

אָבער בערל האָט נישט נאָכגעלאָזט. פלטיאל האָט זיך קוים אָפּ־געבעטן ביז מאָרגן. ער וועט זיך איבערלייגן.

— געדענק זשע!

און ביידע בערדיקע פּאַדלאַסקיס האָבן צוגעשוויגן, געזופּט פון די גלעזלעך און פאַרביסן מיט זויערע אוגערקעס. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און, דאַכט זיך, הנאה געהאַט פון דעם שווייגן.

— און איך זאָג דיר, בעריש, אַז פון געלט וועט קיין גוטס נישט אַרויס. דאָס האָב איך געזען גלייך נאָך דער חתונה, בעת מיין ווייבס ליבהאַרציקער נדן איז פאַרברענט געוואָרן אינאיינעם מיט דער מיל. פון יענער שרפה אָן האָב איך ליב באַקומען פייער. זאָלסט מיך לאָזן, וואָלט איך אונטערגעצונדן דיין וואַלד.

— ביסט אַ משוגענער.

— ניין, וואָס דען? מיט געלט וועסטו די וועלט איבערבויען?

— דאָס טאָקע נישט. אָבער עפּעס קאָן מען אויפטאָן.

— אַז איך האַלט נישט פון דעם גאַנצן אויפטו דיינעם. פרעג מיין בענצל און מיין מירעלען, וואָס זיצן דאָרט אין בערן — וועסטו הערן מיינע ווערטער. די גאַנצע וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ אָוועקשטעלן, די גאַנצע וועלט! גוט, זאָג איך, קינדערלעך. ביי מיר האָט איר געפועלט. אָבער מיינט איר, אַז די וועלט וועט שטיין מיטן קאָפּ אַראָפּ, וועט זי שוין האָבן אַן אַנדער פּנים? עס וועט זיין — זאָג איך — די אייגענע דוואָשע, נאָר אַנדערש געשלייערט. איר פאַרשטייט, בהמות?

— פאַרוואָס עפּעס?

— ביסטו דאָך אויך אַ בהמה? איר פאַרשטייט אפילו נישט, אַז איבער דער וועלט רעגירן גאָר אַנדערע כחות. מיט נישט אָרעם נישט רייך וועט איר די וועלט נאָך נישט אויסגלייכן.

— דהיינו?

די שויבן האָט אויפגעריסן אַ לאַנגער שטאַרקער בליץ. נאָך דער מאָמענטאַלער ליכטיקייט פון זיבן זונען איז אין צימער געוואָרן שטאַרק

טונקל, ווי אין דעם נאָפּט־לעמפּל וואָלט אַראָפּגעפאַלן דאָס פייער. קי־ריליכע איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ קוויטש און זיך איבערגעצלמט.

— איך וועל לויפן זען, צי די קינדער שלאָפן שוין.

עס האָט אַ זעץ געטאָן אַ דונער און דאָס שטיבל האָט אויפגעצי־טערט! מיטן גערויש פון וואַלד האָט זיך אָנגעהויבן צו אָמפּערן דער רעגן.

— גיי גיי, קיריליכע, די קינדער וויינען אוודאי.

זי האָט געעפנט די טיר. ביי דער שוועל האָט געגאָסן. זי האָט זיך צעצלאָכט. מיט איר מאַסיווער גראַציע האָט זי אַ הויב געטאָן דאָס קורצע קליידל איבערן קאָפּ אַריבער צו פאַרשטעלן זיך פון רעגן, און דאָס איז שוין אויסגעקומען ווייניקער גראַציעז. צוזאַמען מיטן קליידל האָט זיך אויף אַ רגע מיטגעריסן איר העמד. מיט אַ קוויטש איז זי אַוועקגע־שפּרונגען אין רעגן אַריין. פּלטיאל האָט צוגעמאַכט די טיר. צוויי פּאָד־לאַסקיס אָפּגעשלאָסענע פון דער וועלט.

פּלטיאל, דער וואַלד־מענטש פּלטיאל, האָט מיט אַ כמורנער ליב־שאַפט דערמאָנט זיינע קינדער אין בערן. און בערל האָט זיך דערמאָנט אָן ווייסע בליצן אין אַזאַ שלאַקס־רעגנדיקער נאַכט, בעת ער האָט אויפ־געגעבן זיין לעצטע האָפענונג צו ווערן אַ טאַטע מיט טאַטעס צוגלייך און געוואָלט אומברענגען דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש וואָס איז אַרויס פון זיינע לענדן. און ווי אַ חוזק איבער זיינע שווערע געדאַנקען האָט זיך געבלייכט פאַר זיינע אויגן קיריליכעס יונג ווייס הינטערלייב, בעת זי האָט פאַרריסן דאָס קליידל צו לויפן צו אירע אייגענע קינדער. דער רעגן האָט, דאַכט זיך, לאַנג, לאַנג פון יענער פינצטערער נאַכט אָן זיך געשנירלט דורך זיין האַרץ, ווי דורך אַ זיפּ, מיט הייסע אָנגעגליטע שנירלעך. און פּלטיאל האָט געכישופט איבערן גלעזל בראָנפן מיטן בלאַסן, שמאָלן פּנים, מיט די שפּיציקע ברעמען. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ מעשה־טאָן.

...פאַרשטייסט, צדיק מיינער? ליאַסאָווע איז דאָך אַמאָל געווען אַ מקום תורה, אַ מקום תורה געווען. אין יעדן בית המדרש זענען געזעסן כתות בערד און פיאות און האָבן געלערנט.

אין אַלטן בית־המדרש הינטערן אויוון — געזעסן דאָס מנין, די בטלנים די צען. ווער האָט געהערט פון זיי, ווער האָט געוווסט פון זיי? געזעסן געלערנט, איין נשמה מיט צען גופים. ווער זאָל וויסן, אַז נאָך

האָלבער נאַכט האָבן זיי השתפכות הנפש, אַז איינער פאַר דעם אַנדערן איז שוין לאַנג אַנטפּלעקט געוואָרן און אַז אַלע צוזאַמען זענען זיי באַ־הערשט פון איין גרויסער כוונה אַראָפּצוברענגען משיחן?

די ווייבער האָבן שטיל געקלאָגט — אַלץ באַלעבאַטישע קינדער געווען. טאַטע מאַמעס האָבן שטיל געמורמלט. שטאָט האָט זיך נישט געמישט. מענטשן זענען עוסקים בתורה, פאָרען זיך אין קבלה נאָך האַל־בער נאַכט, פראַווען מקוואות — ווּעמען גייט עס אָן? צום מסחר מיט חזיר־האָר וועט עס אוודאי נישט שאַטן. און ווען אַלע צען יונגעלייט וואָלטן שוין געשטעקט אין געשעפט, וואָלט דען פאַר שטאָט גלייכער געווען? איז נישט גלייכער, אַז זיי זענען אויסגעטאָן פון דער וועלט, גייען אַרום קרועה־בלויה און גאַפּן פאַרחלומט מיט אַן אָפן מויל און פאַרשלייערטע אויגן אין די עולמות אַריין, גלייך זיי הערן פון דאָרט מי יודע וואָס פאַר אַ מוזיק? אָבער שטאָט האָט זיך שוין אָנגעשטויסן ווער די צען יונגעלייט זענען. מען זאָגט נישט אַרויס, אָבער מען ווייסט, מען פילט, מען האָט דרך ארץ.

אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן זעט מען צייכנס פון בלוטיקע טריט. וואָס פירן פון דער מקוה אין בית המדרש אַריין. פאַרגעסן, הייסט עס, די שיך אין דער מקוה און נישט געפילט, ווי די פיס פרירן צו צום באָדן און בלוטיקן ביי יעדן טריט. אַ מדרגה!

מען דערציילט שוין שפּעטער וועגן אַ מופת מיט אַ קינד. געגאַנגען איינער פון דעם מנין ערב הושענא רבה פאַרטאָג, געגאַנגען פון פעלד מיט אַ בינטל הושענות. זעט ער פון דער שטאָט אַרויסגיין אַ ציגיינערין מיט אַ פּעקל.

— שטיי! וואָס טראָגסטו דאָרט?

לאַכט זי, די ציגיינערין. זי טראָגט אַ קינד.

— שוין זאָלסטו מיר אָפּגעבן דאָס קינד, דו הערסט?

זי באַקומט אַ שמיץ איבערן פּנים מיטן בינטל הושענות און דאָס קינד איז שוין ביי אים אין די הענט. און ער לויפט שוין מיט דעם איבער די שלאָפנדיקע הינטערגאַסן און קוקט אויס, זוכט אויף, ווו עס זעט זיך אַ פייער דורך די לאָדנס־שפּאַלטן, ווו עס הערט זיך אַ יללה הינטער פיר ווענט.

— שאַט! שאַט! ווייבער! מינטערט אָפּ די קימפּעטאָרין! דאָס קינד וועט אי״ה האָבן אריכת ימים! אָט איז עס!

און מען ווייסט נישט, ווי ער איז אַריין. און מען ווייסט נישט ווי אַרויס. נאָר אַ יידענע, אַ שכנה, האָט אים געזען פאַרביילויפן און אים דערקענט.

— ס'איז דאָך איינער פון דעם מנין!

דעריזען אַז מען איז בכח, ווערט שטאַרקער די תקיפות, שטעלט מען זיך איין אויף גרעסערע זאַכן. מען איז דאָך עפּעס אַ מנין! און אַז מען קאָן זיך נישט דערוואַרטן אויף די איבעריקע זעקס און צוואַנציק, איז וואָס? דאַרף מען לאָזן אונטערגיין אַ וועלט? נישקשה. מען איז געווג אויסגעפּרווט אין תעניתים בציבור און מען באַשטימט אויפן לעצטן גרויסן פּרווו אַ פּשוטן דאָנערשטיק. אי — מען קאָן געניזוקט ווערן? פאַרוואָס עפּעס זאָל מען געניזוקט ווערן, פאַרוואָס? תקיפים!

און די יונגע ווייבלעך, בלוט און מילך, מיר נישט — דיר נישט, וויסטע עגונות געוואָרן. גאָרנישט. די מענער, די ל״ו, קוקן נישט אין דער שטוב אַריין. ווייבער פינצטערן אָפּ זייערע טעג. ווייבער לויפן איי־נע צו דער צווייטער זיך אויסוויינען דאָס ביטערע האַרץ. מען שעמט זיך שוין נישט. ווייבלעך מאַכן אַ בונט, ווייבלעך זוכן סגולות ווי אַזוי די פאַרלוירענע מענער אַריינצובאַקומען אַהיים צוריק.

און אַז עס העלפן נישט קיין גלייכע דרכים, נישט רב מאיר בעל־הנס, נישט שרה בת טובים, — זוכט מען אַ טאָמער, אפשר וועט ער העלפן. איז קיין טאָמער אין דער געגנט אויף אַ רפואה נישטאָ. דערוויסט מען זיך פון אַ פויערטע וועגן אַן אַלטער ציגיינערין. ווי אַזוי אַ מנין ווייבערשע ציינגער האָט איינגעהאַלטן דעם סוד ביז אַ צייט איז טאַקע חידושים. ס'איז, ווייזט אויס, זיי אין לעבן געגאַנגען.

מיט כל התירוצים האָט מען זיך אַרויסגעגנבעט פון טאַטע־מאַמע, פון שווער און שוויגער פון דער שטאָט אַרויס. און אפשר האָבן מאַמעס מיט די שוויגערס אַליין צוגעהאָלפן — אַ האַרץ אַ האַרץ פילט. פינף זע־נען געפאָרן צו חברטעס כלומרשט, אויף חתונה. דריי — צו ווייטע מו־מעס צו גאַסט. צוויי — אויף אַ יריד אין אַ שכנישן שטעטל. און אַלע צען ווייבער האָבן אין גרויס ציטערניש זיך צונויפגעטראָפן אין עק דאָרף ביי דער ציגיינערין. איז דאָס געווען שוין פון די אמתע ציגיינע־רינס. אויף דער שוועל איז זי געזעסן אין אירע בלויע מייטקעס און גע־רויכערט אַ ליולקע. און בראַסלעטן האָבן באַצירט אירע צעקנייטשטע, פינצטערע פיס. שוואַרצע פיס מיט ווייסע נעגל. און אַ גרוי בערדל האָט

זי געהאַט און גערעדט האָט זי מיט אַ גרעבץ און געקלימפּערט מיט די מטבעות און קמיעות אויף דער איינגעפאַלענער ברוסט.

— ניין, ווייבעלעך! קומט צו מיר דאָנערשטיק, פאַר דאָנערשטיק נאָך האַלבע נאַכט נעם איך אייך נישט אויף!

איז אין דער פאַרכטיקער נאַכט אַרויסגעפאַלן אַ שניי. און די וועלט איז געלעגן אונטער אַ ווייסן איבערבעט און פאַרוויגט און געהוידעט פון אַ קלאָגנדיקער זאַווייע. האָבן פלינקע שנייעלעך זיך געריסן צום ליכטיקן שפּאַלט פון בית־המדרש־לאָדן, געוואָלט זוכה זיין אַריינצוקוקן איידער זיי פאַרגייען אין גראָען חושך.

דאָרט האָבן געברענט ליכט. דאָס מנין איז געשטאַנען איינגעהילט אין טליתים איבערן קאָפּ, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. און זיך צו־זאַמען געוויגט, ווי איין מאַן און ווי פון איין ברוסט האָט זיך געריסן זייער שוואַכער פאַרפייניקטער קרעכץ:

מן המצר קראתי יה!

— ווער פון אייך האָט אַ מחשבה זרה, יידן? ווער פון אייך האָט נאָך עפּעס אין האַרצן אַ זעמדעלע פון אַ זייטיקן ערדישן באַגער, אַחוץ דער איינציקער גרויסער כוונה אַראָפּצוברענגען משיחן? דער זאָל אַרויס, אויף שניי און זאַוויערוכע! דאָ וועט ער געניזוקט ווערן! עס דערנענטערט זיך די שעה פון הייליקע שמות און צרופים! דער שר פון דער תורה וועט אויפלויכטן אין זיין קרוין!...

...— און ווער פון אייך, ווייבעלעך, האָט נאָך חרטה, וואָס זי איז פאַרקראָכן אין מיין הייל אַריין — די זאָל אַרויס אויף שניי און זאַוויע־רוכע! דאָ וועט זי געשעדיקט ווערן!

האָבן די ווייבער געשוויגן, געציטערט און געשוויגן, צונויפגעפּרעסט אין ווינקל פון דער גרויסער שטאָל, ווי אַ טשערעדע שאָף. און ווי קאָ־נען זיי דען אַרויס, ווען זיי וואָלטן אַפילו וועלן? אַז זיי זענען נאַקעט, אַלע ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, פּרעסן זיי זיך איינע צו דער אַנדע־רער מיט זייערע אָנגעגליטע בייכער און בריסטן.

און די ציגיינערין זיצט אויף טערקיש, אין דער מיט פון דער גרוי־סער שטוב מיטן נידעריקן סופיט, זיצט און מישט אין דעם שוואַרצן פלאַכן טאָפּ, וואָס עס קאָכט זיך אויפן דריי־פוס.

עס זעצט פון דעם טאָפּ אַ היץ, פאַרברענט צו ווערן. און די לייבער

ווערן טרוקן־אָנגעגליט, ווי די ברענענדיקע קוילן. די ציגיינערין גרעבצט און מורמלט:

— ווילט איר, הייסט עס, ווייבער, אייערע מאַנען צוריק? ווילט איר מיט זיי לעבן און קינדערלעך האָבן?

— יאָ! דאָס ווילן מיר! דאָס ווילן מיר!

— קומט זשע גיכער, ווייבעלעך, קומט זשע צו מיר, דער טאָפּ זידט שוין, דער טאָפּ קאָכט שוין באַלד. זינגט מיט מיר, ווייבעלעך! טאַנצט מיט מיר!

איבער דער היץ פון דער אָנגעגליטער שטוב דרייען זיך אַרום, שוועבן אַרום לאַנגע שוואַרצע קעץ ווי די שלאַנגען. זיי גלאַנצן אין גרויס תענוג מיט די גרינע העליש־פייער אויגן. און די ווייבער ציטערן פאַר זיי, פרעסן זיך צום ווינקל, לייב צו לייב.

— אַ קיש! אַ קיש! — צעטרייבט די ציגיינערין אירע שוואַרצע קעץ מיט אַ לאַנגן בעזים. און — האָפּ! זי זיצט שוין אויפן בעזים רייטנדיק אין אירע בלויע לאַנגע מייטקעס.

— נאָך מיר, ווייבעלעך, נאָך מיר!

אַלע ווייבער זיצן שוין אויף בעזימער רייטנדיק און אין צעגליטער, צעוואָרפענער נאַקעטקייט היפּסלען זיי אַלע נאָך דער ציגיינערין אין אַ רעדל־טאַנץ אַרום זודיקן טאָפּ.

האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי!
קאָכט אַ טאָפּ מיט גרינעם גראָז.
קומט אַ ווייבער, גיט אַ בלאָז,
צינדט זיך אָן דער געלער שטרוי
האָט, האָפּ, אָט אַזוי!

די שוואַרצע קעץ פּלאָנטערן זיך, שלענגלען זיך אונטער די נאַקעטע פיס. אונטערן נידעריקן סופיט טראָגן סאָוועס זייערע שווערע לייבער אין דער לופטן, שטומע, פליענדיקע קעץ מיט בורשטינענע פייערן אין די אויגן. דער סופיט הייבט זיך העכער און העכער. די ערד גייט אַוועק פון אונטער די טאַנצנדיקע פיס. ווייבערשע הערצער זינקען אין שרעק ווי אין זיסן תענוג פון דער חתונה־נאַכט. הערצער פאַלן אין אנטציקונג — כי־כי־כי! און די נאַקעטע פיס היפּסלען הויך. אויסגעטאָן די בושה.

האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי!...

— ציטערט נישט, ווייבעלעך, האָט נישט קיין מורא. טופּעט אָן דר׳ערד. לאָזט צורו די ערד. אָט אַזוי ווי איך. אין לופטן טאַנצט, אין דער לופט שווימט און רופט אייערע מאַנען, רופט! העכער! נאָך העכער!

— כי־כי־כי!

נישטאָ שוין פון אונטן קיין קעץ — פאַרזונקען. נישטאָ אין דער הויך קיין סופיט — צעשווומען געוואָרן. צען נאַקעטע ווייבער פליען רייטנדיק אויף בעזימער איבער שנייען — זאַוויערוכעס אין דער נאַכט אַריין מיט צעלאָזטע האָר.

— או־הו־או־או! — פאָרויס די מכשפה אויף אַ גרויס בעזים.

— האַלט אייך, שוועסטערלעך! קוקט נישט אַראָפּ! דאָס קעפּעלע וועט זיך פאַרדרייען!

שנייעלעך פליען, ווי פליגן אין זומער. דאָס פליט זי מיט דעם זודי־קן טאָפּ און טראָפּנס שפּריצן. שפּרינקלען און בריען די נאַקעטע לייבער, בייסן זיך איין און צערייצן דאָס בלוט.

— רופט אייערע מענער! אָט זענען זיי! אָט! זעט וואָס זיי טוען, ווייבעלעך, זעט!

— איטשע! חיים! שמערל! ברוך! העי!

און דאָס מנין אין בית־המדרש שטייט אין פאַרציטערונג, שטייט אין פאַרגליווערונג. די הייליקע רגע דערנענטערט זיך. אַלע ווילנס אינ־איינעם, אַלע כוונות אויסגעלאָשן. נאָר איין כוונה פון דערוואַרטונג. באַלד הערט זיך אַ בת־קול, אַ קול דממה דקה. דעקט אָפּ אייערע הייליקע פּנימער, יידן! דעקט אָפּ פאַרן שר התורה דעם ווייסן פלאַם פון אייער הייליקער בענקשאַפט צו אים, אָט שיינט שוין דער אָפּגלאַנץ פון זיין קרוין, אָט הערן זיך שוין זיינע טריט. פאָרויס קוקט! פאָרויס! ווער קערט זיך אָפּ אַהינטער? אי!

— ס׳ברענט!

הינטער זיי ברענט. דער טיש, די שטענדערס, די וואַנט — עס ברענט, עס פלאַקערט.

— איטשע, חיים, שמערל, ברוך! כי־כי־כי, ס׳בין איך!

אַ רויטער פלאַם, אַנשטאָט אַ ווייסן. דער שר של אש, אַנשטאָט דעם שר של תורה.

ווער האָט פאַרראָטן? ווער איז נישט זוכה געווען?

— יידן, מיר ווערן פאַרברענט!...

***

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — בערל האָט זיך צעלאַכט ברייט און דור־נערדיק. צום ערשטן מאָל נאָך יאָרן פון איינגעהאַלטענעם שמייכל — אַוודאי אַ פּאָדלאַסקי געווען צווישן דער חברה דאָרט. דאָס גאַנצע שפּיל האָט ער קאַליע געמאַכט — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

דזשעק איז אויפגעשפּרונגען און פאַרוווּנדערט געקוקט מיט גאָלדע־נע אויגן אויף זיין באַלעבאָס. פּלטיאל האָט אַוועקגעמאַכט מיט זיין ווייַ־סער האַנט.

— זעט מען דאָך באַשיינפּערלעך, אַז דו ביסט אַ שד!

— מיר זענען אַלע שדים, פּלטיאלקו־סערצע. אור־ף, אַ גיהנום־היץ אַביסל!

ער האָט אויפגעמאַכט דאָס פענצטער און אַריינגעעטעמט מיט דער פולער ברוסט די ביינאַכטיקע וואַלד־פרישקייט נאָך אַ רעגן. די לבנה האָט זיך געראַנגלט מיט די וואָלקנס מיט דער דעה זיך דורכצורייסן. ווי אַן אָפּגעזעגטער טורעם פון דער וואַסער־לייטונג האָט זיך דערהויבן דער פינצטערער רעזערוואַר, אַ צווייַ שטאָק די הויך און פון לאַנגן שוואַרצן קוימען האָט געזעצט אַ גיהנום־פייער.

— דער אויוון הייצט זיך נאָך, פּלטיאל. קום, לאָמיר כאַפּן אַ שווים אין רעזערוואַר.

— וואָס קאָן דיר איינפאַלן! ביי דער נאַכט! וועסט דאָך דערטרינ־קען ווערן!

— רעדסט נאַרישקייטן! וועסט אָנציינדן אַ שטורקאַץ. מען וועט זיך האַלטן ביי דער רער.

זיך אָפּטובלען אין גרויסן רעזערוואַר איז געווען ביי בערלען איי־נער פון די גרעסטע תענוגים. די מעטאַלענע רער־ספּיראַל האָט זיך גע־וויקלט אין גרויסן רעזערוואַר פון אויבן ביז אַראָפּ, צום דעק און דאָרט אויסגעטריפט דורך קראַנען דעם רויען טערפּענטין. דאָס וואַסער אין רע־זערוואַר, וואָס האָט געדאַרפט קילן די רערן, האָט אליין פאַרן טאָג זיך אָנגעוואַרעמט הייס און איז געווען דורכגענומען מיט טערפּענטין. בערל האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז די געזונדסטע וואַנע אין דער וועלט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט שוין אויבן געברענט און ראָז געדויכערט אַ ריזיקער שטורקאַץ און בערל איז געקראָכן אַרויף אויפן לייטער אַ נאַ־קעטער מיט די שוואַרצע האָר־פלעקן אויף זײַן לײַב.

פּלטיאל איז נישט בײַגעשטאַנען דעם נסיון און גענומען זיך אויס־טאָן. און ווען בײַדע האָריקע, בערדיקע פאָדלאָסקיס האָבן שוין געטאַנצט און זיך געפּליושקעט אין דער הויך, שרײַענדיק מיט ווילדע קולות פאַר גרויס תענוג, האָט זיי אונטן אַריבערגעשריגן קירילליכע, וועלכע איז גע־קומען צו לויפן אויף בייז ווונדער.

—אָ־יעי!

— העי, קירילליכע! טו זיך אויס, קריך אַרויף! קריך אַרויף, בהמה אײנע! וועסט דיך אָפּבאָדן.

— איך שעם זיך!

— קריך אַרויף, בהמה אײנע! קיינער וועט נישט וויסן.

— אָ־יעי!

זי איז אַנטלאָפן אין שטיבל צו פּלטיאלן. און אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געלאָפן צום לייטער אַ נאַקעטע, בלויז מיטן רויטן טיכל אויפן קאָפּ. זי האָט לײַכט געטראָגן דעם מאַסיווזן יונגן קערפּער אויף אירע דינע, הויכע פיס.

— האָ־האָ־האָ! קריך, קריך, קירילליכע! גיב אַ האַנט, איך וועל דיר צוהעלפן!

פּלטיאל בייגט זיך אַריבער אין דער שפּיציקער יאַרמלקע, זײַן קאָפּ איז שמאָל ווי אַ האָלאָוויעשקע. די באָרד הענגט אַראָפּ ווי אַ נאַסער זאַק. אַ וואַסער־שד. ער ציט בײַ דער האַנט די נאַקעטע קירילליכע, זי שפּאַנט אויפן לייטער מיט אירע לאַנגע פיס און דער פלאַם פון שטורקאַץ טאַנצט. אַ שיכורער פון זײַן אייגענעם רויטן רויך. בערל באַשפּריצט זיי בײדן מיט הייס, סאָסנע־שמעקעדיק וואַסער.

— האָ־האָ־האָ! לעבן איז אַ מצוה! — ער האָט אונטערגעכאַפּט קי־רילליכען פאַרן קאַלטן, גליטשיקן פוס, שלעפּט זי אין הייסן וואַסער אַרײַן.

— אָ־יעי! כ'וועל מיך דערטרינקען!

— האַלט זיך אָן מיר, קירילליכע!

— איך האַלט זיך שוין! גוט?

דער שטורקאַץ האָט זיך אויסגעלאָשן, אַרויסגעלאָזט זײַן נשמה מיטן

רויך און אַלע דריי לייבער זענען גרין פון דער לבנה. ווי נאַסע, קלעפּיקע זשאַבעס קריכן זיי פון לייטער אַראָפּ, איינער נאָכן אַנדערן און זייער געלעכטער איז ענלעך צו דער קוואַקעריי פון זשאַבעס.

קיריליכע לאָזט זיך לויפן מיט איר פּעקל זאַכן און מיט איר זשאַבע־געלעכטער אין שאָטן פון וואַלד. דאָס האָט זי פלוצלונג די בושה באַ־הערשט. אָבער בערל יאָגט זי נאָך אַ נאַקעטער און זי ראַטעוועט זיך פון אים טיף אין וואַלד אַריין.

— אַ־הו! — שרייט זי רייצנדיק רופנדיק פון איר ווייטער באַהעל־טעניש — און איר געשריי איז מעלאָדיש ווי ביי אַ יונגער חיה.

— וואַרט, וואַרט, קיריליכע! וועסט זיך נישט אַרויסדרייען!

ערשט איצט, נאָך דער הייסער באָד האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ דער אויסגעטרונקענער בראָנפן. ער קאָן קוים נאָכקאָנטראָלירן וואָס ער טוט און ער וווּנדערט זיך אַליין אויף זיך: ער, בערל פּאָדלאַסקי, וואָס האָט געקאָנט מיט לייב און לעבן אַריין אין דער אַרבעט און לאַנגע חדשים ניט אַ טראַכט טאָן וועגן אַ פרוי, ער יאָגט זיך נאָך נאָך דער קיריליכע מיט דעם איינציקן פאַרלאַנג זי אומצעוואַרפן און באַהערשן איר יונג, רופנדיק לייב. און אין זיין אימפּעט שלאָגט אַן ערנסט, אַן ערנסט פון אַ לעבנס־צוועק. און עס פרייט זיך אין אים דער געדאַנק, אַז לעבן איז אַ מצוה.

פון דער ווייט האָט אים נאָכגעלאָכט פּלטיאל. ער הערט שוין נישט מער זיין געלעכטער. קיריליכע לאָקט אים מיט איר טריפהנעם, פאַלש־שרעקעדיקן קוויטש. די ווייסקייט פון איר לייב וואָס האָט פון צייט צו צייט אַ שימער געטאָן צווישן די ביימער איז שוין פאַרשוווּנדן. זי קווי־טשעט שוין נישט מער. פאַרטייעט זיך הינטער אַ בוים ערגעץ אָדער אין אַ גראָבן און וואַרט, און וואַרט אויף אים מאָנענדיק, רופנדיק מיט דעם גאַנצן שטומען געשריי פון איר יונג און דורשטיק לייב. ווי לאַנג דרייט ער זיך אַזוי אין וואַלד אַרום? אפשר אַ פערטל שעה און אפשר אַ גאַנצע שעה און אפשר אַן אייביקייט אַ גאַנצע. אין וואַלד איז איצט ליכטיק פון דער לבנה, אָבער בערל ווייסט בשום אופן נישט ווו ער געפינט זיך דאָ. ער ווייסט, אַז די סמאָליאַרניע האָט ער געלאָזט הינטער זיך און ווען ער זאָל לויפן גלייך מיט דער נאָז, וועט ער אָנקומען צו קיריליכעס וואַלד־הייזל. אָבער איצט געדענקט ער שוין נישט, צי האָט ער זיך פאַרנומען רעכטס, צי האָט ער זיך פאַרנומען לינקס פון דער סמאָליאַרניע. גלייך

— זיכער נישט, וואָרום אויב גלייך, וואָלט ער לאַנג שוין געדאַרפט האָבן פאַרן אויג דאָס וואַלד־הייזל. האָט ער, הייסט עס, פאַרבלאָנדזשעט? אָבער צי בלאָנדזשעט ער דאָס אין וואַלד, צי אין זיין שיכורן געדאַנק — וואָס מאַכט עס אויס? אז דער עיקר איז דאָך נישט די צייט און נישט דאָס אָרט, נאָר די נאַקעטע ווייסע קירילִיכע, וואָס ער דאַרף זי כאַפּן און באַ־הערשן.

ער לויפט, ער גייט פוס־טריט, ער בלייבט שטיין און עס דאַכט זיך אים: דער וואַלד גייט.

קיין שרעק פילט ער נישט. ערשט איצט אין זיין בלאָנדזשעניש האָט זיין גאַנץ נאַקעט לייב און זעל זיך צעזונגען, אַז לעבן איז אַ מצוה. אַז אַ מענטש מיט אַ באָרד קאָן פאַרבלאָנדזשען דריי טריט פון זיין אייגע־נער סמאָליאַרניע — איז דאָך ווויל! עס אינטריגירט אים אָבער פאָרט צו טרעפן וווהין ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. ער דערשפּירט די קעלט אין זיין נאַקעט לייב און ער מאַכט אייליקע חשבונות: נאָך אַ צען טריט און ער וועט אַרויס אויף דער לאָנקע. ער לאָזט זיך לויפן צו דער לאָנקע, וואָס איז פאַרגאָסן, דאַכט זיך, מיט לבנה־שיין — אָבער צו דער לאָנקע קומט ער נישט. זי איז נישטאָ. רעכטס — אַ וואַסער. ווי קומט דאָרט אַ וואַסער רעכטס? ער וועט באַלד אַנטדעקן אַ סאַזשעלקע אין זיינע וועל־דער, וועלכע ער קען ווי זיינע צען פינגער. ער קומט אָבער צו קיין וואַ־סער נישט. ס׳איז נאָר געווען אַן אָפּגאַרעריי פון דער לבנה. די גאַנצע צייט היט ער זיך נישט צו טאָן אַן איבעריקן טריט לינקס, כדי נישט אַריינצופאַלן דאָרט אין פינצטערן גראָבן. אָבער אָט האָט ער זיך פאַר־טראַכט און אָט איז ער שוין האַרט ביים גראָבן, ער פאַרטשעפּעט זיך און פאַלט, און פאַלט גאָר אויף אַ בערגל!

קיין שרעק קומט נאָך אַלץ נישט. ער שמייכלט אַרויף צו דער לבנה צווישן דיביימער און וואָלקנס און זי, די לבנה, זוכט אַן אָפּן שטיקל פלאַץ אַראָפּצושמייכלען צו אים. דאָס יאָגט ער זיך גאָר נאָך דער לבנה, נאָך דער גרויסער אייביק נאַקעטער, אייביק לייב־דורשטיקער קירילִיכע! און אין זיין שוואַרץ־באַוואַקסענער האָריקער ברוסט דערהייבט זיך אַ גרויסע פרייד, אַ פרייד פון מענער־קראַפט און וועלט־קראַפט, וועלכע וועט באַלד צעשפּאַרן דעם ברייטן ברוסט־קאַסטן, ער דערקענט דאָס אָרט! ניין, נישט דאָס אָרט אין וואַלד, נאָר דאָס אָרט פון זיינע איצטיקע גע־

פילץ, פון זיין איצטיקער בלאָנדזשעניש! ער איז שוין דאָ געווען, געווען אין דעם אָרט פון בלאָנדזשעניש! אויך אין וואַלד. אין דעם וואַלד? אפשר אין אַן אַנדערן, וואָס מאַכט עס אויס: אַלע וועלדער, ווו דער מענטש פאַרבלאָנדזשעט, איז דאָך איין און דער זעלבער וואַלד. אָבער דאָן איז קיין לבנה נישט געווען. דאַן איז געווען אַ שטורעם מיט אַ שלאַקס־רעגן און געפּירט און גענאַרט האָבן די בליצן. און ער, נאָך אַ יונג בחורל, איז געזעסן אין דער בויד, שטאַרק צוגעטוליעט צו דער גרוי־סער, וואַרעמער קיריליכע. קיריליכע איז דאָס געווען? וואָס מאַכט עס אויס! אַלע יונגע, דורשטיקע פרויען־לייבער, צו וועלכע דער מאַן פאַלט צו — דאָס איז איין גרויסע, פיל־פּנימדיקע קיריליכע. אַזוי זענען זיי דאַן געזעסן; ער, דאָס יונגע בחורל, און די פרוי, אַ רייפע און אַ דורשטיקע, איינע צו די אַנדערע צוגעטוליעט און אַרום זיי האָט געווילדעוועט דער שטורעם. די בויד האָט געבלאָנדזשעט אין וואַלד און פאַרן שיין פון די לאַנגע שטאָלענע בליצן האָבן זיי ביידע איינצייטיק געזען איין און דעם זעלבן שדים־טאַנץ אין וואַלד. אונטער די קרומע דראָטן פון רעגן איז אין וואַלד געשטאַנען אַ חופה מיט בלאַסע חתן־כלה אונטער איר און מיט אַ שוואַרצן רב, וואָס האָט די ברכות געמאַכט. און אַרום דער חופה האָבן זיך געדרייט אין אַ ראָד, ווי אויף אַ קאַרוזעלע שטאַרק־באַשעפטיקטע שדימלעך־מענטשעלעך אין שפּיציקע כינעזישע היט מיט פּירקאַנטיקע טעקטורענע פּודלען דרשה־געשאַנק אין די הענט. און זייערע מייטקעס זענען קורצע געווען און די שיך — זייער לאַנג־שפּיציקע און אַזוי האָבן די מענטשעלעך געטאַפּטשעט אין אַ ראָד אין דער זילבערנער בלאַטע פון בליץ־באַלויכטענעם שלאַקס־רעגן־וועטער.

— זעסט, בערטשיקל, זעסט?

— איך זע, איך זע.

— און האָסט קיין מורא נישט?

— ס׳איז גוט! ס׳איז ווויל!

און וואָס האָט ער געהאַט מורא צו האָבן, אַז די ווערטער האָבן אַנ־דערש געקלונגען, ווי זייער באַדייט איז געווען. אַז אירע ווערטער האָבן גאָר געקלונגען: שעם זיך נישט, נאַרעלע, קיינער זעט נישט ווי דו רירסט מיך אָן!

„ס׳איז גוט! ס׳איז ווויל!“ און אין יונגן בחורל איז מיט פרייד־קער שיכרות געוואַקסן דער מאַן.

— קירילִיכע! ווו ביסטו, קירילִיכע?

אָט האָט זי זיך צעלייגט אַן אומפאַרשעמטע, אַ נאַקעט־צעשפּרייטע אונטער דער אָפענער לבנה.

— קירילִיכע! אומפאַרשעמטע — דו!

ניין, ס'איז נישט קירילִיכע. דאָס ליגן אַ פּאָר אָפּגעשיילטע פּאַפּי־רווקעס ביים וועג. ווי קומט דאָ אַ וועג אין מיטן וואַלד?

בערל גלויבט שוין נישט אין דעם וועג, ער גלויבט שוין נישט אין דעם קליינעם געשטאַלט, וואָס האָט אָנגענומען דעם אויסזען פון אַ שטאָ־טישן פּרויען־מאַנטל און באַוועגט זיך פאָרויס פאַר אים אויף אַ פּאָר צענדליק טריט. דאָס איז אַ פאַרבלענדעניש. דאָס איז אַוודאי פאַרבליבן אין וואַלד איינער פון די שדימלעך וואָס האָט געטראָגן דרשה־געשאַנק.

— אַ־הו! ווער זינגט עס?

ער חזרט זיך איבער דעם שדים־טאַנץ מיט זיין אַמאָליקער רעאַלער דייטלעכקייט. ער הערט אַ לויטערע זילבערנע שטים, ער הערט בולטע יידישע ווערטער:

אונ זאָל דעם חכמס מידה זיין
ביי‍טאָג, ביינאַכט, באַגינען
אין האַנט אַ בעכער אַלטער וויין...

אויף איין רגע האָט זיין האַרץ אַ ציטער געטאָן פאַר דער שרעק פון דער דייטלעכקייט. אָבער אין דער צווייטער רגע האָט ער זיך שוין גע־יאָגט נאָכן שדל אין פּרויען־מאַנטל, כדי צו צעשטערן די אילוזיע פון רעאַליזם.

— שטיי, שדל! מיך וועסטו נישט נאַרן!

דאָס שדל לויפט גלייך מיטן וועג מיט די לעצטע כוחות. אָבער אַ שוואַך שדל לאָזט זיך אָניאָגן, לאָזט זיך כאַפּן ביי דער פּאָלע און ביידע פאַלן זיי אום אויף דער פייכטער ערד.

— כאַ־כאַ־כאַ! — צעלאַכט ער זיך אויף זיין שיכורער אילוזיע. אָבער דאָס מענטשלעכע פּנים, וואָס ער האָט פאַר זיינע אויגן, פאַרקרימט זיך נישט, ווייזט נישט קיין צונג און פאַרשווינדט נישט. און... ער קען דאָך זי. דאָס איז דאָך... אַן אמתע משוגעת. ווי קומט דען דאָרעטשקע אין מיטן דער נאַכט אין זיינע וועלדער?

ער איז שוין פיינלעך ניכטער. אָבער זיין געדאַנק הענגט איבער אַ

תהום, העגנט אַן אייביקייט. און אַט וועקט אים איר לויטערע שטים:

— אויף אַלץ האָב איך זיך געריכט, הער פּאָדלאַסקי, אָבער נישט אויף אַזאַ מאָדנעם קבלת־פּנים. איר זענט דאָך אַ נאַקעטער. און... ס'איז מיר שווער אייך צו האַלטן אויף זיך...

און איר קליינע הייסע האַנט, וואָס האָט געפונען אַ באַהעלטעניש ביי אים אונטערן אָרעם, קלאַמערט זיך איין אין זיין לייב ווי אַ זודיקער ביס. דער פּלוצלונגער ווייטיק קערט אים אום צו דער ווירקלעכקייט.

— דאָרעטשקע? פון וואַנען? ווי אַזוי?

— לאָזט מיך אויפשטיין, נאַקעטער דזשענטעלמען! האָט אייך דען די קריסטין נישט געזאָגט?

— וועלכע קריסטין?

— קיריליכע.

— קיריליכע?

ווי פּשוט! דאָרעטשקע איז געפאָרן פון דער באַן־סטאַציע קיין פּאָדלאַסיע מיט דער שוועסטער און מיט די קינדער. לוקיאַן האָט זיי פאַר־פירט צו קיריליכען איבערוואַרטן דעם רעגן. די קינדער שלאָפן געשמאַק, אַ שאָד זיי צו וועקן אין וועג אַריין, איז זי, דאָרעטשקע, אַרויסגעלאָפן אַביסל אויפן וועג, זיך אויסזינגען פאַר דער לבנה.

בערל האָט זיך צעלאַכט צום צווייטן מאָל, נאָך יאָרן פון איינגע־האַלטענעם שמייכל.

ער האָט זי אַ הייב געטאָן הויך, ווי אַ געפונען קינד און אַזוי מיט איר אַוועקגעשפּאַנט, דער נאַקעטער בערדיקער שד.

## 14

# באַסיעס קאַריערע

אין וואַרשע איז אָנגעגאַנגען די סדרה עוואַקואַציע, וואָס אויפן סוחרישן לשון האָט עס געהייסן: כאַפּ אַריין וואָס דו קאָנסט אין גלייכן געלט. סיי ווי סיי וועט פּאַניע נישט אַרויספירן זיינע ריזיקע לאַגערן סחורות. מען וועט זיי אָפּגיסן מיט בענזין און אונטערצינדן. איז נישט בעסער, אַז אַ ייד זאָל פאַרדינען דערביי? ס'איז נאָך צוגעקומען אַ הור־מאַגיסטישער מאָטיוו, וואָס האָט געכשרט דעם מסחר: איינקויפן די

סחורות פאַרן געברויך פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג. עס רוקט זיך אָן דער דייטש מיט זיין הונגער. פאַניע האָט דאָס פאַרשטאַנען און — פאַרקויפט, מיטן תנאי, אַז די סחורות זאָל מען וואָס גיכער אַריבערפירן אין פריוואַטע לאַגערן, ווייל די מיליטערישע דאַרף מען אונטערצינדן. ס׳הייסט, מען האָט פאַרניכטעט.

די פירמע „הערקולעס" (טאַדעאוש ביסטריצקי, אשר פאָדלאַסקי און אַנדערע) האָט איצט געאַרבעט אויף אַלע כלים. מען האָט געפירט מיט פערד, מען האָט געפירט מיט אויטאָמאָבילן. יעדער טאָג האָט געבראַכט אַ נייע טראַנזאַקציע, מען האָט געשטעקט ביזן האַלדז אין מסחרים. אַזוי ווייל איז געווען צו די מענער, וואָס די פרויען האָבן זיי צוגעהאָלפן אין געשעפט! אשר פאָדלאַסקי האָט באַקומען ברייטע פלייצעס און אַ קאַרק מיט ראָזע רייפן. ער איז געוואָרן ענלעך פון הינטן צו גאַריעלאָוון, ביי וועמען ער האָט געירשנט דאָס באַרימטע בילד, צוזאַמען מיט דער לעבעדיקער האַנקע. אין די קאַוויאַרניעס און רעסטאָראַנען, וואָס זענען אייגנטלעך געווען געשעפטס־קלובן, האָט מען אים גערופן נישט אַנדערש ווי „גאַריעלאָוו דער צווייטער", און מען האָט זיך דערביי איבערגעוווּנקען: זי העלפט אים אַרויס! אמת, פון האַנקעס מיטהילף פלעגן אָפט זיך שטעלן פאַר זיינע אויגן גרינע, פייערדיקע רעדער פון אייפערזוכט. ער האָט זיך אָבער אָנגעשטעקט מיט גאַריעלאָווס פילאָזאָפיע: ליבע איז ליבע און מסחר איז מסחר.

אויך באַסיע האָט זיך אַריינגעצויגן אין ביסטריצקיס געשעפטן, אָבער דאָ איז דאָס פאַרגעקומען אָן שום סוחרישער אויסרעכענונג. ביסטריצקי האָט זיך פשוט דערשראָקן פאַר איר איינזאַמקייט און ליידיקגיין אין דער ליכטיקער תפיסה פון זיינע גרויסע צימערן... ער האָט זי אָפט געזען זיצן ביי דער פיאַנינאָ (מיטן רוקן צו דער קלאַוויאַטור) און שפּילן זיך ווי אַ קינד מיט די אייגענע פינגער. פון אָנהייב האָט ער נאָר מילד געשמייכלט מיט זיין ברייטן מויל. שפּעטער אָבער האָט ער זיך געכאַפּט:

— אויב אַזוי קאָן זיצן אַ מאַמע, וואָס איז אָפּגעריסן פון איר קינד, איז דאָס אַ שלעכטער סימן. מען טאָר זי נישט לאָזן אַליין...

האָט ער אָנגעהויבן זי מיטצונעמען אין קאַנטאָר אויף קרולעווסקע. שפּעטער — אויף מיטיקן מיט אינטערעסאַנטן. נאָך שפּעטער — אָנגע־

הויבן פאַרבעטן די מיליטערישע אינטערעסאַנטן אויף מיטיק צו זיך. באַ־סיע האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט, זי איז געווען די גליקלעכע שילערין אין דער שול פון ספּעקולאַציע. עס האָבן זי נישט אינטערעסירט די גראָבע פאַרדינסטן, נאָר די קונסט פון ספּעקולאַציע אַליין. פון דעם שטיקל אַר־בעט מיט די זאָטלען איז זי געווען אַנטציקט. דריי מאָל און צו דריי פאַרשידענע אַרמייען איז געווען פאַרקויפט און ווידער אָפּגעקויפט די ריזיקע פּאַרטיע יאַפּאַנישע זאָטלען. געקויפט האָט זיי די אַרמיי אויף מבינות פון עקספּערטן, ווייל די זאָטלען זענען געווען פּרעכטיק אויסגע־אַרבעט און פון גוטן מאַטעריאַל. פאַרקויפט האָט מען זיי צוריק פאַר אַ פינפטל פון מקח, ווייל נייע עקספּערטן האָבן אויפגעקלערט זייער פע־לער: זיי זענען צו פלאַך פאַרן רוסישן רייטער. פאַרשטייט זיך, אַז די פירמע „הערקולעס" האָט געאַרבעט מיט ביידע סאָרטן עקספּערטן צו דער ריכטיקער צייט. איצט האָבן די זאָטלען ווידער געפונען אַ באַהעלטעניש ביי ביסטריצקין אין די סקלאַדעס, ערגעץ הינטער דער שטאָט. און ער לייגט נאָך אויף זיי גרויס האָפנונג צוליב דעם גוטן לעדער.

יאָ, באַסיע האָט ענדלעך מיטגעאַרבעט אין געשעפט. איר אַמאָלי־קער חלום צו ווערן אַן אַקטריסע איז מקוים געוואָרן אויף אַ משונהדיקן אופן: זי האָט געדאַרפט שפּילן אַ ראָלע לשם ספּעקולאַציע. זי האָט גע־האַט אַ לעבעדיקן מוסטער: האַנקע. זי האָט זיך געווונטשן האַנקעס דער־פאָלג. אָבער זיין אַזוי ווי האַנקע האָט זי פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט און זי וואָלט נישט געקאָנט. זי האָט צו גוט אָפּגעשאַצט אירע אייגענע מעלות. מיט וואָס נעמט האַנקע אויס ביי מענער? מיטן אָפענעם ווונק פון איר לייב. ווייזט זי אַ פוס — ווייזט זי אים טאַקע, אַז עס רייסט די אויגן, כאָטש דער פוס איז שיין. ווייזט זי דעם גאָלדיקן אַקסל — איז אויך איבער דער מאָס. אַפילו אירע פליישיקע אויגן, וואָס פאַרשיכורן אַנדערע, זענען אויך אַליין פאַרשיכורט. דאַכט זיך, זיי ווינקען: קום און נעם. ניין, באַסיעס מעלות זענען אַנדערע. זי איז אינטעליגענט, פריינד־לעך און נישט צוטריטלעך. אויך זי האָט זיך נישט וואָס צו שעמען מיט איר געטאָקט לייב. און אויב זי פאַרשטעלט עס און פאַרדעקט עס אין דער מאָס — ליגט אין דעם אַ חן. אויך זי שמייכלט פריינטלעך, אָבער — צוריקגעהאַלטן, באַסיע פאַרשטייט איר געשעפטלעכע מיסיע זייער אינטעליגענטיש. די גאַנצע פאַרספּעקולירטע, אמת־העלדישע און פאַלש־העלדישע חברה הינטערן פראָנט, וואָס מער זי איז פאַרגרעבט, אַלץ מער

איז זי אויסגעבענקט נאָך דער צאַרטקייט פון אַ פרוי. מען דאַרף די דאָזיקע צאַרטקייט דערלאַנגען נישט אין אַזעלכע ריזיקע קאָכלעפל, ווי האַנקע טוט עס. און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז באַסיע איז גערעכט. די וואַנצעס אין כאַקי־קליידער באַציען זיך צו איר העפלעכער ווי צו האַנקען, זיי ווערן אָבער נישט ווייניקער באַרוישט פון איר דין פיסל, ווי פון האַנקעס שלאַנקע, מעכטיקע קאָלאָנע, וואָס איז גרייט מיטן שפּיציקן שיכל צעברעכן די כאַקי־הערצער. באַסיע האָט זיך אויסגעלערנט די חכמה צו־צוציען מענער און האַלטן זיי פון דער ווייטן. און האַנקע דאַרף זי שוין בלויז ווי אַ פאַרשריפט מיט פעלערן, וועלכע זי טאָר נישט באַגיין. ביסטריצקי האָט זיך פאַרלאָזן אויף איר טאַקט און אויף איר שכל. און ווען ער האָט געזען, אַז אין מיטן איר געשפּרעך מיט אַ גאַסט ביים טיש איז פּלוצלונג פאַרשווונדן איר פריינטלעכער שמייכל און דאָס גרינלעך־בלאַס פּנים האָט זיך עטוואָס פאַררויטלט און זיך איינגעשלאָסן אין שטייפן ערנסט, האָט ער געוווסט, ביסטריצקי, אַז דאָס האָט באַסיע פאַרשלאָסן די טיר פאַר אַ צו דרייסטן חוצפּהניק.

ניין, פאַר קיין חוצפּהניקעס האָט ביסטריצקי נישט מורא געהאַט. מיט זיי וועט זי זיך אַליין אַן עצה געבן. אַ שטיקל מורא האָט ער נאָך געפילט פאַר אַזעלכע מענער, וואָס האָבן אין כאַאָס פון ספּעקולאַציע נאָך געדענקט צו פאַרהאַלטן זיך איידל און קאָרעקט. אויב זיי זענען נאָך געווען שיין דערצו האָט ביסטריצקי געפילט אַ שטיקל פּחד. פון זיין אייגענער שיינקייט האָט ביסטריצקי געהאַלטן גאַנץ ווייניק. דערפאַר האָט ער געהאַלטן פון זיין שכל. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, אַז באַסיע וועט אים נישט פאַרבייטן אויף אַבי וועלכן איידעלן פראַנט. ער האָט געקענט זיין באַסיען און געוווסט, אַז פאַרן שכל האָט זי אים ליב. גאָר נישט לאנג האָט זי אים דאָס אויסגעזאָגט.

נאָך אַן אָוונט, וועלכן זיי האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אין אַ גרעסערער כאַקי־געזעלשאַפט, אין דער אַטמאָספער פון רויך און פון שיכור־געפעפערטע וויצן, האָט ער דערזען פאַר זיך אַ מאָדנע באַסיע אין דער היים. מיט גלאַנציקע אויגן האָט זי זיך אים געוואָרפן אין די אָרעמס און זיך דערקלערט אין ליבע צו אים.

ביסטריצקי האָט פון דאָס ניי איבערגעלעבט זיין קוש־וואָך. ער איז אַליין געווען פאַרליבט אין באַסיען און צווישן צענדליקער געשעפטן גע־

פונעם צייט אויך אַ טראַכט צו טאָן ווי גוט איז צו ווערן אַ טאַטע פון באַסיעס אַ קינד.

---

פאַר די לעצטע טעג האָט ביסטריצקי געהאַט אַ קאָמישע אַרומיאַ־געניש מיטן גראַף פּלאַטען־מאַיעווסקי, וועלכער האָט געוויילט אין וואַרשע און ליקווידירט אַ היפּשע טייל אַרמיי־באַלעבאַטישקייט. זיי האָבן איינע די אַנדערע געדאַרפט צוליב געשעפט און זיך אַלץ נישט געקאָנט צוזאַמענטרעפן. אָט איז אַ מענטש, פאַר וועלכן ביסטריצקי וואָלט געקאָנט מורא האָבן, ווען ער ווייסט נישט אויף זיכער, אַז דער גראַף מיטן פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ איז האַנקעס אייגנטום, זאָלן זיך ביי אשרן אָנגיסן מיט בלוט די רייפן אויפן קאַרק, צוזעענדיק ווי דער גראַף מיט האַנקען קריגן זיך ווי די קינדער און בעטן זיך איבער ווי די קינדער. אַלע באַקאַנטע זענען שוין לאַנג געוווינט צו די קאָמיש - סענטימענטאַלע סצענעס צווישן האַנקען מיטן גראַף. ביסטריצקי וועט נישט זאָגן, אַז פּלאַטען־מאַיעווסקי איז אַ נאַר. אָבער באַסיע זאָגט עס אַרויס אָפן און דרייסט. צום ערשטן מאָל האָט זי דאָך אַרויסגעזאָגט נאָך דעם, ווי פּלאַטען־מאַיעווסקי איז געווען ביי זיי אויף מיטיק און האָט זיך פאַרהאַלטן, ווי זיין שטייגער איז, זייער קאָרעקט.

— ניין, ביסטריצקי! דער גראַף דיינער איז אַ נאַר. וואָרום וואָס, איך בעט דיך, בינדט אים מיט דער דאָזיקער וווּלגאַרער קאָקעטקע? מען לאַכט דאָך אין די הויפּנס פון זיי מיט זייער אייביקן ברוגז־טאַנץ.

— אפשר האָבן זיי זיך ליב?

— ניין, ביסטריצקי, אויף אַזאַ אופן האָט מען זיך נישט ליב.

ער האָט זיך געטראַכט: זאָל זיין ווי באַסיע זאָגט. אויב ער איז אַפילו נישט איינשטימיק, וועט ער אין דעם פאַל נישט גיין זי איבערשפּאַרן. אָבער צום געשעפט האָט דעם גראַפס נאַרישקייט קיין שייכות נישט און ביסטריצקי יאָגט זיך אַרום נאָך אים איבער גאַנץ וואַרשע.

איז אָבער שווער אים צו פאַקן. ער איז מוראדיק פאַרנומען, דער גראַף. קודם — מיט קאָרטן. דאָס מזל האָט זיך אַ דריי געטאָן און פאַר דער קורצער צייט וואָס ער פאַרברענגט לעצטנס אין וואַרשע גייט אים דורך טיר און דורך טויער. עפּעס פון דער גאַנצער וועלט אייזל־קעפּ יאָגן זיך נאָך דעם כבוד צו פאַרשפּילן ביים גראַף שווערע טויזנטער. אין קיין

געלט נייטיקט ער זיך נישט אָבער, דער שפּיל האָט אים אַריינגעצויגן. ער וויל נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל פּרוּוון צי איז ער טאַקע אַזוי מזלדיק. און דאָס מזל אין קאָרטן הייבט אים אָן אָפּצושרעקן. אים דאַכט זיך: ער האָט דעם טייוול די נשמה פאַרקויפט: אַ פּוסט האַרץ און פולע קעשענעס. די מלחמה באַגייסטערט אים נישט. ער איז צופיל פּאָליאַק, צו זיין אַ רוסישער פּאַטריאָט און זיך צו נעמען צום האַרצן די רוסישע מפּלות: ער איז צופיל אַוואַנטוריסט, צו אינטערעסירן זיך ערנסט מיט די גורלות פון פוילן. און ער איז צופיל נעוראַסטעניקער צו קאָנען הנאה האָבן פון זיין אַוואַנטוריסטיש לעבן. צו דעם אַלעמען איז ער צופיל אויפריכטיק, ער זאָל נישט פילן און פאַרשטיין זיין אייגענע נישטיקייט. צוואָס זשע טויג אים דאָס מזל אין קאָרטן־שפּיל? ער וועט סיי־ווי אומקומען אויפן פראָנט ערגעץ. אַזוי גלאַט, צוליב פאַרצווייפלונג וועט ער זיך אַ וואָרף טאָן אין פייער. ער האָט אַפילו נישט קיין אַמביציע צו זיין אַ רוסישער העלד. נאָך איין גרויסן געווינס האָט ער אַפילו אַ טראַכט געטאָן וועגן זיין רעוואָל־ווער. אָבער דאָ האָט מען אים געזאָגט, אַז פּאָדלאַסקי קלינגט צו אים.

— אַהאַ! אַ געשעפטל... זאָגט, אַז איך בין פאַרנומען. זאָל ער שפּע־טער אָנקלינגען.

ער איז טאַקע געווען פאַרנומען. געשטאַנען ביים בופעט און גע־טרונקען קאָניאַק.

געשעפט איז געשעפט. ליקווידאַציע, עוואַקואַציע, מען קאָן אַראָפּ־כאַפּן אַ פרישע פּאָר טויזנטער.

ער האָט זיך איבערגעלייגט, צו וועמען צו גיין: צו פּאָדלאַסקין אָדער צו ביסטריצקין. וואָרום אַחוץ דער שותּפותדיקער פירמע האָט נאָך יעדער פון זיי אָנגעדרייט געשעפט אויף זיין אייגענער האַנט. און יע־דערער פון זיי האָט געהאַט זיינע מעלות, וועלכע פּלאַטען־מאַיעווסקי האָט גוט פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט.

פּאָדלאַסקי איז אַ היץ־קאָפּ, אַ פאַנטאַזיאָר, אַ ספּעקולאַנט — אַ דיכטער. ער קאָן אי זיך אי יענעם פאַרדרייען און אַראָפּדרייען דעם קאָפּ צוליב האַזאַרד, צוליב ריזיקע. מיט אים צו האַנדלען איז ווי צו שפּרינגען פון דריטן שטאָק אין אַ שמאָל וואַסערל. עס קאָן געלינגען, מען קאָן אָבער אויך טרעפן פאַרביי. ביי זיין איצטיקער שטימונג האָט עס פּלאַ־טענען שטאַרק אימפּאָנירט. ער וועט פּרוּוון דאָס מזל. מיט ביסטריצקין

איז עפּעס אַנדערש. ביסטריצקיס אַ קאָמבינאַציע איז אַ קונסט־ווערק פון קאַלטער אויסרעכענונג. דאָרט, ווו פּאָדלאַסקי ריזיקירט, גייט ביסטריצקי ווי אויף אַן אייזערנער בריק און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַזוי ווי ער פירט דורך דאָס געשעפט איז גאָר קיין ריזיקע נישט געווען דערביי. גע־וויס איז דאָס איצט פלאַטענען ווייניקער אינטערעסאַנט. אָבער ביי פּאָד־לאַסקין וועט ער טרעפן האַנקען — זיין איבערגעקרענקטע קרענק. דער־זעט ער זי — ווערט ער בייז אויף זיך און אויף איר און אויף דער גאַנ־צער וועלט, פון דער וויטן — דאַכט זיך אים אַז ער האָט נאָך צו איר עפּעס אַ שטיקל געפיל פון רחמנות. ניין, ער וויל זיך נישט קריגן מיט איר, ער וועט גיין צו ביסטריצקין. ביסטריצקין האָט ער אין קאָנטאָר נישט געטראָפן. אַוועקגעפאָרן צו אים אַהיים און אויך דאָרט נישט גע־טראָפן נישט אים, נישט באַסיען. די דינסט האָט אים אָבער איבערגע־געבן, אַז פון קאָנטאָר האָט מען זיך נאָכגעפרעגט, צי ער איז נישט גע־קומען און אויב ער איז געקומען — בעטן אים פאַרבלייבן אויף מיטיק. געקלונגען האָט פאַני באַסיאַ, פאַסט אים נישט אָפּצוזאָגן.

אַראָפּגענומען די שווערד און צעשפּיליעט דעם אומבאַקוועמען שטייפן מונדיר, ליגט ער, מעשה אייגענער מענטש אין ביסטריצקיס קאַ־בינעט אויף דער קאָזעטקע, די לאַנגע פיס אין די שטיוול און שפּאָרן פאַרוואָרפן הויך אויפן רוקן פון פאָטעל, די הענט פאַרלייגט הינטערן פּאָ־ביאַטאָווסקי־קאָפּ. ווי שטיל דאָ איז! געמיטלעך... אין די דאָזיקע צימערן האָט מען זיך ליב. און מען לאַכט זיך אויס פון דער מלחמה מיט אירע אומגליקן...

קעגנאיבער זיינע אויגן הענגט אויף דער וואַנט באַקונינס פּאָר־טרעט. פלאַטען־מאַיעווסקי פרוווט טרעפן וועמענס בילד דאָס איז. ער באַ־שליסט אַז דאָס איז הערצל און אים פאַרדריסט אויף ביסטריצקין דעם ספּעקולאַנט, וואָס האָט נאָך צייט זיך אָפּצוגעבן מיט נאַציאָנאַלע אי־דעאַלן. יידן זענען פאָרט אַ קלוג פאָלק, טויגן זיך צו גאָט און צו לייט...

דער פועל־יוצא פון די געמיטלעכע געדאַנקען איז געווען, אַז דער גראַף האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון קעשענע. היינט, נאָך דעם גרויסן געווינס האָט ער נאָר אַ טראַכט געטאָן וועגן רעוואָלווער. איצט האָט ער אים אַרויסגענומען און אַריינגערוקט זיין רער אין מויל. ער האָט איין קויל אין אים. וועט ער פּרוּוון דאָס מזל, אַזוי ווי לערמאָנטאָווס

העלד. אמת, ער קאָן צעשמעטערן דעם שיינעם פּאַניאַטאָווסקי־קאָפּ. און דאַן וועט די וואָנט און די קאָזעטקע באַשפּריצט ווערן מיט בלוט און מיט מאַרך. ביסטריצקי וועט נאָך האָבן אַנדערע אומאַנגענעמלעכקייטן, און פּאַני באַסיאַ איז אַזוי אויך בלאָס. קוים וואָס עס האַלט זיך אין איר די איידעלע נשמה. מען דאַרף זיך באַדענקען, גראַף, איידער מען גייט אָפּ־טאָן די לעצטע נאַרישקייט!

דערווייל הערט זיך אַ קלונג אין טיר און דער רעוואָלווער וואַנדערט צוריק פון מויל אין קעשענע. ער הערט ווי פּאַני באַסיאַ איז געקומען, ווי זי פרעגט עפּעס ביי דער דינסט, ווי זי גייט מיט איר לייכטן טריט פאַרביי דער טיר, צו זיך אין צימער, זיך איבערטאָן. און עס גיט אים פּלוצלונג אַ הייב פון אָרט: ווען — אַז נישט איצט וועט ער אויספּרוּוון דאָס מזל?

מען זאָגט: אַז עס גייט אין קאָרטן — גייט נישט אין ליבע.

אין דער צווייטער מינוט שטעקט שוין זיין שיינער קאָפּ אין דער טיר פון בודואַר.

זי האָט אים דערזען אין אָוואַלן טואַלעט־שפּיגל. שטאַרק נעגלי־זשירט, מיט צעלאָזטע שווערע צעפּ, קערט זי לאַנגזאַם אָפּ צו אים דאָס גרינלעך־בלאַסע פּנים, צוהאַלטנדיק מיט דער האַנט די צעשפּילעטע בלוז־קע ביים האַלדז. זי איז מער פאַרוווּנדערט ווי פאַרשעמט.

— צוליב וואָס טוט איר דאָס, גראַף?

אויף אַזאַ רואיקער ווענדונג האָט ער זיך אמת נישט געריכט, ער פאַלט איר אָבער באַלד אַריין אין טאָן און ענטפערט אַזוי רואיק:

— ווייל איר זענט שיין.

— דעריבער?

איצט שמייכלט ער. ער האָט געזונטע ווייסע ציין.

— דעריבער וויל איך אייך אַ קוש טאָן, פּאַניע באַסיאַ.

זי קוקט אים אָן און שווייגט. פיל פרויען־בליקן איז שוין אויסגע־שטאַנען אין זיין לעבן דער העלדישער אָפיציר. דאָ האָט ער זיך אַביסל פאַרלוירן. אויף אַ פ ר ע מ ד ע ר ש פּ ר אַ ך האָט זי געקוקט צו אים. זי האָט זיך אַזוי אָנגעלענט אָן אים מיט די אויגן אָן שרעק און אָן שנאה. אָבער אירע אויגן האָבן אָפּגעשטופּט פון זיך, אָפּגעשטופּט און דאָך געקוקט אַזוי פריינטלעך. און איר בלאַס פּנים רעדט וועגן אַ גרויס לײדנשאַפט. דער יונגער אָפיציר איז גובר געווען איר בליק, ער האָט

זיך געלאָזט גיין צו איר בליק אַנטקעגן. געפּלאַנט האָט ער ווי אַזוי זיין חוצפּה צו פאַרוואַנדלען אין אַן אָנשטענדיקן שפּאַס, אַ קוש טאָן, צום ביישפּיל, אין דער האַנט און אַרויסגיין. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער אַנדערש. איר אויסגעשטרעקטער פוס אין זיידענעם זאָק איינגעפּאַסט און פאַרפּאַנצערט אין גלאַנציקן לעטשל האָט קוים צו באַמערקן אַ ציטער געטאָן. אָבער ער האָט דעם ציטער באַמערקט און ריכטיק אויסגעטייטשט. גאַנץ עלאַסטיש האָט ער פאַרקניט און צוגעדריקט זיינע ליפּן צו איר פוס.

— לאָזט אָפּ מיין פוס, גראַף!

ווידער דער רואיקער טאָן — אָן אַ פאָרוואורף, אָן אַ ציטער. אָבער ער אַליין האָט שוין אַ ציטער געטאָן. דווקא איר רואיקער, פריינטלעכער פאָרוואורף האָט אויף אים געווירקט ווי אַ גלעט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו איר און אים שוין מער נישט אַראָפּגעלאָזט. זי האָט אים צוגעהאַלטן מיט דער האַנט ביי די קאַשטאַן־לאָקן, אָפּשטויסנדיק, נישט אָפּלאָזנדיק. זי האָט שטום און ערנסט באַוווּנדערט זיין שיינעם קאָפּ. אַזאַ בלאַסע.

— גראַף, איר האָט נישט געדאַרפט צו מיר אַזוי צוגיין.

— איר זענט דאָך אָבער פאָרט שיין.

— איר זענט אויך שיין. און איר ווילט זיך מיאוס מאַכן.

איצט האָט ער איר שטייף געהאַלטן ביי די הענט. קאַלטע זענען זיי געווען. איצט האָט ער אָנגעהויבן פאַרשטיין אירע אויגן. אין זיי האָט זיך געראַנגלט אומבאַהאָלפנקייט מיט זעלבסטווירדע.

— אָבער די הענט וועט איר מיר דאָך אָפּלאָזן, גראַף. זאָגט וואו ווילט איר מיך אַ קוש טאָן?

איז ער צוגעפאַלן צו איר האַלדז. באַסיע איז פאַרבליבן קאַלט צו זיינע קושן, אָבער אַז זי האָט דערפילט זיינע ברענענדיקע הענט אַרום איר לייב, האָט זי זיך פּלוצלונג אָנגעצונדן.

און זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן מיט באַשיידענער גראַציע.

דאָס לעצטע איז געווען איר פאַרוווּנדערטער, נישט פאַרשטייענדיקער בליק. ביסטריצקי האָט אָנגעקלונגען.

---

דער אָפיציר איז פאַרבליבן אויף מיטיק. מיט פאַני באַסיעס דערלויבעניש האָט ער אָפּגעשפּיליעט דעם קאָלנער פון מונדיר, עס זאָל אים

זיין באַקוועם. אין געשעפטלעכן שמועס האָט זיך באַסיע נישט געמישט. זי האָט זיך פאַרהאַלטן ווי אַ געלאַסן־רואיקע באַלעבאָסטע. אַ פּאָר מאָל, אַזוי ווי צופעליק האָט איר טונקל־מאַטער בליק אָנגעטראָפן אויפן שיי־נעם פּאָניאַטאָווסקי־קאָפּ, וועלכער האָט איצט אָפּגעשפּילט אין לייכטע באַוועגונגען די גאַנצע גאַמע פון געמיטלעך־געשעפטלעכן שמועס ביים טיש, און געמאַכט פון דעם שמועס אַ שפּאַס. און באַסיע האָט זיך צוגע־הערט נישט צום געשפּרעך פון די ביידע מענער. זי האָט זיך צוגעהערט ווי אין איר לייב שפּילט דער עכאָ פון פּאַן אַדאַמס הייסע באַרירונגען. די ביידע מענער־שטימען האָבן דערגרייכט צו איר ווי פון דער ווייט. זי האָט נישט אונטערגעשיידט קיין ווערטער. זי האָט נאָר אונטערגעשיידט צוויי שטימען פון צוויי זכרים, זי, די נקבה.

— שמעקט דיר דער זופּ, ביסטריצקי? פאַרוואָס עסט איר נישט, גראַף? ס׳וועט דאָך קאַלט ווערן.

אַ געלאַסענע, ערנסטע באַלעבאָסטע מיט אַ פרום, בלאַס פּנים. אין געדאַנק מאַכט זי אַ פאַרגלייך צווישן די צוויי זכרים, וואָס ביידע האָבן זי געהאַט. צום סוף מיטיק ווערט באַסיע נערוועז אומרואיק און רירט אָן אַ פּאָר מאָל דעם שטערן. זי פאַררופט זיך אויף קאָפּ־ווייטיק, גיט ביידע מענער איר בלאַסע האַנט אַ קוש צו טאָן און גייט אַוועק זיך צולייגן. פון קאַבינעט הערט זיך זייער הייסער מענער־געשפּרעך. דוכט זיך: ער וויל אויפרייסן די טיר צו איר, ער לאָזט נישט צומאַכן אַן אויג, ער לאָזט נישט פאַרגעסן וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס איז גלייכער נישט צו געדענקען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז באַסיען קאָן נעמען יעדער מאַנספּאַר־שוין, אַבי ער זאָל נאָר נישט זיין העסלעך. פּאַן אַדאַם? יאָ, ער האָט אַ שיינעם קאָפּ און אײדעלע מאַניערן. ניין, ער איז נישט געווען ברוטאַל. זי האָט אַליין זיך אָפּגעגעבן, זי פילט נישט קיין שום ביי־געשמאַק.

און אפשר, באַסיע, איז גאָר בעסער אַזוי? האָסט דאָך אַלעמאָל גע־בענקט נאָך אַ פריי לעבן. וואָס הייסט פריי לעבן? פריי לעבן דאַרף מען דאָך קאָנען. האָסטו דעם נייטיקן טאַלאַנט דערצו? יאָ, אין דיין זינדיקן געדאַנק האָסטו דעם טאַלאַנט, נישט נאָר פּאָר אַ פריי לעבן — פּאָר אַן אויסגעלאַסן לעבן. אָט קאָנסטו דאָך רואיק טראַכטן וועגן ביסטריצקין און פּאַן אַדאַם גלייכצייטיק. דו קאָנסט שוין איצט זינדיק טראַכטן וועגן אַזעלכע באַקאַנטע מענער, וועלכע וועלן פריער־שפּעטער זיין נאָענט מיט

דיר. האַנקע, דו ביסט געוואָרן די צווייטע האַנקע. ווי האָט עס אַ פּרוי נישט די מינדעסטע קרענקונג פון דעם, וואָס היינט איז פאַרלאָפן פאַר מיטאָג? האָסטו אים דען ליב, דעם אָפיציר? נאַרישקייט! אַ פאַרבייגייער. גיכער האָסטו האַנקען פיינט. אָט אַזוי איז ער געשטאַנען איבער דיר און געגלעט דיין פּנים, ווען דו ביסט געלעגן אָן אומבאַהאָלפענע, מיט צוגע־מאַכטע אויגן. אין די צוגעמאכטע אויגן האָסטו פארבאהאלטן זיין שיינעם קאָפּ.

זי גיט אַ ציטער.

— ווער? דו?

ביסטריצקי איז אַריין אומבאַמערקט. ער גלעט מיט דער האַנט איר שטערן.

איר ערשטע באַוועגונג — אַ קוק טאָן צי איז זי נישט אומפאַר־שעמט אָפּגעדעקט.

— דאָס קעפּעלע טוט וויי, באַסיע ?

— אַביסל.

— אפשר אַ דאָקטער?

זי צעלאַכט זיך.

— נאַרישקייט!

און זי ווערט אָנגעצונדן פון איר זינדיקן געדאַנק. אפשר וויל ער איצט זיין נאָענט מיט איר? ניין, דאָס נישט! דאָס נישט!

אָבער איר געדאַנק פראַוועט שוין אַ הפקר־טאַנץ.

— אפשר ווייסט ביסטריצקי פון דער גאַנצער מעשה? אפשר איז דאָס ביי זיי אַ געשעפטלעכער אָפּמאַך?

אַ ווײַלע שפּעטער קושט זי שוין הייס זיינע ברייטע, שטייפע ליפּן. זי בעט ביי זיי פאַרצייאונג פאַר איר ווילדן געדאַנק.

און זי האָט זיי ליב, די ברייטע ליפּן, באמת ליב.

— ער איז שוין אַוועק, דער גראַף?

— ניין, ער וואַרט נאָך. מיר דאַרפן פאָרן צוזאַמען.

— ווייסט וואָס, ביסטריצקי? — מיט אַ נייעם חן און רייץ נעמט זי אים אַרום, מיט אַ נייעם חן און רייץ איז באַלעבט און עטוואָס פאַר־רויטלט איר פּנים. — טו דיין ווייבל אַ געפעליקייט: נעם זי מיט אויף אַ שוואַרצע קאַווע. אפשר וועט איבערגיין דער קאָפּ־ווייטיק.

— אָבער ער, פלאַטען־מאַיעווסקי, וואַרט...

— ער אויך. ער טאַקע אויך. פאַרוואָס דען נישט? זאַלבעדריט. מירן נאָך פאַרפאָרן צו אשרן נאָך האַנקען...

דאָס איז געווען אַ מאָמענטאַלער און ווילדער קאַפּריז פון צעלאַזענעם געדאַנק, וואָס האָט געזוכט די געפּערלעכסטע, די זינדיקסטע שטעגעלען'. שאַרף ווי אַ ווייטיק איז געווען דער פאַרלאַנג צו זיצן צווישן די צוויי מענער און צו פילן איר פולע געפאַלנקייט. האַנקען האָט זי אויך געדאַרפט צו דעם שפּיל. ס'איז דאָך איר אָפּיציר געווען.

אַ שעה שפּעטער איז באַסיע טאַקע געזעסן צווישןביידע מענער אין אַן ענגן פאַעטאָן. זי איז כמעט געזעסן בייביידן אויף די קני. דאָס איז געווען אין מיטן מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס. מען האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן. די גאַס איז געווען פאַרשטאָפּט. פון איין זייט אַן אומענדלעכע קייט גרינע וועגענער מיט אַרמעאיש האַק־און־פּאַק: די עוואַקואַציע. פון דער אַנדערער זייט האָט זיך אין דער קווער פון גאַס אויסגעקערט אַ משונה־דיק גרויסער לאָקאָמאָביל מיט אַ קוימען, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרמבולדיקע חיה. מען האָט דעם לאָקאָמאָביל אַרויסגעשלעפּט פון אַ פאַבריק ערגעץ צום עוואַקוירן, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, מיט זיין שווערקייט דורכגעבראָכן דעם ברוק און געבליבן קניען אויף די פאָדערשטע פאַרזונקענע רעדער. באַסיע קוקט אויף די דראָזשקעס, וואָס פאָרן לאַנגזאַם פאַרביי. די גאַנצע גאַס מיט פערד און וועגן מאַכט אַן איינדרוק פון איין פאַרפּלאָנטערטן קנויל און די פאַרבייפאָרנדיקע דראָזשקעס — דאָס איז דער ערשטער פאָדים, וואָס מען פרוווט פון דעם קנויל אַרויסציען. און, קוקנדיק, ציט זי זיך איין אינגאַנצן. זי וויל פאַרשווינדן, פאַרשווינדן תיכף. דריי קעגן דריי. זי זעט זיך אַליין, ווי זי זיצט אויף די קני ביי ביסטריצקין מיט פלאַטענען. און זי זעט אויך דעם צווייטן דריילינג, וואָס אַ דראָזשקע ברענגט זיי לאַנגזאַם אַנטקעגן און פירט זיי לאַנגזאַם פאַרביי. לעאָן אין זיין ברייטן קאַפּעלוש האָט שטייף מיט ביידע הענט זיין שטעקן פאַרפרעסט. ער האָט זיך אָפּגעקערט. ער וויל זי נישט זען. נעבן לעאָנען — סלאַווע, די שוועסטער אירע און ביי זיי ביידן אויף די קני — באַרינקע, איר זון. סלאַווע האָט זי דערזען. מיט שרעק האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד און צוגעטוליעט צו דער ברוסט, פאַרשטעלנדיק אים אַזוי פון זיין טריפהנער מאַמען. מען פאָרט ענדלעך.

די שוואַרצע קאַווע האָט זיך רעכט פאַרצויגן. מען האָט זי געטרונ־קען אין אַ קאַבאַרעט. איז צוגעקומען שאַמפּאַניער. זענען צוגעקומען טענץ. באַסיע האָט געטרונקען מיט אַלעמען און געטאַנצט מיט אַלע־מען, וואָס זענען געזעסן ביים טיש. ווען זי איז געווען שוין גוט באַ־רוישט איז זי געגאַנגען טאַנצן מיט האַנקען, אַזוי ווי די קאַבאַרעט־מיידלעך האָבן דאָס געטאָן צווישן זיך. ביסטריצקי האָט כמעט מיט גע־וואַלד זי אַוועקגעפירט אַהיים. אויפן וועג האָט זי נאָר געהאַלטן אין פלאָנטערן מיט דער צונג.

— ביסטריצקי, וואָס מאַטערסטו מיך? כ׳האָב דאָך גאָרנישט גע־רעדט, גאָרנישט געזאָגט. גאָרנישט.

— איך בין אַליין שולדיק — האָט ער זיך נישט געקאָנט שענקען — אַליין שולדיק.

ער האָט נישט באַמערקט ווען זי האָט זיך אַנגעטרונקען. ער איז געווען פאַרטיפט אין אַ געשעפטלעכן שמועס.

---

אויף מאָרגן האָט מען געפירט גרויסע וועגנס מיט ברעזענט איבער־געצויגן צו ביסטריצקיס סקלאַדעס הינטער דער שטאָט. ביסטריצקי איז שוין געוואָרן מיד פון ציילן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך פאַרלאָזט אויף מענטשן. סיי ווי, וויפל מען זאָל נישט גנבענען — פאַר קיין אָרעמאַן וועט מען אים שוין נישט מאַכן. און ער איז אַוועק אַהיים. דאָס איז געווען אין דער שניט־צייט פון ספּעקולאַציע, ווען יעדע מיבוט האָט געקאָנט אַריינברענגען נייע אוצרות. אָבער ביסטריצקי האָט גע־טראַכט וועגן זיין גרעסטן אוצר, וועגן באַסיען. ביסטריצקי איז געווען פאַרליבט און סענטימענטאַל. איר נעכטיקער שיכורער קאַפּריז האָט נאָר קרענקלעך פאַרשאַרפט זיין געפיל. ער האָט זי געלאָזט אינדערפרי אַ שלאָפעדיקע און געבענקט וואָס גיכער צו זען זי אַ ניכטערע, אַ מונטערע, אַ פאַרשעמטע פאַר איר נעכטיקער שכרות. פאַרבייגעפאָרן פאַרביי אַ בלומען־געשעפט. זיך אָפּגעשטעלט און געקויפט בלאַסע טיי־רויזן, אַזוי ווי זי האָט ליב. עס האָבן אים געפלאַמט די אויערן פון זיין יינגלשן איינפאַל. מלחמה. עוואַקואַציע. אוצרות. אומגליק. און ער — נאַדיר גאָר רויזן! אָבער פאַרפאַלן. ער איז פאַרליבט. אויף אייניקע גאַסן איז געווען ענג פון דער עוואַקואַציע. אויף זיין גאַס — נישט דורכצופאָרן. ער האָט

געמוזט אַראָפּגיין פון דער דראָזשקע. אָבער וואָס נענטער ער האָט זיך אַריינבאַקומען אין דער שטייענדיקער ענגשאַפט, אַלץ ווייניקער האָט זיך געלייגט אויפן שכל די עוואַקואַציע.

— „אפשר אַ שרפה?"

און גלייך נאָכדעם:

— „אפשר אַ שרפה ביי אים אין ווינונג?"

ער האָט שוין נישט קיין צייט זיך צוקוקן. מען האָט אים אַרומגע־רינגלט פון אַלע זייטן, מען שטופּט אים פאָרויס און זיין אייציקער געדאַנק — מען זאָל נישט צעקוועטשן די טיי־רויזן.

אים דוכט זיך, אַז מען קוקט אויף אים, אַז מען טייטלט אויף אים מיט די פינגער.

— אַ רעוויזיע?

עס ווערט אים קאַלט, אָבער ער באַהערשט זיך. קיינער וועט ביי אים גאָרנישט געפינען. זיינע געשעפטן האָט ער געפירט מאַטעמאַטיש אויס־גערעכנט אויף ניינציק פּראָצענט פון זיכערן און לעגאַלן דערפאָלג.

אָדער אפשר?... וועט ער גיין דער געפאַר אַנטקעגן, וועט ער פרעגן ביי יענעם פּאָליציאַנט, וואָס שטייט דאָרט אינמיטן דער גאַס.

— ער! ער! — און מען מאַכט אים אַ וואַרע, מען שטופּט אים אַרויס אויפן ליידיקן שטיקל פּלאַץ, ווו דער פּאָליציאַנט שטייט. דער פּאָ־ליציאַנט היט אַ פּעקל, אַ לענגלעך שוואַרץ פּעקל אין מיטן דער ווייסער גאַס, ווי עמעץ וואָלט עס דאָ פאַרלוירן, אַ פּעקל מיט אַ צעלאָזטן צאָפּ, אַ פּעקל מיט אַן אויסגעדרייטן פוס.

אויבן, אויפן פערטן שטאָק, ווהין מענטשן האָבן די קעפּ פאַרריסן און טייטן מיט די פינגער, איז דאָס פענצטער געווען אָפן. און אַ גאָל־דיקער פאָרהאַנג האָט זיך אַרויסגעגליטשט אין דרויסן און זיך געשפּילט מיטן ווינט.

## 15
# אויפרודערונג

ס׳איז געווען שוין לאַנג נאָך דער אַרבעט, אָבער ישראל איז פאַרבליבן אין פאַבריק, צוהעלפן אידען אין אירע חשבונות און קאָרעספּאָנדענץ. מיט אשרס אָוועקגיין פון דער היים און פון פאַבריק איז די גאַנצע לאַסט געפאַלן אויף אידען. די לאַסט איז איר צען מאָל שווערער ווי געווייגלעך, ווייל אין האַרצן האָט זי שוין לאַנג אָפּגעשלאָגן כפּרות מיט דער פאַבריק. אָבער שליסן די פאַבריק איז געווען אוממעגלעך שוין צוליב די אַרבעטער אַליין. און אויף דורכצופירן אַ ליקווידאַציע מיט אַ סדר איז נישט געווען די פּאַסיקע צייט. די פאַבריק האָט נאָך גערמוזט אַרבעטן אַזוי לאַנג, ווי זי האָט געהאַט פאַר וועמען צו אַרבעטן. באַשטעלונגען האָבן זיך לעצטנס פאַרמערט. רוסישע סוחרים האָבן זיך געאיילט אַרויסצושלעפּן פון וואַרשע וואָס עס לאָזט זיך און כל־זמן עס לאָזט זיך. מען האָט געצאָלט גוטע פרייזן און פאַר געלט. אידע האָט ערשט געמוזט אָנגעשטרענגט אַרבעטן, כדי צו באַקומען אַ מעגלעכקייט צוצוטרעטן צו דער ליקווידאַציע. און וויסנדיק ווי שווער עס קומט איר אָן די אַרבעט, האָט ישראל ניט געקאַרגט קיין צייט און קיין מי, איר צוהילף צו זיין.

סוף־כל־סוף איז דאָך פעטער בערל נישט זיין פעטער, נאָר אירער; אפילו נישט אירער, נאָר איר מאַנס. אין יעדן פאַל איז זי מיט בערלען אַ נענטערער קרוב ווי ישראל. און בלויז איר ענערגיע האָט ער צו פאַרדאַנקען, וואָס זיין ווייב און קינדער האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון וואַרשעווער גיהנום אויף די פרייע לופט אין פאַדלאַסקיס וועלדער. דאָס אויסריכטן זיי האָט אויך געקאָסט אַ סך געלט. אידע האָט אַנגעשריגן: נעמט און רעכנט זיך נישט! געוויס איז ער איר בעל־חוב און דאַרף זיך אָפּדינען מיט וואָס ער קאָן. אפילו מינע, זיין פאַרטייאישע קעגנערין האָט עס פאַרשטאַנען און געשוויגן, זעענדיק ווי ער פאַרבלייבט אין דער פאַבריק נאָך דער אַרבעט. די פאַבריק איז איצט נויטיקער געווען פאַר די אַרבעטער, ווי פאַר אידען אַליין.

אָבער אַחוץ חשבונות און התחייבותן האָט ישראלן נאָך צוגעבונדן אַ פריינדשאַפט צו זיין חברטע־באַלעבאָסטע, אַ טיפע סימפּאַטיע פון איין אומגליקלעכן מענטשן צום צווייטן.

ס׳איז אין גאַנצן פאַרווישט געוואָרן די גרענעץ צווישן באַלעבאָסטע און אָנגעשטעלטן.ביידע האָבן זיי פאַרלוירן זייער עכטע קלאַסן־פאַרב און ביידע האָבן דערזען פאַר זיך דעם מענטשן מיט זיין צער און ווייטיק.

אידע האָט געוווסט, אַז ישראלס ווייב איז אומהיילבאַר קראַנק און אַז די פרישע לופט קאָן נאָר אָפּציען אָבער נישט פאַרהיטן פון דער קאַ־טאַסטראָפע. פריער־שפּעטער וועלן די קליינע קינדער פאַרבלייבן יתומים. דאָס איז איר קאָפּ געווען דערביי, אַז דאָרעטשקע זאָל מיטפאָרן מיט דער קראַנקער און ווי ווייט מעגלעך, אויפּפּאַסן אויף די קינדער און האַלטן זיי פון ווייטן פון דער מוטער.

ישראל, ווידער, האָט געוווסט איר צער, דעם צער פון אַ באַליידיק־טער, אַוועקגעוואָרפענער פרוי. זי איז שוין לאַנג נישט געווען אייפער־זיכטיק אויף אשרן. זי האָט אים שוין לאַנג פון איר האַרצן אַרויסגעריסן. אָבער פאַרגעסן די באַליידיקונג האָט זי נישט געקאָנט. מיט איר זאָל מען זיך וואַרפן! און ווער? אַ נישטיק יינגל, וואָס זי האָט אים געמאַכט פאַר אַ מענטשן: זי האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין איר אייגענע קורצזיכטיקייט, פאַרוואָס זי האָט עס אַלץ נישט פאַרויסגעזען. פאַרוואָס זי האָט געמאַכט אַזאַ ווילדן טעות אין לעבן, פאַרוואָס זי האָט אירע בעסטע יאָרן פאַרשפּילט.

אידע האָט נישט געהערט צו די נאַטורן, וואָס ווערן פון אומגליק פאַרצווייפלט און אַפּאַטיש. אידע איז גרייט געווען שוין אָנצוהויבן דאָס לעבן פון אַ נייעם בלאַט. ראַטעווען דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נאָך ראַטע־ווען. אָבער די פאַבריק האָט זי צוגעהאַלטן, געצוווּנגען צו לעבן מיטן זעלביקן סדר, מיט די זעלביקע אינטערעסן, ווי ביז אַהער.

— איר גלויבט מיר נישט, חברטע מינע, אַז איך וואָלט זיך שוין מיט אייך געביטן?

די ווערטער האָט זי געזאָגט מיט אַ קלוגן, בייזן שמייכל ביי אַ קליינעם פּרינציפּיעלן קאָנפליקט מיט דער עלטערער נייטאָרין. מינע, וואָס האָט געטראָגן אויף אירע שמאָלע אַקסל די גדלות פון גאַנצן פּראָ־לעטאַריאַט, האָט פרום אָפּגעקערט איר שמאָל פּנים: בורזשואַזע הויכ־שטאַפּלעריי! אָבער ישראל האָט געוווסט, אַז אידע רעדט אויפריכטיק.

זיי זענען אַרויס פון פאַבריק אַזייגער ניין. אויף די טונקעלע נאַלעווו־קעס האָט געראַדערט מער ווי שטענדיק אין דער צייט. דער שוואַרצער

טייך פון קאַפּאָטעס האָט זיך אויסגעמישט מיט די אויסגעבלייכטע כאַקי־העמדלעך. מיליטער איז געגאַנגען מיד און אָן אַ סדר. אויף אידען האָבן די גאַלעוועס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אַנגעלויף יתומים, עלנטע מענטשן, וואָס ווייסן נישט ווו זיך אַהינצוטאָן.

דאָס איז אָבער געווען די בלינדע עלנט, ווען די מענטשן־מאַסע קאָן שטראָמען און רודערן ווי אַ טייך און ווען איינער זעט נישט דעם אַנדערן. זאָל עמעצער פאַלן, וועט זיך קיינער נישט אומקוקן. די מאַסע וועט אַריבערשווימען.

— וואָס איז אייך, אידע!

ישראל האָט זי געהאַלטן ביים אָרעם און דערפילט איר ציטער.

— אָט שלעכטע מחשבות.

— דאָס איז קיין נייס נישט! — האָט ער אָפּגעזיפצט.

ער האָט געטראַכט:

— ווער באַדויערט, וואָס די רוסן טרעטן אָפּ? ווער ווייס וואָס דער דייטש שטעלט פאָר מיט זיך? אָבער די גאַס פילט איצט איר אומבאַהאָלפנקייט. די מלחמה איז אומברחמנותדיק. זי רוקט זיך אָן אויפן קאָפּ פון דער אומבאַשיצטער גאַס. אין דער טונקלקייט האָט זיך די גאַס באַהאַלטן אז דער פליענדיקער דייטש זאָל נישט מאַכן פון איר אַ תל.

— אַן עקסטראַ־טעלעגראַמע!.. דרייסיק טויזנט געפאַנגענע דייטשן!.. מיר טרעטן אָפּ אויף די צוגעגרייטע פּאָזיציעס!

קיינער האָט נישט געגלויבט אין די ידיעות. אָבער דאָס ווייסע בלאַט האָט זיך דאָך צעשאָטן איבער דער שוואַרצער מאַסע, מען איז געשטאַנען אין די טויערן ביי די ראָגן, ביי די איינצלנע פייערן און געלעזן. ישראל האָט געקויפט אַ טעלעגראַמע, דורכגעלאָפן דעם ליגנערישן באַריכט און געבליבן שטיין ביי דער כראָניק. די הענט האָבן אים געציטערט. ער האָט איבערגעגעבן אידען דאָס בלאַט.

— וואָס ווייזט איר מיר?

— לייענט.

— אַ טראַגישער זעלבסטמאָרד. אַ יונגע פרוי וואַרפט זיך פון פערטן שטאָק...

אין טויער, ווו זיי זענען געשטאַנען, האָבן זיי זיך אָנגעקוקט בלייך און צעמישט.

— נו, ישראל?

— מען האָט עס געקאָנט פּאַרויסזען.

אָבער אין אידען האָט זיך אָנגעצונדן אַ וויסט נקמה־פייער.

— איר וועט זען! זיי וועלן אַלע ברעכן דעם קאַרק... אַזוי ווי באַסיע.

— ווער?

— די גאַנצע חברה, ישראל! פאַר מיין בלוט, פאַר מיין פאַרגאָסן בלוט. אוי, ווען איך הער דאָס פון אשרן אַזאַ בשורה! אוי!

ישראל האָט פאַרשטאַנען, אַז אין איר האָט אויפגעפלאַצט די פאַר־באַהאַלטענע ווונד. ער האָט זיך אָבער דערשראָקן פאַר דעם כוח פון איר שנאה. זי האָט געשליידערט ווערטער מיט אַזאַ קראַפט, אַז ס'איז געווען צו גלויבן: זי, די קליינע מכשפה, קאָן מיטן מויל אַראָפּברענגען דאָס אומגליק.

— הערט אויף, אידע! הערט אויף!

זי האָט אָבער נישט געקאָנט זיך באַהערשן. אָנשטאט איבערצונעמען זיך מיט דעם אומגליק מיט באַסיען, האָט זי, דאַכט זיך, טריאומפירט און געשאָטן פעך און שוועבל.

אין דער שעה פון שוואַכקייט שפּירן מענטשן דעם נאָענטן אומגליק הינטער זיך. פאַר ישראלן איז די צייטונגס־ידיעה געווען ווי אַן אָנזאָג פון אייגענעם אומגליק, ווי דער ערשטער סיגנאַל.

ווייטע און פרעמדע מיט זייערע איצטיקע איבערלעבענישן, זענען זיי דאָך לאַנג געשטאַנען אין טויער צוזאַמען און מורא געהאַט צו שיידן זיך און פאַרזונקען ווערן אין איינזאַמקייט פון אויפגערודערטן מענטש־לעכן ים.

אין דער היים האָט ישראל אָנגעטראָפן אויף אַן אויפרודערונג. די אָוונט־צייטונג איז געלעגן אויפן טיש. פייגע־פעסיע האָט זיך געשאָקלט און געמורמלט, ווי זי וואָלט געזאָגט אַ תפילה אָדער געכישופט.

— פאַר מיין צער, רבונו של עולם! פאַר מיין פאַרגאָסן בלוט! וואָס ער האָט געמאַכט פון מיין קינד איז אים אַנטקעגן געקומען!

און פינעס האָט געשפּאַנט אויף און אָפּ איבערן צימער. די קורצע הענט זענען זיך קוים צוזאַמענגעקומען אויפן וואַטאָוון רוקן, דער הוט איז אים געזעסן אויף אַ זייט. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט

קעגן ישראלן, געוואַלט עפּעס זאָגן און ווייטער געשפּאַנט. ענדלעך האָט ער זיך דערוועגט.

— נו?... ישראל? פאַרשטייסט מיך, צי דו פאַרשטייסט מיך נישט?

און דאָס לעצטע וואָרט איז אים פּלוצלונג פאַרבליבן אין האַלדז, פאַרשטיקט פון טרערן.

ער האָט אַריינגעשלעפּט ישראלן אין צווייטן צימער אַריין, ווו די ליידיקייט האָט געשריגן נאָך דינהס אוועקפאָרן.

— ישראל, איך האָב מורא! אַ שרעק איז מיך באַפאַלן, ישראל!

— אָבער וואָס איז דיר געשען?

— פאַרשטייסט נאָך אַלץ נישט? פאַר דאָרעטשקען ציטער איך, פאַר דאָרעטשקען! ס'זאָל איר עפּעס נישט געשען. אַ שוואַך קינד, אוי ווײ איז מיר!

פּינעס איז געווען אַזוי אויפריכטיק אין זיין שרעק פאַר דאָרעטשקען, אַז דאָס האָט געדעקט דעם גאַנצן קאָמיזם פון זיין פאַרליבטער פּערזאָן.

ער האָט זיך צעכליפּעט און זיך אָפּגעקערט.

ישראלן איז באַפאַלן אַ טעמפּע שרעק פאַר דאָרעטשקען, פאַר דינהן, פאַר די קינדער. עס האָט זיך געדוכט: נאָך דעם ערשטן קלאַפּ דאַרף איינפאַלן דער גאַנצער סופּיט. ער האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען צו כאַפּן דעם געדאַנק, אַז צווישן דעם אומגליק מיט באַסיען און זיין שרעק איז קיין שייכות נישטאָ. ער האָט עס געזאָגט פּינעסן, אָבער יענער איז אויפגעשפּרונגען.

— אוי, ווײ איז מיר! ער פאַרשטייט עס נישט! קיינער פאַרשטייט נישט!

און וואָס האָט ער דען אַליין פאַרשטאַנען, אַ חוץ זיין טעמפּער שרעק? ער האָט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס די לאָגיק פון זיין ליבע האָט אים אונ־טערגעזאָגט, און ווייל דאָרעטשקען האָט ער שטאַרק געליבט, איז די לאָ־גיק געווען אַ ווילדער חיהשער אינסטינקט. דאָס, וואָס איז געשען מיט ביסטריצקיס צווייטן קרבן קאָן וואַרשיינלעך געשען אויך מיטן ערשטן. ער דאַרף זיין נעבן איר! ער דאַרף זי באַשיצן פון געפאַר! אויב ס'איז נאָך נישט שפּעט, אויב ס'איז נאָך נישט שפּעט!

— ער פאָרט מאָרגן אַוועק.

— וווהין? משוגענער!

— ער מוז זיין נעבן דאַרעטשקען.

— און די קיך?

דאָ האָט ישראל דערזען פאַר זיך פינעסן פון גאָר אַ בייעם שיין. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, דער ליטוואַק, פאַרריכט דעם קאַפּעליוש און אָפּגעהאַקט קאַלט און טרוקן.

— וואָס איז מיין דאגה, וואָס?

די קיך פאַר די היימלאָזע, וואָס אין איר האָט ער אַ שטיק האַרץ און נשמה אַריינגעלייגט, וואָס נישט איין מאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ קרענק צוליב דער שווערער אַרבעט, עגמת־נפש און אַרומרייסן זיך מיט די גבאים און די הונגעריקע, די קיך, וואָס ער האָט עקשנותדיק זיך גע־האַלטן אָן איר מיט די ציין... „איך זאָל וויסן, אַז מיין טויט וועט דאָ זיין, וועל איך נישט אָפּטרעטן!" — איצט איז זי נישט מער זיין דאגה, די קיך.

האָט דער ליטוואַק געמאַכט אַ פרומען אָנשטעל? געשפּילט אַ קאָ־מעדיע מיט דער קיך?

ניין, ישראל האָט אים בעסער פאַרשטאַנען.

פּינעס האָט געוווסט, וואָס ליבע איז.

## 16

# ברכות

אין אַ שלעכטער שעה האָט לעאָן ברוינער געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז אַ דיכטער דאַרף זיין געבענטשט מיט לייד. ווען די ערשטע ברכה פון לייד האָט אַראָפּגעגידערט אויף זיינע ברייטע פּלייצעס, האָט ער זיך איינגעבויגן אונטער איר לאַסט. ער האָט די ברכה אָנגענומען פאַר אַ קללה. די אויגן האָבן אים אַרויסגעזעצט פאַר ווייטיק. דאַן איז ער נישט געשטימט געווען צו מאַכן אַנטדעקונגען. ווען האָט ער דאָס אמתע גע־בענטשטע פּנים פון לייד דערקענט? דאַן, בעת ער האָט שוין געהאַט צו זיינע צרות זיך צוגעוווינט, בעת ער האָט ליב באַקומען די ווונד פון זיין צעשטערט פאַמיליען־לעבן. ער וואָלט שוין נישט וועלן, אַז די ווונד זאָל פאַרהיילט ווערן. מיט די אייגענע פינגער פלעגט ער זי צערייצן, מיט דער אייגענער פען אויפשניידן. דאַן האָט ער דאָס אָנגעשריבן די ערשטע

הילכיקע קאַפּיטלעך פון זיין ראָמאַן. געזעסן ביים שרייב־טיש, ווי אַ כהן ביי דער עבודה, און דאָס האַרץ איז אים געוואַקסן, זעענדיק ווי עס צעגיסט זיך אַ ברייטע פּאָעמע, וואָס שפּרודלט מיט בלוט פון זיין האַרצן, מיט גאָלד פון זיין דיכטונג. יאָ, ער קאָן! ער האָט גאָר ביז איצט נישט געוווּסט פון זיינע כוחות! ער האָט גאָר קיין באַגריף נישט געהאַט וואָס פאַר אַ מעכטיקע פּעדער ער האָט אין זיינע פינגער! לעאָן ברוינער האָט איינגעשפּאַנט זיין אומגליק אין זיין דיכטערישן רייטוואָגן. זעט איר אים ביים שרייב־טיש מיט דער פּעדער אין האַנט און מיט טרערן אויף די אויגן — נעמט אייך נישט איבער מיט מיטלייד. ער איז גליקלעכער פון אייך. ער האָט געפונען די ברכה פון לייד. לעאָן ברוינער איז אָבער חוץ דיכטער אויך געווען אַ מענטש, וואָס האָט געשטאַמט פון לעבעדיקע טאַטע־מאַמע. זיין טאַטע איז געווען אַ מופלג און האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ער פלעגט קאָנען אויסגעפינען פשרות ביי דער שווערסטער פּלוגתא צווישן תנאים. און די מאַמע האָט געהאַט אַנדערע טאַלאַנטן. דהיינו, ביי איר גאַנצער קורזיכטיקייט פלעגט זי קאָנען צוזאַמענשטעלן קעווען קאָלדרעס פון פאַרשידנפאַרביקע שמאַטקעלעך. יאָ, לעאָן איז געווען אַ מענטש און אָט דער לעאָן דער צווייטער האָט עס אויפגעשטעלט אַ גאַנצע מאַכינאַציע פון פשרות, אַ מאַכינאַציע, וועלכע האָט אי די אָפּענע ווונד איבערגעלאָזט, אי דאָס לעבן פאַרלאַטעט, אָבער אַזוי קונציק פאַרלאַטעט, אַז פון דרויסן איז געווען נישט צו דערקענען, ממש פון איין גוס, כאָטש נישט פון איין פאַרב...

דאָס, וואָס סלאַווע איז פאַרבליבן ביי זייך קינד, איז געווען אַ מוזזאַך. זי האָט פאַרביטן די שוועסטער אירע. דאָס, וואָס באַרינקע האָט זיך צו דער מומע סלאַווע צוגעבונדן, איז געווען נאַטירלעך. זי איז געווען ענלעך צו זייך מאַמען און פיל ווייכער און מילדער ווי זיין מאַמע. זי האָט געהאַט ווייסע, גלעטנדיקע הענט און אַן אָפן ליבלעך פּנים. קיינמאָל נישט געלעגן קיין סוד אין אירע אויגן, נאָר אַ בליק. דאַכט זיך: באַלד שיסט זי אויס אַ געלעכטער אָדער דערציילט אַ פריילעכע מעשה.

אַ צייט לאַנג האָט לעאָן געזען אין סלאַווען נאָר אַ שאָטן פון באַסיען, אַ שוואַכע, נישט קיין פולקאָמע אָפּשפּיגלונג פון איר. מיט דער צייט האָט זיך סלאַווע פאַרדאָפּלט אין זיינע אויגן. אָט איז עס באַסיע. די צאַרטע געליבטע און פאַרשאָלטענע באַסיע, וואָס עס ווילט זיך זי אַרומכאַפּן און דערשטיקן, און אָט איז עס אַ מיידל מיט אַ ווייס לייב,

מיט אַ פּעטער פיגור, אַ מיידל אָן חכמות, נאָר מיט אַ גלאַנץ אין די האָר און אין די אויגן. מיט רו און מיט אָרדענונג פּילט זי אָן זיין שטוב. וואָס האָט ער צו איר? פאַרוואָס זאָל ער זי שטיקן? און אָט איז זי ווידער באַסיע. זי גייט צונעמען דאָס קינד פון זיינע קני, צו לייגן עס שלאָפן. זי בויגט זיך איבער איבער אים היימיש פאַרטרויליך און קערפּערליך — נאָענט.

לעאָנען נעמט שווינדלען פאַר די אויגן. ער האָט דערשפּירט דעם דופט פון באַסיעס לייב.

דער סוף איז געווען, אַז לעאָנען זענען נאָענט געוואָרן ביידע סלאַ־וועס. אי זי אַליין, אי דער שאָטן פון איר שוועסטער. בעת סלאַווע איז געוואָרן זיין ווייב האָט זיך די אילוזיע נאָך מער פאַרשטאַרקט. אָט דאָס ווייסע מיידל מיטן פולן לייב האָט אים אָפּגעבריט מיט באַסיעס קושן, ווי באַסיע אים געהאַלדזט און ווי באַסיע זיך אים אָפּגעגעבן. כמעט פיינ־לעך איז געווען די אילוזיע פון איין אויסדרוק פאַר ליידנשאַפט ביי ביידע שוועסטער.

אַזוי האָט לעאָן פאַרלאַטעט זיין צעריסן לעבן, איבערלאָזנדיק פון אויבן דעם ריס, ווי אַ צייכענונג, פאַר זיין אייגן עסטעטיש געברויך.

און סלאַווע? ביי איר איז געוואַקסן די ליבע צו לעאָנען דורך דער שנאה צו דער שוועסטער. זי האָט נישט געקאָנט שענקען באַסיען, וואָס זי האָט פאַרביטן אויף ווייס־איך־וועמען אַזאַ איידעלן, אינטעליגענטן, באַגאַבטן און געזונטן מאַן. שפּעטער, ווען זי האָט דערפילט, אַז באַסיע האָט זי פיינט פון דער ווייטן, איז זי שוין אַריין אין דער פרויען־אמבי־ציע. ס׳איז איר שוין אין לעבן געגאַנגען צו פאַרשטעלן מיט איר לייב דער שוועסטערס אָנדענק. און זי האָט אויך געמיינט, אַז עס איז איר גע־לונגען. זי האָט געליבט איר מאַן פּשוט, אָן חכמות, נאָר שטורמיש און פריש, און אין האַרצן געלאַכט נישט נאָר פון באַסיען, נאָר אויך פון דער קראַנקער חברטע דינה, וואָס אַמאָל האָט זי מיט איר געטיילט די פאַרשעמטע, נישט־דערייסטע מיידלשע ליבע צו שמואלן.

איצט האָט זי געהאַט אין איר אייגנטום אַ גאַנצן מאַן. זי האָט גע־האַט רעכט אים צו ליבן שטורמיש. זי האָט געהאַט רעכט אַרומצוגיין מיט פאַרשיכורטע אויגן פאַר גליק.

איז איר שיכורער גליק געשטאַנען ערגעץ אויף אַ פערטן שטאָק

און דאָס פענצטער איז געווען אָפן. האָט איר שיכורער גליק פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, אַרויסגעפאַלן פון פענצטער און צעשמעטערט געוואָרן אונטן, אויפן האַרטן, ווייסן ברוק, צוזאַמען מיט באַסיעס צניעותדיק־זינדיקן קערפּער.

סלאַווע האָט אויסגעשריגן:

— איך! איך האָב מיין שוועסטער דערהרגעט!

ווען לעאָנען האָט מען אַהיימגעבראַכט פון דער רעדאַקציע, אַליין אַ האַלב־טויטן פון אומגליק, האָט ער דערזען אַ פולע שטוב מענטשן. באַרינקע האָט געקריגן קאָנוולסיעס פאַר שרעק און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אין זיין ווינקל. אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט סלאַ־ווען. זי האָט געפליקט פון זיך דאָס העמד, די האָר, געריסן דאָס לייב און געשריגן מיט פרעמדע קולות:

— איך האָב דערהרגעט! דערהרגעט מיין שוועסטער!

— בינדט זי צו! האַלט זי צו! — האָט געשריגן דער דאָקטער צו די סאַניטאַרן.

אָבער נישט די סאַניטאַרן, נישט די זייטיקע מענטשן האָבן נישט געקאָנט אירע צעבלוטיקטע הענט איינהאַלטן.

פון דעם צעפליקטן העמד האָט זיך אַרויסגעריסן איר ווייסע, פולע, הערלעכע ברוסט — אַ בלום פון רייפקייט און פון שוואַנגערשאַפט, אַ ברכה פון לעבן.

און פון די שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אַלעמאָל געטראָגן אַ בליצל אין זיך, האָט איצט געשטראָמט אַ ברילִיאַנטענער אויסגוס פון משוגעת.

---

ווען ישראל איז געקומען צו לויפן צו לעאָנען, איז שוין געווען נאָך אַלעמען. סלאַווע איז שוין לאַנג געווען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל פאַר נערוון־קראַנקע. דאָס קינד איז געווען ביי דער מומע זלאַטע און די מומע זלאַטע אַליין, אַ בכבודיקע פרוי מיט אָפּגעהאַנגענע באַקן און אַלטפרענ־קישע אוירינגלעך, האָט אומבאַהאָלפן זיך געפּאָרעט אַרום דעם קראַנקן שטומען לעאָנען, וועלכן זי האָט קיין מאָל נישט שטאַרק ליב געהאַט און געהאַלטן אין איין נעבעכן:

— אַז איך ווייס, נעבעך, נישט ווי צו טאָן און וואָס צו טאָן? אַז איך בין אַליין, נעבעך, און די קינדער זענען זיך צעפאָרן. אַז איך בין

נעבעך, נישט געווינט אַרומצוגיין נעבן אַ קראַנקן. וואָס ווייסט איר! וואָס ווייסט איר! אַז איך האָב דערהערט פון דעם אומגליק בין איך, נעבעך, שיער אַליין נישט געשטאָרבן.

ישראלן איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן, ווען ער האָט דערזען ווי עלנט איז אַ מענטש אין זיין אומגליק. דורכן טעלעפאָן האָט ער אַרויסגערופן אידען און די מומע זלאַטען אַוועקגעשיקט אַהיים.

האָבן זיי שוין נישט אָפּגעטראָטן פון קראַנקנס געלעגער. ער אָדער אידע זענען שטענדיק געווען נעבן לעאָנען. און די קראַנקייט זיינע איז געווען זייער אַ שווערע. לעאָנס נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן אַזוי פּיל ברכות פון לייד פאַר אַמאָל. ישראל האָט נאָר באַוואונדערט אידען. אָט די פרוי, וואָס האָט געקאָנט שטאַרק ליב האָבן און שטאַרק פיינט האָבן, האָט איצט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיך. זי איז געווען בלויז אי־בערגעגעבנקייט און מוטערלעכע זאָרג צו דעם קראַנקן אומגליקלעכן ברוי־נערן. דאָ האָט געשטעקט עפּעס אַ קראַפט, וואָס איז שטאַרקער פון משפחה־געפיל, קרובהשאַפט, ליבע אפילו. ביי דעם קראַנקנס געלעגער האָט אויפגעבליט אַ בונד פון דריי ליידנדיקע מענטשן.

יענעמס ליידן האָבן אָפּגעקלונגען אין דעם אייגענעם צעווייטיקטן האַרץ. און נישט איינמאָל האָט ישראל אַ טראַכט געטאָן: וואָס וואָלט געווען, ווען ביי אַלע מענטשן פון דער וועלט וואָלט פּלוצלונג אַראָפּגע־פאַלן די פאַרבלענדעניש פון צייטווייליקער צופרידנקייט, ווען אַלע מענטשן פון דער וועלט וואָלטן פּלוצלונג און איינצייטיק דערפילט, אַז זיי זענען אומגליקלעך, אומגליקלעכע פאַרמשפּטע? אַ נייע זון וואָלט דאָך דאַן אויפגעשיינט!

אָבער ישראלן איז נישט באַשערט געווען צו אַנטוויקלען דעם געדאַנק און זיך טיילן מיט דעם קראַנקן לעאָנען, ווען יענער האָט שוין אָנגעהויבן צו קומען צו זיך, נאָך דער גרויסער דערשיטערונג.

די שרעק פון אומגליק, די שרעק פון פאַרמשפּט זיין איז געשטאַ־נען ביי ישראלן הינטער די פּלייצעס, אַ מיסטישע שרעק, אַ קאָשמאַר־חלום. די שרעק האָט אויף אים אָנגעיאָגט פּינעס אין דעם ערשטן טאָג, ווען דאָס אומגליק מיט באַסיען איז געשען. ער האָט געזען אַז עס קייטלט זיך. ער האָט געוואַרט אויף זיין אייגענער ריי, כאָטש ער האָט נישט געטראַכט וועגן שייכות. און זיין אייגענע ריי איז געקומען, געקומען אין

אַ טעלעגראַמע פון דאַרעטשקען. זאָל ער תיכף אַרויספאָרן, אויב ער וויל
נאָך טרעפן דינהן ביים לעבן.

---

ישראל האָט געוווסט נאָך וואָס ער פאָרט און וווהין ער פאָרט. זיינע באַקן זענען געווען איינגעשרומפּן. די אויגן — אַריין אין טיפע גריבער. אָבער מיט אַ קאַלטן, קלאָרן געדאַנק האָט ער זיך געקליבן אַנט־קעגנצופאָרן זיין אומפאַרמיידלעכן אומגליק. אַן איבעריקער, שוין נישט אויסגערעכנטער האַרץ־ווייטיק איז געווען די שוויגער פייגע־פעסיע ביים געזעגענען זיך. זי איז אים אַריין אין די אויגן און אין די אויערן און געבליבן הענגען אויף זיין האַרץ, ווי אַ משא נישט אַריבערצוטראָגן. אַן דעם שייטל, מיט צעלאָזטע האָר, עפּעס גאָר אַ יונגע פייגע־פעסיע איז זי אַרומגעקראָכן אויף די קני, אַ יידענע אויף די קני! און זיך געקלאַפּט אין האַרצן און געיאָמערט:

— פאָר מיין זינד! פאָר מיין זינד שטראָפט גאָט מיינע פייגעלעך!

און צום געליימטן מאיר־דודן איז זי אַזוי צוגעקראָכן, ווי אַ קינד:

— הערסט, מאיר־דוד! פאָר מיין זינד!

## 17

## אַ סוף צום מעסאָפּאָטאַמישן פּראָיעקט!

פּינעס איז טאַקע אָוועקגעפאָרן אין דער צייט. נישט אויף מאָרגן, ווי ער האָט געוואָלט, איז אין דריי טאָג אַרום. גלייך ווי ער האָט געזען, אַז אויף הוצאות וועט גענוג זיין, האָט ער איינגעפּאַקט זיין פּעקל, גע־נומען אַ דראָזשקע און ער פאָרט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגע־שטעלט, אַז בענקשאַפט זאָל קאָנען אָננעמען אַזאַ געפערלעכן כאַראַקטער פון אַ קרענק, פון אַ בייז איינרעדעניש. פּינעס איז געווען אַ וועגעטאַ־ריער. ער האָט אָבער איצט איינגעזען, אַז אַ מענטש איז אַ בלוטדורשטי־קע חיה. ביי אים, למשל, איז די בלוטדורשטיקייט אַריין אין אַ בענק־שאַפט צו אַ פרוי. אומשטיינס געזאָגט, אַ פרוי! אַ קליין נפשל מיט אַ צעזונגענער בלויקייט אין די אויגן און מיט קליינע, געשניצטע, נישט תמיד זויבערע הענטלעך! אָבער זיין בענקשאַפט איז אַזאַ, אַז אים דוכט,

ער קאָן אַ מענטשן אומברענגען, ווען יענער זאָל אים פאַרשטעלן דעם וועג. נישט אומזיסט קריכן אים אין קאָפּ דער־נערוונגען פון יענער ביטע־רער צייט, ווען ער האָט געאַרבעט אין טשיקאַגאָ אין די שעכט־הייזער! עס איז אים רויט פאַר די אויגן. און ער לויפט, ער פליט צו דאַרעטשקען. ער וועט צעברעכן אַלע שטערונגען אין וועג!

איז די ערשטע שטערונג גלייך ביים וואָקזאַל. נישט דאָס מיליטער עוואַקואירט זיך — גאַנץ וואַרשע לויפט. אַ דערשטיקעניש. פּינעס אַרבעט מיטן קאָפּ און מיט די זייטן. מען זידלט אים. ער זידלט אַנדערע, און ענדלעך, ענדלעך, — נאָך וויפל צייט שטייעניש און שטופּעניש ביי די קאַסעס — הענגט ער אין וואַגאָן אויף זיין אייגענער ווייסער קורצער האַנט, וואָס איז פון נאָך קורצערן אַרבל אַרויסגעקראָכן. מענטשלעכע לייבער דריקן אים פון אַלע זייטן. און ווי איין שטיק טייג אין אַ דייזשע טרייסלען זיך און וויגן זיך אַלע מיטאַמאָל ביי יעדן ראַשיקן קער פון וואַגאָן.

שטיקן זיך קולות אַרום אין דער ענגשאַפט.

— מיין קינד! איר דערשטיקט דאָך מיין קינד!

— אָט דאָ, זאָג איך, וועט הענגען מיין רענצל, נישט אַנדערש!

— אוי, מאַמע, קאַזאַקן וועלן קומען, כ׳האָב מורא!

— יונגערמאַן, מיינע פיס!

און עפּעס אַ סאַדיסטישער קאָנדוקטאָר וויל דווקא אין דער איצטי־קער ענגשאַפט רעווידירן די בילעטן. ער קוקט פאַרוווּנדערט אויף פּינעסן.

— איר האָט דאָך צווייטע קלאַס.

— נו, יאָ, איך האָב געקויפט, האָב איך.

— פאַרוואָס־זשע שטיקט איר זיך דאָ? גייט אַריבער.

— עס שאַדט נישט!

אים איז אַפילו נישט איינגעפאַלן צו מאַכן זיך באַקוועמער. גע־קויפט האָט ער זיך אַזאַ בילעט, וועלכן ס׳האָט זיך געלאָזט קויפן. ביי דער קאַסע, ווו ס׳איז געווען גרינגער זיך צו דערשלאָגן. איצט קאָן ער זיך שוין נישט אָפּשיידן און נישט אָפּטיילן פון די אַלע צוזאַמענגעפּרעס־טע גופים. ער איז שוין אַליין אַ שטיק טייג, און זיין שרעק אין האַרצן איז נישט מער ווי אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם טעמפּן שרעק און ווייטיק. נאָך אַ שעה פינף הענגען אין דער לופט באַמערקט ער אַ ליידיק שטיקל אָרט אין אַ ווינקל. ער שלאָפט שוין.

— אייער בילעט!

עס רייסט זיך אים אַריין אין די אויגן דעם קאָנדוקטאָרס לאַמטערן.

— צווייטע קלאַס...

— ס'איז שוין נאַכט?

— הערט נאָר! העי! אייער בילעט?

פּינעס רייסט אויף די אויגן.

— איך האָב אים דאָך שוין געוויזן!

— ווען?

ווייזט זיך אַרויס: ער איז שוין נאָך אַמאָל איינגעשלאָפן. ער ציט דעם בילעט פון קעשענע.

— ווהין פאָרט איר?

— קיין ליאַסאָווע.

— פאַרוואָס הערט איר נישט וואָס מען רעדט צו אייך? מיט צוויי שעה צוריק האָב איך אייך געוואָרנט, איר זאָלט נישט איינשלאָפן.

— ווער? ווען?

ער איז פאַרבייגעפאָרן ליאַסאָווע. ער צאָלט שטראָף, ער קריכט אַראָפּ מיט זיין פּעקל אויף אַ פינצטערער סטאַציע, ער קייט אַן אַלטן בייגל און פאַרזופּט מיט ביטערן טיי ביים בופעט, און ער פילט, אַז נישט ער טוט שוין דאָס אַלץ, נאָר עפּעס טוט זיך עס פאַר אים. צוריק וועט ער האָבן אַ באַן אין אַ שעה אַרום. אין אַ שעה אַרום. צוויי שעה וועט ער פאָרן צו ליאַסאָווע, צוויי שעה, און פון דאָרט צו פּאָדלאַסקין אין שטעטל מיט פערד — דריי שעה. איז צוזאַמען — זעקס. ניין. זיבן. טאַקע זעקס. ווען איז דאָס געוועדט? ווען ער וואָלט נישט פאַרשלאָפן. איז אָבער מעגלעך, אַז ער זאָל נישט פאַרשלאָפן, אַז ער איז שוין נישט ער, אַז עפּעס טוט זיך דאָ פאַר אים? אָט איז ער נישט זיכער צי די באַנק וועט זיך נישט איינברעכן, ווען ער וועט זיך אַוועקזעצן אויף איר. און קוים זעצט ער זיך — שלאָפט ער שוין איין. פּינעס, דו שלאָפסט? ניין, ער שלאָפט נישט. דאָס גייט ער אַרום, די הענט אין די אַרבל, דעם קאָפּ אין די פּלייצעס איבערן האַלב פינצטערן וואָקזאַל און ער ווייסט נישט וועמען פרייער צו היטן: זיך, נישט איינצושלאָפן, אָדער זיין פּעקל, מען זאָל עס נישט צוגנבענען. פאַר אָנשטרענגונג האָט ער שיער נישט פאַרגעסן צו קויפן אַ בילעט צוריק קיין ליאַסאָווע. דאָס מאָל קויפט ער דריי־

טע קלאַס און פאַרקריכט אין גרויס אײַלעניש אין די צווייטע. ווען ער צאָלט צום צווייטן מאָל שטראָף, דוכט זיך אים, אַז דאָס איז נאָך אַלץ דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט, אַז ער דאַרף באַלד אויס־שטייגן און פאָרן צוריק קיין ליאָסאָווע. ער בעט זיך רחמים ביים קאָנ־דוקטאָר, אַז יענער זאָל אים אויפוועקן, טאָמער שלאָפט ער איין. אין אַ מינוט אַרום דוכט זיך אים שוין, אַז דאָס חלומט זיך אים גאָר. ער שלאָפט און ער וועט זיך נישט אויפכאַפּן צו דער צייט. עס וועט זיך אים נאָר דוכטן, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. אויף דער סטאַציע ליאָסאָווע קריכט ער אַראָפּ. ס'איז נאָך אַלץ נאַכט. גאָט מײַנער! וויפל יאָר גע־דויערט שוין די נאַכט? ער לויפט מיט זײַן פּעקל זוכן דעם קאָנדוקטאָר. ער דאַרף נייטיק דעם קאָנדוקטאָר. ער כאַפּט זיך, אַז דאָס דאַרף ער זאָגן דעם קאָנדוקטאָר, אַז ער האָט זיך שוין אַליין אויפגעכאַפּט.

פינעס בלייבט שטיין אין מיטן געלויף. מען שטופּט אים, מען שטויסט אים פון אַלע זײַטן. ער איז צופרידן. דאָס געשטויסערײַ וועט אים אַרויסשלאָגן דעם שלאָף פון קאָפּ. ער שפּירט, פינעס, אַז עפּעס האָט ער פאַרלוירן אין וועג, אין גרויס אײַלעניש און שטיקעניש. עפּעס האָט ער דעם ווילן פאַרלוירן. ער געדענקט אַפילו דעם מאָמענט ווען ער האָט פאַרלוירן דעם ווילן. דאָס איז געשען, בעת דער קאָנדוקטאָר האָט אויף אים גראָב אָנגעשריגן, פאַרוואָס ער האָט פאַרשלאָפן. דער קאָנדוקטאָר האָט געשריגן, פּאַסאַזשירן האָבן געלאַכט און ער האָט מיטגעשמייכלט. אַראָפּ איז ער אויף יענער סטאַציע שוין אָן אַ ווילן. איצט איז ער טאַקע אין ליאָסאָווע; שוין אָבער נישט די אייגענע ליאָסאָווע, נישט די גע־העריקע פרייד פון דערגרייכטן ציל. עפּעס האָט דער קאָנדוקטאָר אים פאַרביטן די ליאָסאָווע.

פינעס דערוויסט זיך, אַז צו דער שטאָט איז צוויי מייל, אַז די פּאָר פורן, וואָס האָבן געוואַרט ביי דער באַן, זענען שוין אַוועקגעפאָרן, אָנ־געלאָדענע מיט פּאַסאַזשירן, כל־זמן ער האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט, ווי אַ גולם. פינעס שמייכלט, ווידער פאַרשפּעטיקט? גוט, אַלץ אין אָרדע־נונג. הצלחות — אַ פולער קאָמפּלעט. ער וועט אָבער נישט וואַרטן. ער וועט לויפן אָניאָגן די פורן. אגב, צוויי מייל שפּילט קיין ראָלע נישט. איז ער דאָך שוין געקראָכן אַמאָל צופוס אין דער לענג פון מיסיסיפּי און מיטגעצויגן זײַן קעסטל זאַכן איבערן וואַסער אויף אַ שטריק.

פּינעס לויפט מיט זיין פּעקל און פּאַכעט מיט דער ליידיקער האַנט, ווי ער וואָלט דאַרפן אַריבערלויפן די גאַס מיט אַן עמער וואַסער. אין האַרצן ציטערט אויף אַ האָפענונג, אַז ער וועט זיך אַרויסדרייען פון דעם פּלאָנטער. ער ווייסט פון וואַנען די האָפענונג קומט. פון דעם ליידיקן ווייטן שטיקל הימל, ווו עס גראָט שוין בפרוש אויף טאָג. די נאַכט איז פאָרט נישט קיין אייביקייט. און נאָך פון עפּעס נעמט זיך די האָפענונג: מען האָט אים אָנגעוויזן ווי אַזוי ער דאַרף זיך פאַרנעמען צום טראַקט. און איצט, נאָך אַ לענגערן זינקען אין דער שיטערער בלאָטע, פילט ער שוין דעם האַרטן שטיין אונטער די פיס, ער זעט שוין פון דער זייט די סלופּעס פון טעלעגראַף, ער הערט שוין די באַוועגונג פון פורן און פון מענטשן־טריט. אַ סך פורן. אַן אַ שיעור מענטשן. מען דאַרף זיי נאָר דעריאָגן. זיי וועלן אים מיטנעמען אין שטאָט אַריין. ניין, פון הינטן פאָרן אויך פורן, פון דער זייט גייען אויך מענטשן. פּינעסן ווערט היימלעך. ער הייבט אָן גיין לאַנגזאַמער, אַוודאי ציט מען דאָס קיין ליאַסאָווע אויף אַ יריד. דער פאַרטאָג איז שוואַרץ־גרוי און נעפּלדיק. אין נעפּל דער־קענט ער שוין די פורן און די פוסגייער. האָט ער פריער געחלומט, אַז דאָס פאָרט מען אויף אַ יריד קיין ליאַסאָווע? דאָס ציען זיך גאָר מילי־טערישע פורן. דאָס גייען זעלנער, אָן אַ שיעור און אָן אַ סדר. דאָס טרעט אָפּ, לויפט צוריק די אַרמיי „אויף די פריער צוגעגרייטע פּאָזיציעס".

אָבער אָט זעט ער דאָך פויערישע פורלעך אויך. ער איז געראַטע־וועט. די האַנט איז שוין געליימט פון שלעפּן דאָס פּעקל.

— טשואיש, פּעטערל! פיר מיך אונטער קיין ליאַסאָווע!

ער וואַרפט שוין דאָס פּעקל פון הינטן אויף דער פור אַרויף.

קערט זיך אָפּ דאָס איינגעהויקערטע פויערל מיטן אָנגעשטעלטן קאָל־נער. זעט פּינעס אַ פּאַפּאַכע מיט אַ באָרד.

— וואָס ווילסטו, וואָס? וווהין קריכסטו?

פּינעס כאַפּט דאָס פּעקל, וויל שוין אַפּציען. הענט און פיס ווי ליים. זעלנער שרייען פון אַלע זייטן:

— אַ־טו! יעוואָ! אַ־נו יעוואָ! ווער איז ער?

שטייט ער שוין און שמייכלט צווישן אַ גאַנצן רעדל צעקנייטשטע פּאַפּאַכעס, היטלען, בערד און קעלנער.

— ווער איז ער, ווער?

— ווי קומט ער אַהער?

— הערסטו דאָך! אַ דייטש האָט מען געפּאַקט.

— וואָס האָט ער דאָרט אין פּעקל? נעמט אים נאָר פאַרן קאָלנער!

פּינעס קריגט פון דער זייט אַ לאַנגווייליקן, פאַרשלאָפענעם פּאַטש. מען ציט שוין פון פּעקל זיין ביסל וועש, זיינע אַלטע העלפאַנט־שיך. פּינעס איז שוין דאַנקבאַר פאַרן פּאַטש. דאַנקבאַר דער האַרטער האַנט, וואָס האַלט אים פאַרן קאָלנער. איצט וועט ער שוין נישט איינשלאָפן, ער איז זיכער. און ווען זיי לאַכן, לאַכט ער מיט. איז דאָס נישט אַ קאָמעדיע, ווען ערגעץ אויף אַ רוסישן וועג, צווישן נאַכט און טאָג זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פּערמיאַקעס און טוליאַקעס, כדי צו טרייבערן זיינע צעריסענע גאַטקעס? אין פּעקל איז שוין כמעט גאָרנישט פאַרבליבן, אַ חוץ זיין אַלטן אָנצוג, האָט מען אַלץ צעשלעפּט. אָבער די זעלנער טרייבערן נאָך.

— איך האָב געפּאַקט! — שרייט איינער אויס מיט אַ הייזעריקן נצחון. — געפּאַקט! — און פּינעסן ווערט פינצטער אין די אויגן. ער זעט אין דער זעלנערישער לאַפּע זיין פּעקל כתבים, זיין פּראָיעקט צו באַוואַסערן מעסאָפּאָטאַמיע.

— וויזט אַהער! — שרייט ער ערנסט אויפגערעגט — וויזט אַהער! דאָס טשעפּעט נישט!

— זעסט ס׳ארא חכם ס׳האָט זיך אויסגעפונען! טשעפּעט נישט...

— טשעפּעט נישט! — שרייט פּינעס — אָדער רופט אַהער דעם אָפיציר.

— אַזוי אַ מעשה!

פּינעס באַקומט שוין פון הינטן אַ זעץ אין קאַפּעלוש, אָבער דער זעלנער, וואָס האָט אויסגעפונען דעם מעסאָפּאָטאַמישן פּראָיעקט, נעמט אים פלוצלונג אונטער זיין שוץ.

— לאָזט אָפּ, רעביאַטאַ! איך האָב אים געפּאַקט, איך וועל צושטעלן צו דער נאַטשאַלסטוואָ. קריך אַרויף, פּאַניע!

פּינעס איז צעשראָקן און דערפרייט. דערפרייט, וואָס ער דאַרף נישט שלעפּן דאָס פּעקל, דערפרייט, וואָס ער זיצט אויף אַ פור ווי אַ גראַף. און צעשראָקן איז ער פאַר דעם גורל פון מעסאָפּאָטאַמישן פּראָיעקט. ער האָט מורא, אַז ער וועט דעם פּראָיעקט שוין מער נישט אָנזען פאַר די אויגן.

נישט איינער, נאָר גאַנצע דריי אָפיצירן זענען צוגעריטן צו דער פור

אין אַ שנעלערן טעמפּאָ און באַטראַכט פּינעסן. ער האָט אַראָפּגענומען דעם צעבראָכענעם הוט און זיך פאַרנויגט שמייכלענדיק. דער מיטלסטער אָפיציר מיט קורצע באַקנבערד איז, ווייזט אויס, דער ראָטנער אַליין. פּי־נעס דערקענט זיין מעסאָפּאָטאמישן פּראָיעקט, וואָס דער אָפיציר האַלט אין בלעטערן. דער צווייטער גייט אין ברילן און נאָך גאָר אַ יונגער. ער בויגט זיך איבער אויך צו כאַפּן אַ קוק אין מאַנוסקריפּט אַריין. דער דריטער זיצט איינגעהויקערט אויף זיין פערדל, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און רויכערט אַ ליולקע. פון זיין אויסזען פאַרשטייט פּינעס, אַז עס מוז טאָקע זיין קאַלט, כאָטש ער פילט גאָר קיין קעלט נישט. אָט דער דריטער קוקט עס אויף פּינעסן. ער קוקט אָבער, דוכט זיך, אָן שום אינ־טערעס, ווי אויף אַ קלאָץ, ווי אויף אַ שטיין אין וועג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך? — פרעגט דער מיט די באַקנ־בערד׳.

— יידיש.

— און וואָס פאַר אַ פּלענער זענען דאָס?

— מעסאָפּאָטאמיע.

— ווי?

— מעסאָפּאָטאמיע.

דער יונגער פאַרריכט די ברילן און קוקט אים אָן. דער איינגעהויקער־טער נעמט אַרויס אַ ליולקע, שפּייט אויס צווישן די ציין, קערט זיך אָפּ.

— דאָס איז אַ פּראָיעקט צו באַוואַסערן מעסאָפּאָטאמיע, מיינע הערן — דערקלערט פּינעס. ער וויל שמייכלען, אָבער עס שמייכלט זיך אים נישט. ערשטנס, איז אים אַ שאָד דער פּראָיעקט. צווייטנס, האָט ער מורא, אַז מען וועט אים אַראָפּיאָגן פון דער פור און הייסן גיין. ער פילט, ער וועט בלייבן זיצן אין מיטן וועג.

די אָפיצירן האָבן אַ קורצן ישוב הדעת. עס דערגייען צו פּינעסן די רייד פון דריטן, דעם איינגעהויקערטן אויף זיין פערדל:

— פון מיינעטוועגן הייסט אים גיין. פון מיינעטוועגן נעמט אים מיט. גיט אים אַ געאָרגי, גיט אים אַ קויל — מיר איז אַלץ איינס. נישט קיין אויסגעשלאָפענער, בין איך קיין מענטש נישט.

פּינעס פילט אים מיט אין די לעצטע ווערטער זיינע. אַ שוואַכער מעכאַניזם, דער מענטש.

די אָפיצירן זענען אַוועקגעריטן און פּינעס פאָרט ווייטער. איצט

איז ער כמעט רואיק. עס איז אים נאָר נישט אָנגענעם, וואָס ער האָט זיי, די אָפיצירן, באַאומרואיקט. טאַקע מער ליגט זיי נישט אין זינען, ווי פאַר־נעמען זיך מיט זיינע פּראָיעקטן. צוויי סאָלדאטן זיצן מיט ביקסן קעגן אים. עס גייט אים נישט אָן.

איין סאָלדאט פרעגט אים גאַנץ גוטמוטיק:

— האָסטו אַביסל דייטשישן טאַבאַק? אַ שרעק, ווי עס ווילט זיך פאַרציען!

— פון וואנען קומט צו מיר דייטשישער טאַבאַק?

— זע נאָר דעם אָנשטעל! עט, ברודער, לאָמיר רעדן ווי מענטשן. היינט לעבן מיר, מאָרגן — פרעסן אונדז די ווערים. מיר זענען, ברודער, אַלע פארמשפּטע. דו זאָג מיר בעסער, צי פרעסט מען טאַקע ביי אייך קינדער? צי שמירט מען אויף ברויט דעם שמאַלץ פון געשטאָרבענע. ס'איז דאָך הונגער ביי אייך?

— ביי וועמען — ביי אונדז?

— נו, ביי די דייטשן.

— זעמליאַק! איך בין פון וואַרשע — פּרוווט פּינעס אַ שמייכל טאָן און דערפילט, אַז זיין פּנים איז אים פרעמד, קנייטשט זיך נישט.

— נו, דו רעדסט אַפילו „פּאָ נאַשעמו" גאָר גלאַטיק. שוין, ווייזט אויס, נאָך פון פאַר דער מלחמה אין דער דינסט?

— אין וועלכער דינסט?

— נו, אַ שפּיאָן אַ דייטשישער. מיינט איר, איך פאַרשטיי נישט? איך פאַרשטיי. אַז מען שיקט גייט מען. פאַטערלאַנד...

איצט האָט שוין פּינעס פאַרשטאַנען פון וואנען עס נעמט זיך די מאָדנע לייכטקייט אין זיין גוף.

מען האָט אים באַפרייט נישט נאָר פון פעקל, נאָר אויך פון דער טרחה צו דענקען. ערגעץ האָט מען אים געפירט. עפּעס האָט מען גע־דענקט פאַר אים. ער איז געוואָרן אַ זאַך, אָן אַ ווילן, אָן אחריות.

---

און דאָס איז אַ בריוו, וואָס דער „ווייסער קרייץ" האָט איבערגעגעב־מען. דער בריוו איז אָנגעקומען צום אַדרעסאַט אין וואַרשע מיט אַ שטעמפּל פון דער דייטשישער צענזור, צוויי חדשים נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע. דער אַדרעסאַט איז געווען: לעאָן ברויגער,

אָבער דער בריוו איז געווען געשריבן צו פּינעסן. אַזוי ווי פּינעס איז גע־ווען אַוועקגעפאָרן, האָט דעם בריוו געלעזן לעאָן ברווינער. געזעסן אין כאַלאַט, אויפן בעט. געהאַט אַן אויסגעצויגן, געלזיכטיק פּנים און דער בריוו האָט געציטערט אין זיינע שוואַכע, אויסגעקרימטע פינגער. שייקע האָט געשריבן:

טייערער פּינעס מיינער! וווּנדער זיך נישט, וואָס איך בין אַזוי סענ־טימענטאַל. דאָס איז אַ רעשט פון דער פראָנט־היסטעריע. איך האָב שוין געזען, ווי אַ גאַנצע ראָטע איז משוגע געוואָרן, געמיינט: מיינע נערוון זענען פון שטריק, אָבער, ווייזט אויס, איך האָב אַ טעות געהאַט. עס רופט זיך אָפּ. ווייט פון פראָנט און פון געפאַר געהרגעט צו ווערן, הויב איך איצט אָן צו שפּירן די מלחמה אין מיינע ביינער. ווּעסט לעזן דעם בריוו און זאָגן, אַז שייקע איז משוגע. אָבער שייקע ראַנגלט זיך ערשט מיט זיין משוגעת, דו ביסט מיר ליב און טייער, טייערער ליטוואַק מיינער, ביסט מיר איינגעבאַקן אין האַרצן. ווייסט פאַר וואָס? ווייל איך האָב נעכטן דיך דערשאָסן. גלויבסט נישט? טאָ הער.

מיטוואָך אין דער פרי איז דאָס געווען. מיר האָבן פאַרטאָג זיך צו־געשלאָגן צו אַ זומפּיק שטעטל, מידע, הונגעריקע, דורכגעפרווירענע. איין געדאַנק: רוען. פון שלאָף הער איך:

— ווזוואָד, סטראָיסיאַ!

איך בין שוין געוווינט צו שלאָפן שטייענדיק אויך. האַלט איך די ביקס און שלאָף אין דער ריי.

— שאַגאָם — מאַרש.

איך בין שוין געוווינט צו שלאָפן גייענדיק אויך. ערשט אין פעלד האָב איך געעפנט די אויגן. געמיינט אַז מען האָט אונדז געשיקט רעקווי־זירן אַ פּאָר בהמות צום קעסל. ערשט ניין. מען הייסט אונדז וואַרטן. עפּעס אַ שפּיאָן האָט מען געכאַפּט. מיין איינציקער געדאַנק: זאָל מען דאָס אָפּפּטרן וואָס גיכער, איך דאַרף שלאָפן.

און אַז איך דערמאָן זיך, זע איך טאַקע, אַז אַלע האָבן געדאַרפט שלאָפן, פאַרשלאָפן איז געווען דער ווזוואָד, פאַרשלאָפן — דער אָפיציר, וואָס האָט געגענעצט ביי דער קאָמאַנדע. דער פרימאָרגן אַליין איז נישט ניחא געווען, וואָס ער איז געקומען אויף דער וועלט. ער האָט אויך גע־וואָלט שלאָפן. ענדלעך האָט מען אַרויסגעשטויסן אויפן פעלד אַ פּאַר־

שלאָפּענע בריאה — דעם דייטשישן שפּיאָן און — מיט איין קלאַפּ פּטור. איצט וועל איך שלאָפֿן.

ברודער פּינעס! איך האָב אָבער נאָך ביז איצט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, שוין דריי טעג מיט דריי נעכט. ביז נעכטן האָט מיך געמאַטערט דער געדאַנק — צו ווּעמען איז ער ענלעך געווען — דער דייטש? ערשט נעכטן האָט זיך מיר איינגעגעסן אין האַרצן אַ משוגענער פאַרגלייך. דער דייטש איז ענלעך צו פּינעסן! מילא, ענלעך איז ענלעך. אָבער דו פאַרשטייסט, ברודער, וואָס הייסט מלחמה־היסטעריע? אַז ביז איצט ציטערן מיר די הענט און איך קאָן אין מויל קיין ביסן נישט נעמען! עס מאַטערט מיך די איינרעדעניש, אַז איך האָב דיך דערשאָסן.

איך האָב אלעמאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז דו ביסט אויסגעבעט מיט וואַטע און קיין קויל וועט דיך נישט דורכנעמען, סיידן מען זאָל שיסן אויף דיר פון אַ האַרמאַט. פונדעסטוועגן וואָלט איך אַ האַלב לעבן איצט אָפּגעגעבן צו האָבן אַ גרוס פון דיר, צו וויסן וואָס דו מאַכסט. פאַרפאַלן, ברודער, דיין מעסאָפּאָטאמישן פּראָיעקט וועסטו מוזן אויף אַ צייט אָפּלייגן. זעסט דאָך: אויף דער וועלט טוען זיך אָפּ בילכערע זאַכן...

סוף פון צווייטן טייל.

ALTER KACYZNE

# FUERTES Y DÉBILES

(SHTARKE UN SHVACHE)

NOVELA

TOMO I

PROLOGO:

MELECH RAVICH



Editado por la

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**

Buenos Aires, 1954